# סאבינע



ראמאן

פון א קראנקן־שוועסטער

# סאבינע



ראמאן
פון א קראנקן־שוועסטער

נומער 76

— אָבער וואָס ?... האָט מאַרילע געפרעגט און איר האַרץ האָט האַסטיק אַ קלאַפּ געטאָן.

— בלויז פאַר פרעמדע, אַלס מיין פרוי... פאַר מיר אַלס אַ פרעמדע... מיין האַרץ איז הויל און פוסט און קיין שום געפיל איז דאָרט נישט פאַראַן, אַ הוץ פאַרצווייפלונג...

מאַרילע האָט אַ שווייגנדיקע אויסגעהערט אַדאָלפס רייד.

„ער איז גערעכט"... — האָט זי געטראַכט. — „ווי קאָן נאָך זיין אַ רייד וועגן אַ צוזאַמענלעבן צווישן אונדז, ווען אין זיין ערינערונג לעבט מיין פאַרראַט ?...

— ברענג דיינע זאַכן — האָט אַדאָלף צוגעגעבן, — קיינער דאַרף נישט וויסן, ווי עס זעען אויס אונדזערע באַציאונגען...

מאַרילע איז אַוועק נאָך אירע זאַכן און אַדאָלף איז ווידער געבליבן אַליין אין זיין קאַבינעט.

לאַנג איז דערנאָך אַדאָלף געזעסן און אומבאַוועגלעך געקוקט אין איין פונקט...

אַ טיפער טרויער האָט איצט אַרומגענומען זיין האַרץ.

„וויפל זיסע טרוימען און האָפענונגען האָב איך געזועבט וועגן אַהערברענגען יענע פרוי, פאַר וועלכער איך האָב צוגעגרייט אַ פרעכטיק שלאָפצימער און אַ וווּנדערלעכן בודואַר!"...

„איצט וועט די דאָזיקע צימערן פאַרנעמען — מאַרילע"...

„מיין היים וועט ווידער בלייבן קאַלט און ווייסט, אָן פרייד און אָן וואַרעמקייט"...

אַזוי האָט אַדאָלף געטראַכט און טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ...

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז מאַרילע אַריין אינעם פרעכטיקן בודואַר...

זי איז נישט אַנטציקט געוואָרן פון דער שיינקייט, נאָר פאַרקערט, פון אירע אויגן האָט אָנגעהויבן פליסן אַ נייער שטראָם טרערן...

זי האָט פאַרשטאַנען פאַרוואָס אַלץ איז דאָ אַזוי פאַרענדערט געוואָרן.

„אַדאָלף האָט נישט געוואָלט, אַז עס זאָל בלייבן עפּעס, וואָס זאָל אים דערמאָנען אָן מיר"... האָט מאַרילע געטראַכט.

אַ צעבראָכענע, אַ פאַרצווייפלטע, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער קאָזעטקע און זיך פאַרגאַנגען אין אַ ביטער, ספּאַזמאַטיש געוויין...

קאַפּיטל צוויי און ניינציק

## אַז מען גראָבט אַ גרוב פאַר יענעם פאַלט מען אַליין אַריין...

נישט אומזיסט האָט אַדאַשן אַרומגעכאַפּט אַזאַ שרעק, ווען ער איז געשטאַנען ביים קאַסע־פענסטערל פון מאַרסעלער וואַקזאַל. ווען ער איז געגאַנגען אַרויסנעמען דעם פּאָרטפעל צו באַצאָלן פאַרן בילעט, האָט ער דערזען, אַז ער האָט אים נישט...

צוליב דער גרויסער שרעק און איילעניש האָט ער פאַרגעסן דעם פּאָרטפעל אין זשאַנעטס צימער און ער האָט נישט געהאַט ביי זיך קיין איין סענט...

„וואָס טוט מען?... וואָס טוט מען?"... — האָט ער געטראַכט אַ פאַרצווייפלטער.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אַזוי אַ צעמישטער און דערשראָקענער און געקוקט פאַר זיך, ווי אַ תם...

אָבער די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געשטאַנען הינטער אים אין אַ לאַנגער ריי, האָבן זיך אָנגעהויבן צו דענערווירן.

— וואָס שטייט איר אַזוי לאַנג? וואָס באַלעמוטשעט איר? — האָבן זיי געבורטשעט.

אַ בלאַסער, מיט אַ פאַרשוויצטן שטערן, האָט אַדאַש זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

„וואָס טוט מען?... וואָס טוט מען?... — האָט ער געטראַכט — „די פּאָליציי וועט מיך טאָקע נישט דערקענען אין די פרויען קליידער, איך בין דאָך אָבער איצט אין אַ פרעמדער שטאָט, אָן אַ גראָשן געלט?...

„איך האָב צומאָל נישט איצט ווו אַהינצוטאָן זיך"...

אַדאַשן איז אַריינגעפאַלן אַ מאָדנער געדאַנק:

„אפשר אַרויסגיין אויף דער גאַס און וואַרטן, אַז עס זאָל מיך פאַרטשעפּען אַ דורכגייענדער מאַן ?... איך וועל ביי אים אויסנאַרן אַ פּאָר גילדן"...

„איידער ער וועט זיך כאַפּן, אַז איך בין אַ מאַנספּאַרשוין, וועל איך מאַכן פּליטה"...

„כ'איז אָבער אַ צו געפערלעך שפּיל"...

די צייט האָט דערווייל נישט געוואַרט... באַלד גייט אָפּ דער צוג...

„דער טייוול זאָל נעמען די גאַסנמויד, די זשאַנעט!" — האָט ער געטראַכט מיט צאָרן. — „ווען זי צעקושט זיך נישט אַזוי מיט מיר, וואָלט איך נישט פאַרגעסן דעם פּאָרטפעל"...

ער האָט נישט באַוויזן צו דערטראַכטן דעם געדאַנק ביזן סוף, ווי אַ שוידער איז אַדורך איבער זיין גאַנצן קערפּער. אַ קאַל־טער שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן און ער איז טויט־בלאַס געוואָרן.

עמיצנס אַ האַנט האָט אים אָנגענומען ביים אָרעם...

„מ'האָט מיך געפּאַקט"... — האָט ער געטראַכט.

ער האָט נישט געוואַגט אויסצודרייען דעם קאָפּ, כדי נישט צו דערזען דאָס שטרענגע געזיכט פון אַ פּאָליציאַנט אָדער געהיים־אַגענט...

אָבער פּלוצלונג האָט ער דערהערט זשאַנעטס צאַרטע שטים..

— גוט, וואָס איך האָב דיך געטראָפן... — האָט זי געשעפּ־טשעט, — האָסט פאַרגעסן דעם פּאָרטפעל און דעם פּאַס...

ווען אַדאַש האָט פאַרלאָזט זשאַנעטס צימער, האָט זשאַנעט גע־כאַפּט אַדאַשס מלבושים, כדי צו באַהאַלטן עס.

„אַז די פּאָליציי וועט דאָ געפינען מענער־קליידער, וועט זי זיך באַלד נעמען נאָכיאָגן דעם אַנטלאָפענעם"... — האָט זי גע־טראַכט.

אָבער ווי נאָר זי האָט זיך גענומען איינלייגן דאָס אַנטאַן, איז פון דער בוזעם־טאַש אַרויסגעפאַלן דער פּאָרטפעל.

„אַן אומגליק!"... — האָט זשאַנעט געטראַכט. — „ער האָט פאַרגעסן דאָס געלט און די דאָקומענטן... ער איז אַ פאַרלוי־רענער"...

זי האָט דאַן שנעל באַהאַלטן אַדאַשס אָנטאָן, געכאַפּט אַ וואַ־ליזקעלע, אַריינגעלייגט דאָרט איר ביסל צירונג און אָפּגעשפּאַרט געלט, און איז אַרויס פון מאַדאַם מאַרזשעטס לאָקאַל.

די פּאָליציי האָט איר קיין שטערונגען נישט געמאַכט.

אויף דער גאַס האָט זי צוגערופן אַן אויטאָ, זיך אַריינגעזעצט און באַפוילן דעם שאָפער:

— צום וואָקזאַל!

„אַדיע „רויטע בלום"!" — האָט זי געטראַכט מיט פרייד, פאָרנדיק אינעם אויטאָ איבער די מאַרסעלער גאַסן. — „מער וועל איך זיך שוין צו דיר נישט אומקערן"...

„פאַרוואָס זאָל איך נישט איצט לעבן פריי מיט מיין גע־ליבטן?"...

אין איר וואַליזקעלע זענען געלעגן דרייסיק טויזנט פראַנק באַר געלט...

די קליידער, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט ביי מאַדאַם מאַר־זשעט זענען איר נישט אַ שאָד געווען.

„איך וועל זיך קויפן נייע!" — האָט זי געטראַכט. — „איך וועל פאָרן מיט מיין געליבטן קיין פּוילן און מיר וועלן דאָרטן חתונה האָבן"...

ענדלעך איז זי אָנגעקומען אין וואָקזאַל אַריין און אַ כאַפּ געטאָן דעם געליבטן פאַרן אָרעם.

אַדאַש האָט אויסגעדרייט צו זשאַנעט דעם קאָפּ און זיין געזיכט האָט אויפגעלויכטן פון פרייד.

— הער, טייערער... — האָט זשאַנעט שטיל געשעפּטשעט — איך פאָר מיט דיר... גוט?...

אַדאַש איז נישט איבעריק צופרידן געווען דערפון...

— אָבער דו האָסט דען אַן אויסלענדישן פּאַס? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב — האָט זשאַנעט געענטפערט — איך בין פאַ־ריקעס יאָר געווען אין שוועדן. אָט האָסטו אים... — האָט זי אים געוויזן דעם אויסלענדישן פּאַס.

— המ... האָט אַדאַש אַ ברום געטאָן.

— זאָרג נישט... — האָט זשאַנעט ערקלערט. — אויף קיין

הוצאות וועט נישט פעלן... איך האָב דאָ דרייסיק טויזנט פראַנק און אַ שיין ביסל צירונג...

דאָס איז אַדאַשן געפעלן...

— גוט... — האָט ער געזאָגט.

זיי האָבן געקויפט בילעטן און אַרויס אויפן פּעראָן.

באַלד איז אָנגעקומען דער צוג און זיי זענען איינגעשטיגן אין אַ קופּע פון דער צווייטער קלאַס.

אין קופּע זענען זיי געווען אַליין.

זשאַנעט האָט נישט באַלעמוטשעט און באַלד איז זי געהאַנגען אויף אַדאַשס האַלדז און באַדעקט זיין געזיכט מיט קושן...

ווען עמיצער אַ פרעמדער דערזעט עס, וואָלט ער זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס צוויי דאַמען קושן זיך אַזוי ליידנשאַפטלעך...

אָבער אַדאַש האָט זיך שנעל באַפרייט פון זיין הייסער געליבטער און איר גענומען פאַרוואָרפן:

— וואָס טוט זיך מיט דיר, זשאַנעט? וו יליגט דיר איצט אין זינען צו קושן זיך?... פאַרגעס נישט, אַז מיר וועלן באַלד זיין ביי דער גרענעץ...

— נו, איז וואָס? טאָר מען זיך נישט קושן?... — האָט זשאַנעט זיך געוווּנדערט.

— אָבער אין פּאַס בין איך דאָך אַ מאַנספּאַרשוין און אָנגעטאָן בין איך, ווי אַ פרוי...

— ריכטיק... — האָט זשאַנעט זיך געכאַפּט. — נו, וועלן מיר אַראָפּגיין אין ליאָן און דאָרט וועסטו זיך שוין איבערטאָן... איצט מעגן מיר זיך שוין קושן?...

— ביז ליאָן...

נו גוט... אָבער שטאַרקער...הייסער...אַזוי...

אין ליאָן זענען זיי אָפּגעשטיגן און פאַרפאָרן אין אַ גרויסן האָטעל.

זשאַנעט איז אַוועק אין אַ קליידער־מאַגאַזין און איינגעקויפט אָנטאָן פאַר איר „קראַנקן ברודער”...

— מ'האָט אים באַגנבעט... — האָט זשאַנעט ערקלערט דעם סוחר — און ער ליגט קראַנק... ווען ער וועט געזונט ווערן, וועט ער נישט האָבן אין וואָס אַראָפּצוגיין...

דעם סוהר איז עס אַפּילו אויסגעקומען אַ ביסל מאָדנע, אָבער וואָס אַרט אים? אבי ער לייזט...

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז אַדאַש שוין צוריק געווען אַן עלעגאַנטער פּאַצעט...

קיין אויפמערקזאַמקייט אין האָטעל האָט ער נישט אַרויסגערופן, ווײַל דער האָטעל איז געווען גרויס און מענטשן זענען כּסדר געגאַנגען אַרײַן און אַרויס...

דעם זעלבן טאָג נאָך זענען אַדאַש און זשאַנעט ווידער געזעסן אין אַ קופּע צווייטע קלאַס און געפאָרן צו דער גרענעץ.

זיי זענען ווידער געווען אַליין אין קופּע.

זשאַנעט האָט געהאַלטן, אַז עס איז אַ שאָד יעדע מינוט און זי האָט באַלד זיך געוואָרפן אַדאַשן אויפן האַלדז...

אָבער אַדאַש איז איצט געווען טויט־ערנסט און פאַרטראַכט.

„מ'דאַרף זען צו פּאַקן זשאַנעטס ביסל פראַנקן און צירונג און דערנאָך — פּטור ווערן פון איר"...

דאָס איז געווען דער איצטיקער געדאַנק, וואָס האָט איצט אַדאַשן נישט געלאָזט צורו...

„אויף עטלעכע חדשים וואָלט עס געסטייעט"... האָט ער געטראַכט.

פאַרנאַכט־צו זענען זיי צוגעקומען צו דער דײַטשער גרענעץ. אַדאַש האָט זיך שטאַרק באַאומרואיקט. ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל נישט דערקענען, אַז זײַן פּאַס איז אַ פאַלשער.

אָבער דער „פּעטער זשאַן" איז געווען אַ רעיעלער בעל־מלאכה, ער האָט געאַרבעט סאָליד...

נישט אויף דער דײַטשער גרענעץ און אויך נישט צומאָרגנס אויף דער פּוילישער גרענעץ האָט מען זיך נישט געכאַפּט, אַז ס'איז אַ פאַלשער פּאַס...

אַדאַש האָט דעריבער נישט געהאַט קיין גרונט צו זײַן אומצופרידן.

און דאָך איז ער נישט צופרידן געווען...

איבערן גאַנצן וועג האָט ער נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צוצוגנבענען בײַ זשאַנעטן איר געלט און צירונג...

נאָר אָט האָט זיך אים געמאַכט אַן אומגעריכטע געלעגנהייט.

פאָרנדיק מיטן צוג קיין וואַרשע, איז אויף איינער פון די סטאַ־
ציעס איינגעשטיגן אין זייער קופּע אַן עלטערער הער.
הערנדיק זשאַנעטן רעדן פראַנצויזיש, האָט ער אַ שמייכל גע־
טאָן און זיך פאָרגעשטעלט:
— איך בין אַ פראַנצויזישער אינזשיניער און אַרבעט אין
פּוילן...
זשאַנעט האָט זיך צעשמועסט מיט איר נייעם באַקאַנטן און
אַדאַש איז געזעסן אין אַ זייט, כלומרשט פאַרטאָן אין לייענען
אַ צייטונג...
ער האָט געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט, אַז זשאַנעט זאָל אים
לאָזן אַליין מיט איר וואַליזקעלע...
און אָט איז די געלעגנהייט געקומען...
דער פראַנצויזישער אינזשיניער האָט פאָרגעלייגט זשאַנעטן
אַרויסצוגיין אויפן קאָרידאָר, ווו זיי וועלן בעסער קאָנען באַ־
טראַכטן די לאַנדשאַפט. זשאַנעט האָט איינגעשטימט.
אַדאַש איז געבליבן אַליין...
ווי אַ קאַץ איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, געעפנט זשאַ־
נעטס וואַליזקעלע און אַרויסגענומען דאָס געלט מיטן צירונג.
ער האָט עס איילִיק אַריינגעפּאַקט אין זיינע קעשענעס און זיך
צוריק אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט...
ווען זשאַנעט איז צוריק אַריינגעקומען מיט איר נייעם באַ־
קאַנטן, איז אַדאַש געזעסן אויף זיין אָרט פאַרטיפט אין לייענען
אַ צייטונג...
אַ ווײַלע האָט זשאַנעט נאָך געפּלוידערט מיטן פראַנצויזישן
אינזשיניער, אָבער באַלד האָט דער לאָקאָמאָטיוו מיט אַ לאַנגן
פייף צווויסן געגעבן, אַז באַלד וועט זיין אַ סטאַציע.
דער אינזשיניער האָט זיך אויפגעשטעלט.
ער האָט זיך העפלעך געזעגנט מיט זשאַנעטן, דערנאָך מיט
אַדאַשן און פאַרלאָזט דעם קופּע.
— אַן אינטערעסאַנטער מענטש — האָט זשאַנעט באַמערקט
וועגן דעם אינזשיניער.
— און מיר ווייזט ער אויס אַ נודניק... — האָט אַדאַש גע־
זאָגט און ער איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן.

נישט צוליב דעם, וואָס ער האָט געזאָלט זיין אייפּערזיכטיק, נאָר ווייל ער האָט באַמערקט, ווי זשאַנעט גייט צו צו איר וואַ־ליזקעלע.

„ביי דער נעכסטער סטאַציע”, — האָט ער זיך געטראַכט, — „וועל איך זיך פון איר אַרויסדריייען און — אַדיע, זשאַנעט”...

אָבער דאָס מזל האָט אים נישט געשפּילט...

זשאַנעט האָט געעפנט דאָס וואַליזקעלע און אַ ווילד געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר ברוסט.

— גאָט מיינער! — האָט זי געשריען — מיין געלט! מיין צירונג!...

אַדאַש האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט.

— זשאַנעט! זשאַנעט! וואָס איז געשען? — האָט ער אויס־געשריען מיט שרעק.

זשאַנעט האָט זיך צעיאָמערט.

— מ'האָט מיך באַגנבעט... — האָט זי געהעשעט — מ'האָט מיר אַלץ צוגענומען... איצט בלייבט מיר אונטערן צונג זיך צו וואַרפן...

— וואָס רעדסטו זשאַנעט?... — האָט אַדאַש זיך כלומרשט געוווּנדערט — ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? אפשר האָט דאָס גע־טאָן דער כלומרשטער אינזשיניער?

אויף זשאַנעטס געשרייען איז אָנגעלאָפן אַ באַן־פּאָליציאַנט.

דערוויסנדיק זיך, וואָס דאָ איז געשען, האָט ער איינגעלאַדן זשאַ־נעטן מיטן אַדאַשן אין באַליציי־פּאָסטן.

אַדאַש וואָלט איצט גערן זיך אָפּגעטראָגן, ווען נישט די ענגשאַפט, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום זיי פון אַן אָנגעלאָפענעם עולם נייגעריקע.

פּלוצלונג האָט זשאַנעט באַמערקט צווישן דעם עולם נייגע־ריקע דעם פראַנצויזישן אינזשיניער.

— אָט דער! אָט דער איז עס! — האָט זי אָנגעוויזן דעם פּאָליציאַנט אויף דעם אינזשיניער, וועלכער איז בלאַס געוואָרן, ווי קרייד.

„וואָס וויל מען דאָ פון מיר”? — האָט דער אומשולדיקער אינ־זשיניער געטראַכט.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום זענען אַלע דרײַ — זשאַנעט, אַדאַש און דער אינזשיניער — געווען אויפן פּאָליציי פּאָסטן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונג.

פאַר אַלעם האָט מען אויסלעגיטימירט דעם פראַנצויזישן אינזשיניער.

די פּאָליציי־לײַט, וועלכע האָבן אַ שאַרף אויג, האָבן באַלד דערקענט, אַז דאָס איז נישט דער גנב.

זיי האָבן זיך דעריבער אָפּגעווענדעט פונעם אינזשיניער און גענומען באַטראַכטן דאָס באַגנבעטע פּאָרל.

— אײַערע דאָקומענטן! — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער אויסגערופן.

זשאַנעט האָט דערלאַנגט איר פּאַס.

— זשאַנעט מאָנד, אַ מאָדיסטקע פון מאַרסעל... גוט. ביי־טע... — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער געזאָגט און צוריקגעגעבן זשאַנעטן איר פּאַס. — אײַער דאָקומענט! — האָט ער זיך גע־ווענדעט צו אַדאַשן.

אַדאַש איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען, ווי אויף שפּילקעס... אַך, ווי גערן וואָלט ער זיך אָפּגעטראָגן פון דאַנען! אָבער פון אומעטום האָבן אויף אים געקוקט שאַרפע, דורכבויערנדע אויגן...

„ווען איך וואָלט כאָטש געקאָנט ערגעץ־ווו פאַרשטעקן דאָס צירונג"! — האָט אַדאַש געטראַכט.

— אײַערע דאָקומענטן! — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער נאָכאַמאָל איבערגעחזרט.

אַדאַש האָט דערלאַנגט זיין פּאַס.

— אַדאַש שטערנבערג, אַ וואָיאַזשאָר... גוט... — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער געזאָגט. — אָבער אַנטשולדיקט הער שטערנ־בערג, אַ קליינע פראַגע...

— ביטע... — האָט אַדאַש אַ בורטשע געטאָן און דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט פון שרעק.

— דערקלערט אונדז, וואָס איר קערט זיך אָן מיט דער באַ־גנבטער?

— איך?... איך קאָן גאָרנישט דאָס דאָזיקע פריילין... מיר האָבן זיך באַקענט אין צוג, נאָך אין פראַנקרייך... — האָט אַדאַש

געשטאַמלט.

— הייסט עס, אַז איר קענט זי אינגאַנצן נישט ?...

— ניין... איך ווייס גאָרנישט, ווער זי איז...

— אַהאַ... אויב אַזוי — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער דער־קלערט מיט אַ קאַלטן טאָן. — וועט איר אונדז נישט פאַראיבל נעמען, ווען מיר וועלן אייך באַזוכן...

אַדאַש האָט דערפילט אַ קעלט אין זיינע ביינער...

— אָבער ווי קאָנט איר מיך, אַן אָנשטענדיקן בירגער, חושד זיין אין אַזאַ זאַך ? — האָט אַדאַש געפּרוווט מאַכן אַ ברייטן אָנשטעל. — איך וועל זיך קלאָגן פאַר דער העכערער מאַכט !

— גוט, ווי איר ווילט... — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער דער־קלערט מיט אַ שמייכל — אָבער דערווייל ליידיקט נאָר אויס אייערע קעשענעס...

אַדאַש האָט געזען, אַז עס וועט אים גאָרנישט העלפן, האָט ער אַרויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע זשאַנעטס פּאַרטפּעל, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פּאַפּיר־געלט...

ווען זשאַנעט האָט דערזען איר פּאָרטפּעל, האָט זי דערפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער איר... אירע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט...

„איז עס נישט קיין חלום ?"... — האָט זי געטראַכט. — „מיין געליבטער איז אַ גנב ?"

— נו, זעט איר שוין! — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער גע־זאָגט צו אַדאַשן מיט אַ טריומפירנדיקן שמייכל.

אָבער אַדאַש האָט אַלץ געפּרוווט זיך האַלטן מיט קוראַזש.

— איך פאַרשטיי נישט... — האָט ער דערקלערט — איר זענט חושד, אַז איך האָב דאָס געלט געגנבעט ביי דער דאָזיקער פריילין ?

— ווו דען האָט איר עס גענומען ?

— איך האָב עס ערשט מיט צוויי טעג צוריק אָפּגענומען איך אַ מאַרסעלער באַנק...

— אַהאַ...

דער פּאָליציי־עלטסטער האָט זיך צוגעקוקט צו אַדאַשס וועסטל־קעשענע, וועלכע האָט שטאַרק אָפּגעשטאַרצט.

מיט איין באַוועגונג פון דער האַנט האָט ער אַרויסגעצויגן פון אַדאַשס וועסטל־קעשענע אַ קליין, אָבער שווער צירונג־פּודעלע...

ער האָט עס אויפגעעפנט און עס האָט אַ בליאַסק געטאָן פאַר די אויגן.

— און וואָס איז דאָס ?... — האָט ער געפרעגט אַדאַשן. — דאָס איז אויך אייער ?

— נו, געוויס... — האָט אַדאַש געענטפערט — איך האָב נישט געוואָלט פירן מיט זיך צופיל געלט, האָב איך עס אויס־געטוישט אויף צירונג...

דער פּאָליציי־עלטסטער האָט זיך דאַן געווענדעט צו זשאַנעטן אויף פראַנצויזיש:

— צי איז דאָס דאָזיקע צירונג אייערס ?

זשאַנעט איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ צעטומלטע:

„איין וואָרט — און מיין געליבטער איז אַ פאַרלוירענער"... — האָט זי געטראַכט.

כאָטש זי האָט איצט געזען אַדאַשס גאַנצע נידערטרעכטיקייט, האָט זי אָבער אַלץ נישט געקאָנט ביי זיך פּועלן אומצוברענגען אים. זי האָט אים ווייטער געליבט.

— ניין... — האָט זי ענדלעך געענטפערט. — דאָס דאָזיקע צירונג איז נישט מיינס...

אַדאַשעס אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן.

„די דאָזיקע נאַרישע מויד איז נישט אויף קיין געלעכטער פאַרליבט אין מיר"... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

איינער פון די פּאָליציי־לייט האָט געוואָרפן אַ בליק אויף אַדאַשן און עפּעס אַ מורמל געטאָן צום צווייטן.

דער צווייטער האָט זיך אויך איינגעקוקט אין אַדאַשס גע־זיכט, דערנאָך האָט ער עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן דעם פּאָליציי־עלטסטן אויפן אויער...

אַדאַש האָט געזען, אַז די קלאָג איז פאַרטיק...

דער שמייכל איז פאַרשוווּנדן פון זיינע ליפּן און ער איז בלאַס געוואָרן ווי קרייד...

ער האָט אָנגעהויבן בלאָנדזשען מיט זיינע אויגן איבערן צימער — אפשר וואָלט ער געקאָנט מאַכן פיס פון דאַנען...

אָבער מען האָט אים גוט געהיטן און יעדער פּרוּוו צו אַנטלויפן וואָלט געווען אומזיסט.

— הער שטערנבערג! — האָט ענדלעך דער פּאָליציי־עלטסטער אויסגערופן — זייט אייך מודה, אַז איר זענט פּאַקטיש נישט קיין וואָיאַזשער, נאָר אַן אַפּעריסט, און איר הייסט אַדאַם קליי־נער...

— קליינער? — האָט אַדאַש זיך כלומרשט שטאַרק באַליידיקט.

— איך הייס נישט קליינער נאָר שטערנבערג און איך ווייס נישט פון גאָרנישט צו זאָגן...

אָבער דער פּאָליציי־עלטסטער האָט אַרויסגעלייגט זיין קרעפּ־טיקע האַנט אויף אַדאַשעס אַקספּל און רואיק דערקלערט:

— איר זענט אַרעסטירט!...

קאַפּיטל דריי און ניינציק

## די געמיינע קאָמעדיע

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַוועק אין קאַבינעט. סאַלאָמאָן איז איר נאָכגעגאַנגען.

— נו, זאָג מאַמע! וואָס האָסטו מיר צו זאָגן? — האָט סאָ־לאָמאָן אומגעדולדיק געפרעגט.

סאַלאָמאָן איז געווען שטאַרק נייגעריק צו וויסן, וואָס די מו־טער האָט אים דאָ צו זאָגן פאַר אַ סוד.

„וואָס אַ שטייגער קאָן איך דאָס באַווייזן פאַר אַ העלדישקייט, אַז סאַביניע זאָל מיך דאָס באַוואונדערן?"

— הער אויס, סאַלאָמאָן! — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין גע־זאָגט — ווען עס זאָל זיך דיר איינגעבן סאַבינען צו ראַטעווען דאָס לעבן, וועסטו געווינען איר דאַנקבאַרקייט און סימפּאַטיע...

— מוז דאָך איר לעבן פריער זיין אין געפאַר... זאָל איך אויף איר אָנשיקן גזלנים, אָדער אונטערצינדן דאָס הויז?... —

האָט סאַלאָמאָן געחוזקט.

— טאָ הער מיך פריער אויס, און שלאָג מיר נישט איבער די רייד מיט דיינע וויצן! — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך באַליידיקט. — איך בין דאָך אויך נישט משוגע... דו וועסט זי אפּראַטעווען פון דערטרינקען...

— איך פאַרשטיי נישט... — האָט סאַלאָמאָן זיך געוווּנדערט — מיר האָבן דאָ נישט קיין ימים און אפילו נישט קיין טייכן... און קיין וואַזשנער שווימער בין איך אויך נישט...

— אַך, סאַלאָמאָן! דו ביסט גאָרנישט קלוג... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט. — ווען מיר וואָלטן דאָ געהאַט דעם ים אָדער אַ טייך, וואָלט איך סיי ווי סיי נישט געלאָזט גיין ראַטעווען; דו וואָלסט חלילה, פריער דערטרונקען געוואָרן, ווי זי...

— נאָר וואָס דען? — איז סאַלאָמאָן נייגעריק געווען.

אין אַ סאַדזאַווקע דאַרף מען עס מאַכן...

— אין וועלכער סאַדזאַווקע?

— ביי דער הומע בערטע. מ'דאַרף מאַכן אזוי, אַז סאַבינע זאָל מיינען, אַז זי איז אין דער גרעסטער געפאַר און דו ראַטעווסט זי אָפּ, איינשטעלנדיק דיין אייגן לעבן...

— גוט. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען, אַז סאַבינע זאָל זיך טרינקען אין דער מומע בערטעס סאַדזאַווקע?

— דאָס איז אַ לייכטע זאַך. הער אויס!

מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך צוגעבויגן צו איר זון און אים לאַנג אַריינגעשעפּטשעט אין אויער אַריין.

סאַלאָמאָנס געזיכט האָט אויפגעשיינט... אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ צופרידן שמייכעלע...

ווייזט אויס אַז זיין מוטערס פּלאַן איז אים געפעלן.

— ביסט אַ טייער מאַמעלע! — האָט ער געזאָגט, חנדלענדיק זיך — כ'האָב נאָר מורא, אַז סאַבינע זאָל זיך נישט כאַפּן...

— דאָס איז אויסגעשלאָסן! — האָט מאַדאַם וויינשטיין אויסגערופן — מ'דאַרף עס אָבער מאַכן געשיקט... סאַבינע וועט זיך דאַן שעצן גליקלעך צו זיין דיין פרוי.

— און דאָס, וואָס זי וועט קריגן אַזאַ מאַן, ווי איך, איז גאָרנישט? — האָט סאַלאָמאָן אַ בורטשע געטאָן.

— דו ביסט געראכט, מײַן זון! — האָט מאַדאַם װײַנשטײַן אײַנגעשטימט — אָבער די דאָזיקע סאַבינע בלאָזט זיך, װי אַ אינדיטשקע. טאָמער װײסטו... װען נישט איר נדן...
— װאָלט איך זיך גאָרנישט געװאָלט אומקוקן אויף איר...
— װאָס דען?
ס'איז געװען אין אײנעם אַ נאָכמיטאָג. עטלעכע טעג נאָך דעם געשפּרעך צװישן מאַדאַם װײַנשטײַן מיט איר זון, װעלכעס מיר האָבן אויבן באַשריבן.
מאַדאַם װײַנשטײַן, סאַלאָמאָן און סאַבינע זענען געזעסן בײַם טיש, געטרונקען טײ און פֿאַרבראַנגט אין אַ געמיטלעכן שמועס.
— אַנטשולדיקט! — האָט ער געזאָגט — איך מוז אַװעק איז גאַס אַרײַן עפּעס דערלײדיקן.
— װעסט זיך לאַנג זוימען? — האָט מאַדאַם װײַנשטײַן געפֿרעגט.
— דאָס קען איך נישט װיסן, — האָט סאַלאָמאָן געענטפֿערט.
— איך װאָלט אָבער געװאָלט זיך הײַנט אַביסל איבערשפּאַצירן צו דער מומע בערטען. זאָל איך װאַרטן אויף דיר?
— נײן, מאַמע. איך װעל שוין אַלײן אַהינקומען צו דיר.
מאַדאַם װײַנשטײַן איז געבליבן מיט סאַבינען אַלײן.
אַ װײַלע האָבן זײ װײַטער געפֿירט זײער פֿריערדיקן שמו־עס, דערנאָך האָט מאַדאַם װײַנשטײַן זיך אָנגערופֿן:
— איך בין שוין לאַנג נישט געװען אויף אַ באַזוך בײַ מײַן שװע־גערן בערטע. װאָלסט אפשר מיט מיר מיטגעגאַנגען צו איר?
סאַבינע איז גערן אײַנגעגאַנגען אויפֿן דאָזיקן פֿאָרשלאַג.
מאַדאַם װײַנשטײַנס שװעגערין, מאַדאַם בערטע ראָזן, האָט געװוינט אין איר גוט הינטער דער שטאָט און אַ שפּאַציר אַהין איז געװען אַן אָנגענעמער צײַט־פֿאַרטרײַב.
סאַלאָמאָן איז דערװײַל אַרײַן אין קאַבינעט, האָט אַראָפּגענו־מען פֿון שראַנק אַ קלײן האַנט־זעגל, אַרײַנגעלײגט עס אין דער טעקע אַרײַן און איז אַרויס.
אין אַ װײַלע אַרום איז ער שוין געװען אין זײַן מומע בער־טעס גוט.
אַ װײַלע האָבן זײ װײַטער געפֿירט זײער פֿריערדיקן שמו־

גאַנגעַן צו דער סאַדזאַווקע, איבער וועלכער עס זענען אַרומגע־שוומען עטלעכע קאַטשקעס.

די סאַדזאַווקע האָט געהאַט איין אָרט זייער אַ שמאָלס. אויפן דאָזיקן אָרט איז געווען אַריבערגעוואָרפן אַ בריקל מיט ווייסע, בערעזענע אַגלענען.

סאַלאָמאָן איז ארויף אויפן דאָזיקן בריקל און זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט.

נישט זעענדיק קיינעם אַרום, האָט ער אַרויסגענומען פון זייז טעקע דאָס האַנט־זעגל און זיך גענומען זעגן איינעם פון די אַנ־לענען...

סאַלאָמאָנען איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז פון צווישן די גע־דיכטע בוימלעך אין דערנעבנדיקן פרוכט־גאָרטן שפירן נאָך צוויי פאַרוווּנדערטע אויגן זיין יעדע באַוועגונג.



דפוס „אור" בע"מ     פאַרלאַג „תקוה"

# ס א ב י נ ע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 77

סאַלאָמאָן האָט אויף צוויי ערטער דורכגעזוכט דעם אַנלעז אויף אַזאַ אופן, אַז עס איז נישט געווען צו דערקענען...
אָפּגעטאָן דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט, האָט סאַלאָמאָן זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים און געוואַרט...
מאַדאַם וויינשטיין איז דערווייל אָנגעקומען אין מאַדאַם ראָזענס גוט.
די מאַדאַם ראָזען מיט די קינדער זענען געהאַט אָוועקגעפאָרן קיין וואַרשע מאַכן איינקויפן.
דאָס האָט זיי ערקלערט דער גוט־פאַרוואַלטער.
ביידע פרויען האָבן דאַן גענומען שפּאַצירן איבערן גוט.
— לאָמיר אַביסל צוגיין צו דער סאַדזאַווקע... — האָט מאַדאַם וויינשטיין פאָרגעלייגט סאַבינען — איך האָב מיטגענומען אַ זעמל וועלן מיר קאָרמען די פיש...
סאַבינען איז דער פאָרשלאַג געפעלן. זי האָט זייער ליב געהאַט צו וואַרפן קרישקעס די פיש און זיך צוקוקן ווי זיי כאַפּן...
אין אַ ווײַלע אַרום זענען שוין ביידע געשטאַנען אויפן בריקל און סאַבינע האָט אַראָפּגעוואָרפן ברעקלעך אין וואַסער אַריין.
סאַבינע האָט די ברעקלעך געוואָרפן ווייט פון זיך און זי האָט זיך דעריבער נישט געדאַרפט אַריבערבייגן איבערן אַנלעז, כדי זיך צוצוקוקן ווי די פיש כאַפּן די שטיקלעך זעמל.
ביי מאַדאַם וויינשטיין האָט שיער נישט געפּלאַצט דאָס האַרץ פון עגמת־נפש...
„אַ מויד זאָל זיך אַפילו נישט אָנרירן אינעם אַנלעז!... — האָט זי געטראַכט מיט צאָרן — פונקט ווי זי וואָלט געוווסט וועגן עפּעס"...
„אַך, ווען מ'קאָן זי אַזוי אַ שטופּ טאָן!"...
טראַכטנדיק די דאָזיקע געדאַנקען, איז פון מאַדאַם וויינשטיינס געזיכט פונדעסטוועגן קיין איין מינוט נישט אַראָפּ דאָס זיסע שמייכעלע...
סאַבינע האָט דערווייל אויפגעהערט צו וואַרפן אירע ברעקלעך.
איבער איין ברעקל האָט זיך אין דער סאַדזאַווקע אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטע „מלחמה"... אַ גאַנצע מחנה פישלעך האָט זיך געוואָרפן אויפן דאָזיקן ברעקל...

ס׳איז אָבער געווען צו גרויס אַראָפּצושלינגען עס מיטאמאָל, האָבן זיי דערפון געצופּט ברעקלעך און געשטויסן עס אלעמאָל געגטער צום בריקל...

און אָט איז דער גערעַנגל שוין אָנגעגאַנגען ביים סאַמע בריקל. כדי צו קאָנען צוקוקן זיך, האָט סאַבינע געמוזט אָנשפּארן אַן דעם אַנלען.

מאַדאַם וויינשטיין האָט שיער־נישט אויסגעשריגן פון פרייד...

„ענדלעך... ענדלעך... — האָט זי געטראַכט — איך דאַנק דיר, גאָט”...

אין דעם מאָמענט האָט דער דורכגעזעגטער אַנלען געפּלאַצט און סאַבינע איז אַראָפּגעפאַלן אין וואַסער אַריין...

— ראַטעוועט! מענטשן! — האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך ווילד צעשריגן — ראַטעוועט!

אין דער ערשטער מינוט האָט סאַבינע זיך דערשראָקן. זי האָט אָבער געקאָנט גוט שווימען. זי איז געווען איינע פון די בעסטע שווימערינס פון „מכבי”.

ס׳איז איר דעריבער נישט שווער געווען צו האַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער, וועלכעס איז סיי־ווי נישט טיף געווען.

זי האָט אָנגעהויבן צו שווימען צום ברעג.

אין דעם מאָמענט איז סאַלאָמאָן אַרויסגעשפּרונגען פון זיין באַהעלטעניש, אַריינגעשפּרונגען אין דער סאַדזאַווקע און אַרויס־געצויגן סאַבינען אויפן ברעג...

סאַבינע האָט זיך דערשראָקן צוליב סאַלאָמאָנס באַווייזן זיך, מער ווי פאַרן וואַסער.

זי איז געווען אַזוי צעטומלט, אַז זי האָט גאָרנישט באַמערקט ווי סאַלאָמאָן גיט זי אַ כאַפּ אין זיינע אָרעמס און לויפט מיט איר צו זיין מומעס הויז.

אויף מאַדאַם וויינשטיינס געשרייען איז זיך אָנגעלאָפן די גאַנצע דינערשאַפט פונעם גוט, אָבער זיי האָבן שוין נישט געהאַט וואָס צו טאָן.

זיי זענען בלויז געשטאַנען און געקוקט מיט פאַרוואונדערונג, ווי סאַלאָמאָן טראָגט די אויסגענעצטע סאַבינען אין זיינע אַרעמס...

אַריינגעטראָגן סאַבינען אין הויז פון די ראָזענס, האָט זי סאַלאָמאָן אַוועקגעלייגט אויף אַ קאַנאַפּע. דערנאָך האָט ער כלומרשט פון פאַרמאַטערונג און שרעק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד א פאַרחלשטער.

אַצינד האָט זיך געמאַכט די אמתע חתונה...

מאַדאַם וויינשטיין האָט ספּאַזמירט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש און אַ האַוועניש פון דער דינערשאַפט — אַן אמתע בהלה...

סאַבינע האָט זיך דעמאָלט גענומען מונטערן איר כלומרשט פאַרחלשטן „רעטער".

ענדלעך האָט סאַלאָמאָן געעפנט די אויגן... ער האָט זיך אָבער כלומרשט געפילט אַזוי שוואַך, אַז מען האָט אים געמוזט לייגן אין בעט אַריין...

## אַ וואָלף אין אַ פעל פון אַ שעפּס . . .

— מאַדאַם!... מאַדאַם!... גאָט איז מיט אייך!... טוט נישט אָפּ קיין נאַרישקייט!

ליזע גליקסאָנס לעבן איז געהאָנגען איבער די ברויזנדע ים־כוואַליעס, וועלכע האָבן זי גערופן, געבעטן צו זיך.

— קום... קום צו אונדז... ביי אונדז וועט דיר גוט זיין... ביי אונדז וועסטו געפינען רו... רו...

אָט־אָט און ליזע שפּרינגט אַראָפּ אין די שוימענדיקע כוואַליעס פונעם ים...

נאָר אָט האָט זיך אַן אומבאַקאַנטע שטים צוריקגערופן:

— מאַדאַם!... מאַדאַם!... גאָט איז מיט אייך!...

עמעץ האָט זיך אויסגעדרייט, גלאָנצנדיק ווי משוגע...

פאַר איר איז געשטאַנען אַ פרוי פון אַ יאָר פערציק, א רייך־געקליידעטע, אַן עלעגאַנטע.

— איך האָב באַלד דערקענט אָן אייך, אַז איר טראָגט זיך אַרום מיט אַ שלעכטן געדאַנק... — האָט די אומבאַקאַנטע געזאָגט צו ליזען — נאָך אַ נס, וואָס איך האָב אייך דערכאַפּט...

אין דער ערשטער מינוט האָט ליזע אויסגעזען ווי משוגע... זי האָט טעמפּ געגלאָצט פאַר זיך, נישט באַנומען, וואָס מ׳רעדט צו איר.

אָבער באַלד האָט זי ווי אויפגעכאַפּט זיך פון דער פאַר־שטאַרטקייט.

זי איז שנעל צוגעלאָפן צום זיך שפּילנדיקן לאַלעק.

— קינד מיינס!... קינד מיינס!... האָט זי אויסגערופן.

זי האָט אים אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט און אים אויסגע־קושט די בעקלעך און די אויגן.

פון אירע אויגן האָבן גענומען פליסן הייסע טרערן.

— לאַלעק!... טייערינקער!... — האָט זי געכליפּעט — ווער וואָלט זיך מיט דיר פאַרנומען, ווען...

לאַלעק האָט געקוקט אויף דער מוטער מיט ברייט־צעעפנטע פאַרוואונדערטע אייגעלעך...

„פאַרוואָס וויינט זי, די מאַמאַ?״ — האָט ער נישט געקאָנט פאַרשטיין מיט זיין קינדערישן קעפּל.

די אומבאַקאַנטע האָט זיך מיט נייגעריקייט צוגעקוקט צו דער גאַנצער סצענע און מאָדנע געשמייכלט.

ליזע האָט זי באַמערקט און אויסגערופן צו איר.

— אַ דאַנק אייך, מאַדאַם! איך וועל עס אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

די אומבאַקאַנטע איז צוגעגאַנגען צו ליזען.

— עס פרייט מיך זייער, וואָס איך האָב אייך אָפּגעראַטעוועט, — האָט זי געזאָגט. — עס וואָלט מיר אָבער נאָכמער געפרייט ווען איך קאָן אייך אַרויסנעמען פון דער לאַגע, צוליב וועלכער איר האָט געוואָלט באַגיין אַזאַ שרעקלעכן שריט.

ליזע איז געוועזן אַ פאַרשלאָסענע אין זיך און האָט נישט ליב געהאַט צו דערציילן עמעצן אירע פּערזענלעכע איבערלעבענישן.

איצטער אָבער איז זי געווען צעבראָכן און דערשלאָגן. און ווען עמעץ איז געקומען און אַרויסגעוויזן איר אַ וואַרעם, מענטש־לעך געפיל, האָט עס זי טיף גערירט.

זי האָט דעריבער פאַר דער אומבאַקאַנטער אויסדערציילט איר שרעקלעכע איבערלעבעניש, וועלכע האָט זי אַריינגעבראַכט אין פאַרצווייפלונג.

די אומבאַקאַנטע האָט מילד אַ שמייכל געטאָן.

— צוליב דעם האָט איר זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן? —

האָט זי געפרעגט. — איר קאָנט זיך דאָך אומקערן אַהיים און אויפקלערן אייער געליבטן דעם גאַנצן אמת ?

ליזע האָט טרויעריק אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין... — האָט זי אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן — ווענן דעם קאַן קיין רייד נישט זיין...

—פאַרוואָס ?

— איך קאָן מער נישט לעבן מיט אַ מאַן, וועלכער האָט געצווייפלט אין מיין טריישאַפט.

— נו, פאַרגעסט אָבער נישט, אַז אייער חתן איז אַ רייכער מאַן און ער קאָן פאַרזיכערן אייך און אייער קינד אַ גליקלעכע עקזיסטענץ... — האָט די אומבאַקאַנטע דערקלערט.

— איך בין בעסער גרייט צו לעבן אויפן באַשיידנסטן אופן, שפּאָרזאַם און קאַרג... — האָט ליזע געענטפערט.

די אומבאַקאַנטע האָט אָבער אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין, טייערע... ס'וועט אייך אין היינטיקע צייטן אויסקומען שווער צו קעמפן פאַר דער עקזיסטענץ.

— איך בין אָבער גרייט אָנצונעמען די שווערסטע אַרבעט, אַבי נאָר צו פאַרזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן מיין קינד, די איינציקע טרייסט אין מיין טרויעריק לעבן.

ווידער האָבן אָנגעהויבן צו טריפן טרערן פון ליזעס שיינע אויגן.

די אומבאַקאַנטע האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. דערנאָך האָט זי ליזען אַ צאַרטן גלעט געטאָן איבער די האָר און זיך אָנגערופן:

— פאַרצווייפלט נישט, טייערע. גאָט וועט אייך נישט פאַרלאָזן. איך טראַכט איצט, אַז איך וואָלט געקאָנט קריגן אַן אַרבעט פאַר אייך. איר וואָלט דאַן געקאָנט פאַרדינען פאַר זיך און פאַרן קינד.

ליזע האָט אויפגעהויבן אירע אויגן, אין וועלכע עס זענען געהאָנגען צוויי גרויסע טרערן, ווי פּערל...

— אָך! איך וואָלט עס אייך דאָס גאַנצע לעבן נישט פאַרגעסן... — האָט ליזע געזאָגט מיט אַ ווײַנענדיקער שטים.

דער שמייכל אויף דער אומבאַקאַנטערס געזיכט איז נאָך זיסער נאָך ליבער געוואָרן.

— די אַרבעט קאָנט איר קריגן ביי מיר אַליין. זייער אַ אָנגענעמע און לייכטע אַרבעט.

— וואָס פאַר אַן אַרבעט? — האָט ליזע געפרעגט און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן פון פרייד.

— איך בין אַן אייגנטימערין פון אַ גרויסן האָטעל אין מאַרסעל. איך נויטיק זיך אין אַ טיכטיקע ווירטשאַפטס־פירערין. איר וואָלט זיך אונטערגענומען די דאָזיקע אַרבעט?

— געוויס! — האָט ליזע אויסגערופן מיט פרייד.

— אַ פענסיע וועט איר קריגן אַן אָנשטענדיקע, — האָט די אומבאַקאַנטע צוגעגעבן, — און די אַרבעט איז אַ לייכטע, ווייל איר וועט האָבן אַ געהעריקן פערסאָנאַל, וואָס וועט אַלץ אויספירן לויט אייערע אָנווייזונגען.

ליזע האָט זיך געפילט גדליקלעך.

„די דאָזיקע פרוי איז מיר פון הימל אַראָפּגעשיקט געוואָרן"...

— האָט זי געטראַכט.

באַלד האָט זי זיך אָבער דערמאָנט אָן עפּעס.

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם, — האָט ליזע זיך אָפּגערופן, — מיט מיר איז הי דאָ מיינע אַ פריינדין, אַ געוויסע פרוי שוואַרץ, וואָס פאַרנעמט זיך מיטן ערציען מיין קינד מיט אַ מוטערלעכער ליבשאַפט. איך קאָן דאָך זי נישט לאָזן אויף הפקר.

די אומבאַקאַנטע האָט זיך אַביסל געקרימט, דערנאָך האָט זי געענטפערט:

— די דאָזיקע פרוי מיטן קינד קאָנען צוריקפאָרן קיין פוילן. יעדן חודש וועט איר זיי צושיקן געלט. יעדע דריי־פיר חדשים וועט איר זיי קאָנען באַזוכן. איר וועט דאָך גוט פאַרדינען.

— און דאָס קינד איז אוממעגלעך צו נעמען מיט זיך? — האָט ליזע געפרעגט..

— ניין! דאָס איז אוממעגלעך! — איז די אומבאַקאַנטע פּלוצלונג שטרענג געוואָרן — דאָס קינד וועט אייך שטערן אין דער אַרבעט.

— און אפשר אַריינגעבן די פרוי שוואַרץ מיטן קינד אין אַ באַשיידענעם פענסיאָנאַט אין מאַרסייל? — האָט ליזע זיך געבעטן.

— ניין! דאָס וועט צופיל קאָסטן.

מיט אַ שווער האַרץ האָט ליזע איינגעשטימט צוריקצושיקן דאָס קינד מיט דער פרוי שוואַרץ קיין פוילן און אַליין בלייבן אין מאַרסייל.

זי האָט קיין אַנדערן אויסוועג נישט געהאַט...

„מיט דער צייט וועל איך קומען צו אַביסל געלט און איך וועל ווערן זעלבשטענדיק. דעמאָלט וועל איך קאָנען דאָס קינד צוריק־נעמען צו זיך". — האָט זי זיך געטרייסט.

— איך פאָר מיט אייך! — האָט ליזע ענדלעך זיך אַנטשלאָסן.

— אָבער איר ווייסט דאָך נאָך צומאָל נישט מיין נאָמען... איך הייס ליזע גליקסאָן.

— מאַדאַם טאַרלאָ! — האָט די אומבאַקאַנטע זיך פאָרגע־שטעלט. — און וועגן די באַדינגונגען איז אָט וואָס: איר וועט באַ־קומען טויזנט פראַנק אַ חודש, אַ חוץ אייער אויסהאַלט...

ליזע האָט שיער נישט אַ געשריי געטאָן פון פרייד.

— און אָט האָט איר אַ קאַנטאָ אויפן ערשטן חודש... — האָט מאַדאַם טאַרלאָ געזאָגט און אויסגעצאָלט ליזען פינף הונדערט פראַנק.

לאַלעקן איז שוין דערעסן געוואָרן דאָס שפּילן זיך אין זאַמד און ער איז צוגעקומען צו דער מוטער.

— מאַמאַ, איך וויל אַהיים!

— קומט, איך וועל מיט אייך מיטגיין, — האָט מאַדאַם טאַרלאָ געזאָגט צו ליזען, — איך וויל זיך באַקענען מיט דער פרוי שוואַרץ.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען אַלע דריי — מאַדאַם טאַרלאָ, ליזע און לאַלעק — אָנגעקומען אין ליזעס דירה.

פרוי שוואַרץ האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, ווען זי האָט דער־זען ליזען אַ פריילעכע און אַ מונטערע.

ערשט ווען ליזע האָט איר צו וויסן געטאָן וועגן דעם נייעם פאָסטן אירן, האָט פרוי שוואַרץ פאַרשטאַנען איר מונטערקייט.

איצט איז גאָרנישט געבליבן נאָר צוצוגרייטן פרוי שוואַרץ און לאַלעקן צו דער רייזע.

ליזע האָט זיך אָפּגערעכנט מיט איר בעל-הביתטע, איר באַצאָלט און האָט זיך גענומען פּאַקן די זאַכן.

מאַדאַם טאַרלאַ האָט געהאָלפן פּאַקן. וויפל מ׳האָט זי נישט געבעטן, זיך נישט מטריח צו זיין, האָט זי דווקא געוואָלט צוהעלפן.

„אַ דימענטן מענטש״... — האָט ליזע געטראַכט וועגן פרוי טאַרלאַ.

ענדלעך איז אַלץ געווען פאַרפּאַקט. זיי האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט דער בעל־הביתטע, פרוי זשיראָן, און אַוועק צו דער באַן.

פרוי שוואַרץ מיט לאַלעקן האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ קופּע צווייטע קלאַס.

כאָטש אַלץ איז געווען באַזאָרגט אויפן בעסטן אופן, האָט ליזע נישט געקאָנט איינהאַלטן דאָס געוויין, וואָס האָט זיך פון איר געריסן...

אויך דער קליינער לאַלעק האָט זיך צעוויינט, ווען ער האָט געהערט, אַז די מאַמאַ פאָרט נישט מיט אים...

מאַדאַם טאַרלאַ האָט דאַן איינגעקויפט ביים בופעט אַ גאַנצן פּאַק מיט שאָקאָלאַדקעס און צוקערקעס און איינגענומען לאַלעקן.

עס האָט זיך דערהערט אַ פייף פון לאָקאָמאָטיוו.

נאָך אַ קוש און נאָך אַ טרער און דער צוג האָט גערירט פון אָרט...

ליזע האָט נאָכגעקוקט מיט וויינענדיקע אויגן דעם אָפּפאָרנדן צוג, וועלכער האָט אַוועקגעפירט איר איינציק קינד...

— איך בין איצט אַזוי איינזאַם און פאַרלאָזן... — האָט ליזע געקלאָגט.

— אָבער איך בין מיט אייך... — האָט דאַן מאַדאַם טאַרלאַ זי געטרייסט און געגלעט איבער אירע האָר.

אין אַ שעה אַרום איז שוין ליזע געזעסן מיט מאַדאַם טאַרלאַ אין אַ קופּע פון אַ שלאָפוואַגאָן.

זיי זענען געפאָרן קיין מאַרסייל.

ליזע איז געווען מיד און נישט אויסגעשלאָפן נאָך דער לעצטער שרעקלעכער נאַכט.

זי האָט זיך דעריבער געוואָרפן אויפן געלעגער, כדי זיך אָפּצורוען אַביסל.

זי האָט אָבער נישט געקאָנט איינשלאָפן.

פאַר אירע אויגן האָבן כסדר געשוועבט בילדער, וואָס האָבן זי באַאומרואיקט און אויפגערעגט.

אַט האָט זי זיך דערמאָנט אָן דער שרעקלעכער סצענע ביינאַכט מיט אַדאַשן און מיט אַדאָלפן... און אַט האָט אין איר פאַנ־טאַזיע אויפגעלויכטן לאַלעקס פנימל...

זי האָט אים געזען אַ בלאַסן און אַ פאַרוויינטן... עס האָט זיך איר געדאַכט, ווי זיינע אויגן רעדן: „מאַמאַ, פאַרוואָס האָסטו מיך אַוועקגעשיקט פון זיך?"...

ערשט פאַרטאָג איז זי אַביסל איינגעשלאָפן.

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג.

מאַדאַם טאַרלאָ איז שוין אויפגעווען.

— טוט אייך אָן! — האָט זי געזאָגט צו ליזען — מיר וועלן באַלד זיין אין מאַרסייל.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז ליזע שוין געפאָרן אין אַן אויטאָ מיט מאַדאַם טאַרלאָ צו איר „האָטעל".

ליזע האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, ווען דער אויטאָ איז פאַר־פאָרן אין אַ הינטערגעסל פאַר אַן אָפּגעריסענער מויער.

זי האָט גערעכנט, אַז מאַדאַם טאַרלאָס האָטעל געפינט זיך אויף אַ רייכער, שיינער גאַס.

אָבער נאָכמער האָט ליזע זיך געוווּנדערט, ווען איינער אַ הער האָט באַגריסט די מאַדאַם טאַרלאָ:

— אַ גוט מאָרגן אייך, מאַדאַם מאַרזשעט!...

„פאַרוואָס האָט זי עפּעס מיר אָנגעגעבן נישט איר ריכטיקן נאָמען?"... — האָט ליזע זיך געוווּנדערט.

זי האָט אָבער נישט פאַרדעכטיקט קיין שום שלעכטס, ווייל אין דער פרי איז אין דער „רויטער בלום" געווען שטיל.

דער לאָקאַל האָט ווירקלעך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן עלעגאַנטן, ערשטקלאַסיקן האָטעל.

מאַדאַם מאַרזשעט האָט ליזען פאָרגעשטעלט פאַר מסיע קאַרנאָ:

— מאַדאַם גליקסאָן, די צוקונפטיקע ווירטשאַפטס־פירערין פון אונדזער הויז... אָבער דערווייל איז זי אונדזער גאַסט.... זי מוז זיך פריער באַקענען מיט אונדזער אונטערנעמונג און צוגעוויינען זיך צו דער אַרבעט...

— געוויס... געוויס... — האָט מסיע קאַרנאָ איינגעשטימט.

— איז דאָ ביי אונדז אַ פריי צימער? — האָט מאַדאַם מאַרזשעט געפרעגט און אַ ווונק געטאָן צו מסיע קאַרנאָ.

— יאָ... ס'איז דאָ...
מסיע קאַרנאַ האָט דאַן אַרויפגעפירט ליזעס און מאַדאַם מאַרזשעט אין דער הויך.
אויפן ערשטן שטאָק האָט מאַדאַם מאַרזשעט זיך אָפגעשטעלט.
— דאָ? — האָט זי געפרעגט מסיע קאַרנאַ, ווי זי וואָלט כלומרשט נישט געוווסט, ווו מען גייט איצט ליזען איינקוואַרטירן...
— ניין, העכער. — האָט מיסע קאַרנאַ געענטפערט.
ווען זיי זענען אַרויפגעקומען אויפן צווייטן שטאָק, זענען זיי דורכגעגאַנגען דורך אַ שוואַך־באַלויכטענעם דורכגאַנג, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ קליינעם וואַרטע־צימער.
צוויי טירן האָבן געפירט אין ווייטערדיקע צימערן.
אין איינעם פון די צימערן האָט מאַדאַם מאַרזשעט אַריינגעפירט איר נייעם קרבן...
ליזע האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן פון דער עלעגאַנץ פונעם דאָזיקן צימער.
איין זאַך בלויז האָט זי געוווּנדערט: באַלד הינטערן פענצטער איז געשטאַנען אַ הויכע, גרויסע מויער, אַז אין צימער איז כמעט פינצטער געווען.
אָבער די כיטרע מאַדאַם מאַרזשעט האָט שנעל אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע ליכט און דאָס צימער האָט געבלענדט די אויגן מיט זיין פראַכט...
— איצט לייגט זיך צו און רוט זיך אויס... — האָט מאַדאַם מאַרזשעט געזאָגט מיט אַ ליבלעך שמייכעלע — צום מיטאָג וועל איך נאָך אייך אַרויפשיקן...
מאַדאַם מאַרזשעט און מסיע קאַרנאַ האָבן זיך אָפגעזעגנט און זענען אַוועק.
ליזע איז געבליבן אַליין אין איר צימער.
פון וואַנען האָט די דאָזיקע נאַאיווע פרוי געזאָלט וויסן, אַז זי איז איצט געפאַנגען אין די הענט פון שרעקלעכע פאַרברעכער?...

## אין פאַרברעכערישע הענט

— ווי געפעלט אייך עפעס דאָס נייע שטיקל סחורה, וואָס איך האָב געברענגט? — האָט מאַדאַם מאַרזשעט געפרעגט איר געליבטן, מסיע קאַרנאַ.

— ערשטע קלאַס... — האָט מסיע קאַרנאָ אַ סמאַטשקע געטאָן מיט די ליפּן.

— עטלעכע טעג וועט מען זי לאָזן צורו און דערנאָך וועט מען צו איר אַריינלאָזן דעם באַנקיר מסיע עלעאָן בוטאָן, ער טויג זיך צו אַזעלכע „ערשטלינגען"...

— אַהאַ, ער איז אַ פויגל... — האָט מסיע קאַרנאָ איינגע-שטימט.

— און ער איז אַ גוטער קונה...

מאַדאַם מאַרזשעטס גוטסקייט צו ליזען האָט גאָר קיין גרענעץ נישט געהאַט. מ'האָט ליזען געגעבן צו עסן און צו טרינקען פון שענסטן און פון בעסטן.

און אָט איז אין איינעם אַ פאַרנאַכט מאַדאַם מאַרזשעט אַרויפ־געקומען אין ליזעס צימערל אַריין.

— גוט מאָרגן, מאַדאַם גליקסאָן! — האָט זי באַגריסט ליזען מיט אַ שמייכל.

— גוט מאָרגן, מאַדאַם מאַרזשעט! אָבער ווען וועל איך זיך שוין נעמען צו מיין אַרבעט ?... — האָט ליזע געפרעגט.

— מאָרגן, מאָרגן, טייערע... און איידער איך טרעט צו צו אייער אַרבעט, וועלן מיר היינט צוזאַמען עסן קאָלאַציע...

— עס פרייט מיך זייער... אָבער איך מוז אייך זאָגן, מאַדאַם מאַרזשעט, אַז איך פיל זיך היינט נישט איבעריק גוט.

— פאַרוואָס ? פעלט אייך דען דאָ עפּעס ? — האָט מאַדאַם מאַרזשעט זיך געוווּנדערט.

— ניין. בעסער קאָן גאָרנישט זיין. אָבער איך קלער איבער, וואָס איך האָב נאָך נישט דערהאַלטן קיין בריוו פון פרוי שוואַרץ, זי האָט מיר צוגעזאָגט באַלד צו שרייבן.

— נו, האָט זי זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע טעג... און אפשר גאָר האָט זי פאַרלוירן מיין אַדרעס ?...

מאַדאַם מאַרזשעט האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז זי האָט איר געגעבן אַ פאַלשן אַדרעס און קיין בריוו וועט דעריבער נישט קומען...

— שרייבט צו איר אַ בריוו קיין פּוילן, — האָט מאַדאַם מאַר-זשעט צוגעגעבן און איר וועט זיכער באַלד קריגן אַן ענטפער...

דערווייל האָט מען געדעקט דעם טיש צו קאָלאַציע. דער

טיש האָט באַלד געבלאַנקט פון קרישטאָלענע און זילבערנע געפעסן, וואָס האָבן שעמערירט אינעם שיין פון אָנגעצונדענעם זשיראַנדאָל...
אָבער נישט געקוקט אויף דער גאַנצער פייערלעכקייט, איז פון ליזעס האַרץ נישט פאַרשוווּנדן דער טרויער...
איר בענקשאַפט צו לאָלעקן און צו אַדאָלפן, וועלכן זי האָט נאָך ליב געהאַט מיט דער גאַנצער וואַרימקייט פון איר האַרץ, האָט איר קיין רו נישט געגעבן...
ליזע האָט אָנגעשטרענגט אַלע אירע קרעפטן, כדי אַרויפצוציען אויף איר געזיכט אַ פריילעכע מינע.
זי האָט געפילט אַ שטאַרקע דאַנקבאַרקייט צו מאַדאַם מאַרזשעט און זי האָט געוואָלט איר כאָטש אָפּדאַנקען דורך איר פריילעכקייט און מונטערקייט...
ליזע איז כאָטש צופרידן געווען, וואָס ביי דער קאָלאַציע וועט זי זיין אַליין מיט דער „ליבער" מאַדאַם מאַרזשעט. עס וואָלט איר געווען זייער נישט אָנגענעם, ווען עמיץ־נאָך זאָל דאָ זיין מיט איר.
אָבער ווי איבעראַשט איז ליזע געוואָרן, ווען זי האָט פּלוצלינג דערהערט טריט אויף די שטיגן...

## צווישן שונאים

— דער צושטאַנד פון אייער מאַן איז זיכער אַ געפערלעכער...
— האָט דער דאָקטאָר ערקלערט רעגינען — ער האָט זיך צעקלאַפּט דעם שאַרבן...
— ג־ט מיינער!... ג־ט מיינער!... — האָט רעגינע פאַרבראָכן די הענט מיט כלומרשטער פאַרצווייפלונג, — וואָס טוט מען?... וואָס טוט מען?... ראַטעוועט מיין מאַן, הער דאָקטאָר!...
— לויט מיין מיינונג, דאַרף מען דעם קראַנקן באַלד אַריבערפירן אין אַ הייל־אַנשטאַלט — האָט דער דאָקטאָר ערקלערט.
— אָ, ניין!... ניין!... — האָט רעגינע אויסגערופן — איך וועל נישט איינגיין דערויף, אַז מען זאָל מיין טייערן לעאָן אַרויסנעמען פון דאַנען...
— אויב איר ווילט דעם קראַנקן האַלטן אינדערהיים, מוזט איר באַלד צו אים צונעמען אַ קראַנקן־שוועסטער, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

אבער רעגינע האָט דערפון נישט געוואָלט הערן.

— ניין. איך וועל נישט צולאָזן קיין פרעמדע מענטשן... איך וועל אַליין טאָג און נאַכט וואַכן ביי זיין בעט און פון אים קיין אויג נישט אַראָפּלאָזן...

רעגינע האָט מורא געהאַט, אַז לעאָן זאָל נישט אַרויסכאַפּן זיך אין דער היץ מיט עפּעס אַ וואָרט, וואָס טויג נישט פאַר איר...

זי האָט דעריבער געוואָלט זיין מיט אים אַליין, אָן עדות...

זי איז אויך נישט געווען פאַראינטערעסירט, אַז לעאָן זאָל האָבן אַ גוטע פלעגע, ווייל זי האָט אין איר פאַרברעכעריש האַרץ געוואַרימט די שטילע האָפענונג, אַז לעאָן וועט שטאַרבן...

„אַך! וואָס פאַר אַן אומגליק עס וואָלט געווען, ווען לעאָן ווערט געזונט"... — האָט רעגינע געטראַכט — ער וואָלט דאָך מיך פאַרטריבן פון זיין הויז, ווי אַ הונט"...

„וואָס וואָלט דעמאָלט געוואָרן פון מיר?"...

„איך מוז דעריבער פאַרהיטן פאַר דעם דאָזיקן אומגליק"...

דער דאָקטאָר האָט געמיינט, אַז רעגינעס ליבע צו איר מאַן איז טאַקע אַזוי גרויס, ווי זי זאָגט.

ער איז דעריבער איינגעגאַנגען דערויף, אַז רעגינע זאָל אַליין פלעגן דעם קראַנקן לעאָן.

— איך וואָלט אָבער געוואָלט, אַז דעם קראַנקן זאָל אונטערזוכן אַ קאָנסיליום פון באַקאַנטע דאָקטוירים. — האָט דער דאָקטאָר ערקלערט.

— אַך, דאָס איז נישט נויטיק... — האָט רעגינע געטענהט — איך האָב צו אייך דעם פולן צוטרוי, הער דאָקטאָר...

אַזוי אַרום האָט די פאַלשע רעגינע געשפּילט אויפן דאָקטאָרס אַמביציע און אויך דאָס געפועלט ביי אים...

רעגינע איז געבליבן לעאָנס איינציקע פלעגערין — אַ פלעגערין, וואָס האָט אויסגעקוקט די מינוט, ווען דער קראַנקער וועט שטאַרבן...

„אַך! ווען לעאָן שטאַרבט"... — האָט רעגינע פאַנטאַזירט — איך וואָלט דאַן געוואָרן די בעל-הביתטע איבערן גאַנצן פאַרמעגן... איך וואָלט באַלד חתונה געהאַט מיט דזשייקאָבן"...

ביים דאָזיקן געדאַנק איז אַ זיסער שוידער אַדורך דורכן לייב...

— וואָס קעלטער עס האָבן זיך באַצויגן צו איר אַנדערע מענער — אַלץ הייסער איז געוואָרן איר ליידנשאַפט צו דזשייקאָבן...

זי האָט באַלד צומאָרגנס נאָכן פּאַרפּאַל מיט לעאָנען געשריבן דזשייקאָבן אַ בריוו, כדי צו שטיין מיט אים כסדר אין אַ שריפט־לעכער פאַרבינדונג...

אין אָנהויב האָט זי גערעכנט אַריבערצושיקן צו אים איר פאָטער, דעם אַלטן סאַמועל קייזערשטיין, וועלכער איז באַלד נאָכן פּאַרפּאַל מיט לעאָנען אַרויסגערופן געוואָרן דורך רעגינען.

ער איז צוזאַמען געזעסן מיט דער טאָכטער און אויסגעקוקט לעאָנס טויט...

זי האָט אָבער באַשלאָסן בעסער צו שרייבן צו אים, ווייל זי האָט געוווסט, אַז דער אַלטער קייזערשטיין פילט נישט קיין באַזונדערע סימפּאַטיע צו איר קאָכאַנעק...

דער אַלטער כיטראַק האָט אין דזשייקאָבן געזען אַ שטאַרקן קאָנקורענט...

„אַז רעגינע וועט חתונה האָבן מיט דזשייקאָבן, וועט דאָס גאַנצע פאַרמעגן איבערגיין אין זיינע הענט"... — האָט דער אַלטער קייזער־שטיין געטראַכט.

„איך וועל דאַן ווערן אַ קעסטקינד ביי מיין נייעם איידעם... צו וואָס טויג עס מיר?"...

— איך פאַרשטיי דיך נישט, רעגינע... — האָט ער אַריינגע־רעדט אין דער טאָכטער — צו וואָס דאַרפסטו אים, דעם דזשייקאָבן? וואָס זעסטו אין אים?...

— וואָס הייסט, וואָס איך זע?...

— ער איז דאָך אַ העסלעכער קאַרליק און אַ גראָבער פליגל דערצו...

רעגינע איז בייז געוואָרן ווי אַ טייוול...

— איך בעט דיך, זאָג מיר נישט קיין מבינות!... — האָט זי זיך צעשריגן — דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט!... דו וועסט אים מיר נישט פאַרמיאוסן... דו וועסט אים נישט קלענער מאַכן אין מיינע אויגן....

— נאָך קלענער מאַכן?... — האָט דער אַלטער ציניקער זיך געוויצלט — ג־ט מיינער! עס וואָלט דאָך פון אים גאָרנישט

געבליבן...

רעגינע האָט שוין מער נישט גערעדט קיין וואָרט מיט איר פאָטער וועגן דזשייקאָבן...

וועגן זען זיך מיט דזשייקאָבן האָט זי דערווייל נישט געטראַכט ווייל זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַן אומפּאַרזיכטיקייט...

„דערווייל מוז מען האָבן געדולד"... — האָט זי געטראַכט.

אָבער דזשייקאָב האָט זיך געגרייט איר אָפּצושטאָטן אַן אומגעריכטן וויזיט.

עס האָט זיך אים שטאַרק געבענקט צו דער רייצנדיקער רעגינען...

אַ חוץ דעם, האָט דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען אויף איר טשעק, שוין אָנגעהויבן צו טאָגן... ער האָט נויטיק געהאַט אַ פרישן „גמילות חסד"...

כדי דער „גמילות חסד" זאָל זיין אַ שפּאַרער, איז בעסער געווען צו גיין נאָך אים פּערזענלעך, ווי צו שרייבן...

אין איינעם אַ אָוונט, איידער מ'האָט פאַרמאַכט דאָס טויער, האָט דזשייקאָב זיך אַריינגעגנבעט אין לעאָנס הויף אַריין. ער איז דערנאָך אַריין אין גאָרטן און זיך באַהאַלטן צווישן די בוימער...

דאָרט איז ער געשטאַנען ביז נאָך האַלבער נאַכט....

פון רעגינעס בריוו האָט ער געוווסט, אַז צוועלף בייַנאַכט גייט זי אַריין אין איר שלאָפצימער זיך לייגן...

דזשייקאָב האָט זיך דאַן אַריינגעשלייכט אין הויף ווי אַ גנבֿ, און זיך צוגעגנבעט צו די פענצטער פון רעגינעס שלאָפּצימער...

דורך די אַראָפּגעלאָזטע זשאַלוזיעס האָט אַרויסגעשיינט אַ ליכט. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז רעגינע איז איצט דאָ אין איר שלאָפצימער...



דפוס „אור" פאַרלאַג „תקוה"

# סאָבינע



ראָמאַן

פֿון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 78

ער האָט זיך צוגעשלייכט צו דער טיר און לייכט אָנגעקלאַפּט. קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן...
ער האָט נאָך אַ קלאַפּ געטאָן.
ס'האָבן זיך דערהערט ווייכע טריט און דאַן רעגינעס שטילע, ציטערדיקע שטים:
— ווער איז?
— איך... דזשייקאָב...
די טיר האָט זיך שטיל געעפנט און דזשייקאָב האָט זיך אַריינגעגליטשט אין רעגינעס שלאָפצימער...
ער האָט מיט אַנטציקונג באַטראַכט רעגינעס פיגור, וואָס איז געווען איינגעהילט אין אַ כמעט דורכזיכטיקן נאַכט־קלייד...
— ביסט משוגע געוואָרן?... — האָט רעגינע געשעפּטשעט און געציטערט אינגאַנצן פון שרעק. — וואָס האָסטו געטאָן?... ווען עמיצער זאָל דיך באַמערקן, זענען מיר ביידע פאַרלוירן...
דזשייקאָב האָט פאַרזיכטיק פאַרמאַכט די טיר.
— ביסט גערעכט... — האָט ער געזאָגט — איך האָב אָבער לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטן... דאָס האַרץ איז ביי מיר אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט... איך קאָן נישט לעבן אָן דיר...
רעגינע איז פון די דאָזיקע רייד ווייך געוואָרן, ווי פּוטער... זי האָט אים שוין אַלץ מוחל געווען...
דזשייקאָב האָט זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע קורצע, אָבער שטאַרקע אָרעמס, און באַדעקט מיט קושן אירע ליפּן, איר האַלדז און נאַקעטע אַקסלען...
רעגינע איז אינגאַנצן פאַרכישופט געוואָרן פון ליידנשאַפט...
ווען זי האָט זיך ענדלעך באַפרייט פון דזשייקאָבס אָרעמס, האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע.
— וואָס מאַכט לעאָן? — האָט דזשייקאָב אַ פרעג געטאָן.
רעגינע האָט אַ זיפץ געטאָן:
— וואָס? ס'איז אים בעסער?... — האָט דזשייקאָב געפרעגט מיט שרעק.
— ניין... ביז איצט איז ער נאָך נישט געקומען צום באַוווסטזיין, אָבער דער דאָקטאָר זאָגט, אַז פּונקט אַזוי ווי ער קאָן יעדע מינוט שטאַרבן, קאָן ער אויך פּלוצלונג עפענען די אויגן און אינגאַנצן קומען צוזיך...

— אַזוי ?...
— מיר מוזן האָבן געדולד, מיין טייערער ...
— און אַז אַלץ וועט גיין גוט און לעאָן וועט שטאַרבן ... וואָס וועט זיין דעמאָלט ?... — האָט דזשייקאָב געפרעגט.
— דעמאָלט ...
רעגינע האָט ליידנשאַפטלעך צוגעטוליעט דזשייקאָבן צו זיך.
— דעמאָלט ... וועל איך זיין דיינע, טייערער ... איך וועל מיט דיר אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע ...
— קיין אַמעריקע ?... דערווייל איז צרות אין מיין אַמעריקע ... — האָט דזשייקאָב ערקלערט.
— וואָס איז ? — האָט רעגינע זיך דערשראָקן.
— דער שטרייק איז נאָך אַלץ נישט געענדיקט... און איך קריג נישט קיין גראָשן ... איך האָב צו ערליידיקן עפּעס אַן ענין און איך האָב נישט צומאָל אויף אַן אַדוואָקאַט ...
רעגינע האָט זיך אויפגעשטעלט.
— אַך ! פאַרוואָס האָסטו מיר באַלד נישט געזאָגט ?... איך וואָלט דיר באַלד געגעבן אַ טשעק ...
— פאַרשטיי, טייערער — האָט דזשייקאָב געמאַכט אַ נע־בעכדיקע מינע — ס'איז מיר שווער אַלעמאָל צו קומען צו דיר באָרגן ...
רעגינע האָט אים אַ פּעטשל געגעבן איבערן פּליך ...
— אַך, נאַרישקייטן ... — האָט זי געזאָגט — וואָס ? איך בין עפּעס אַ פרעמדע, צו וואָס ?... איך וועל דאָך אפשר אינגיכן שטיין מיט דיר אונטער דער חופּה ...
— אפשר ... האָט דזשייקאָב אומצופרידן אַ בורטשע געטאָן.
רעגינע איז צוגעגאַנגען צו איר שרייבטיש און אויסגעשטעלט דזשייקאָבן אַ טשעק.
דזשייקאָב האָט דעם טשעק אַריינגעלייגט אין דער בוזעם־קעשענע און ווידער באַדעקט רעגינען מיט קושן און צערטלעכ־קייטן.
פּלוצלונג האָט רעגינע זיך אַ ריס געטאָן פון זיינע אַרעמס.
— הערסט ?... דזשייקאָב...— האָט רעגינע אַ שעפּטשע געטאָן און אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט צום האַרצן, וואָס האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס ...

— וואָס איז ?... — האָט דזשייקאָב זיך געוווּנדערט.
— איך הער עפּעס ... — האָט רעגינע געציטערט אינגאַנצן.
— וואָס פֿאַלט דיר איין ? עפּעס אַ קאַץ איז מסתמא דורכ־געשפּרונגען ...
— איך ווייס נישט ... אָבער איך ציטער אינגאַנצן ... — האָט רעגינע געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטים.
— איך וועל פֿאַרשליסן די טיר ... — האָט דזשייקאָב ער־קלערט.
ער האָט אָבער נישט באַוויזן אויפֿצושטיין פֿון זיין אָרט, ווי די טיר האָט זיך אַליין אויפֿגעפּראַלט ...



פֿונעם ווייסן קישן האָט אַרויסגעקוקט לעאָנס בלאַס-געל געזיכט ...
אַ וועלט מיט טרויער און פֿיינלעכקייט האָט אַראָפּגעקוקט פֿון דאָזיקן איידעלן פּנים ...
אינעם צימער איז געווען טונקל ...
בלויז דער קנאָפּער שיין פֿון אַ קליינעם נאַכט־לעמפּל איז געפֿאַלן אויפֿן קראַנקן ...
איינגעטוליעט אין אַ טיפֿן פֿאָטעל, איז נעבן בעט געזעסן און געוואַכט לעאָנס אַלטער טרייער דינער מאַריץ.
ער האָט אויף אַ מינוט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פֿונעם קראַנקנס געזיכט.
„ווי בלאַס און ווי איידל איז דאָס דאָזיקע געזיכט!... — האָט מאַריץ געטראַכט — „וויפֿל טרויער ליגט אין די ווינקלען פֿון זיין שיינעם מויל" ...
דער אַלטער מאַריץ האָט אויפֿגעלעבט אין זיין עראינערונג יענע אַלטע, גוטע צייטן, ווען אין פּאַלאַץ פֿון די קייזערשטיינס האָט תּמיד געהערשט פֿרייד און צופֿרידנקייט.
דעמאָלט האָט זיך אויף לעאָנס פּנים קיינמאָל קיין שאָטן פֿון טרויער נישט באַוויזן ... אַ שמייכל האָט שטענדיק אַראָפּ-געקוקט פֿון זיין שיין געזיכט ...
אָבער זינט לעאָנס פֿאָטער איז געשטאָרבן, לויערט אַ פֿינ־

סטערער וואַלקן איבערן דאָזיקן הויז ...

„זינט די רעגינע איז אַהערגעקומען" ... — האָט מאַריץ אַ טראַכט געטאָן. — „זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט דאָס אומגליק" ...

„פריער איז לעאָנס פאָטער געשטאָרבן ... דערנאָך איז לעאָן פאַרווונדעט געוואָרן ... די גוטע קראַנקנשוועסטער סאַבינע איז געשטאָרבן ... לעאָן איז אין טרויער אַריינגעפאַלן" ...

„איצט דאָס נייע אומגליק מיט לעאָנען" ...

און וואָס וועט זיין, אַז לעאָן וועט חלילה שטאַרבן ?" ...

אַ שוידער האָט דעם אַלטן דינער אַרומגעכאַפּט ביים דאָזיקן געדאַנק.

לאַנג איז מאַריץ געזעסן פאַרטיפט אין די דאָזיקע גע-דאַנקען, נאָר פּלוצלונג האָט ער דערפילט אַ שטאַרקע שלעפע-ריקייט.

ער האָט איינמאָל אויפגעווישט די אויגן און אַ צווייט מאָל אָבער דער שלאָף איז שטאַרקער געווען פון אים ...

באַלד האָט זיך צעטראָגן איבערן צימער זיין טיף און הויך שנאָרכן ...

דערווייל איז געשען עפּעס אומגעריכטעס...

לעאָן, וועלכער איז געלעגן אָן אומבאַוועגלעכער מיט פאַר-מאַכטע אויגן, האָט פּלוצלונג די אויגן געעפנט און זיך אַרומ-געקוקט מיט אַ פאַרווונדעטן בליק איבערן צימער...

אין דער טונקלקייט איז לעאָנען שווער געווען צו דערקענען, ווו ער געפינט זיך.

ער האָט דעריבער שאַרפער איינגעבויגן זיין בליק אינעם אַרום.

ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן צו דערקענען די ווענט, דאָס מעבל. ענדלעך האָט ער דערקענט ווו ער געפינט זיך.

ער האָט זיך דערנאָך איינגעקוקט אינעם דרימלענדיקן און אויך אים דערקענט.

דער קאָפּ האָט אים שטאַרק געווייטיקט. זיינע געדאַנקען האָבן נאָך געבלאָנדזשעט ווי אין נעפּל. אומקלאָר און צעשטרייט.

אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ רעכנונג פון דער לאַגע.

„איך געפֿין זיך אין מיין שלאָפֿצימער"... — האָט ער גע־טראַכט—„יאָ, אין שלאָפֿצימער... און ד' אָזיצט און דרימלט מאַריץ... דאָס הייסט, אַז איך בין קראַנק"...

„ווען בין איך קראַנק געוואָרן ?... איך געדענק דאָך גאָר נישט אַז איך זאָל האָבן קראַנק געוואָרן ?"...

ער האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט, געמישט די בלעטלעך פֿון זיין זכרון און ס'איז אים שווער געווען זיך צו דערמאָנען, פֿון ווען אָן ער איז קראַנק...

פּלוצלינג האָט עס אין זיין מוח אויפֿגעלויכטן ווי עס וואָלט דאָרט אַ בליץ געטאָן...

עס האָט זיך אים דערמאָנט אין דער סצענע אין רעגינעס צימער, ווען ער האָט געפֿונען באַהאַלטן אין דער שאַנק דזשייקאָב'ן.

„אַהאַ... איצט געדענק איך שוין"... האָט ער זיך דערמאָנט — „איך האָב זיך געראַנגלט מיט דעם אַמעריקאַנער און כ'בין אומ־געפֿאַלן... פֿון יענעם מאָמענט אָן, הייסט עס, ליג איך קראַנק"...

„אָבער צו איז נישט די גאַנצע מעשה מיטן אַמעריקאַנער בלויז אַ פּראָדוקט פֿון מיין קראַנקער פֿאַנטאַזיע ? אַ היץ-חלום ?"...

„ווער ווייסט ?"...

ער האָט אַ קוק-געטאָן אויפֿן שטוב־זייגער. ס'איז געווען צוויי נאָך האַלבער נאַכט.

„אָך ! ווען איך קאָן איצט רעדן מיט רעגינען און זיך איבער־צייגן, אַז די גאַנצע געשיכטע איז נאָר געווען אַ חלום !"... — האָט לעאָן געטראַכט.

„אפֿשר אויפֿוועקן מאַריץ'ן, אַז ער זאָל מיך אַריינפֿירן צו רעגינען ?... אַ רחמנות אָבער אויפֿ'ן אַלטן... ער איז זיצנדיקערהייט איינגעשלאָפֿן פֿון מידקייט"...

לעאָן האָט דערפֿילט אַ דורשנעקייט. אין צימער איז געווען הייס און עס האָט זיך געשפּירט דער שאַרפֿער ריח פֿון רעצעפּטן.

„מ'דאַרף מאַכן אַביסל לופֿטיקער אין שטוב !" — האָט לעאָן געטראַכט און ער האָט זיך אויפֿגעזעצט.

ער איז פּאַמעלעך אַראָפּגעקראָכן פֿון בעט. נישט איבערגע-וועקט דעם אַלטן מאַריץ און זיך גענומען גיין צום פֿענצטער.

לעאָן האָט זיך שטאַרק געוואַקלט אין גיין. אין קאָפּ האָט אים געמישט און ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס.

דאָך איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער און עס געעפנט.

די פרישע לופט וואָס האָט גענומען אַריינשטראָמען דורכן פענצטער האָט אים דערפרישט.

לעאָן האָט אַרויסגעקוקט אין הויף אַריין. דאָ האָט ער באַמערקט, אַז פון איין פענצטער לייכט זיך...

ער האָט זיך איינגעקוקט און דערקענט: ס'איז דאָס פענצטער פון רעגינעס שלאָפצימער...

„זי קאָן מסתמא נישט איינשלאָפן פון גרויס עגמת-נפש נעבעך"... — האָט לעאָן געטראַכט — „איך וועל אַריינגיין צו איר און לאָמיך זי דערפרייען"...

ער האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעטאָן.

אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די פּיזשאַמע און אָנגעשטעקט די נאַכט-פּאַנטאָפל. האָט ער שטיל זיך אַרויסגעגליטשט פון זיין צימער...

דער אַלטער מאַריץ האָט זיך ווייטער געשלאָפן און געשמאַק געשנאַרכט...

דער קאָרידאָר וואָס האָט געפירט צו רעגינעס צימער, איז נישט געווען באַלויכטן. לעאָן האָט דעריבער געמוזט גיין טריט ביי טריט, כדי נישט אַרויפצוגיין אויף דער וואַנט און זיך נישט צו צעקלאַפן.

ענדלעך צוגעקומען צו רעגינעס טיר, איז לעאָן געבליבן שטיין אַ פאַרוואונדעטער: פונ'ם צימער האָט זיך דערהערט אַ שמועס...

„אַזוי שפּעט"... — האָט לעאָן זיך געוווּנדערט — „ווער קאָן איצט דאָרטן זיין?"...

„מסתמא איז עס דער פעטער"... — האָט ער זיך אַליין פאַרענטפערט — „רעגינע האָט אַוודאי געשיקט נאָך אים, ווען איך בין קראַנק געוואָרן"...

לעאָן האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן.

„דאָס פיינע פעטערל איז מסתמא שוין געקומען נאָך דער ירושה"... — האָט ער געטראַכט.

אַ געפיל פון טיפן עקל האָט לעאָנען אַרומגענומען, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין געמיינעם פעטער. ער האָט שוין געקלערט זיך אומצוקערן אין זיין צימער, אַבי נישט אָנצוקוקן זיין טריפה פרצוף...

פלוצלינג האָט לעאָן אויפגעציטערט אינגאַנצן.

פון רעגינעס צימער האָבן אָפּגעהילכט — קושן... אַ ליידענ־שאַפטלעך סאָפּען...

לעאָן איז געבליבן שטיין ווי אַ דונער וואָלט אויף אים אראָפּ־געפאַלן...

„ווייזט אויס, אַז יענע סצענע מיט׳ן אַמעריקאַנער איז נישט געווען קיין חלום”... — האָט לעאָן געטראַכט. — „דער פאַלשער שלאַנג פאַרראַט מיך אויף שריט און טריט”...

„אפילו דאַן, ווען איך האָב זיך געראַנגלט מיט׳ן טויט, האָט זי מיך אויך פאַרראַטן”...

דאָס בלוט האָט אין אים אויפגעקאָכט...

ווידער האָבן זיך דערהערט קושן... אַ שטיל שעפּטשען...

— איך וועל פאַרשליסן די טיר... — האָט לעאָן דייטלעך דערהערט אַ מענטשלעכע שטים.

אין דעם מאָמענט האָט לעאָן געעפנט די טיר...

רעגינע אינ׳ם דורכזיכטיקן, טיף־דעקאָלטירטן נאַכט־קלייד, די רויטקייט אויף איר געזיכט, דזשייקאָב אויף דער קאַנאַפּע — דאָס אַלץ האָט קלאָר עדות געזאָגט וועגן רעגינע׳ס פאַרראַט...

די רויטקייט אויף רעגינעס געזיכט איז מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן. זי איז טויט־בלאַס געוואָרן... דזשייקאָבס אויגן זענען קיילעכיק געוואָרן פון שרעק...

דזשייקאָב האָט זיך געוואָלט אַ ריס טאָן פון זיין אָרט, אַבער די פיס זענען ווי אָפּגענומען געוואָרן...

— דו.... גאַסן־פרוי !... — האָט לעאָן געקריצט מיט די ציין.

לעאָן האָט אויפגעהויבן אַ געביילטע פויסט...

די אויפרעגונג האָט אָבער אַזוי שטאַרק געווירקט אויפ׳ן קראַנקן לעאָן, אַז ער איז אַ פאַרחלשטער אַוועקגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע...

אַ ווײַלע איז דאָס פאַררעטערישע פּאָרל געבליבן זיצן, ווי פאַרגליווערט פון שרעק...

אָבער אין אַ וויילע אַרום האָבן זיי אָנגעהויבן צו קומען צו זיך. זיי האָבן זיך דערנענטערט צום ליגנדיקן לעאָן און זיך גענומען איינקוקן אין אים.

— אַ שאָד וואָס ער האָט נישט ווידער זיך צעקלאַפּט דעם קאָפּ... — האָט דזשייקאָב געזאָגט — נאָר לאָמיר האָפן, אַז די קראַנקהייט וועט זיך איבערחזרן און... ס׳וועט גוט זיין...

— לאָמיר האָפן... — האָט רעגינע צוגעגעבן — ער זאָל נאָר ווידער נישט קומען צו זיך... דו, דזשייקאָב, אַנטלויף... קיינער טאָר דיך דאָ נישט זען... שנעלער, שנעלער!...

— און ווען וועלן מיר זיך ווידער זען?...

— מאָרגן וועל איך דיר שרייבן... אַנטלויף... שנעלער...

דזשייקאָב האָט אַרומגענומען רעגינען, זי צוגעדרוקט צו זיין ברוסט, זיך געזעגנט מיט איר און פאַרשוואונדן אין גאָרטן...

איצט האָט רעגינע זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ׳ן פאַרחלשטן לעאָן און גענומען ווילד שרייען און ליאַרמען...

ס׳איז זיך אָנגעלאָפן די דינערשאַפט, אָבער אַלע זענען גע־שטאַנען און געגלאָצט ווי נאַראָנים, נישט געוווסט וואָס צו טאָן...

— ווו איז מאָריץ? ווו איז מאָריץ? — האָט רעגינע געשריגן

— פאַרוואָס האָט ער דעם קראַנקן אַרויסגעלאָזט פון בעט?...

פון די געשרייען האָט מאָריץ זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און איז געקומען צו לויפן.

— אַ פיינער דינער... אַ געטרייער דינער... נישטאָ וואָס צו רעדן... — האָט רעגינע געפּרעסן דעם צעטומלטן מאָריץ ווי זשאַווער. — אין גוטע הענד האָב איך איבערגעלאָזט מיין קראַנקן מאַן...

דער אַלטער דינער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פון זיינע אויגן האָבן געטריפט צוויי שנירלעך טרערן...

— ריכטיק... ריכטיק... — האָט ער געכליפּעט — איך בין אַן׳אַלטער אייזל, בין איך... איינגעשלאָפן... ווי אַ **בהמה**...

— פריער שלאָפט עס, דערנאָך קלאָגט עס... — האָט רעגינע אַלץ געבורטשעט. — איבערגעטראָגן דעם קראַנקן אין זיין בעט אַריין! באַלד באַגינען טעלעפאָנירן נאָכ׳ן דאָקטאָר! — האָט רעגינע באַפוילן.

אַ פאַרצווייפלטער און אַ צעטומלטער האָט מאָריץ אויסגעפירט רעגינעס באַפעל.

רעגינע האָט איצט פרייער אָפּגעאָטעמט...

דאָס מזל האָט איר געשפּילט...

די צוקונפט האָט געשמייכלט צו איר מיט ראָזע בעקלעך...

זי האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין און איז איינגעשלאָפן מיט אַ רואיקן שלאָף...

ווען זי האָט אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויער טאָג.

זי האָט אַ דריק געטאָן אין עלעקטרישן קנעפּל און ס'איז אַריינגעקומען דאָס שטובמיידל.

— איז דער דאָקטאָר שוין געווען? — האָט רעגינע געפרעגט.

— ער איז נאָר וואָס געקומען — האָט דאָס מיידל געענטפערט.

רעגינע האָט אַ דערשראָקענע זיך אויפגעריסן פון איר געלעגער.

— און וואָס מאַכט דער קראַנקער? — האָט זי געפרעגט.

— היינט אין דער פרי איז דער פאַן ווידער געקומען צו זיך, מאָרגן האָט אים געמאַכט אַ קאַמפער־איינשפּריץ — האָט דאָס מיידל ערקלערט.

רעגינעס אויגן האָבן צאָרנדיק אויפגעגלאַנצט.

— אומדערהערט!... — האָט זי אויסגערופן — ווער האָט אים געהייסן?...

— איך ווייס ניש... — האָט דאָס מיידל געענטפערט און אירע אויגן זענען געווען פול מיט פאַרווונדערונג. — דער דאָקטאָר האָט אַזוי געהייסן.

— נו, גוט... אַבי ס'האָט נאָר גוט געווירקט... — האָט די ביטרע רעגינע פאַרגלעט — אָבער מ'דאַרף דערמיט זיין פאַרזיכטיק... לויף צום דאָקטאָר אין הייס אים וואַרטן. איך קום שוין אַהין.

— דער דאָקטאָר איז שוין דאָ ביים פאַן אין שטוב — האָט דאָס מיידל דערקלערט.

רעגינע האָט געפילט אַז דאָס האַרץ שטאַרבט אין איר אָפּ פון שרעק.

„לעאָן קאָן נאָך אַמאָל אַלץ דערציילן דעם דאָקטאָר"... — האָט זי געטראַכט.

ווען זי האָט זיך אָנגעטאָן און געלאָפן צו לעאָנס צימער, האט זי שוין געטראָפן דעם דאָקטאָר פון דאָרט אַרויסגיין.

— נו ? וואָס הערט זיך ? — האָט רעגינע אים אומרואיק גע־פרעגט און געקוקט אין זיינע אויגן, כדי אַרויסצולייענען פון זייַן בליק, צו האָט אים לעאָן עפּעס דערציילט, אָדער נישט...

— מיט אַ האַלבער שעה צוריק איז דער קראַנקער איינגע־שלאָפן און איך האָב אים נישט געוואָלט וועקן — האָט דער דאָקטאָר דערקלערט. — איך וועל אים שפּעטער אונטערזוכן.

רעגינע האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט...

דערווייל וועט איר עסן ביי אונדז פרישטיק, הער דאָקטאָר ! — האָט רעגינע אים איינגעלאַדן מיט פּאַרפירעריש שמייכעלע.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען רעגינע און דער דאָקטאָר געזעסן ביים געגרייטן טיש.

— וואָס איז אייגנטלעך געשען ביינאַכט ? — האָט דער דאָק־טאָר געפרעגט — מאָריץ האָט מיר עפּעס דערציילט, אָבער איך קאָן פון זיינע רייד נישט פאַרשטיין וואָס עס איז געשען.

— נעכטן ביינאַכט איז לעאָן אַראָפּגעגאַנגען פון זיין געלעגער און אַריינגעקומען צו מיר... — האָט רעגינע אָנגעהויבן צו דער־ציילן.

— און איז באַלד געפאַלן אין חלשות ?

— ניין.

— אַזוי האָט מיר מאָריץ דערציילט.

— איך האָב פריער אַ ווײַלע גערעדט מיט אים...

— נו ? האָט דער דאָקטאָר געפרעגט מיט נייגעריקייט.

— לעאָנס גאַנצע פאַרהאַלטן זיך איז מיר אויסגעקומען פאַר־דעכטיק...

— פאַרדעכטיק ? פאַרוואָס ?

— עס דאַכט זיך מיר, אַז ער איז געריַרט פון זינען...

— פאַרוואָס טראַכט איר אַזוי ?

— ס'איז מיר אַ חרפּה צו דערציילן...

— איך בין אַ דאָקטאָר... פאַר מיר דאַרפט איר זיך נישט שעמען. און עס גייט וועגן דעם געזונט און לעבן פון אייער גע־ליבטן מאַן...

— יאָ... — האָט רעגינע כלומרשט אַ כליפּע געטאָן און אויס־געווישט די טרוקענע אויגן... — איר געדענקט דאָך, הער דאָקטאָר,

דעם דועל וואָס לעאָן האָט געהאַט מיט אַ געוויסן אַמעריקאַנער מייקעלסאָן...

— יאָ איך געדענק.

— און אָט איז לעאָן, ווייזט אויס, נעכטן אַריינגעקומען אין מיין צימער, כדי מיך צו פּאַקן מיט׳ן דאָזיקן אַמעריקאַנער...

— וואָס הייסט ?

— זעט אויס, אַז אין מיין מאַנ׳ס קראַנקער פאַנטאַזיע איז דער דאָזיקער אַמעריקאַנער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיינעם אַ געליבטן...

— דערציילט... דערציילט... — האָט דער דאָקטאָר געזאַגט און זיך אָפּגעזיפצט.

— ער האָט זיך אַריבערגעגנבעט אין מיין צימער ווי אַ גנב... איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעצינדן דעם לאָמפּ... ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן... איך בין שיער געשטאָרבן פאַר שרעק...

— נו, נו ?

— „דו וואַרסט נאָר אויף מיין טויט״, האָט ער געזאָגט. דער־ביי האָט ער זיך שרעקלעך צעלאַכט, אַז דאָס בלוט האָט מיר גע־גליווערט אין די אָדערן פאַר שרעק.

— שרעקלעך... — האָט דער דאָקטאָר אַ בורטשע געטאָן.

— דערנאָך האָט ער גענומען שרייען, אַז איך זאָל אים זאָגן, וווּ איך האָב אויסבאַהאַלטן מיין געליבטן... ס׳האָט נישט געהאָלפן קיין וויינען און קיין בעטן...

— אַך !

— ער האָט געזוכט אין דער שאַנק... „כ׳האָב אים שוין איינ־מאָל דאָ געפונען !״... האָט ער געשריגן... „איך וואָלט אים געוועזן דערשאָסן ווי אַ הונד, ווען ער שטעלט מיר נישט אונטער אַ פוס און איך פאַל נישט אום״...

— אַך ! אַך !

— ווען איך האָב אָנגעהויבן אים באַרואיקן, האָט ער זיך געוואָלט וואַרפן אויף מיר... אָבער אין דעם מאָמענט איז ער שוין געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט פון אויפרעגונג, אַז ער איז אומגעפאַלן אַ פאַרחלשטער...

— דער דאָזיקער צושטאַנד איז נישט קיין רעזולטאַט פֿון׳ם אומפֿאַלן — האָט דער דאָקטאָר פֿעסטגעשטעלט — די קראַנקהייט דרימלט שוין מסתּמא אין אים פֿון לאַנג...
רעגינע האָט ווידער גענומען ווישן די טרוקענע אויגן...
— איר דערמאָנט אייך מסתּמא אָן זיינע פֿאַנטאַזיעס וועגן זיין ערשטער כּלה... — האָט דער דאָקטאָר צוגעגעבן — אַז די קראַנקן־שוועסטער סאַבינע איז אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים...
— גאָט מיינער!... איך וועל נישט איבערהאַלטן!... — האָט רעגינע כּלומרשט געכליפּעט. — וואָס טוט מען?... וואָס טוט מען?... גיט אַן־עצה, הער דאָקטאָר!...
— די איינציקע עצה איז אים אַריינצוגעבן אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט, וווּ ער וועט זיך געפֿינען אונטער אַ געהעריקער אויפֿזיכט...
— וועט מען אים נאָר דאָרט קאָנען אויסהיילן? — האָט רעגינע געפֿרעגט.
— ליידער... איך גלויב נישט אין דעם... — האָט דער דאָקטאָר טרויעריק געזאָגט.
— גאָט מיינער!... גאָט מיינער!... — האָט רעגינע געכליפּעט, ווישנדיק די טרוקענע אויגן. — איך וועל מיין מאַן נישט אַריינ־געבן אין קיין שום אַנשטאַלט... זאָל ער כאָטש זיין אין דער היים...
— איר וועט אים דערמיט ערגער מאַכן. ער זעט אין אייך אַ פֿאַררעטערין און ווען ער וועט אייך דערזען, וועט ער זיך אויפֿ־רעגן און נאָך מער צערייצן די נערוון...
— אָבער ווי אַזוי וועל איך קאָנען לעבן אָן אים?...
— נו, באַרואיקט אייך — האָט דער דאָקטאָר געטרייסט די כּלומרשט פֿאַרצווייפֿלטע רעגינען. — לאָמיר אים נאָך אונטער־זוכן, וועלן מיר זען וואָס מיר האָבן צו טאָן.
— ריכטיק, הער דאָקטאָר... גייט אַריין און אונטערזוכט אים...
לעאָן האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. ער האָט זיך איצט בעסער געפֿילט.
ווען דער דאָקטאָר איז אַריינגעקומען, האָט לעאָן אים וואַרעם באַגריסט.
— אַ גוט מאָרגן, הער דאָקטאָר! איר האָט ווידער אַן׳אַרבעט

מיט מיר, האַ?...

— אַבי נאָר מיט ערפאָלג... איך האָף, אַז די געפאַר איז אַריבער און אין קורצן וועט איר זיין אינגאַנצן געזונט.

— וועד וויסט... — האָט לעאָן אַ זיפץ געטאָן — אַז איך בין אַרומגערינגלט מיט שונאים, וואָס לויערן אויף מיין לעבן...

לעאָנס אויגן האָבן נערוועז אויפגעגלאַנצט...

— דאָס דאַכט זיך אייך נאָר... — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — איר מישט מסתמא אויס די היץ־חלומות מיט דער וואָר... אַלע קוקן בלויז אויס, אַז איר זאָלט געזונט ווערן...

דער דאָקטאָר האָט גענומען לעאָנס האַנט און זיך איינגעהערט אינ'ם פולס.

— איך בין נאָר וואָס געווען ביי אייער פרוי... — האָט דער דאָקטאָר צוגעגעבן. — זי איז גליקלעך, וואָס אייך איז בעסער...

— מיין פרוי?... — לעאָן האָט פאַרביסן אַ ליפּ — דערמאָנט מיך נישט אָן איר... איר ווייסט, פאַרוואָס זי קומט דאָ נישט אַריין? ווייל זי וואָגט נישט זיך צו ווייזן מיר פאַר די אויגן...

— פאַרוואָס?

— ווייל זי איז שולדיק אין אַלע מיינע אומגליקן... איך בין איצט זיכער, אַז זי איז שולדיק אין סאַבינעס טויט... אָדער בעסער געזאָגט: אין דעם, וואָס מ'האָט זי באַגראָבן לעבעדיקערהייט...

„ער איז נעבעך פּוט צעדרייט"... — האָט דער דאָקטאָר געטראַכט. לעאָן האָט ווייטער דערציילט:

— ווען סאַבינע איז דורך אַ נס צוריק לעבעדיק געוואָרן, האָט זי זיך דאָ באַוויזן... רעגינע מיט איר „פיינעם" טאַטן האָבן זי דאַן פאַרמאַכט אין אַ פינסטערער שטוב, אַז זי אין שיער געשטאָרבן פון הונגער...

דער דאָקטאָר האָט טרויעריק געשאָקלט מיט'ן קאָפּ...

— איר זענט שטאַרק אויפגערעגט — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — איר וועט מיר מאָרגן דערציילן די רעשט...

— ניין, הער דאָקטאָר! ס'גייט וועגן מיין לעבן... מען מוז די דאָזיקע רעגינע אומשעדלעך מאַכן... זי וועט מיך אומברענגען... איר ווייסט ווי אַזוי איך בין קראַנק געוואָרן?...

— איך ווייס — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — איר האָט

זיך פּאַרטשעפּעט אָן דיוואַן און אומגעפאַלן...

— אַ דיוואַן?.... אַ פּיינער דיוואַן... איר קאָכאַניק האָט מיר אונטערגעשטעלט אַ פוס... ער איז אויך די נאַכט געווען ביי איר... איך האָב אים אַליין געזען, אָבער איך בין געפאַלן אין חלשות...

„ר'איז אַ פאַרלוירענער — האָט דער דאָקטאָר געטראַכט.

— אייערע רייד האָבן מיר טיף גערירט... — האָט ער געזאָגט — מ'דאַרף אייך טאָקע אַרויסנעמען פון דאַנען און איבערפירן ערגעץ אין אַ סאַנאַטאָריום... דאָרט וועט איר קומען צו זיך...

## קאַפּיטל זיבן און ניינציק

# שוין איין מאָל אַ פאָרפאַלק . . .

די חתונה פון הערמאַנען מיט פלאָרען איז פאָרגעקומען מיט'ן גאַנצן פּאַראַד אין אַ ניו־יאָרקער רעפאָרם־שול.

פלאָרעס געליבטער, סעמיועל ראָט, האָט נישט געזשאַלעוועט קיין געלט, אַז די חתונה זאָל פאָרקומען מיט דער גרעסטער פּאַמפּע...

פלאָרע האָט אויסגעזען פּרעכטיק אין איר חופּה־קלייד.

אויך הערמאַן האָט נישט ווינציקער שיין אויסגעזען אינ'ם נייעם פראַק און צילינדער.

פאַר הערמאַנען האָבן זיך אָנגעהויבן די אמת'ע האָניג־וואָכן...

הערמאַן האָט אַזוי געפלאַמט פון ליידנשאַפט צו פלאָרען, אַז אויך זי איז אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער דאָזיקער ליידנשאַפט...

ס'איז אָבער געווען ווי אַ פלאַם פון שטרוי, וואָס לעשט זיך אויס פּונקט אַזוי שנעל, ווי ער האָט אויפגעפלאַקערט...

שוין אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט הערמאַן ליבערשט פאַרברענגט די אָוונטן ערגעץ אין אַ נאַכט־לאָקאַל, איידער מיט פלאָרען אין דער רייכער דירה, וועלכע סעמיועל האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט...

אויך פלאָרע האָט זיך געלאַנגווייליקט אין הערמאַנס געזעלשאַפט.

יעדע עטלעכע טעג האָט הערמאַן געוווסט. אַז ער דאַרף נישט

און אָט אין אַ נאַכט האָט סעמיועל פאַרלאָזט זיין געליבטע.

עטלעכע חדשים האָט געדויערט דער דאָזיקער אַרט לעבן...

און אָט אָט אין איינער אַ נאַכט סעמיועל פאַרלאָזט זיין געליבטע.

ס'איז שוין געווען האַלב פיר אַזייגער פאַרטאָג...

פלאָרע איז אין איר דורכזיכטיקן נאַכט־קלייד געלעגן איז איר בעט און געבלעטערט אַנ'אָוונט־צייטונג.

זי האָט שוין געוואָלט אָוועקלייגן די צייטונג און זיך לייגן, ווי זי האָט פלוצלונג דערהערט אַ טומל. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך געגומען איינהערן.

„אין סאַלאָן האָט זיך, ווייזט אויס, איבערגעדרייט אַ טישל אָדער אַ שטול"... — האָט פלאָרע געטראַכט, ווייל זי האָט דערהערט אַ הילך פון אַ פאַלענדיקער זאַך אויף דער פּאָדלאָגע.

„הערמאַן איז אַוודאי געקומען און ער מאַכט אַן אַזאַ טומל, אָבער וואָס איז ער היינט געקומען אַזוי פרי?... נאָך גוט, וואָס ער האָט נישט געטראָפן סעמיועלן אין שלאָפצימער...

עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

— אַריין! — האָט פלאָרע אויסגערופן.

ס'איז נישט שווער געווען צו דערקענען, אַז ער האָט היינט געמאַכט אַ פּעסטע כוסה... דער קאַפּעלוש איז אים געשטאַנען אויפ'ן שפּיץ קאָפּ און ער האָט זיך שטאַרק געוואַקלט אויף די פיס...

פלאָרע האָט איצט געפילט אַן עקל צו אים...

— וואָס טוסטו איצט דאָ?... — האָט זי אים געפרעגט.

— כאַ־כאַ־כאַ!... — האָט הערמאַן זיך אידיאָטיש צעלאַכט — איך בין געקומען אַביסל צופרי... האַ, פלאָרע?... שאַדט נישט... כ'האָב זיך געוואָלט צעקושן מיט מיין „שותף"...

— הערמאַן!...

— אַ גאַנץ סימפּאַטישער פּאַרשוין... כע־כע... פאַרוואָס נישט אויסטרינקען מיט אים „לחיים", הע, פלאָרע?... כאַ־כאַ...

— גיי, שיכור, גיי, שלאָף זיך אויס! — האָט פלאָרע געזאָגט מיט עקל.

אָבער הערמאַן האָט גאָרנישט געהאַלטן דערביי...

ער איז מיט שיכורע טריט צוגעגאַנגען צו פלאָרעס בעט און אַ זאָג געטאָן:

— ביסט דאָך מיין ווייב... וואָס בין איך ערגער פון דעם אַלטן בערן־טרייבער דיינעם?... הע?... כאַ־כאַ... ביסט אַ ווייבל אַ גאָלד!... וואָס פאַראַ אויגן!... וואָס פאַראַ לייב!... כאַ־כאַ...

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער
נומער 79

— גיי שלאָפן, זאָג איך דיר!... — האָט פלאָרע צאָרנדיק אויסגערופן.
אָבער הערמאַן האָט זיך ווידער צעלאַכט:
— כאָ־כאָ־כאָ!... כע־כע-כע־כע!... איך וואָלט געדאַרפט זיין אַן אייזל זיך נישט אַ שפּיל צו טאָן...
ער האָט אַרויפגעלייגט זיין נאַסע, פאַרשוויצטע האַנט אויף פלאָרעס נאַקעטן אַקסל.
פלאָרע האָט אַ ציטער געטאָן פון עקל...
— גיי צום טייוול! — האָט זי אויסגערופן — אַז דו ביסט שיכור, זאָלסטו זיך נישט דערוועגן מיך אָנצורירן!...
אין הערמאַנס אויגן האָבן אויפגעפלאַקערט צאָרן-פייערלעך...
— וואָס?... וואָס האָסטו געזאָגט?... — האָט ער אַרויסגעצישעט
— דו... ווילסט נישט?...
ער האָט זיך געוואָרפן אויף איר מיט געביילטע פויסטן...
פלאָרע איז שנעל אַרויסגעשפּרונגען פון איר בעט און אָנגעקלונגען נאָך איר שטובמיידל...
ווען הערמאַן האָט זיך נאָך אַמאָל געוואָלט וואַרפן אויף איר, האָט זי מיט אַ פעסטן שטויס אין דער ברוסט אים אומגעוואָרפן אויף דער ערד...
ווען דאָס שטובמיידל איז אַריין אין צימער, האָט זי גקעוקט מיט שרעק, ווי דער „הער" ליגט אויף דער ערד און די "מאַדאַם" שטייט אַ האַלב-נאַקעטע נעבן אים...
— אַרויסנעמען דעם דאַזיקן שיכור פון דאַנען! — האָט פלאָרע באַפוילן.
דאָס שטובמיידל האָט דאַן אויפגעהויבן הערמאַנען פון דער ערד, אים אַריינגעפירט אין שכנות׳דיקן צימער און אים אַוועקגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע...
הערמאַן האָט זיך געלאָזט פירן, ווי אַ געדאַנקענלאָזע בהמה...
פון דאַמאָלט אָן זענען די באַציונגען צווישן דעם פאָרפאָלק געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ אָנגעשטרענגטער.
— אפשר וואָלטן מיר זיך גע׳גט? — האָט איינמאָל פלאָרע געפרעגט הערמאַנען — דו זעסט דאָך, אַז אונדזער צוזאַמענלעבן איז נישט איבעריק גליקלעך... סעמיועל וועט דיר געבן אַביסל געלד...
הערמאַן וואָלט זיכער באַשטאַנען. פלאָרע איז אים שוין סיי-ווי

דערעסן געווען... ער האָט אָבער געוואָלט אויספּרעסן ביי עסמיועלן אַ גרויסע סומע...

— אויב דיין אַלטער וועט מיר גוט באַצאָלן, וועל איך זיך גט'ן...

— האָט הערמאַן געזאָגט.

— וואָס הייסט גוט? — האָט פלאָרע געפרעגט.

— דרייסיק טויזנט דאָלאַר...

— ביסט משוגע געוואָרן ?...

— האָב איך צייט צו וואַרטן...

הערמאַן האָט וואָס אַמאָל פלאָרען אַלץ ערגער באַהאַנדלט...

ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט אויספּרעסן ביי סעמיועלן אַ וואָס גרעסערע סומע געלט.

הערמאַן איז געזונקען וואָס אַמאָל טיפער אין זומפּ...

ווו ער האָט נאָר געקאָנט, פלעגט ער אָנבאָרגן געלט און פאַרהולטייען עס אין די נאַכט־לאָקאַלן, אָדער פאַרשפּילן אין קאָרטן...

אַ חוץ דער שיינער פּענסיע, וואָס ער פלעגט קריגן פון סע־מיועלן, פלעגט סעמיועל נאָך מוזן יעדן חודש אָפּצלאָן זיינע חובות...

סעמיועל איז שוין מיד געוואָרן צו צאָלן...

— זאָג אים, דיין מאַן — האָט ער איינמאָל געזאָגט צו פלאָרען — אַז איך וועל מער זיינע חובות נישט באַצאָלן... ער קריגט זיין פּענסיע, זאָל ער לעבן מיט רעכנונג... מער וועט ער קיין סענט נישט באַקומען...

גראָד האָט דעם טאָג הערמאַנען דאָס מזל געשפּילט... ער האָט פאַרשפּילט ביז איין סענט... ער איז בייז געווען ווי אַ טייוול...

הערנדיק פון פלאָרען דאָס, וואָס סעמיועל האָט אים געהייסן זאָגן, האָט ער זיך געטראַכט:

„ער וועט זיך שוין ביי מיר אַ שוואַרץ יאָר אויסריכטן, דער אַלטער תרח...”

דעם זעלבן טאָג האָט הערמאַן נישט געדאַרפט אַהיימקומען נעכטיקן, ווייל עס איז געווען סעמיועלס נאַכט...

די שיינע טענצערין פלאָרע איז געלעגן פויל אויסגעצויגן אויף איר קאַנאַפּע, איינגעהילט אין אַ דורכזיכטיק קלייד... אין אירע ראָזע פינגער האָט זי געהאַלטן אַ שמעקעדיקן פּאַפּיראָס...

ביי איר איז געזעסן סעמיועל און זי באַטראַכט מיט אַנטציקונג...
סעמיועל האָט פלאָרען אויפריכטיק ליב געהאַט.
ס'איז נישט געווען יענע ליידנשאַפט פון אַ יונג, היציק בחורל און אויך נישט דאָס הייסע געפיל פון אַ יונגן, רייפן מאַן.
סעמיועל איז שוין געווען אַ מאַן אין די יאָרן. אין זיין געפיל איז געווען עפעס פאַטערלעכעס, געמישט מיט'ן געפיל פון אַ מאַן צו זיין ווייב...
פלאָרע האָט אים אויך גינסטיק געהאַט. ער איז פאַר איר געווען נישט בלויז אַ געליבטער, נאָר אויך אַן אויפריכטיקער פריינט און באַשיצער...
ער האָט נישט געשטערט איר פרייהייט, נישט אייפערזיכטיק געווען און געזאָרגט פאַר איר, ווי פאַר אַן אייגן קינד.
זיצנדיק אַזוי אינטים ביי אַ גלעזל קאַווע, האָט פלאָרע זיך פאַר אים אַראָפּגערעדט פון האַרץ...
זי האָט אים דערציילט וועגן די צרות, וואָס זי האָט אויסצושטיין פון הערמאַנען.
— אפשר וואָלט ער דיך באַפרייט ווען ער קריגט עטלעכע טויזנט דאָלאַר? — האָט סעמיועל געפרעגט.
— איך האָב שוין גערעדט מיט אים וועגן דעם — האָט פלאָרע דערקלערט — אָבער ער האָט געבאָטן אַזאַ סומע, אַ זאַיך האָב דיר גאָרנישט געוואָלט דערציילן.
— וויפיל האָט ער געפאָדערט?
— דרייסיק טויזנט דאָלאַר...
— משוגע...
זיי זענען איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדערן, מער אַנגענעמען שמועס.
אויף פלאָרעס ליפּן האָט זיך ווידער באַוויזן דאָס רייצנדיקע שמייכעלע, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזויפיל חן...
סעמיועל הקאַט זיך נענטער צו איר צוגערוקט און אַרומגענומען מיט זיין אָרעם איר טאַליע.
ער האָט צוגעבויגן איר קאָפּ צו זיין געזיכט און געגעבן אַ הייסן קוש אויף אירע ליפּן.
אָבער אין דעם מאָמענט זענען ביידע אָפּגעשפּרונגען — אין דער טיר האָט זיך באַוויזן הערמאַן.

זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז הערמאַן האָט זיך שוין לאַנג אונטער־געהערט צו זייער געשפּרעך הינטער דער טיר און ער האָט זיך באַוויזן אין דער אַנטשפּרעכנדיקער מינוט.

אינעם גלאַנץ פון הערמאַנס אויגן איז געווען קענטיק, אַז ער איז שיכור...

אין דער ערשטער מינוט איז פלאָרע געבליבן ווי געליימט. אָבער באַלד איז זי געקומען צו זיך.

— וואָס איז דאָס — האָט זי געפרעגט ביט צאָרן — האָסט דאָך געוווסט, אַז ביי מיר איז דאָ אַ גאַסט?

הערמאַן האָט נישט אַראָפּגענומען צומאָל דעם הוט און זיך צוגערוקט צו פלאָרען.

— אַזוי? איך האָב שוין פון לאַנג חושד געווען, אַז דו האָסט אַ געליבטן... דו... גאַסנפרוי איינע! צוויי חדשים נאָך דער חתונה פאַרראַטסטו מיך שוין?

פלאָרע האָט נישט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסברענגען פון איר מויל פאַר איבערראַשונג...

אָבער הערמאַן האָט ווייטער געשפּילט זיין קאָמעדיע...

אַ וונדער זענט איר?... —האָט ער אַ פרעג געטאָן סע־מיועלן — וואָס טוט איר ביי מיין פרוי אַזוי שפּעט ביינאַכט?

אָבער סעמיועל איז געבליבן רואיק און קאַלט ווי אייז...

— ווער איך בין?.. המ... איך האָב די ערע. סעמיועל ראַט... איך בעט אייך, מיסטער גרניפעלד, פּראַוועט נישט קיין פּוילע שטיק.... מיר קאָנען דורכקומען, ווי אַנשטענדיקע לייט, און זייט נישט גראָביונגיש...

אָבער הערמאַן האָט נישט אויפגעהערט צו שפּילן זיין קאָ-מעדיע.

— סעמיועל ראַט? איך קען נישט אַזעלכן... איך פאָדער פון אייך אַ סאַטיספאַקציע פאַר ערן-באַליידיקונג... — האָט הערמאַן דערקלערט.

— גוט... גוט... אַל-רייט. האָט סעמיועל געענטפערט — איר ווילט שפּילן קאָמעדיע? ביטע... איר קענט אַלזאָ אַנקלאָגן אייער פרוי אין געריכט און אַרויסקריגן אַ גט...

— און איר מיינט, אַז איך וועל נישט געווינען דעם פּראָצעס?...

— איר וועט געוויס געווינען... אייער פרוי וועט אייך מוזן

אָפּגעבן אַ העלפט פון איר פאַרמעגן און איר וועט שוין זיין פאַר־זיכערט אויפן גאַנצן לעבן מיט פרנסה... — האָט סעמיועל גע־חוזקט.

הערמאַן איז בלאַס געוואָרן.

— אַ שאָד נאַר, וואָס אייער פרוי פאַרמאָגט נישט קיין איין סענט... — האָט סעמיועל רואיק צוגעגעבן — און מיט מיר האָט איר דאָך נישט חתונה געהאַט, מיסטער גרינפעלד...

פלאָרע וועלכע האָט געשוויגן די גאַנצע צייט, איז צוגעגאַנגען צו הערמאַנען.

— צו וואָס מאַכסטו זיך לעכערלעך, הערמאַן ?.... — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— זאָג וואָס ווילסטו... אויב דו וועסט ווייטער פראָווען פוילע שטיק, וועל איך דיר הייסן אַרויסוואַרפן.

הערמאַן איז רויט געוואָרן ווי פייער, פון צאָרן.

— וואָס?... וואָס?... — האָט ער געשריגן — אַרויסוואַרפן ?... פון מיין הויז?...

פלאָרע האָט אים נישט געענטפערט און סעמיועל האָט פון אים נישט אַראָפּגענומען זיין אייז־קאַלטן בליק...

ענדלעך האָט הערמאַן זיך געבראָכן...

— לאָמיר שפּילן איך אָפענע קאָרטן... — האָט ער אַ זאָג געטאָן — מיסטער ראָט, ס'איז פאַראַן אַ געזעץ, אַז פאַר פאַרפירן אַ פרעמד ווייב מוז מען צאָלן אַנטשעדיקונג...

סעמיועל האָט פאַררויכערט אַ פרישן ציגאַר...

— אהאַ... — האָט ער אַ שמייכל געטאָן — האָט איר דאָך באַלד געקאָנט זאָגן... צו וואָס איבעריקע רייד?... וויפיל ווילט איר?...

— דרייסיק טויזנט דאָלאַר...

— איר שאַצט צו הויך אייער ערע, מיסטער גרינפעלד...

— וויפיל דען מיינט איר?... — האָט הערמאַן געפרעגט.

— פינף טויזנט וועט איר קריגן...

הערמאַן האָט דאַן אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַן אויסגעש־טעלטן טשעק אויף דרייסיק טויזנט דאָלאַר און אַוועקגעלייגט אים אויפן טיש פאַר סעמיועלן, פון דער צווייטער קעשענע האָט ער אַרויסגעצויגן אַ בלאַנקענדיקן רעוואָלווער...

— ווי איר ווילט זיך... — האָט הערמאַן אַ זאָג געטאָן מיט אַ כלומרשטער רואיקייט — אָדער איר שרייבט אונטער, אָדער... איר וועט באַצאָלן מיט אייער לעבן פאַר מיין באַליידיקטער ערע...

סעמועל איז בלאַס געוואָרן... ער האָט זיך אונדערסטוועגן נישט פאַרלוירן.

— אַהאַ... — האָט ער געזאָגט — מ׳האָט זיך עס געקאָנט אויך אייך ריכטן... עס ווילט זיך אייך אַביסל אין תפיסה אַריין, אָדער אויף דער עלעקטרישער שטול?...

הערמאַן האָט געמאַכט אַ טריט פאָראויס, נישט אַראָפּלאָזנדיק דעם פינגער פונעם רעוואָלווער־צינגל...

— נישט אייער זאַך... — האָט ער אַ בורטשע געטאָן — איר שרייבט אונטער, צי נישט?...

פון גרויס אויפרעגונג האָט הערמאַן גאָרנישט באַמערקט, ווי סעמועל גיט אַ ווונק צו פלאָרען.

פלאָרע, וועלכע איז געזעסן אין אַ זייט, האָט זיך שטיל אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו הערמאַנען און מיט איין קלאַפּ אים אַרויסגעשלאָגן דעם רעוואָלווער פון דער האַנט...

ס׳האָט זיך דערהערט אַ שאָס און פון סופיט איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטיק טינק...

איידער הערמאַן האָט זיך אָריענטירט, וואָס עס קומט מיט אים פאָר, האָט זיך סעמועל אַ וואָרף געטאָן אויף אים.

מיט איין האַנט האָט ער אים אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק, מיט דער צווייטער האָט ער אים אַזאַ קלאַפּ געטאָן אין די ציין, אַז הערמאַן איז אומגעפאַלן, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים...

איצטער האָט אים ערשט סעמועל גוט אויסגעבייקערט...

פלאָרע האָט קוים אָנגעבעטן סעמועלן, אַז ער זאָל הערמאַנען לאָזן צורו.

— דאָס איז בלויז אַ קאָנטע... — האָט סעמועל געזאָגט — די רעשט וועל איך אייך צוגעבן אַ צווייטן מאָל... און איצט אַרויס! אויסוווּרף!... מער זאָלסטו זיך נישט וואַגן דאָ די שוועל איבערצוטרעטן!...

אַ צעהרגעטער, אַ פאַרבלוטיקטער, האָט הערמאַן זיך אויפגעהויבן פון דער ערד און זיך צוגעשלעפּט צו דער טיר. ער איז

אַרויס...
סעמועל האָט דאַן אָנגעזאָגט דער דינערשאַפט, נישט אַריינצו־לאָזן מער הערמאַנען אין דער ווינונג.
— מיר וועלן אים נישט אַריינלאָזן... אָלרייט!... — האָבן זיי פאַרזיכערט.
הערמאַן איז איצט געווען כמעט לײדיק און בלויז...
די עטלעכע דאָלאַר, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך האָבן אים געסטייעט קוים אויף עטלעכע טעג...
ער האָט דאַן פאַרקויפט זיין טייערן בריליאַנטענעם רינג און די בריליאַנטענע ספינקעס, וועלכע דזשעני האָט אים געשיינקט...
אָבער ס'איז דורך אַ וואָך — און הערמאַן איז ווידער געווען לײדיק...
הערמאַן איז אַזוי נידעריק געפאַלן, אַז ער האָט געגעכטיקט אין אַכסניה פון שלעפּערס און דאָס אומפּלייט איז אויף אים אַרומ־געקראָכן...
נישט זעענדיק פאַר זיך קיין שום אויסוועג, האָט ער עגדלעך באַשלאָסן אַריבערצוגיין צו סעמועלן אַליין...
אין איינעם אַ העלן טאָג האָט הערמאַן זיך באַוויזן אין סע־מועלס קאַבינעט....
אין דער ערשטער מינוט האָט סעמועל געטראַכט אַריינצו־רופן דעם לאָקאַי און הייסן דעם „גאַסט" אַרויסוואַרפן...
ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז הערמאַן וועט דאַן מאַכן אַ סקאַנדאַל און ער איז נאָר דערויף געקומען...
סעמועל האָט דעריבער אים רואיק געפרעגט:
— וואָס ווינטשט איר זיך?...
— איר ווייסט דאָך... — האָט הערמאַן געענטפערט.
— איך האָב אייך שוין איינמאָל דערקלערט, אַז איך וויל אייך מער נישט קענען... איר קאָנט טאָן וואָס איר ווילט...
סעמועל האָט דערביי געהאַלטן זיין רעכטע האַנט אויפן אָנ־געלאָדענעם רעוואָלווער אין זיין טאַש און קיין אויג נישט אַראָפּ־גענומען פון הערמאַנען...
— און וואָס וועט איר זאָגן, אויב איך וועל מאַכן אַן עפנט־לעכן סקאַנדאַל אין דער פּרעסע, אַז איר האָט צושטערט מיין גליק

און פֿאַרפּירט מײַן פֿרוי?... — האָט הערמאַן צי'ניש געפֿרעגט.
סעמועל האָט זיך פֿאַרטראַכט אַ ווײַל און נישט געענטפֿערט.
— וואָס וועט אײַער ווײַב זאָגן דערצו?... — האָט הערמאַן צוגעגעבן.
— זאָגט, אַלזאָ, וואָס ווילט איר? — האָט סעמועל אומגעדולדיק געפֿרעגט.
— דרײַסיק טויזנט דאָלאַר...
— אפֿשר צען טויזנט?...
— ניין... קיין ניין און צוואַנציק אויך נישט...
— הערט אויס: — האָט סעמועל געזאָגט — קומט אַרײַן נאָך אַמאָל מאָרגן אין דער צײַט, וועל איך אײַך געבן אַ תּשובֿה.
— גוט, אָבער דערווײַל גיט מיר אַ קאַנטע...
סעמועל האָט הערמאַנען אויסגעשריבן אַ טשעק אויף פֿינף טויזנט דאָלאַר.
— אויב איך וועל זיך אַנטשליסן אײַך צו געבן די דרײַסיק טויזנט דאָלאַר, וועט איר מאָרגן צוקריגן די רעשט. — האָט ער געזאָגט — איר גרייט צו אַ שריפֿטלעכע דערקלערונג אַז איר וועט געבן פֿלאָרען אַ גט.
— גוט — האָט הערמאַן אײַנגעשטימט — נאָר רעדט אײַך נישט אײַן, אַז עס וועט אײַך קאָסטן ביליקער...
הערמאַן האָט אַרײַנגעלייגט דעם טשעק אויף פֿינף טויזנט דאָלאַר אין קעשענע אַרײַן, זיך פֿאַרנויגט און אַרויס.
אויף סעמועלס ליפּן האָט זיך געשפּילט אַ רעטזעלהאַפֿט שמייכעלע...
ער האָט אַראָפּגענומען דאָס טעלעפֿאָן־טרייבל און זיך פֿאַרבונדן מיט דער קרימינעל־פּאָליצײַ...

קאַפּיטל איין און נײַנציק

## דאָס אמתע פּרצוף פון מאַדאַם מאָרזשעט

ווען ליזע האָט דערהערט טריט אויף די שטיגן, האָט זי זיך איינגעהערט מיט דערשטוינונג.

זי האָט אָנגעשטעלט איר פרעגענדיקן בליק אויף מאַדאַם מאָרזשעט. אָבער אויך איר געזיכט האָט אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג.

דער הילך פון די טריט האָט זיך דערנענטערט און באַלד האָט עמיצער לײַכט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

— ביטע אַרײַן! — האָט מאַדאַם מאָרזשעט אויסגערופן.

אין צימער איז אַרײַנגעקומען אַ מיטל־וואוקסיגער מאַן מיט ברייטע פּלייצעס.

ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן זייער עלעגאַנט און איז נישט געווען קיין מיאוסער. ער האָט אָבער געהאַט אַן אויסגעלאַסן און אָפּגעלעבט געזיכט.

דאָס איז געווען דער באַנקיר לעאָ בוטאָן.

מאַדאַם מאָרזשעט האָט איס צוגעזאָגט אַ „געשמאַקן ביסן"... ער האָט געדאַרפט דער ערשטער פאַרברענגען מיט דער פרישער „פענסיאָנאַרקע" ליזע גליקסאָן...

ער האָט זי געדאַרפט האָבן דער ערשטער און דערנאָך — אַנדערע...

„קיין אַמאַטאָרן אויף דאָזיקן שײַנעם ווײַבעלע וועלן מיר נישט פעלן"... — האָט מאַדאַם מאָרזשעט זיך געטראַכט.

ס'איז געווען אָפּגערעדט, אַז מ'זאָל ביטאָנען אַרײַנלאָזן צו ליזען ערשט אַרום עלף אין אָוונט.

ער האָט אָבער נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן און ער איז באַלד אַרויפגעקומען...

„וואָס דאַרף איך לאַנג צערעמאָניען זיך מיט איר?" — האָט

מסיע בוטאָן געטראַכט — „איך וועל זי נעמען איינס און צוויי...
וואָס איז זי די ערשטע ביי מיר?"...

— אָ! ווילקאָמען! — האָט מאַדאַם מאָרזשעט באַגריסט דעם אריינגעקומענעם, וועלכער האָט זיך העפלעך פאַרנויגט, פריער פאַר ליזען און דערנאָך פאַר מאַדאַם מאָרזשעט.

— מיין פריינד, מסיע בוטאָן... — האָט זי אים פאָרגעשטעלט פאַר ליזען — דער סיכּאַטישסטער מאַנספּאָרשוין פון מאַרסעל... זייט באַקאַנט...

מסיע בוטאָן האָט אַ קוש געטאָן ליזעס האַנט.

ליזע האָט זיך געמוזט אָנשטריינגען, כדי צו באַהאַלטן איר שטאַרקע אומצופרידנהייט.

זי האָט גערעכנט, אַז זי וועט פאַרברייננגען אַ שעה מיט מאַדאַם מאָרזשעט און דערנאָך וועט זי ווידער בלייבן אַליין מיט זיך, מיט איר טרויער און מיט איר בענקשאַפט...

און דאָ וועט זי מוזן פאַרברייננגען אין דער געזעלשאַפט פונם דאָזיקן עלעגאַנטן הער ווער ווייסט ווי לאַנג.

דערביי איז איר דער עלעגאַנטער פאָרשוין בישט איבעריק געפעלן. עפּעס האָט געגליט אין זיינע אויגן אַ נישט־סימפּאַטיש פייערל...

ליזע איז פונדעסטוועגן געווען העפלעך צו אים, ווייל זי האָט געפילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו מאַדאַם מאָרזשעט און ער איז דאָך מאַדאַם מאָרזשעטס פריינד...

מסיע בוטאָן האָט פון זיין זייט זיך באַמיט צו זיין אינטערעסאַנט און צו ווילן ליזען מיט זיינע דערציילונגען וועגן פאַרשיידענע ווייטע רייזעס וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט.

אַלע דריי האָבן געמיטלעך פאַרברייננגט אין אַ לייכטן שמועס. פון צייט צו צייט האָט מאַדאַם מאָרזשעט אָנגעגאָסן די קרישטאַלענע גלעזער מיט שאַמפּאַניער און אַלע דריי האָבן געטרונקען.

ליזעס באַקן האָבן זיך גערויטלט פונם שטאַרקן ווין, אירע אויגן, האָבן געבליצט...

דער טרויער איז פאַרשוווּנדן פון איר געזיכט און זי האָט הארציק געשמייכלט און געלאַכט.

אָבער נאָך מאַדאַם מאָרזשעטס פאַרברעכערישע פּלענער איז

דאָס נאָך ווייניק געווען...

זי האָט אויסגעגוצט די געלעגנהייט, וואָס ליזע איז געווען פאַרנומען ביים באַטראַכטן אין אַלבאָם און זי האָט אַריינגעשיט אין ליזעס גלאָז עפּעס אַ געלבלעכן פּראָשעק...

— איצט לאָמיר אויסטרינקען פאַרן געזונט פון אונדזער סימפּאַטישן גאַסט, מסיע בוטאָן... — האָט מאַדאַם מאַרזשעט אין אַ ווילע אַרום פאַרגעלייגט.

אַלע האָבן אויסגעטרונקען...

אין אַ ווילע אַרום האָט ליזע געפילט ווי דאָס בלוט לויפט ווילדע אין אירע אדערן...

אין אירע אַלע גלידער האָט זיך צעלייגט אַ זיסע אָנמעכטיקייט...

איר אָטעם איז געוואָרן קורץ און שווער... אירע ווילד־בלייצענדיקע אויגן האָבן זיך אַליין פאַרמאַכט...

אין איר האַרץ האָט איצט אָנגעהויבן נאָגן אַ טיפע בענקשאַפט צו אַדאָלפן.

„ווי וואָלט איך איצט געוואָלט ליגן אין זיינע אָרעמס"... — האָט זי פאַנטאַזירט.

באַטויבט און שיכור פונם ווין און דעם פּראָשעק, האָט זי איצט נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט איר.

זי איז געזעסן אין פאָטעל מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ווי אַ פאַרחלשטע...

מאַדאַם מאַרזשעט האָט זיך איבערגעקוקט מיט מסיע בוטאָן...

„איצט איז דער פּאַסיקער מאָמענט"... — האָט איר בליק געזאָגט...

מאַדאַם מאַרזשעט האָט זיך אויפגעשטעלט.

— איך מוז איצט אַראָפּגיין אַ קוק טאָן צו דער ווירטשאַפט...
— האָט זי דערקלערט. — ווילט אייך דאָ אַ פּוּפצן מינוט אָן מיר.. איך קום באַלד אַרויף...

איידער־נאָך ליזע האָט זיך באַוויזן אומצוקוקן און צו זאָגן אַ וואָרט, איז מאַדאַם מאַרזשעט שוין פאַרשוונדן...

— ס'וואָלט אַ שאָד געווען שוין צו פאַרענדיקן דעם דאָזיקן שיינעם אָוונט, — האָט מסיע בוטאָן געזאָגט, — מירן דאָ דער־

ווייל פאַרברייַנגען, ביז מאַדאַם מאַרזשעט וועט צוריקקומען...
ליזע האָט ברייט צעעפנט אירע אויגן...
עטלעכע מינוט זענען זיי געווען פאַרמאַכט... אָבער ליזען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט געדויערט אַן אייביקייט...
„איך בין דאָך נישט געשלאָפן”... — האָט זי געטראַכט — „און דאָך האָב איך געחלומט”...
זי האָט געפילט נעבן זיך אַדאָלפן, וועלכער האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען ביי דער טאַליע...
און געווען איז דאָס אין עפעס אַ פּרעכטיקן צימער... די לבנה האָט אריינגעשיינט דורכן פענצטער... עס האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג פון די נאַכטיגאַלן...
— איך בין שרעקלעך מיד, — האָט ליזע געזאָגט צו מסיע בוטאָן. — איך וואָלט שוין גערן פאַרענדיקט דעם דאָזיקן אָוונט...
— איך אויך... — האָט מסיע בוטאָן געענטפערט און אָנגענומען ליזעס האַנט.
ער האָט זי געוואָלט צושלעפּן צו דער קאַנאַפּע...
ליזע האָט זיך שנעל פון אים אַרויסגעריסן.
— איך פאָדער אייך אויף די מינוט צו פאַרלאָזן מיין צימער... — האָט זי אויסגערופן מיט צאָרן.
אָבער מסיע בוטאָן האָט זיך צעלאַכט...
— כאַ־כאַ־כאַ!... זעט אויס, אַז דו ווייסט נאָך נישט ווו דו געפינסט זיך, וויבעלע מיינס...
ליזע האָט געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער איר פאַר שרעק.
— וואָס הייסט.. — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט.
— מאַכט נאָר נישט קיין אָנשטעל, קעצעלע. קום און מיר וועלן זיך ליב האָבן... אַלזאָ...
ער האָט זי האַסטיק אָנגענומען און דערנענטערט זיין מויל צו אירע בלאַס-געוואָרענע ליפּן.
אָבער ליזע האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן.
— רירט אייך נישט צו צו מיר! — האָט זי אויסגערופן — איך וועל מאַכן אַ געוואַלד.
— אַ געוואַלד? ... כאַ-כאַ־כאַ !... — האָט מסיע בוטאַן זיך

צעלאַכט — דאָס וועט דיר גאָרנישט העלפן. אַרום דעם צימער־זענען בלויז דאָ טויבע ווענט.

ליזע האָט פאַרצווייפלט פאַרבראָכן די הענט. פון אירע אויגן האָבן געגומען פליסן טרערן...

— אויב דו ווילסט נישט פאַרברענגען מיט מיר, — האָט מסיע בוטאָן צוגעגעבן, — וועט צו דיר אַריינקומען אַ ווילער יונג מיט אַ נאַהייקע און וועט דיר נעמען מיט כוח. דאָ דרייט מען זיך נישט אַרויס.

ליזע איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק.

— אויב אַזוי, בעט איך אייך, ראַטעוועט מיך אַרויס!... — האָט ליזע זיך געבעטן — מען האָט מיך אַהער פאַרפירט... האָט רחמנות אויף מיר.

מסיע בוטאָן האָט געהויבן די אַקסלען.

— ליידער קאָן איך דיר גאָרנישט העלפן... פון דאַנען אַרויס־קומען קאָן נאָר אַ מאַנספאַרשוין, אָדער אַ „פענסיאָנאַרקע", צו וועלכער מאַדאַם מאַרזשעט האָט צוטרוי.

— טאָ גייט צו ווּיסן דער פּאָליציי... — האָט ליזע זיך גע־בעטן.

— אויך דאָס וועט דיר ווייניק העלפן... די „רויטע בלום" איז אַ לעגאַלער אַנשטאַלט. דו ביזט דאָ נישט די ערשטע און נישט די לעצטע...

— גאָט מיינער!... — גאָט מיינער!... — האָט ליזע געשעפּטשעט מיט פאַרצווייפלונג — ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך...

אויב דו ווּעסט מיר שענקען דיין ליבע...

— האָט מסיע בוטאָן ציניש דערקלערט.

— אויף אָן אמת ?... — האָט ליזע זיך דערפרייט.

— געוויס... אויב דו ווּעסט מיר שענקען דיין ליבע...

ליזע האָט אין גאַנצן אויסגעפלאַמט פון צאָרן.

— מנוול! — האָט זי אויסגעשריגן — איך וועל בעסער שטאַרבן, איידער זיין דיינע!

מסיע בוטאָן איז דאָן צו איר צוגעשפרונגען, ווי אַ צערייצטער טיגער און זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע אָרעמס. ער האָט זי אויפ־געהויבן אין דער הויך און אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט ליזע באַפרייט אַ האַנט און מיט

דער גאַנצער קראַפּט אַראָפּגעלאָזט איר קליין פּויסטל צווישן מסיע בוטאַנס אויגן...

מסיע בוטאַן איז אַ פּאַל געטאָן אויף הינטן און ליזע איז צוריק אַרויסגעשפּרונגען פון בעט.

זי איז צוגעשפּרונגען צום טיש און געכאַפּט פון דאָרט אַ שאַרף מעסער.

דאַן האָט זי דערנענטערט דאָס מעסער צו איר האַנט און אויסגערופן:

— אויב איר גייט נישט די מינוט אַרויס פון דאַנען, שנייד איך מיר איבער די אָדערן.

מסיע בוטאַן האָט געזען, אַז ליזע מיינט עס אין גאַנצן ערנסט.

ער האָט זיך צוריקגערוקט און געזאָגט:

— ביזט אַ נאַר... דו מאַכסט דיר בלויז ערגער...

— איך וויל בעסער שטאַרבן, איידער לעבן אין שאַנד... — האָט ליזע געענטפערט.

מסיע בוטאַן האָט נאָך געפּרוווט ווירקן אויף ליזען מיט זיסע ריידעלעך און צוזאָגן. אָבער ווען ער האָט געזען, אַז ער וועט גאָרנישט מאַכן איז ער אַוועק.

ליזע איז צוגעלאָפן צו דער טיר און זי געוואַלט פאַרשליסן. אָבער דער שלאָס איז געווען אַ קאַליעדיקער...

„וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?” — האָט זי געטראַכט.

נאַר אפשר האָט מסיע בוטאַן בכיוון מיך אַזוי אַנגעשראָקן און דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, איז אַ ליגן?

„כ’וועל פּרוון אַראָפּגיין. אפשר וועל איך קאָנען אַרויס?”...

זי האָט אָנגעהויבן לויפן איבער די שטיגן.

פּלוצלונג האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט געהערט אויסגעלאַסענע געשרייען און געלעכטערס, וואָס האָבן זיך געטראָגן פונעם זאַל...

„ניין, ביי דער דאָזיקער געזעלשאַפט האָב איך נישט וואָס צו זוכן קיין מיטגעפיל. — האָט זי געטראַכט — גיכער קאָנען זיי נאָך פאַרגרעסערן מיין פּיין”.

זי איז צוריק אַוועק אין איר צימער.

„אויב ס’זאָל ווירקלעך צו מיר אַרויפקומען עפּעס א ווילער יונג וועט דאָס מעסער מיך אויסלייזן פון שאַנד”. — האָט זי

געטראַכט.

זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע אין אַנטאָן און זיך געוואָלט אַביסל אָפּרוען.

די אויגן האָבן זיך איר געקלעפּט, אָבער זי האָט זיך געראַנגלט מיטן שלאָף מיט אַלע כוחות.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט טריט אויף די שטיגן.

זי האָט מיט שרעק זיך אויפגעריסן פון איר געלעגער.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן מאַדאַם מאַרזשעט. איר געזיכט איז געווען פאַרקרומט און רויט פון צאָרן. אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ געפלאָכטענע נאַהייקע.

— פיינע גרוסן הער איך פון דיר. — האָט מאַדאַם מאָרזשעט כלומרשט רואיק געזאָגט. — שיין דאַנקסטו מיר אָפּ פאַר מיין גוטס...

ליזע האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד.

— מאַדאַם... — ווען איך וואָלט עס געוווסט... איך וואָלט בעסער געוואָלט שטאַרבן... — האָט זי געכליפּעט.



דפוס „אור" בע"מ

פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע

ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

**נומער 80**

[redacted]

— נו־נו... האָט מאַדאַם מאַרזשעט ציניש געשמייכלט — צו וואָס אַזעלכע שיינע ווערטער?.. ביזט דאָך נישט אין טעאַטער...

— דאָס זענען נישט קיין סתם ווערטער. — האָט ליזע געענטפערט — איך וועל בעסער שטאַרבן, אײדער לעבן אין שאַנד.

מאַדאַם מאַרזשעט האָט זיך דאַן נענטער צוגערוקט צו ליזען און אויפגעהויבן די נאַהייקע...

— צי ווילסטו, אַז איך זאָל דיר לערנען שכל מיט דער דאַזיקער נאַהייקע? — האָט זי אויסגערופן מיט צאָרן — מיר האָבן דאָ נישט לאַנג געהאַט איינע אַזעלכע, ווי דו, נו...

ליזע איז געשטאַנען אַ בלאַסע און אַ ציטערנדיקע אין גאַנצן. זי איז נישט געווען אימשטאַנד אַ וואָרט אַרויסצוברענגען פון איר מויל.

— פינף און צוואַנציק שמיץ אַ טאָג האָט זי געקראָגן... — האָט מאַדאַם מאַרזשעט דערקלערט — צוויי טעג האָט זי אויסגעהאַלטן... זי האָט געקריצט מיט די ציין... אַריינגעגראָבן די נעגל אין לייב פון ווייטאָג...

ליזע האָט געפילט, ווי עס קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן. אָבער מאַדאַם מאַרזשעט האָט ווייטער דערציילט:

— דעם דריטן טאָג האָט זי זיך אונטערגעגעבן... דריי טעג האָב איך זי צורו געלאָזט, כדי די ווונדן זאָלן זיך איר פאַרהיילן... דערנאָך איז זי געווען געהאַרכזאַם, ווי אַ לעמעלע...

ליזע האָט מיט גרויל זיך איינגעהערט אין דער שרעקלעכער דערציילונג...

— נו? דו ווילסט אויך דאָס דורכמאַכן?... — האָט מאַדאַם מאַרזשעט געפרעגט. — אָדער אפשר גאָר אַריינלאָזן צו דיר אַ שיכורן מאַטראָס מיט שטאַרקע הענט?..

ליזע איז אַלץ געשטאַנען אַ שווייגנדיקע און נישט געענטפערט קיין וואָרט.

מאַדאַם מאַרזשעט האָט ווייטער גערעדט און יעדעס וואָרט האָט געטראָפן ליזען, ווי אַ מעסער אין סאַמע האַרץ...

— ווערסט מיך סטראַשען מיט זעלבסטמאָרד?... מיט איבערשניידן זיך די אָדערן?. וועמען גייט עס אָן? בלויז דיין קינד וועט נעבעך בלייבן אַן עלנט יתומל.

די דאָזיקע ווערטער — וועגן איר קינד — האָבן ליזען צום

טיפסטן געטראָפן...

„לאָלעק... מיין טייערער לאָלעק"... — האָט זי געטראַכט און דאָס האַרץ האָט איר געצאַפּלט, ווי אַן עוף אונטערן חלף...

„וואָס וועט טאַקע זיין מיט מיין איינציק קינד, אַז איך וועל אומקומען?".

„ניין... ניין... איך טאָר נישט שטאַרבן"...

פּלוצלונג האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין איר מוח...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך אָנגערופן:

— זאָל זיין וואָס עס וויל... שיקט אַריין דעם מסיע בוטאַן...

מאַדאַם מאַרזשעטעס אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן.

— גאָט זיי דאַנק. — האָט זי געזאָגט און פאַרלאָזט דאָס צימער.

ליזע איז אַ ווײַלע געשטאַנען אויף איר אָרט, דערנאָך האָט זי זיך אַרויסגעשלייכט אויף די שטיגן.

„איך וועל אַריין אין אויפנאַם־זאַל און מאַכן אַ געוואַלד"... — האָט זי בײַ זיך באַשלאָסן — „אפשר וועט זיך צווישן די געסט געפונען אַן איידעלער מענטש, וואָס וועט זיך איינשטעלן פאַר מיר"...

ווען זי איז אַראָפּגעלאָפן אַ שטאָק שטיגן און אַריין אינעם העל־באַלויכטענעם קאָרידאָר, האָט זי זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט. זי איז געבליבן שטיין אַ בלאַסע ווי דער טויט...

קאַפּיטל ניין און ניינציק

## „אַזוי לאַנג טראָגט דאָס קריגל וואַסער, ביז דאָס אויער רייסט זיך אָפּ"...

הערמאַן האָט באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין פוילן.

דאָס געלט, וואָס ער האָט אויסגעפּרעסט פון סעמיועל ראָט, האָט אים צוריקגעשטעלט אויף די פיס...

אָבער אַמעריקע איז אים שוין געוועזן דערעסן.

„אַ חוץ דעם“, — האָט ער זיך עגטראַכט, — „אין אַמעריקע וועל איך מיט די דרייסיק טויזנט דאָלאַר, וואָס איך וועל מאָרגן שוין האָבן, גאַרנישט מאַכן...

„אָבער אין פּוילן?... דרייסיק טויזנט דאָלאַר איז הונדערט און פופציק טויזנט זלאָטעס... אין וואַרשע וועל איך זיין אַ רייכער מאַן“...

„אין וואַרשע ווייסט מען נישט וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט. איך וועל טאָן אַ שידוך און קריגן עטלעכע הונדערט טויזנט זלאָטעס נדן“...

אַז סעמיועל וועט אים געבן די דרייסיק טויזנט דאָלאַר אין דעם איז ער זיכער געווען.

הערמאַן האָט געטראַכט די דאָזיקע געדאַנקען און אים איז איצט גוט געווען...

ער איז ווידער געווען עלעגאַנט אָנגעטאָן און אין זיין פּאַרטפעל זענען ווידער געלעגן קנאַקעדיקע פּאַפּירלעך...

כדי צו פּטרן אַ ביסל צייט, איז ער אַריין אין אַ פיינעם קאַפע.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל און געזוכט אַ פריי אָרט, אָבער אַלע פּלעצער זענען געווען באַזעצט. בלויז ביי איין טישל, וואָס איז געשטאַנען אָן אַ זייט, איז געווען אַ פרייער פּלאַץ.

ביים דאָזיקן טישל איז געזעסן בלויז איין פּערזאָן — אַ זעלטן־שיינע פרוי, וועלכע האָט שוין באַוויזן צוצוואַרפן הערמאַנען אַ אויגל...

הערמאַן האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, דערנאָך איז ער צוגע-גאַנגען צו יענעם זייטיקן טישל.

— קאָן מען זיך זעצן? — האָט הערמאַן געפרעגט.

— ביטע זייער...

הערמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— קעלנער — האָט ער אַ רוף געטאָן — ביטע לימאָנאַד!

אַ ווײַלע זענען ביידע געזעסן שווייגנדיקע, וואַרפנדיק בלויז איינער צום אַנדערן גניבשע בליקן...

„ אַ שיינער, אַן עלעגאַנטער, זעט אויס אויף אַ רייכן“... — האָט זי געטראַכט.

„אַן אמת-שיין בלאָנדינקעלע“... — האָט ער געטראַכט.

זי איז ווירקלעך שיין געווען...

גאָלדענע לאָקן, בלויע, שעלמישע אויגן, שמאָלע ליפּעלעך, וועלכע שמייכלען קוים און דעקן־אויף ווייסע, קליינע ציינדלעך, ווי פּערל...

הערמאַן האָט געזוכט אַ האַטשיק, ווי אַזוי אָנצוהויבן אַ שמועס מיט דער שיינער בלאָנדינקע.

אויפן טיש איז געלעגן אַ שפּייז־צעטל. אויך דאָס איז אַ גע־לעגנהייט...

— קאָן מען דורכקוקן דעם שפּייז־צעטל ?... — האָט הערמאַן געפרעגט.

— אָ געוויס... ער איז דאָך פאַר אַלעמען... — האָט די בלאָנ־דינקע געענטפערט.

אָנגעהויבן, איז שוין דער שמועס פון זיך אַליין ווייטער געגאַנגען...

אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין זייער געשפּרעך געווען אַזוי אינטים, אַז די שיינע בלאָנדינקע האָט הערמאַנען דערציילט די געשיכטע פון איר לעבן...

זי איז אַן אַלמנה, וואָס איז געבליבן אָן ליבע און אָן געלט...

זי זוכט דעריבער אַ שיינעם, עלעגאַנטן און רייכן מאַן, מיט וועמען צו פאַרברענגען...

הערמאַן האָט נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט...

ער האָט נאָך אַ ביסל פאַרברענגט מיט איר אין קאַפע. דער־נאָך איז ער אַוועק מיט איר אהיים, וווּ ער האָט פאַרברענגט די גאַנצע נאַכט...

ווען הערמאַן האָט אין דער פרי פאַרלאָזט איר צימער, האָט ער זיך געטראַכט, אַז נאָך אַלעמען איז די וועלט אַ שיינע און אַ ליבע...

אין דער קעשענע האָט ער געהאַט אַ פולן פּאָרטפעל מיט פּאַפּירלעך, אויף די ליפּן האָט ער נאָך געפילט די הייסע קושן פון דעם בלאָנדן ווייבעלע...

„דאָס לעבן איז זיס"... — האָט ער זיך געטראַכט.

„און היינט דאַרף דאָך סעמיועל מיר צאָלן פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר"...

גיין צו סעמיועלן איז נאָך געווען צו פרי. ער האָט דעריבער

געקויפט אַ צייטונג און זיך אַוועקגעזעצט לייענען אויף אַ באַנק אין אַ סקווער.
בלוצלונג איז זיין בליק געפאַלן אויף אַ נאָטיץ אין דער כראָניק:
„מאַרילע כּאָרונטאַל צוריק אין אייראָפּאַ"
„די באַריכטעטע טענצערין מאַרילע מאָרגענטאַל, וועלכע האָט געמאַכט פאַרלאָזן אַמעריקע צוליב איר קראַנקהייט, געפינט זיך איצט אין אייראָפּע.
„זי פאַרברענגט ביי איר מאַן אין וואַרשע, וווּ זי רוט זיך נאָך איר רייזע".
הערמאַנס אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט פון פאַרוווּנדערונג.
„מאַרילע צוריק אין וואַרשע ביי איר מאַן... אַ שאָד... — האָט ער געטראַכט... — „איך האָב זי אין גאַנצן געוואָלט צעשמעטערן און זי האָט זיך געראַטעוועט"...
ענדלעך איז שוין צייט געווען צו גיין צו סעמיועלן.
ער איז אַריין אין סעמיועלס קאַבינעט.
— זעצט אייך, — האָט סעמיועל קאַלט געזאָגט, — מיר וועלן באַלד שמועסן וועגן אונדזער זאַך.
ער האָט פאַרענדיקט לייענען דעם בריף, וועלכן ער האָט גראָד געלייענט, דערנאָך האָט ער אַ פרעג געטאָן:
— נו, איר באַשטייט צו געבן גוט פּלאָרען פאַר די פינף טויזנט דאָלאַר?...
הערמאַן האָט צעעפנט די אויגן פון פאַרוווּנדערונג.
— וואָס? — האָט ער געפרעגט — איך האָב באַשטאַנען אויף פינף. צי איר זענט באַשטאַנען אויף דרייסיק טויזנט?... קיין שום דריידלעך וועלן אייך נישט העלפן...
סעמיועל האָט אַ שמייכל געטאָן.
— כ'האָב גאָר פאַרגעסן.. — האָט ער געזאָגט, — כ'בין אַזוי פאַרנומען... אפשר וועלן מיר כאָרגן זיך דורכשמועסן, אויב איר באַשטייט נישט אויף די פינף טויזנט, וואָס איר האָט נעכטן געקריגן?...
הערמאַן איז אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט אַן אויפגערעגטער,
— איך בין נישט אייער יינגל!... — האָט ער זיך צעבייזערט —

איך וועל זיך נישט לאָזן אָבשלעפּן...

— און אַז איך וועל מיט אייך אין גאַנצן נישט וועלן רעדן מער? — האָט סעמיועל קאַלט געפרעגט — וואָס וועט איר מיר דעמאָלט טאָן?...

— וואָס איך וועל טאָן?... אַלע ניו־יאָרקער צייטונגען וועלן מעלדן וועגן דעם, אַז איר האָט באַרפירט מיין פרוי און צעשטערט מיין פאַמיליען־גליק...

— איר סטראַשעט, האַ?... — האָט סעמיועל געפרעגט און אויף זיינע ליפּן האָט זיך געשפּילט אַ שפּאָטיש שמייכעלע.

— יאָ, איך וועל אייך... אויב איר גיט מיר נישט די מינוט אַ טשעק אויף פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר, וועט גאַנץ ניו־יאָרק זיין פול מיט אייך...

— איר מיינט עס ערנסט?...

— פולשטענדיק ערנסט... די צייטונגען וועלן זיין פול מיט אַלע פּיקאַנטע איינצלהייטן... פלאָרע אינטערעסירט מיך שוין אויך מער נישט און זאָל איר נאָמען אויך באַשמוצט ווערן...

— נו... כאַרפּאַלן... — האָט סעמיועל אַ זיפץ געטאָן — איר האָט מיך אין דער האַנט...

ער האָט אַרויסגענומען פון שופלאָד אַ טשעק־ביכל.

הערמאַן האָט גאָרנישט באַמערקט, ווי אין סעמיועלס מויל־ווינקלען שפּילט זיך אַ לייכט שפּאָטיש שמייכעלע...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט סעמיועל דערלאַנגט הערמאַנען אַן אונטערגעשריבענעם טשעק אויף פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר.

הערמאַן האָט מיט גלאַנציקע אויגן באַטראַכט דעם טשעק פון אַלע זייטן און אים אַרײַנגעלייגט אין זיין פּאָרטפּעל.

ער האָט שוין געוואָלט פאַרלאָזן סעמיועלס קאַבינעט.

אָבער פּלוצלונג זענען פון הינטער די פּאָרטיערן פון דער אַקעגנאיבערדיקער טיר אַרויסגעשפּרונגען צוויי מענער, אָנגעטאָן אין שוואַרצן.

פיר אַנדערע מענער האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון קאַבינעט און הערמאַנען פאַרשטעלט דעם וועג...

איידער הערמאַן האָט זיך רעכט אומגעקוקט, האָט ער דערפילט, ווי אַ שווערע האַנט לייגט זיך אַרויף אויף זיין אַקסל...

— איר זענט אַרעסטירט... ביטע אויסליידיקן די קעשענעס...
הערמאַן איז בלאַס געוואָרן, ווי קרייד...
— וואָס ?... וואָס הייסט ?... — האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען — פאַרוואָס ?...
ער האָט געפּרוווט באַפרייען זיין אַקסל פון דער שווערער האַנט...
זי האָט אים אָבער געהאַלטן ווי א שטאָלענע צוואַנג...
— מיר האָבן דאָ אַלץ געזען און אַלץ געהערט... — האָט איינער פון די פּאָליציי־אַגענטן דערקלערט — איר האָט מיט דראָאונגען אויסגעפּרעסט געלט ביי מיסטער ראָט...
הערמאַן איז ווילד געוואָרן פון צאָרן...
בליץ־שנעל האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער פון קעשענע.
עס האָט אַ קנאַל געטאָן און אַ קויל האָט פאַרבייגעשוועבט פאַר סעמיועלס אויער און איז אַריין אין דער וואַנט...
די פּאָליציי־לייט האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף הערמאַנען און אים אַרויסגעריסן דעם רעוואָלווער.
איינער פון זיי האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין הערמאַנס טאַש און אַרויסגעצויגן פון דאָרט דעם פּאָרטפעל... ער האָט פון דאָרט אַרויסגענומען דעם טשעק און דאָס געלט און אָפּגעגעבן סעמיועלן...
סעמיועל האָט איבערגעציילט און שפּאָטיש אַ שמייכל געטאָן.
— דער אויסוואורף האָט, זעט אויס, פאַרברענגט אַ פריילעכע נאַכט... — האָט סעמיועל געזאָגט — ס'האָט מיך געקאָסט עטלעכע הונדערט דאָלאַר... אָבער ס'איז ווערט...
— איר זענט אַ פאָדלעץ ! — האָט הערמאַן אויסגערופן און געקריצט מיט די ציין — פרייט אייך נאָך נישט ! ס'וועט דאָך זיין אַ פּראָצעס און די צייטונגען וועלן זיין פול מיט טשעקאַווע זאַכן וועגן אייך....
— כאַר דעם זייט רואיק... — האָט סעמיועל געענטפערט — אַזעלכע פּראָצעסן קומען פאָר ביי פאַרמאַכטע טירן...
הערמאַן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ... ער האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ פּלאַצט אים שיער פון קרענקונג...
„איך בין פאַרשפּילט... פאַרשפּילט פון אַלע זייטן״... — האָט

דאָס האַרץ געוויינט אין אים.

— נו, געגאַנגען!... — האָט ער געהערט אַ באַפעל און ער איז אַרויס אַ באַוואַכטער פון סעמיועלס קאַבינעט.

אין אַ ווײַלע אַרום איז הערמאַן שוין געזעסן אין פּאָליציי־אויטאָ, וואָס האָט אים געפירט אין דער אויספאָרשונגס־תפיסה...

טרויעריקע געדאַנקען האָבן אַרומשפּאַצירט אין זיין קאָפּ...

„שלימזל איינער!"... האָט ער זיך אַליין פאָרגעוואָרפן — „אייזל־קאָפּ!... פאַרוואָס האָסטו נישט פאַרשטאַנען, אַז סעמיועל וועט דיר אַזוי לייכט קיין געלט נישט געבן?..."

„ביסט אַריינגעקראָכן ווי אַ מויז אין דער פולאַפּקע"...

„איצטער וועסטו אַ היפּש ביסל יאָרן אָפּרוען אין תפיסה"...

„ווייניק געווען דיר, האָסטו נאָך אויסגעשאָסן און וועסט געמשפּט ווערן פאַר פרוון באַגיין אַ מאָרד"...

אַזוי האָט הערמאַן זיך אַליין געגעסן, ווי אַ זשאַווער...

איי, וואָלט ער איצט גערן זיך אַליין אויסגעפּאַטשט פאַר דער נאַרישקייט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן און זיך טיף באַגראָבן...

פּלוצלונג האָט אַ שרעקלעכער טראַסק אַרויסגעריסן הערמאַנען פון זיינע נאָכטרכטענישן...

קאַפּיטל הונדערט

# דער באַל

מאַדאַם ווײַנשטיין איז אַרומגעגאַנגען אַ בייזע און אַן אָנגע־בלאָזענע, ווי אַן אינדיטשקע...

שוין עטלעכע טעג זינט דער געשיכטע מיט סאַבינעס טרינקען זיך און סאַלאָמאָן איז נאָך אַלץ געלעגן „קראַנק" אין בעט...

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט שטאַרק געוואָלט, אַז סאַבינע זאָל צוזען איר „געפערלעך קראַנקען רעטער"... זי האָט נישט איינמאָל געגעבן סאַבינען אָנצוהערן וועגן דעם...

אָבער סאַבינע האָט נישט קיין חשק געהאַט דערצו... זי האָט

געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי פאַרשטייט נישט מאַדאַם ווײַנשטיינס אָנצוהערענישן...

— ווײַ איז מיר נישט... ווער ווייס, וואָס עס איז אים. מײַן סאַלאָמאָנען... עס זאָל אים נאַר, חלילה, נישט אָנרירן די לונגען... — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין געיאָמערט, ווי אַ ביבער.

— נו־נו, דאָס איז אין גאַנצן נישט געפערלעך... — האָט סאַבינע זי געטרייסט — קיינער איז נאָך פון קיין קאַטאַר חלילה נישט געשטאָרבן...

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט עס געוואָרפן פון צאָרן...

„מײַן זונס געזונט איז בײַ איר גאָרנישט"... — האָט זי געטראַכט — אָבער דער דאָקטאָר האָט דאָך געזאָגט, אַז עס דראָט די געפאַר פון אַ מוח־אַנטצינדונג מיט אַ לונגען־אַנטצינדונג צוזאַמען ?... — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין ווייטער געיאָמערט.

— ס'וועט אים גאָרנישט זײַן...

— ער איז נעבעך געפערלעך... ער רעדט כסדר פון היץ... סאַבינע און סאַבינע... עס דאַכט זיך אים אַלץ, אַז דו ביסט אין אַ געפאַר... ער ציט אויס די הענט דיך צו ראַטעווען...

— ס'וועט שנעל איבערגיין...

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט אַ זיפץ געטאָן.

— אַך, טײַערע סאַבינע... ער האָט דיך אַזוי ליב... איך וואָלט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז דו זאָלסט ווערן זײַן כלה... דו ביסט אפילו נישט פון אונדזער סגאַל, אָבער דו ביסט אַ ווילע, אַן אָרנטלעכע...

סאַבינע האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק...

„די דאָזיקע מאַדאַם ווײַנשטיין מיט איר זונדל כיטרעוועון דאָ עפּעס"... — האָט סאַבינע זיך געטראַכט — „נישט אומזיסט האָבן זיי מיך פלוצלונג אַזוי ליב געקריגן"...

ווען מאַדאַם ווײַנשטיין האָט געזען, אַז אירע אָנצוהערענישן העלפן נישט. האָט זי גערעדט מיט סאַבינען אָפן:

— איך האָב שוין פון די פיס... — האָט זי געזאָגט — אפשר וואָלסטו אַביסל געוואַכט בײַם קראַנקן ?...

— נײַן... איך קאָן נישט... — האָט סאַבינע געענטפערט.

זי האָט נישט געוואָלט אויסשטיין די געמיינע שטיק פון דעם

„קראַנקן“ בער...

— מ׳קאָן דאָך אָבער נישט לאָזן דעם קראַנקן אַז אויסזיכט?... — האָט מאַדאַם וויינשטיין זי אַלץ נישט אָפּגעלאָזט.

— איך קאָן אייך ברענגען אַ קראַנקן־שוועסטער פון דעם פלעגערינס־אַנשטאַלט, וווּ איך האָב זיך געלערנט... — האָט סאַבינע געענטפערט.

דער מאַדאַם וויינשטיין האָט דאָס האַרץ שיער געפּלאַצט פאַר קרענקונג...

„זאָל סאַבינע נאָר ווערן מיין שנור“ — האָט זי זיך געטראַכט, — „וועל איך איר שוין פאַר אַלעם אָפּצאָלן“...

מאַדאַם וויינשטיין איז אַריין צו סאַלאָמאָנען אַ בייזע און אַ פאַרביטערטע.

— סאַלאָמאָן, הויב זיך אויף פון בעט!... — האָט זי געזאָגט.

— פאַרוואָס עפּעס?... — האָט סאַלאָמאָן זיך געוווּנדערט.

— ווייל עס העלפט סיי־ווי גאָרנישט... זי וויל דיך נישט פלעגן...

— דער טייוול זאָל זי נעמען!... — איז סאַלאָמאָן אין כעס געוואָרן.

— ווען נישט איר פאַרמעגן, וואָלט איך זי אַרויסגעוואָרפן ווי אַ הונט... — האָט מאַדאַם וויינשטיין דערקלערט — אָבער פאַרפאַלן, מ׳מוז אַלץ טאָן, כדי זי אַריינצוקריגן...

— אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?... — האָט סאַלאָמאָן זיך איצט געקראַצט פון פאַרצווייפלונג.

— קריך אַרויס פון בעט... — האָט מאַדאַם וויינשטיין אים געראַטן — וועסט אויף אַן אַנדער אופן פרווון דיין מזל...

סאַלאָמאָן איז גערן אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, ווייל עס איז אים שוין דערעסן געוואָרן צו ליגן דאָרט...

אָבער ביז צומאָרגנס האָט ער געמוזט בלייבן אין זיין שלאָפצימער, אַז סאַבינע זאָל נישט פּלוצלונג דערזען דעם „געפערלעכן קראַנקן“ אַרומגיין געזונט און פריש...

סאַבינע האָט וואָס אַ טאָג אַלץ ערגער זיך געפילט אין הויז פון די וויינשטיינס.

די פּלוצלונגע ליבשאַפט צו איר, וואָס האָט זיך אַזוי הייס

צעפלאַקערט אין מאַדאַם ווײַנשטײַן און איר געלן זון, האָבן איר נישט אַנגעזאָגט קײן גוטס...

„זײ פּלאַנעווען עפּעס װעגן מיר"... — האָט סאַבינע געטראַכט — „דער רוח װײסט זײ מיט װאָס פֿאַר אַ פֿינצטערע פּלענער זײ טראָגן זיך אַרום"...

אײנס האָט סאַבינע געװוּסט: אַז זײ װילן זי פֿאַרהאַלטן בײַ זיך און אפשר אויך, אַז זי זאָל חתונה האָבן מיט סאַלאָמאָנען...

„װאָס איז עפּעס געשען מיט דער רײַכער מאַדאַם װײַנשטײַן, אַז זי װיל מיך, אַן אָרעם מײדל, פֿאַר אַ שנור ?"... — האָט סאַבינע נישט געקאָנט פֿאַרשטײן...

„סײַדן, אַז סאַלאָמאָן איז אַזױ שטאַרק פֿאַרליבט אין מיר, אַז ער צװינגט די מוטער צו באַשטײן אויף דעם שידוך"...

דאָס האָט אַביסל געהױבן סאַלאָמאָנען אין אירע אױגן...

„הײסט עס, אַז ער האָט מענטשלעכע געפֿילן"... — האָט סאַבינע געטראַכט...

ס'איז פֿאַר איר געװען אַ גרױסע איבעררעשונג...

„ער איז טאַקע אַ גראָבהױטיקער, אַ כיטראַק, אַ בעל־גאוה און אַן נישטסימפּאַטישער"... — האָט סאַבינע װײטער געטראַכט — אָבער דאָס, װאָס ער האָט זיך געװאָרפֿן אין טײַך מיך צו ראַטעװען ?...

„צי הײסט דאָס נישט, אַז סאַלאָמאָן האָט אױך עפּעס גוטס און אײדלס אין זיך ?...

זי האָט אָבער נישט געקאָנט דערװעקן אין זיך קײן ברעקל סימפּאַטיע פֿאַרן „געלן בער", װעלכער האָט זי געעקלט...

זײַן לעכערלעכע גרױסהאַלטערײַ איז געװען שרעקלעך אָפּ־שטױסנדיק... סאַבינע האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פֿאָרשטעלן װי אַזױ אַ פֿרױ זאָל קענען לעבן מיט דעם דאָזיקן מגושמדיקן פֿאַר־שױן...

און װאָס ס'איז נוגע סאַבינען, האָט ער אפֿילו געמעגט זײַן אַ אמתער פּרינץ און שײן װי אַ מלאך, װאָלט ער אױך איר האַרץ נישט געקאָנט געװינען.

איר האַרץ האָט נאָך אין גאַנצן געהערט צו לעאָנען...

„לײדער איז ער פֿאַר מיר פֿאַרלױרן אױף אײביק"...

דער דאָזיקער געדאַנק האָט סאַבינען קיין איין מינוט נישט געלאָזט רוען און אַרויפגעטריבן אַ וואָלקן פון טרויער אויף איר שיין געזיכט...

איינמאָל האָט סאַבינע שפּאַצירט צווישן די ביימער אין מאַדאַם וויינשטיינס גאָרטן און זיך פאַרטיפט אין אירע טרויעריקע געדאַנקען וועגן לעאָנען און וועגן איר פאַרלוירענעם לעבן...

צוגעקומען צו דער באַנק, האָט זי געזען, וויאַ יונג בחורל זיצט דאָרט...

דערזעענדיק סאַבינען, האָט ער זיך שנעל אויפגעהויבן פון זיין אָרט און זיך אָנגעהויבן צו אַנטשולדיקן.

— אַנטשולדיקט, פריילין... איך האָב נישט געוווּסט, אַז... — האָט ער געגומען שטאַמלען און איז רויט געוואָרן, ווי פייער.

— זיצט, זיצט, ס'מאַכט נישט. — האָט סאַבינע אים בארואיקט. — ווער זענט איר?

דאָס בחורל איז געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט און ווייטער געשטאַמלט:

— איך... בין ברוך... דעם פאַכטערס זון... פון די ראָזענס גוט...

— אַהאַ... און וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן?...

— איך... איך האָב אייך געוואָלט עפּעס דערציילן...

— מיר? — האָט סאַבינע זיך געוווּנדערט.

— יאָ... איך האָב געזען דעמאָלט ביי דער סאַדזעווקע...

— וואָס האָט איר געזען?

— איידער איר זענט צוגעקומען...

— איידער איך בין צוגעקומען? נו, וואָס איז געשען איידער איך בין צוגעקומען?...

— סאַלאָמאָן האָט איבערגעזעגט דעם אָנלען...

— וואָס?....

— אויף מיין וואָרט... איך זאָג נישט קיין ליגן... איך בין געלעגן באַהאַלטן אין גאָרטן...

סאַבינע האָט זיך צעלאַכט אויפן קול.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!... — כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!... וואָס פאַר אַ אידיאָט!... אַ דאַנק אייך, יונגערמאַן!. האָט סאַבינע געזאָגט און זי האָט

גענובען צוריקגעיין צום הויז פון די וויינשטיינס..
— ביטע... אַנטשולדיקט... פריילין... — האָט דאָס נאַאיווע בחורל געשטאַמלט.
סאַבינע האָט שוין איצט פאַרשטאַנען, וואָס ס'איז מיט איר פאָרגעקומען ביי דער סאַרזעווקע..
„דער אידיאָט האָט אַליין איבערגעזעגט דעם אָנלען, כדי ער זאָל האָבן אַ געלעגנהייט מיך צו ראַטעווען"... — האָט זי געטראַכט — „וואָס אַ אידיאָט קאָן ז"...
צומאָרגנס האָט דער „געפערלעך־קראַנקער" סאַלאָמאָן פאַרלאָזט דאָס בעט...
ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז נעבעך שטאַרק אָפּגעשוואַכט פון דער קראַנקהייט, אַ צעבראָכענער אין גאַנצן...
וויפל סאַבינע האָט זיך נישט געזאָלט אַרויסדרייען, האָט זי דאָך געמוזט מיט אים מאַכן די ערשטע שפּאַצירן אין גאָרטן.
מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, מיט דער צווייטער זיך געהאַלטן אָן סאַבינעס אָרעם, האָט סאַלאָמאָן אונטערגעהינקען און באַשיט סאַבינען מיט קאָמפּלימענטן...
קיין גראָבקייט האָט ער נישט אַרויסגעוויזן, אָבער זיין זיסלעכע גוטסקייט האָט איר נישט ווייניקער געעקלט...
—איך האָב די גאַנצע צייט פון מיין שווערער קראַנקהייט געטרוימט וועגן איר... — האָט ער פאַרזיכערט סאַבינען — זי זענען דער איינציקער שטראַל אין מיין אומיטיקן לעבן...
די דאָזיקע „שיינע" ווערטער האָבן געגרילצט אין סאַבינעס אויערן...
— אַך! ווען איך דערמאַן זיך, ווי זי זענען אַ פאַל־אַריין געטאָן אין וואַסער אַריין... ווי אַזוי וואָלט איך געקאָנט לעבן אָן איר?... גאָט מיינער!...
סאַבינע האָט זיך שיער־נישט צעלאַכט אויפן קול...
„לאָמיך מיטשפּילן די קאָמעדיע"... — האָט זי געטראַכט — „זאָל דער נאַר מיינען, אַז איך נעם עס טאַקע ערנסט"...
„לאָמיך מיטשפּילן די קאָמעדיע"... — האָט זי געטראַכט —
— לאָמיר נישט רעדן וועגן דעם, פּאַניע סאַלאָמאָן!... — האָט זי געזאָגט — איר נעמט זיך צופיל איבער און דאָס טויג

נישט פאַר אײַער שוואַכן געזונט... באַזונדערס איז שוין שפּעט און מען דאַרף אַהיימגיין...

דעם געלן האָט זיך געבעך גאָרנישט געגלוסט נאָך אַהיימצו־גיין... ער האָט זיך דאָך נאָך נישט אָפּיציעל איר דערקלערט אין ליבע...

ס'האָט אים אָבער נישט געפּאַסט זיך געגענצושטעלן דעם ווילן פון זײַן „האַרצנס־געליבטע" און ער איז מיט סאַבינען אַריינ־געגאַנגען אין הויז.

אין דעם דאָזיקן אָוונט האָט די מאַדאַם ווײַנשטײַן אָפּגעהאַלטן מיט איר זון אַ ווײַכטיקע באַראַטונג, וואָס זיי האָבן ווייטער צו טאָן...

— דו האָסט דאָך אַזאַ גרויסן דערפאָלג בײַ מיידלעך... — און בײַ איר רירט זיך עס נישט אויף קיין טריט פאָראויס... — האָט מאַדאַם ווײַנשטײַן נישט געקענט פאַרשטיין.

— נו, וואָס זאָל איך טאָן?...

— מיר מוזן זי נעמען מיט כוח... — האָט מאַדאַם ווײַנשטײַן געזאָגט.

— מיט כוח?... וואָס הייסט?... — האָט סאַלאָמאָן זיך גע־וווּנדערט.

— הער, מײַן זון! דעם שבת־צו־נאַכטס וועל איך פאַרבעטן אַלע באַקאַנטע אויף אַ באַל צוליב דײַן געזונט ווערן, און צוליבן אַרויסראַטעווען סאַבינען פון דער סאַדזעווקע...

— נו, נו? — איז סאַלאָמאָן נײַגעריק געוואָרן.

— אַזוי ווי דער באַל וועט זײַן צוליב אײַך ביידע, וועל איך אײַך צוזאַמען זעצן אויבנאָן...

— נו? נו?...

— און ווען אַלע וועלן זײַן פאַרזאַמלט און טרינקען אַ גלעזל ווײַן, וועל איך זיי צוזויסן טאָן, אַז סאַבינע איז פון הײַנט אָן דײַן כלה...

— און אַז זי וועט מאַכן אַ סקאַנדאַל?...

— דאָס מאַכט נישט אויס...

— וואָס הייסט?

— ערשטנס, וועט שוין זײַן נאָך אַלעם, און צווייטנס, וועט

זי זיך שעמען און מאַכן אַ שווייג...

— אָבער אז זי וועט פאָרט שרייען, אַז זי וויל ניש ?...

— וועל איך דערציילן די געסט, אַז אַזוי ווי דו לעבסט שוין כלומרשט מיט איר אַ לענגערע צייט, האָב איך געוואָלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל שרייבן תנאים...

— אַ... דאָס איז גוט... דאָס איז גוט... — האָט סאַלאָמאָן אָנגעקוואָלן — זאָלסט מיר לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווי קלוג דו ביסט, מייער מאַמעלע...

— דאָס וועט זי אַזוי קאָמפּראָמיטירן, — האָט מאַדאַם וויינשטיין צוגעגעבן, — אַז זי וועט זיין גליקלעך, וואָס דו ווילסט זי...

— ריכטיק, מאַמעלע...

צומאָרגנס באַלד אינדערפרי האָט מאַדאַם וויינשטיין זיך גענומען צו דער אַרבעט.

זי האָט צוגעשיקט איינלאַדונגען צו באַקאַנטע, מ׳האָט זיך גענומען רוימען און פוצן.

סאַלאָמאָן איז פלוצלונג געזונט געוואָרן, ווי אַ פערד... ער איז אומעטום געווען פול און אומעטום געזאָגט אַ דעה...

סאַבינע האָט קיין מינוט נישט קיין צייט געהאַט. אַזוי פיל אַרבעט האָט זי געהאַט.

זי האָט זיך אפילו געוואונדערט, וואָס די קאַרגע מאַדאַם וויינשטיין פראַוועט פלוצלונג בעלער, זי האָט אָבער נישט געפרעגט קיין קשיות און געטאָן דאָס איריקע.

# סאַבינע

ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

**נומער 81** [redacted]

אין דער קיך האָט זיך געררודערט אויף וואָס די וועלט שטייט. מען האָט געבאַקן און געבראָטן, געקאָכט און געפּרעגלט.

מאַדאַם וויינשטיין האָט דאָס מאָל נישט געהאַט צו סאַבינען קיין פּרעטענזיעס, ווי איר שטייגער פּלעגט זיין.

פּאַרקערט, זי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּלויבן סאַבינעס אַרבעט

ביים קייסער אין פּאַלאַץ סערווירט מען נישט שענער דעם טיש, ווי דו האָסט עס געמאַכט. — האָט זי געלויבט סאַבינען און זי צוגעדריקט צו זיך — ביסט אַ וווּנדערלעך מיידל...

סאַבינע איז דערפון גערירט געוואָרן, זי האָט אָבער דאָך נישט געקאָנט אַרויסרופן אין זיך צוטרוי צו דער דאָזיקער פרוי.

ענדלעך האָט זיך דערנענטערט די שעה, ווען די געסט האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען.

מאַדאַם וויינשטיין האָט דאַן אַוועקגערופן סאַבינען פון איר אַרבעט ביים צוהעלפן דער קעכין.

— דו דאַרפסט זיך שוין איבערטאָן. — האָט מאַדאַם וויינשטיין איר געזאָגט מיט אַ זיס שמייכעלע — שוין צייט אַריינצוגיין אין סאַלאָן?...

— וואָס הייסט? — האָט סאַבינע זיך געוווּנדערט — וואָס האָב איך צו טאָן אין סאַלאָן?

— איך וועל דיך דאָס מאָל נישט לאָזן אויסבאַהאַלטן אין קיך, מיין קינד. — האָט מאדאם וויינשטיין דערקלערט — דו וועסט אַריינגיין אין זאַל און זיין טאַקע אויבנאָן, נעבן מיין זון...

— אָך, ניין, ניין... — האָט סאַבינע זיך געבעטן — אויב שוין יאָ אַריינגיין, וועל איך זיך אויך נישט זעצן אויבנאָן. פאַרוואָס קומט עס מיר?

— דער גאַנצער באַל איז דאָך איינגעאָרדנט געוואָרן צוליב מיין זונס געזונט און זיין אַרויסראַטעווען דיך פון דער סאַדזשאַווקע. איר זענט דאָך ביידע די העלדן פון דער שמחה...

— ניין, ניין... — האָט סאַבינע געבעטן — איך האָב צומאָל נישט קיין פּאַסיק קלייד.

מאַדאַם וויינשטיין האָט דאַן אָנגענומען סאַבינען פאַר אַ האַנט און זי אַריינגעפירט אין דערנעבנדיקן צימער. אויפן בעט איז דאָרט

געלעגן אַ פּרעכטיק העל־בלוי זײַדן קלייד פון זילבערנער ליאַ־מע.

— אָט איז אַ ספּעציעל קלייד פאַר דיר, מײַן קינד — האָט מאַדאַם װײַנשטײן אַלץ זיס געשמייכלט.

סאַבינע איז געװען איבעררראַשט... זי האָט שוין אַליין נישט געװוּסט װאָס צו טראַכטן.

„זאָל עס זײַן אמת, אַז די מאַדאַם װײַנשטײן האָט מיך אַזױ ליב, אַז בײַ איר גאַנצער קאַרגשאַפט האָט זי מיר צוגעגרייט אַזאַ עײַן געשאַנק?"

סאַבינע האָט גאָרנישט חושד געװען און אָנגעמאָסטן דאָס קלייד.

זי האָט דערין אױסגעזען באַצױבערנדיק...

— סאַבינקעלע טײַערע! — האָט מאַדאַם װײַנשטײן אָנגעקװאָלן — דו זעסט אױס, װי אַן אמתע פּרינצעסין. אַלע דאַמען װעלן פּלאַצן פון אײַפערזוכט...

ס'איז שוין געהאַט אָנגעקומען אַ היבש ביסל געסט.

מאַדאַם װײַנשטײן האָט אָנגענומען סאַבינען פאַרן אָרעם און זי אַרײַנגעפירט אין סאַלאָן אַרײַן.

אַלע אױגן האָבן זיך דאַן געװענדעט צו דעם שלאַנקן מײדל װאָס האָט איצט אױסגעזען פּרעכטיק.

— דאָס איז מסתמא סאַלאָמאָנס כלה. — האָבן די געסט געשעפּטשעט צװישן זיך.

— אַ פּרעכטיק מײדל.

— שײן װי אַ מלאך.

— ער איז זי נישט װערט.

— אַן אמתע שײנהייט.

— קיין איין פּרוי פון די אָנװעזנדע קאָן זיך צו איר נישט פאַרגלײַכן.

— אַ סימפּאַטיש מײדל. — האָבן צוגעגעבן אפילו די פרױען, װעלכע די אײַפערזיכט האָט געפרעסן.

מען האָט אָנגעהױבן אַרײַנצודערלאַנגען צום טיש און דער פאַרזאַמלטער עולם האָט זיך גענומען אונטערלענגען ס'האַרץ. קלאַפּנ־דיק ריטמיש מיט די לעפל און גאָפּל...

דערנאָך האָט מען דערלאַנגט ווײַן.

מאַדאַם ווײַנשטײַן האָט פריער געהאַט באַשלאָסן באַלד אין אָנהויב צו וויסן צו טאָן די פאַרזאַמלטע וועגן דער פאַרלאָבונג פון סאַלאָמאָנען מיט סאַבינען.

זי האָט זיך אָבער באַרעכנט, אַז עס איז בעסער דאָס צו טאָן נאָך דעם, ווי סאַבינע וועט האָבן געטרונקען ווײַן.

סאַלאָמאָן האָט די גאַנצע צײַט באַשיט סאַבינען מיט קאָמפּלימענטן. ער האָט געמיינט, אַז אַזוי אַרום וועט ער געווינען איר סימפּאַטיע.

אָבער סאַבינע האָט זיך גאָרנישט אײַנגעהערט אין זײַנע רייד. אירע געדאַנקען זענען ווײַט געווען פון דאַנען. זיי האָבן געבלאָנדזשעט אינעם פּאַלאַץ פון איר געליבטן לעאָן...

זי וואָלט גערן איצט אַוועק פונעם דאָזיקן יום־טובדיקן טיש און זיך פאַרמאַכט אין איר אײַנזאַם צימערל. דאָרט וואָלט זי זיך אָפּגעגעבן אירע בענקשאַפטלעכע נאַכטראַכטענישן.

— איך מוז אַרײַן אויף אַ ווײַלע אַ קוק טאָן דערינען — האָט סאַבינע זיך פאַרבירט אַרויסקריגן.

אָבער סאַלאָמאָן האָט זי אָפּגעהאַלטן.

— ניין, פרײַלין סאַבינע. — האָט ער געזאָגט און אָנגענומען איר האַנט — די מאַמע וויל איצט האַלטן אַ טאָאַסט פאַר אונדזער ביידנס געזונט. טרינקען זי אויס נאָך דאָס גלעזל ווײַן.

כדי זיך אָפּצוטשעפּען פון אים, האָט סאַבינע אויסגעטרונקען.

„איצט איז די פּאַסיקע צײַט"... — האָט מאַדאַם ווײַנשטײַן אַ טראַכט געטאָן — „דער עולם איז שוין אַביסל שיכורלעך... ווען איך וועל צו וויסן טאָן וועגן דער פאַרלאָבונג, וועט ווערן א פרײַלעכער טומל"...

„אין טומל וועט מען נישט הערן סאַבינעס פּראָטעסטן"...

מאַדאַם ווײַנשטײַן האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ קלונג געטאָן מיט אַ מעסער אָן אַ גלאָז.

דער עולם וועלכער האָט זיך טומלענדיק געווײַלט און געלאַכט, איז שטיל געוואָרן.

# קאַפּיטל הונדערט איינס

ליזע האָט זיך געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער איר פון שרעק. זי איז שטיין געבליבן און זיך איינגעהערט.

מיט אַ שטאָק נידעריקער האָט עמעץ עפּעס גערעדט. באַלד האָט זי אויך געהערט די טריט פון צוויי פּערזאָן, וועלכע זענען געגאַנגען אַרויף מיט די טרעפּ.

„דאָס איז מאַדאַם מאָרזשעט מיט מסיע בוטאָן"... — האָט ליזע געטראַכט מיט שרעק — „זיי גייען צו מיר"...

באַלד האָט ליזע דייטלעך געהערט זייער שמועס.

— איר קאָנט איצט פריי אַרויפגיין צו איר... — האָט מאַדאַם מאָרזשעט געזאָגט — איך וועל וואַרטן הינטער דער טיר און זיך איינהערן... טאָמער עפּעס־וואָס, וועל איך אַריינקומען...

— איר גלויבט, מאַדאַם מאָרזשעט, אַז איר וועט זיין אַ גרעסערע בריה, ווי איך?... — האָט מסיע בוטאָן געפרעגט, לאַכנדיק.

— אויף יעדן פאַל האָב איך אונטן אַ פּאַרשוין, וואָס וועט זיך מיט איר לייכט אָפּפּערטיקן... — האָט מאַדאַם מאָרזשעט געענטפערט.

ליזע האָט זיך איינגעהערט אין דעם דאָזיקן שוידערלעכן געשפּרעך.

„מען דאַרף עפּעס טאָן". — האָט זי געטראַכט און געציטערט אינגאַנצן פון שרעק — „מען מוז זיך ראַטעווען. אויב נישט, בין איך אַ פאַרלוירענע".

זי איז צוריק אַרויף אין דער הויך און גענומען זוכן עפּעס אַ באַהעלטעניש.

אין דער הויך, נישט ווייט פון די שטיגן, האָט זיך געפונען אַ טיפע, פינצטערע נישע.

ליזע האָט זיך דאָרט אַריינגעפּאַקט, געשטאַנען אַ ציטערנדיקע און געוואַרט.

מאַדאַם מאָרזשעט און מסיע בוטאָן האָבן זיך כמעט אָנ־

געריִרט אָן איר, ווען זיי זענען דורכגעגאַנגען. אָבער זיי האָבן זי נישט באַמערקט.

ווי נאָר זיי האָבן זיך אַ ביסל דערווייטערט, איז ליזע אַרויס פון איר באַהעלטעניש און אַראָפּגעלאָפן איבער די שטיגן אויף אַ שטאָק נידעריקער.

אָבער ווי נאָר זי איז דאָ אַראָפּגעקומען, האָט זי שוין גע־הערט פון דער הויך געשרייען און רופן.

„זיי זוכן מיך שוין"... — האָט ליזע געטראַכט און עס האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן פון שרעק...

זי איז דאַן אַריינגעלאָפן אינעם קאָרידאָר.

זעענדיק, ווי אין איין טיר שטעקט דער שליסל פון דרויסן, האָט זי די דאָזיקע טיר געעפנט און איז אַריין אינעם צימער.

זי האָט פארמאכט די טיר, אַ דריק געטאָן דעם עלעקטרישן קנאָפּ פון דער באַלייכטונג און זיך ארומגעקוקט, וווּ זי גע־פינט זיך.

דאָס צימער דאָ איז געווען ענלעך צו איר צימער אין דער הויך.

„די פענסיאָנערקע, וואָס וווינט דאָ, מוז איצט מסתמא זיין אויפן זאַל", — האָט ליזע געטראַכט — „זי האָט נאָך מסתמא נישט קיין געסט און זי וואַרט".

ליזע האָט אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו אַנטלויפן.

זי איז צוגעלאָפן צום פענצטער.

„אפשר דאָ אַרום אַרויסשפּרינגען אויף דער גאַס און מאַכן אַ געוואַלד?". — האָט ליזע געטראַכט.

דאָס פענצטער איז אָבער אַרויסגעגאַנגען אויף אַ פינצטער, פאַרדעכטיק הינטער־געסל, וווּ מען האָט זעלטן געזען אַ פאַר־בייגייער און דער זעלטענער פאַרבייגייער פּלעגט אויך זיין אַ פאַרדעכטיקטער פּאַרשוין.

זי איז צוריק צוגעלאָפן צו דער טיר, אָבער דאָ האָט זי באַלד דערהערט אַ נערוועז לויפן און שרייען...

„מען זוכט מיך"... — האָט זי געטראַכט.

ווען מסיע בוטאָן איז אַריין אין ליזעס צימער און זי נישט געטראָפן, האָט ער אַרויסגעוואָרפן אַ מיאוסע קללה, און אַ פייף

געטאָן.

— מאַדאַם מאַרזשעט! — האָט ער אַ רוף געטאָן — דאָס פייגעלע איז אייך אַרויסגעפלויגן.

מאַדאַם מאַרזשעט איז ווי אַ דונער אַריינגעפאַלן אין ליזעס צימער אַריין.

— וו־וואָס ?... וו־וואָס זאָגט איר?

זי האָט גענומען זוכן איבערן צימער.

זי האָט געזוכט אין דער שאַנק, אונטערן בעט, אונטערן טיש, הינטער דער פּאָרטיערע — ליזע איז אין ערגעץ נישט געווען.

מאַדאַם מאַרזשעט איז געווען אויסער זיך פון צאָרן.

— דאָס איז אומדערהערט! — האָט זי געשריען — זייט רואיק, מסיע בוטאָן, מיר וועלן זי באַלד געפינען. פון דער „רויטער בלום" אַנטלויפט מען נישט!

מאַדאַם מאַרזשעט און מסיע בוטאָן זענען אַראָפּגעלאָפן און גענומען אויספרעגן די טיר־היטערין.

— האָט איר דאָ נישט באַמערקט אַ פרוי?

— ניין. קיין שום פרוי איז נישט אַרויס פון לאָקאַל — האָט די טיר־היטערין געענטפערט.

זיי האָבן גענומען זוכן.

פאַר אַלעם זענען זיי אַוועק צו די צימערן פון די „פּענסיאָנאַרקעס" זעען, צי האָט זיך נישט ליזע באַהאַלטן אין איינעם פון די צימערן.

עס האָבן מיטגעהאָלפן זוכן אויך מסיע קאַרנאָ און די טיר־היטערין.

זיי זענען געגאַנגען פון צימער צו צימער, געעפנט די שענק, אָפּגערוקט די בעטן, געזוכט הינטער די פּאָרטיערן, הינטער די טישן...

עס האָט פאַרנומען אַ היפּשע צייט.

אַ גרויסער טייל פון די „פּענסיאָנאַרקעס" האָבן זיך נאָך געפינען אויפן זאַל, מען האָט דעריבער געקאָנט פריי זוכן אין זייערע צימערן.

מאַדאַם מאַרזשעט איז נישט מיד געוואָרן זוכנדיק.

— איך מוז זי איצט געפינען! — האָט זי געשריִען מיט צאָרן — איך וועל איר ווייזן אַן אַנטלויפן, אַז זי וועט מיך האָבן צו געדענקען!...

אָבער מסיע בוטאָן האָט שוין פאַרלוירן דאָס געדולד.

— ס'איז שוין שפּעט. — האָט ער געבורטשעט — איך האָב נישט קיין חשק צו פּטרן די נאַכט מיטן זוכן.

— וואַרט־צו. — האָט מאַדאַם מאַרזשעט אים געבעטן — איר וועט זי באַלד האָבן... איך גאַראַנטיר אייך דערפאַר...

— ס'דויערט אָבער צו לאַנג... איך וועל נעמען זוכן אין די אַנטקעגנאיבערדיקע צימערן און איר זוכט אין דער זייט....

דאָס זאָגנדיק, האָט מסיע בוטאָן גענומען זוכן אין די צימערן פון דער אַנטקעגנאיבערדיקער זייט.

אָבער ווען ער איז צוגעקומען צו איינער פון די טירן — איז ער געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער.

די טיר האָט זיך אַליין געעפנט.

מסיע בוטאָן האָט ברייט צעעפנט זיינע אויגן.

מיט שרעק האָט ליזע זיך צוגעהערט, ווי מען זוכט זי אַרום איבער די צימערן.

„נאָך אַ ווײַלע" — האָט זי געטראַכט — „און זיי וועלן צו מיר אַרײַנקומען"...

אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט איר שטערן.

זי האָט זיך איינגעהערט אינעם טופּען פון די זוכנדיקע, אין דעם געטראַסקעריי פון די טירן, געשרייען.

דער טומל האָט זיך דערנענטערט.

„נאָך אַ ווײַלע — און זיי וועלן זיך אַרײַנרײַסן צו מיר אין דאָזיקן צימער". — האָט ליזע געציטערט.

„עס איז טאַקע אמת, אַז איך האָב זיך פאַרשלאָסן, אָבער צי איז דאָס עפּעס אַ באַוואָרעניש".

זיי וועלן טרעפן די טיר פאַרשלאָסן, וועלן זיי אָנקלאַפּן און אַז מען וועט נישט עפענען, וועלן זיי גלייך פאַרשטיין, אַז איך געפין זיך דאָ... און וואָס וועט דאַן זיין?".

ליזען איז אַדורך אַ שוידער דורכן גאַנצן קערפּער ביים דאָזיקן געדאַנק.

— נײן! דאָס טאָר נישט געשען! — האָט זי געשעפּטשעט צו זיך אַלײן — בעסער שוין אומצוקומען, אײדער צו זינקען אינעם דאַזיקן שמוץ.

אַ פּאַרצװײפלטע איז זי צוגעלאָפן צום פענצטער און געװאָלט אַרױסשפּרונגען אױפן ברוק פון דער גאַס.

— װאָס זשע טוט מען? װאָס טוט מען? — האָט זי געשעפּטשעט פאַרצװײפלט.

ליזע האָט געצאַפּלט װי אַ פיש אין דער נעץ.

זי האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, געביסן די ליפּן ביז בלוט.

— װאָס טוט מען? װאָס טוט מען?

און די טריט פון די זוכנדיקע דערנענטערן זיך כסדר, דערנענטערן זיך.

אירע אױגן האָבן הילפלאָז געבלאָנדזשעט איבערן צימער זוכנדיק אַן אױסװעג.

„אפשר באַהאַלטן זיך אין בעט אונטער דער קאָלדרע?... אונטערן בעט? הינטער די פאָרטיערן? — האָט זי געטראַכט — „אָבער אױף די אַלע ערטער װעלן זײ דאָך זוכן...

„אפשר באַהאַלטן זיך אין דער שאַנק?

זי איז צוגעלאָפן צו דער שאַנק און זי געעפנט.

אינעװײניק זענען געהאָנגען פאַרשידענע פרױען־קלײדער, עס זענען געלעגן היטן און שיך.

„אפשר זיך באַהאַלטן צװישן די קלײדער?".

אָבער פּלוצלונג איז איר בליק געפאַלן אױף עפּעס אַ פּעקל, װאָס איז געלעגן אין שאַנק.

ס'איז געװען מענער־קלײדונג און מענער־װעש.

באַלד האָט זי אױך דערזען אין שאַנק אַ מענער־פּאַלטאָ, אַ מענער־הוט און אַ שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל.

עס זענען אױך געלעגן מענער־שיך מיט קאָלירטע שקאַרפּעטן און זאָקן־בענדלעך.

פּלוצלונג האָט אַ געדאַנק אױפגעבליצט אין ליזעס מוח.

די דאָזיקע אַנטדעקונג קאָן מיך ראַטעװען".

זי האָט שנעל פון זיך אַראָפּגעװאָרפן דאָס קלײדל און

די וועש און אויף זיך אַרויפגעצויגן די געפונענע מענער־קליי־דער...

אָנגעטאָן זיך, איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיגל און אַ קוק געטאָן.

דאָס אָנטאָן איז אויף איר געלעגן ווי אויסגעגאָסן.

זי האָט שנעל אויף זיך געכאַפּט דעם פּאַלטן, אַראָפּגע־צויגן דעם הוט איבער די אויגן און אויפגעשטעלט הויך דעם קאָלנער.

אין דער קעשענע פון דער מאַרינאַרקע האָט זי אָנגעטאַפּט אַ פּאַפּיראָסן פּושקע. זי האָט אַריינגעשטעקט די האַנט און זי אַרויסגענומען — עס איז געווען אַ זילבערנע פּושקע, פול מיט פּאַפּיראָסן.

אין דער צווייטער קעשענע האָט זי געפונען אַ זאַפּאַלניטש־קע.

זי האָט דאַן אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און פאַררויכערט.

איצט האָט זי אויסגעזען אַ הונדערט פּראָצענטיקער מאַנס־פאַרשויך...

ביים פאַרמאַכן די פּאַפּיראָסן־פּושקע איז איר בליק געפאַלן אויף עטלעכע אויסגראַווירטע ווערטער און זי האָט ברייט צע־עפנט די אויגן פון פאַרוואונדערונג.

זי האָט איבערגעלייענט:

„מיין ליבן אַדאַמען — אַן אָנדענק פון אונדזער פאַרברענגען אין מאָנטע קאַרלאָ — פּאָלע".

„מאָדנע"... — האָט ליזע געטראַכט — „איז דאָס אַדאַשעס אָנטועכץ?... וואָס האָט ער דאָ געטאָן? פאַרוואָס האָט ער דאָ אי־בערגעלאָזט זיינע קליידער?"

אָבער ליזע האָט איצט נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן וועגן דעם...

אַ ליאַדע מינוט האָט מאַדאַם מאָרזשעט מיט איר קאָנפּאַניע געקאָנט אַריינקומען אינעם צימער.

„וואָס שנעלער אַרויס פון דאַנען"!... — האָט ליזע גע־טראַכט.

ווען זי האָט געהערט, אַז מאַדאַם מאָרזשעט איז אַריין מיט

איר קאָמפּאַניע אין אַ שכנותדיקן צימער, איז זי אַרויס אויפן קאָרידאָר...

אָבער ווי נאָר זי האָט אַריבערגעשטעלט דעם ערשטן טריט איבער דער שוועל האָט זי געפילט ווי די פיס ברעכן זיך אונטער איר פון שרעק.

זי האָט זיך אָנגעטראָפן מיט מסיע בוטאָן...

בוטאָן האָט זי אָבער נישט דערקענט...

ווען בוטאָן האָט געזען, אַז דער „יונגערמאַן" היט זיך און באַהאַלט דאָס פּנים, האָט ער אַליין אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, ווי אַ דזשענטעלמאַן, וואָס וויל נישט עמעצן שטערן...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט מסיע בוטאָן זיך אָנגעטראָפן אין קאָרידאָר מיט מאַדאַם מאָרזשעט.

— איר האָט דורכגעלאָזט אַלע אַנטקעגנאיבערדיקע צימערן?

— האָט מאַדאַם מאָרזשעט געפרעגט בוטאָנען.

— אַלע, אַ חוץ צוויי. דער דאָזיקער דאָ אַנטקעגנאיבער איז פאַרנומען... איך האָב געהערט זיך קושן. מסתמא איז דאָרטן אַ פּאָרל... און פון אָט דעם צימער איז נאָר וואָס אַרויס אַ יונגערמאַן...

— אַ יונגערמאַן? פון דעם צימער? — האָט מאַדאַם מאָרזשעט זיך געוווּנדערט — איר האָט אַ טעות, מסיע בוטאָן...

— כ'האָב אַליין געזען... כ'האָב געוואָלט אַריינגיין זוכן, אָבער אַז כ'האָב געזען אַרויסגיין אַ יונגערמאַן, פאַרשטייט איך, אַז איך האָב נישט דאָרט וואָס צו זוכן...

מאַדאַם מאָרזשעט האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין, מסיע בוטאָן, דאָס איז אוממעגלעך. דאָס צימער געהערט צו מאַדמואַזעל זשאַנעט, וועלכע איז שוין פאַרייזט זינט אַ וואָך.

— דאָס ווייס איך נישט, אָבער דאָס איז זיכער: מיט איין מינוט צוריק איז פון דאַנען אַרויס אַן עלעגאַנטער יונגערמאַן... — האָט מסיע בוטאָן דערקלערט.

— קומט, וועלן מיר זען. — האָט מאַדאַם מאָרזשעט דאַן געזאָגט — אויב איר האָט נישט קיין טעות געהאַט, דאַרף דאָרט זיין איינע פון מיינע יונגע מיידלעך, וואָס האָט זיך דערלויבט

צו באַנוצן זשאַנעטס צימער.

מ׳סיע קאַרנאָ האָט אָנגעקלאַפּט.

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

מ׳סיע קאַרנאָ האָט אַריינגעקוקט דורכן שליסל־לאָך און אַ בורטשע געטאָן.

— ס׳איז ליכטיק דאָרט.

— וואָס איז דאָ, צום טייוול? — האָט מאַדאַם מאָרזשעט זיך אויפגערעגט און זי האָט אויך אַ רוף געטאָן: — ווער איז דאָרט?

אָבער קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן...

מאַדאַם מאָרזשעט האָט דאַן אַ דריק געטאָן די קליאַמקע און איז אַריין אין צימער.

דאָס צימער איז געווען באַלויכטן, אָבער קיינער איז נישט געווען אין אים.

מען האָט אָנגעהויבן זוכן.

מ׳ען האָט אָפּגערוקט דאָס בעט, געזוכט אונטערן טיש, הינ־טער דער פּאָרטיערע, אין דער שאַנק — קיינער איז נישט געווען...

פּלוצלונג האָט מאַדאַם מאָרזשעט באַמערקט, ווי אויפן דיל ליגט אַ קליין נאָז־טיכעלע.

זי האָט עס אויפגעהויבן און דערזען אַ מאָנאָגראַם „ל. ג.".

„ליזע גליקסאָן"! — האָט מאַדאַם מאָרזשעט אויסגערופן און זי איז געל געוואָרן ווי וואַקס... — זי איז געווען דאָ.. טאָ וווּ איז זי?... און ווער איז געווען דער יונגערמאַן, וועלכן מסיע בוטאָן האָט געזען אַרויסגיין?...

מסיע בוטאָן האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן אַ־ריין.

מאַדאַם מאָרזשעט האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פאַרוואונדערונג. אָבער באַלד האָט זי זיך אויך דערמאָנט.

זי האָט זיך דערמאָנט אָן זשאַנעטס גאַסט, וועלכער איז אַנט־לאָפן בעת דער רעוויזיע פון דער פּאָליציי.

„זשאַנעטס גאַסט האָט זיך פאַרקליידעט פאַר אַ פרוי און

איבערגעלאָזט זיין אַנטאָן אין זשאַנעטס צימער... איצט האָט זיך ליזע פאַרקליידט אין זיינע מענער־קליידער..."

„ליזע איז עס אַלזאָ געווען דער עלעגאַנטער „יונגערמאַן", וועלכער איז דורכגעגאַנגען נעבן מסיע בוטאָן... זי איז אַנט־לאָפן...

מאַדאַם מאַרזשעט האָט געפילט, ווי די גאַל פּלאַצט אין איר פון דריקעניש...

„איך מוז זי אָפּזוכן!"... — האָט זי געשריגן און געקריצט מיט די ציין — „ווען עס זאָל מיך קאָסטן דאָס לעבן"...

„אך, ווען איך וועל זי פּאַקן. די טריפהבנע הויט וועל איך פון איר אָפּשינדן"...

— — —

ווען די טיר פון דער „רויטער בלום" האָט זיך פאַרמאַכט הינטער איר, האָט ליזע פרייער אָפּגעאָטעמט.

זי האָט איילניק געשפּרייזט איבערן גאַסן־טראָטואַר און וואָס ווייטער זי איז אָפּגעגאַנגען. אַלץ רואיקער איז זי געוואָרן.

ענדלעך האָט זי זיך געפונען אויף אַ באַלעבטע מאַרסעלער גאַס.

— איך דאַנק דיר, גאָט... — האָט זי געשעפּטשעט — איך בין געראַטעוועט...

„אָבער צי בין איך ווירקלעך געראַטעוועט"... — האָט זי זיך אַליין געפרעגט אין געדאַנק — „צי וועט מאַדאַם מאַרזשעט מיך נישט פּרוּוון נאָכיאָגן און כאַפּן?"...

„און ווי אַזוי וועל איך זיך אַן עצה געבן אין דער דאָזיקער פרעמדער שטאָט אָן אייך פריינד און אָן געלט"...

דאָס ביסל געלט, וואָס איז איר געבליבן אין מאָנטע־קאַרלאָ, האָט זי אַפילו נישט פאַרגעסן מיטצונעמען מיט זיך. אָבער דאָס איז געווען ווייניק.

אַ חוץ דעם, האָט זי נישט געוווּסט ווו אַהינצוטאָן זיך, אין אַ האָטעל אריין — האָט זי מורא געהאַט צו גיין אין די מענער־קליידער, טאָמער וועט מען זי דערקענען.

זי האָט זיך דעריבער אַרומגעדרייט אין די גאַסן און געקלערט אַן עצה וואָס צו טון...

„אַרײַנגײן אין אַ געשעפט און קויפן אַ דאַמען־טואַלעט?״
„דעמאָלט װעל איך אויף זיך שטאַרק ציען די אויפמערקזאַמקייט״.
„אַ חוץ דעם האָב איך דערצו װייניק געלט. איך מוז דאָך האָבן אויף הוצאות פֿון היימצופֿאָרן קיין פּוילן״.
דערװײַל האָט דער הימל אָנגעהויבן העלער צו װערן.
ליזע האָט געצאַפּלט אינגאַנצן, װען זי האָט געטראַכט, אַז זי װעט בײַטאָג זיך נאָך אַרומדרייען אויף דער גאַס.
„בײַטאָג װעט מען זיכער דערקענען, אַז איך בין אַן איבער־געטוענע פֿרוי און איך װעל ציען די אויפמערקזאַמקייט פֿון דער פּאָליצײַ״... — האָט זי געטראַכט.
זי האָט געציטערט פֿאַר שרעק.
— װאָס טוט מען? װאָס טוט מען?... — האָט זי געשעפּטשעט.
נישט קענענדיק די שטאָט, האָט זי געבלאָנדזשעט פֿון איין גאַס אין דער אַנדערער, ביז זי איז פֿאַרקראָכן נאָענט פֿון פּאָרט.
פֿינצטערע געסלעך באַלויכטענע בלויז פֿון די פּײַערלעך, װאָס האָבן אַרויסגעװוּקען פֿון די שענקען און קנײַפּעס...
ס׳האָבן זיך געהערט געשרייען און געלעכטערס פֿון שיכורע מאַטראָזן.
דאָ און דאָרט, האָבן זיך געשלעפּט גרופּעס שיכורים, שרייענ־דיק און זינגענדיק אויסגעלאַסענע לידלעך.
פּלוצלונג האָט ליזע דערהערט אַ פֿאַרצװײפֿלט געשריי פֿון אַ פֿרוי, װעלכע האָט גערופֿן נאָך הילף.
ליזע איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטע און האָט נישט געװוּסט װאָס צו טון.
באַלד האָט זיך באַװיזן די שרייענדיקע פֿרוי, װעלכע איז געלאָפֿן גלײַך צו ליזען...

## קאַפּיטל הונדערט צװײ

איזאַק הילדעבראַנד, נאַטאַנס פֿאָטער, איז געזעסן אין זײַן קאַ־בינעט, װען נאַטאַן איז דאָרט אַרײַנגעקומען.
ס׳איז געװען פֿאַרמיטאָג.

איזאַק איז נאָך נישט געווען קיין אַלטער מאַן, קוים עטלעכע און פופציק יאָר אַלט, ער איז נאָך געווען אַ פרישער און קרעפ־טיקער.

— גוט מאָרגן, פּאַפּאַ! — האָט נאַטאַן באַגריסט דעם פאָטער.

— גוט מאָרגן, נאַטאַן! זעץ זיך. איך דאַרף מיט דיר איבער־רעדן אַ וויכטיקע זאַך.

נאַטאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— ביטע, — האָט ער געזאָגט.

— איך מוז דיר זאָגן, מיין זון, אַז דיין נישט פאַראינטעע־רעסירן זיך איינגאַנצן מיט אונדזער באַנק־הויז פאַרשאַפט מיר גרויס עגמת־נפש...

— וואָס זאָל איך אָבער טון, אַז איך האָב נישט דעם מינדעסטן אינטערעס פאַר בערזע־און באַנק־געשעפטן?

— ניין, מיין ליבער. ווילסטו געניסן פון די דאָזיקע גע־שעפטן, מוזטו אויך פאַר זיי אַרבעטן... דו מיינסט, אַז עס טוט זיך אַליין?... ווי אַזוי, מיינסטו, האָב איך מיין פאַרמעגן דערוואָרבן? דורך אַרבעט!...

נאַטאַן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן...

— דאָס איז איינס. — האָט איזאַק ווייטער געזאָגט. — ווייטער מוז איך דיר צו וויסן טון, אַז אַנדערע געשעפטן האַלטן שמאָל... מען מוז זוכן אַ רעטונגס־מיטל...

נאַטאַן איז בלאַס געוואָרן.

— אַ רעטונגס־מיטל? איך האָב ווירקלעך אַזאַ קנאַפּע אָנונג פון אונדזערע געשעפטן, אַז...

— איך ווייס... איך ווייס... — האָט דער פאָטער אים איבער־געריסן די רייד — ביי דער רולעטקע, פערד־געיעגן און שיינע מיידלעך קאָן מען זיך ווייניק דערוויסן וועגן דעם... אָבער דאָך קאָנסטו עפּעס אויפטון.

— איך?

— דו.

— ווי אַזוי?

— הער מיך אויס מיט קאָפּ. אויף מאָרגן האָב איך איינגע־לאַדן אויף קאָלאַציע מיין פריינד, הער קאָן פון האַמבורג. ער

קומט איצט פון דער ריוויערע, ווו ער האָט פאַרברענגט מיט זיין טאָכטער.

— נו? נו?

נעכטן האָט ער זיך באַזוכט מיט זיין טאָכטער, אַ זעלטענע שיינהייט. לילי הייסט זי. מאָרגן וועסטו זיך קאָנען מיט איר באַקענען...

— גוט... אָבער וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג האָט דאָס מיט אונד־זערע געשעפטן?... — האָט נאַטאַן געפרעגט און פאַרשנדיק אַ קוק געטאָן אויף זיין פאָטער.

— עס האָט... עס האָט... — האָט דער פאָטער געענטפערט — הער קאָן איז איינער פון די רייכסטע מענטשן אין דייטשלאַנד... ווען דו זאָלסט געווינען לילי'ס האַרץ...

— איך וועל זיך נישט לאָזן פאַרקויפן, פאָטער... וועגן דעם איז נישטאָ וואָס צו רעדן...

— פאַרקויפן?... אַז דו וועסט נאָר זען לילין, וועסטו שוין אַנדערש רעדן...

— מעג זי זיין די שענסטע אַפילו, וועט אויך דערפון גאָרנישט זיין... ליבע איז נישט קיין האַנדלס־טראַנזאַקציע...

— שען... שען... — האָט דער פאָטער געזאָגט מיט שפּאָט — אָבער צו ווייסטו, מיין זון, וואָס עס הייסט אַזוינס פאַרדינען אויף פרנסה?... דו רעדסט, ווי אַן אַכצן־יעריקער יינגל.

— איך קאָן זיך נישט פאַרקויפן צו אַ פרוי, וועלכע איך ליב נישט!... — האָט נאַטאַן זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.

איזאַק האָט מיט זיין שאַרפן בליק זיך איינגעשפּיזט אין זיין זונס געזיכט...

— זאָג מיר נאָר, מיין זון, צי ביסטו נישט אַמאָל פאַרליבט?

— ווי פאַלסטו אויס, פאָטער?



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

**נומער 82**

— אַזאַ דערוואַקסענער, רייפער יונגערמאַן, ווי דו, הויבסט אָן שיטן מיט סענטימענטאַלע פראַזן, איז עס א גענוג דייטלעכער סימן, אַז דו ביזט פאַרליבט... ווער איז דיין אויסדערוויילטע?

נאַטאַן האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער געענטפערט:

— איך האָב זיך באַקאַנט מיט איר אין מאָנטע־קאַרלאָ... איך האָב זי געטראָפן ביי איר חתן, אַ פוילישן אינדוסטריעלער מיטן נאָמען שטיינזאַלץ.

— גרינהאָרן, דאַרפסט זען וואָס שנעלער פטור צו ווערן פון איר... זאָג וואָס דאַרף עס קאָסטן?

— איך דערלויב דיר נישט, פאָטער, אַזוי צו רעדן וועגן איר... איז נאַטאַן שוין בייז געוואָרן — ווען דו וואָלסט זי געקענט.

— אדרבה — באַקען מיך מיט איר...

— אַז דו זאָלסט זי באַליידיקן?

— דו קענסט נישט דיין פאָטער, מיין זון... איך בין קיינמאָל נישט אומהעפלעך, נאָך דערצו צו פרויען... איך וויל בלויז רעדן מיט איר און איבערצייגן זיך, צי זי ליבט דיר טאַקע אַזוי הייס, ווי דו ליבסט זי.

— נו גוט. — האָט נאַטאַן איינגעשטימט — איך גיב דיר איר אַדרעס און באַזוך זי. וועסט זיך אַליין איבערצייגן, וואָס פאַר אַ זעלטן מיידל מיין פאָלע איז און וועסט מיך לאָזן צורו מיט לילין.

— נו. — האָט איזאַק געשמייכלט, — אָבער באַקענען זיך מיט לילין מעגסטו דאָך, קיין ביס וועט זי דיר נישט טאָן...

נאַטאַן איז אַוועק פון זיין פאָטערס קאַבינעט אַ צופרידענער. ער איז זיכער געווען, אַז ווען דער פאָטער וועט דערזען פאָלען, וועט ער אנטציקט ווערן פון איר.

ער האָט געגלויבט אין פאָלעס אויפריכטיקער ליבשאַפט.

„אַ באַווייז, ווי גרויס עס איז איר ליבע צו מיר, אַז זי האָט צוליב מיר אַוועקגעוואָרפן איר מיליאָנערישן חתן".

נאַטאַן האָט געגלויבט אין דעם, וואָס פאָלע האָט אים איינגערעדט, אַז אַדאַש איז אַ מיליאָנער און זיין אָנפאַל איז געווען בלויז צוליב אייפערזוכט.

— פאַרוואָס־זשע האָט ער דיר געוואָלט אַרויסרייסן דעם בייטל? — האָט נאַטאַן זיך געוווּנדערט.

—ער האָט דען געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים? ער איז דאָך משוגע פון אייפערזוכט... — האָט פאָלע געגעבן צו פאַר־שטיין נאַטאַנען.

נאַטאַן איז איצט געלאָפן הענדום־פענדום צו פאָלען אָנצו־זאָגן איר די בשורה וועגן זיין פאָטערס באַזוך...

אין פראַנקפורט האָט נאַטאַן איינגעאָרדנט פאַר פאָלען אַ פּרעכטיקע וווינונג. עס איז געווען אַן אמתע ליבעס־נעסט.

אָבער פאָלע האָט זיך דאָרט געלאַנגווייליקט...

עס איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, אַז ווען נאַטאַן איז צו איר אַריינגעקומען, האָט זי זיך דערפרייט מיט אים און אַרומ־געכאַפּט זיין האַלדז מיט אירע אָרעמס.

— טייערער... כ'האָב שוין אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך דיר!... — האָט זי אים באַשיט מיט לײַדנשאַפטלעכע קושן.

נאַטאַן האָט אַ זיפץ געטאָן...

— וואָס זיפצסטו מיר עפּעס, האַ? — האָט פאָלע זיך דער שראָקן — וואָס איז געשען?

— דער פאָטער פאַרפּייניקט מיך... — האָט נאַטאַן זיך גע־קלאָגט.

— וואָס? ער וויל דיך איינמאַרינירן אין זיין ביוראָ?

— נאָך ערגער!

— וואָס הייסט?

— ער וויל מיך חתונה מאַכן...

— חתונה מאַכן? מיט וועמען?

— איך ווייס? מיט עפּעס אַ רייכער ציג.

— און וואָס זאָגסטו דערצו?

— איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב אַ געליבטע.

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט?

— ער האָט געוואָלט דיר געבן אַ ביסל געלט, אַז דו זאָלסט מיך באַפרייען... איך האָב אָבער דערקלערט, אַז דאָס זענען אומ־זיסטע רייד...

פאָלעס אויגן האָבן פריינטלעך אויפגעלויכטן...

„כ קאָן דאָ פּאַקן אַ פיינע אַפּותּיקאַ"... — האָט פּאָלע זיך געטראַכט.

— פאַרשטייט זיך, אומזיסטע רייד... — האָט זי געזאָגט. — דאָס וואָלט געווען אַ לעסטערונג פון אונדזערע הייליקע ליבעס־געפילן.

„פאַר פופציק טויזנט מאַרק וועל איך אים באַפרייען"... — האָט זי זיך געטראַכט. — „קיין איין פעניק ווינציקער וועל איך נישט נעמען".

דער היציקער נאַטאַן זאָל נאָר נישט קאַליע מאַכן דעם גאַנצן עסק".

— טייער מיידל מיינס! — האָט נאַטאַן זי געטוליעט צו זיך — דו ווייסט? מיין פאָטער וויל זיך באַקענען מיט דיר...

— דיין פאָטער?

—יאָ. איך האָב אים געגעבן דיין אַדרעס און ער וועט דיך באַזוכן.

— גוט. איך וועל קעגן אים קעמפן, ווי אַ לייב, פאַר אונדזער ליבע...

און אין האַרץ האָט זי זיך געטראַכט:

„אפשר וועט דער אַלטער געבן פופציק טויזנט מאַרק... איך וואָלט דעמאָלט ערשט רעכט געקאָנט מאַכן אַ גרויסע קאַריערע".

— — — —

באַלד צומאָרגנס נאָכמיטאָג איז איזאַק אַוועק אויף זיין באַזוך צו פּאָלען.

ער האָט געוואָלט די זאַך דערליידיקן נאָך פאַר דער קאָלאַציע...

„פאַר אַ שיינער מטבע וועט זי זיכער אָפּלאָזן נאַטאַנען"... — האָט ער זיך געטראַכט.

— אַנטשולדיק מיר, פריילין, פאַר מיין פּלוצלונגן באַזוך...

— האָט איזאַק געזאָגט, ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען צו פּאָלען

— איך בין נייגעריק זיך צו באַקענען מיט דער אויסדערוויילטער פון מיין איינציקן זון...

— זייער אָנגענעם. זייער אָנגענעם. — האָט פּאָלע געשטאַמלט.

„ווו האָט נאַטאַן געהאַט די אויגן?"... — האָט ער זיך געטראַכט — „נישט זי איז שיין און נישט אינטערעסאנט. אַ פּראָסט מיידל מיט שרייענדיק געפאַרבטע ליפּן און האָר".

„זי איז אַ לײדנשאַפטלעכע פרוי. דאָס דערקענט מען. דאָס האָט נאַטאַנען גענומען".

— עס פרייט מיך זייער, וואָס מיין זון האָט אַזאַ גוטן געשמאַק. — האָט איזאַק צוגעגעבן.

— פריילין בערמאַן, איך האָב צו אייך אַ ביטע. — האָט איזאַק גענומען צוגיין צו דער זאַך.

— ביטע זייער.

— איר ווייסט. אַז נאַטאַן איז מיין איינציקער זון?

— איך ווייס.

— ער איז אַלזאָ מיין איינציקער יורש. מיינע געעשפטן זענען זייער קאָמפּליצירטע. מען דאַרף אַ סך אַרבעטן, כדי זיך מיט זיי צום באַקענען. נאַטאַן ווייזט אָבער נישט אַרויס צו זיי דעם מינדסטן אינטערעס.

— ריכטיק, הער הילדעבראַנד! איך האָב עס אים שוין לאַנג באַמערקט. אָבער פאַרוואָס רעדט איר ווײַגן דעם מיט מיר, איך האָב דען אויף אים אַזאַ שטאַרקן איינפלוס?

— אויב מען ליבט עמעצן, וויל מען וואָס מער זיין מיט אים צוזאַמען און עס וואָלט געווען נאַריש פון מיין זייט צו פאָדערן פון אייך. אַז איר זאָלט זאָרגן פאַר נאַטאַנס פאַרמעגן, וואָס וועט געהערן צו אַן אַנדער פרוי.

פאָלע האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, צו וואָס איזאַק צילט.

— איך פאַרשטיי... איך בין דאָך נישט אייער זונס כלה... — האָט זי געזאָגט — כאָטש איך האָב צוליב אים איבערגעריסן מיט מיין חתן, איינער פון די רייכסטע פאַבריקאַנטן אין פוילן...

זי האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און צוגעגעבן מיט אַ כלומרשטער פאַרביטערטקייט:

— איך פאַרשטיי, אַז נאַטאַן וועט מיך פריער אָדער שפּעטער אַוועקוואַרפן.

— עס פרייט מיך זייער, וואָס איר זענט אַ פאַרשטענדיקע... —

האָט איזאַק געזאָגט מיט צופרידנקייט — איך מיין דעריבעד, אַז עס איז גלייכער פריער איידער שפּעטער. מיין זון מוז שוין התונה האָבן.

פּאָלע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי די דאָזיקע ווערטער וואָלטן זי צעשמעטערט... זי האָט פּאַרדעקט אירע אויגן, מיט אַ טיכעלע און זי האָט אָנגעהויבן צו כליפּען.

— אַנטשולדיקט... — האָט זי געהעשעט — דער קלאַפּ איז אַ צו שטאַרקער... איך קאָן זיך נישט באַהערשן. איך בין איצט פולשטענדיק צעשמעטערט, מאָראַליש און אויך מאַטעריעל.

„אַהאַ"... — האָט איזאַק זיך געטראַכט — „ענדלעך בין איך מיט איר אַרויס אויף אַ וועג".

— אַך! — האָט איזאַק זיך אָנגערופן — צי גלויבט איר, אַז איך וואָלט דערלויבט, אַז איר זאָלט אַוועקגיין אַ ליידיקע? גאָט באַהיט! איך וועל אייך געבן אַ סומע געלט, וואָס זאָל פאַר אייך גענוגן אויף אָנצוהויבן אַ ניי לעבן...

פּאָלע האָט אין זיך דערשטיקט די פרייד - געפילן, וואָס האָבן זי איצט אַרומגעכאַפּט.

— איר ווילט פאַר מיין ליבע מיר באַצאָלן מיט געלט?... — האָט זי ווייטער געכליפּעט.

— אַך... — האָט איזאַק זיך אָנגערופן — וואָס פאַלט אייך עפּעס איין?... איך וויל בלויז זאָרגן פאַר אייער צוקונפט... איידער איר וועט אַהיימפאָרן, וועל איך אייך אויסצאָלן צען טויזנט מאַרק.

פּאָלע איז אויפגעשפּרונגען, ווי פונעם ביס פון אַ שלאַנג...

— דאָס איז אומדערהערט! — האָט זי אויסגערופן — צען טויזנט מאַרק?

— וויפל דען? — האָט איזאַק רואיק געפרעגט.

— מינדעסטנס פופציק טויזנט.

— מינדעסטנס?.. איר שאַצט צו הויך אייער ליבע צו מיין זון... פאַר מיר איז זי נישט אַזוי פיל ווערט. — האָט איזאַק געזאָגט מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע. פופצן טויזנט קאָן איך געבן...

— ניין.

— אַ שאָד... ביז מאָרגן אָוונט גיב איך אייך צייט... אויב איר וועט נישט איינגיין אויף מיין פאָרשלאַג, וועט פאַר אייך זיין

ערגער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, זיך העפלעך פאַר־נויגט פאַר פּאָלען און איז אַרויס...

— אַזאַ אַלטער הונט! — האָט פּאָלע אַ בורטשע געטאָן ווען זאָלסט אפילו פּלאַצן, וועל איך נישט נעמען קיין איין פעניק ווייניקער, ווי פופציק טויזנט מאַרק...

„מאָרגן... מאָרגן... — האָט זי געטראַכט מיט פרייד — „מאָרגן קריג איך פופציק טויזנט מאַרק".

קאַפּיטל הונדערט דריי

## אין דער פאַרברעכערישער נעץ

— נו, וואָס הערט זיך הער דאָקטאָר? — האָט רעגינע גע־פרעגט.

זי האָט לאַנג געוואַרט מיט אומגעדולד, ביז דער דאָקטאָר איז אַרויסגעקומען פונעם קראַנקן לעאָן.

אַ שעה צייט האָט זי אַזוי געוואַרט.

דער דאָקטאָר האָט געהויבן די אַקסלען.

— ליידער... — האָט ער געזאָגט — איך האָב פאַר אייך נישט קיין פריילעכע נייעס. אייער מאַן איז געריירט געוואָרן פון זיי־נען. ווער ווייסט, צי מען וועט אים קאָנען אויסהיילן.

רעגינע האָט פאַרבראָכן די הענט.

— גאָט מיינער. גאָט מיינער. — האָט זי געכליפּעט — צי איז דאָס מעגלעך? וויסט און פינצטער איז מיין לעבן!. צי רעדט ער. חלילה, נישט צו דער זאַך?

— ליידער — האָט דער דאָקטאָר אַ זיפץ געטאָן . — ער האַלט אין איין רעדן וועגן מייקעלסאָנען. זעט אויס, אַז דער דועל האָט אויף אים געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז ער קאָן נישט פאַרגעסן וועגן דעם.

רעגינע האָט געכאַפּט אַ טיכעלע צו די טרוקענע אויגן...

— גאָט מיינער. גאָט מיינער. — האָט זי געיאָמערט — פאַר־

וואָס שטראָפסטו מיך אַזוי שווער? ווי אזוי וועל איך איצט לעבן און אויסהאַלטן?

זי האָט אַ יאָמערדיקע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פּאָטעל.

דער דאָקטאָר איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון רעגינעס יאָמערן...

ער האָט זי געפּרוווט טרייסטן.

— באַרואיקט אייך, מאַדאַם קייזערשטיין... פאַרצווייפלען דאַרף מען קיין מאָל נישט. מיר איז אויסגעקומען אין מיין פּראַקטיק צו זען וווּנדער, פאַר וועלכע די מעדיצין שטייט, ווי פאַר אַ רעטעניש.

— גלויבט איר, הייסט עס, אַז לעאָן קאָן נאָך געזונט ווערן?

— ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך.

— אָבער וואָס טוט מען? וואָס טוט מען איצט, הער דאָקטאָר? גיט אַן עצה!

— מיין איינציקע עצה איז: אַריבערפירן אים אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע. איך האָב אים פאָרגעלייגט אַריבערצופירן כלומרשט אין אַ סאַנאַטאָריע.

— נו? ער וויל?

— ער האָט זיך אָנגעכאַפּט דערין. „דאָרט, ווייט פון מיינע שונאים, וואָס לויערן אויף מיין לעבן, וועל איך קאָנען קומען צו זיך"... האָט ער געזאָגט.

רעגינע האָט אַ זיפץ געטאָן...

— גאָט מיינער. גאָט מיינער. — האָט זי ווייטער געכליפּעט — ווי אַזוי וועל איך דאָס איבערהאַלטן?... מיין לעאָן, מיין טייערער מאַן.

— באַרואיקט אייך, טייערע מאַדאַם קייזערשטיין. — האָט דער דאָקטאָר זיך באַמיט זי צו טרייסטן — מען דאַרף צוגרייטן דאָס אַריבערפירן דעם קראַנקן אין אַנשטאַלט. עס וואָלט גוט געווען דאָס צו טאָן שוין מאָרגן אין דער פרי.

— געוויס... אויב מען דאַרף, קאָן עס נאָך געשען היינט נאָך מיטאָג... — האָט רעגינע דערקלערט.

— אַזוי איילן קאָן מען זיך נישט. — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — מען מוז פריער באַשטעלן אַ צימער, רעדן מיט דעם

דאָקטאָר, וואָס פֿאַרוואַלטעט מיטן אַנשטאַלט.

— איך דאַנק אײַך, איך דאַנק אײַך, הער דאָקטאָר, פֿאַר אײַער איבערגעגעבנקייט, — האָט רעגינע געדריקט דעם דאָקטאָרס האַנט, — איך וועל עס אײַך קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן...

דער דאָקטאָר האָט זיך אָפּגעזעגנט, קושנדיק רעגינעס האַנט.

— מאָרגן אין דער פֿרי וועט קומען דאָס קעטשל מיט צוויי וועכטער. — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — זיי וועלן האָבן מיט זיך אַ משוגעים־העמד, כּדי צו זײַן זיכער אויף יעדן פֿאַל.

ווי נאָר דער דאָקטאָר האָט פֿאַרלאָזט דאָס צימער, האָט רע־גינע פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן די מאַסקע פֿון טרויער.

אירע אויגן האָבן פֿריידיק אויפֿגעלויכטן און אויף אירע ליפּן האָט זיך געשפּילט אַ זיגעריש שמייכעלע.

— איך דאַנק דיר גאָט. — האָט די געמיינע רעגינע פֿאַר־שוועכט דעם נאָמען פֿון גאָט. — אַבי עס האָט זיך גוט געענ־דיקט. ער זאָל נאָר, חלילה נישט ווידער געזונט ווערן.

די טיר האָט זיך געעפֿנט און דער אַלטער סאַמועל קייזער־שטיין איז אַרײַנגעקומען.

ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, ביז דער דאָקטאָר איז אַוועק, ער האָט שוין געוואָלט וויסן, וואָס עס הערט זיך.

— נו, רעגינע? וואָס הערט זיך? — האָט דער אַלטער גע־פֿרעגט.

ס׳איז גוט, פּאַפּאַ. בעסער קאָן שוין נישט זײַן.

— וואָס הייסט? — ער האַלט בײַ שטאַרבן?

— חלילה...

— טאָ וואָס זשע פֿרייסטו זיך אַזוי?

— ער איז משוגע געוואָרן?

— ווער? לעאָן?

— מאָרגן פֿירט מען אים אַריבער אין אַ משוגעים־אַנ־שטאַלט...

— וואָס הייסט? איך פֿאַרשטיי נישט... וואָס איז דאָ פּלוצ־לונג געשען?

— וואָס עס איז געשען?... — האָב נישט קיין מורא, פּאַפּאַ, דײַן טאָכטער האָט אַ קאָפּ.

— רעד קלאָרער... — האָט דער פאָטער געבעטן — איך פאַר־שטיי גאָרנישט.

— זעסטו שוין? און דערצו האָט מיר צוגעהאָלפן דזשיי־קאָב... דער זעלבער דזשייקאָב, וואָס געפעלט דיר נישט. לעאָן האָלט כסדר אין איין רעדן וועגן אים און דאָס האָט צוגעהאָלפן דורכפירן מיין פּלאַן.

— דו רעדסט און דו רעדסט און איך ווייס נאָך גאָרנישט...

— איז סאַמועל שוין געוואָרן אומגעדולדיק — וועגן וואָסער פּלאַן רעדסטו? איך פאַרשטיי גאָרנישט.

— איך האָב געזאָגט דעם דאָקטאָר, אַז לעאָן ליידט אויף אַ פאַרפאָלגונגס־מאַניע. לעאָנס רייד האָבן אים דערין איבער־צייגט... דער דאָקטאָר איז איצט זיכער, אַז לעאָן האָט זיך בלויז איינגערעדט, אַז איך פאַררעט אים מיט דזשייקאָבן.

— המ... המ... — האָט דער אַלטער אויסגעוואָרפן אַ ברום גע־טאָן.

— קיינער האָט דאָך דזשייקאָבן נישט געזען... פאַרשטייסט. פּאַפּאַ? עס לייגט זיך דעריבער אױפן שכל, אַז לעאָנס חשדים זענען בלויז אַ קרענקלעכע איבערבלייבעניש פונעם דועל...

דער אַלטער האָט זיך אַ רייב געטאָן די הענט פון גרויס פרייד...

ווי עס זאָל נישט זיין, וועלן מיר לעאָנען איינמאָל פאַר אַלע־מאָל פּטור ווערן... — האָט דער אַלטער געקוואָלן. — איך וועל איבערנעמען די אַפּוטרופּסות איבער דיר און איבער לעאָנס פאַר־מעגן...

— וואַרט אַ וויילעטשקע. — האָט רעגינע זיך אָנגערופן און שאַרף אַ קוק געטאָן אין איר פאָטערס גנבישע אויגן אַ־ריין — איך וועל זיך, מיט גאָטעס הילף, אַליין אויך געבן אַן עצה...

— וואָס הייסט?

— דאָס הייסט, ליבער פאָטער, אַז איך וועל אַליין מיט אַלץ פאַרוואַלטן...

דער אַלטער קייזערשטיין איז בלויז געוואָרן פון צאָרן.

— און דער אַמעריקאַנער וועט זיין דיין באַהעלפער, האַ?...

— האָט דער אַלטער געבורטשעט — איך ווייס, וואָס דו ווילסט... אָבער וואַרט אַ ביסל. קענסט מיך נאָך נישט.

— וואָס, אַ שטייגער, קאָנסטו מיר טאָן ?... — איז רעגינע שוין בייז געוואָרן.

— וואָס איך קאָן דיר טאָן ?... טאַקע אַ פראַגע... איך קאָן דיר, פאַרשטווייסטו מיך, קאַליע מאַכן די גאַנצע שפּיל... איין וואָרט און אַלץ איז אויס, טאָכטערשי...

— הער, פּאַפּאַ... לאָמיר שפּילן אין אָפענע קאָרטן...

— איך האָב מיינע קאָרטן שוין געעפנט, טאָכטער.

— טאָמער ווערסטו מיר שטערן, ווערסטו ברענגען שאָדן נישט נאָר מיר, נאָר נאָך מער דיר אַליין. ווייל אַזוי ווערסטו קריגן אַ שיינעם חודש־געהאַלט, אַז דו וועסט קאָנען פירן אַ ברייט לעבן...

— און וועסט אַלץ אַוועקגעבן דעם אַמעריקאנער, ווי הייסט ער דאָרט ?

— דאָס לאָז כּאַר מיר ! אויב דו וועסט עפּעס טאָן קעגן מיר אָדער קעגן דזשייקאָבן, וועסטו מער פון מיר נישט קריגן קיין איין גראָשן, ווען דו זאָלסט אפילו שטאַרבן פון הונ־גער...

— פיין. פיין — האָט דער אַלטער געבורטשעט.

— איך ראַד דיר דעריבער צו מאַכן אַ שווייג און זיין צו־פרידן דערפון, וואָס איך גיב דיר. — האָט רעגינע מיט אַ בייזן טאָן צוגעגעבן

— אַ געטריי טעכטערל... נישטאָ וואָס צו רעדן... — האָט דער אַלטער געזאָגט.

— דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון בוים... — האָט רעגינע געענטפערט.

דער אַלטער האָט געזען, אַז ער איז א פאַרשפּילטער, ער האָט דעריבער אָנגעהויבן מיט גוטן.

— פונדעסטוועגן וועסטו דאַרפן דעם טאַטנס אַן עצה... — האָט ער געזאָגט.

— — — — — —

דער אומגליקלעכער לעאָן האָט גאָרנישט געוווּסט, וואָס עס וואַרט אויף אים.

„נאָך גוט, וואָס איך האָב דעם דאָקטאָר"... — האָט לעאָן גע־טראַכט — „אין דער סאַנאַטאָריע וועל איך קאָנען קומען צו זיך... צווישן די דאָזיקע וועלף וואָלט איך דאָ אומגעקומען".

„די דאָזיקע רעגינע מיט איר פאַרברעכערישן פאָטער זענען פעאיק אויף אַלץ. עס איז נישטאָ די נידערטרעכטיקײַט, פאַר וועל־כער זיי זאָלן זיך אָפּשטעלן".

„זיי זענען גרייט מיך אומצוברענגען".

„ווי נאָר איך וועל געזונט ווערן, וועל איך זיך באַמיען אָפּ־צוגטן רעגינען... זאָל זי גיין צו דעם אַמעריקאַנער קאַרליק... איך וויל זי מער נישט קענען".

דערנאָך וועל איך אָפּזוכן סאַבינען און חתונה האָבן מיט איר".

עס האָט זיך דערנענטערט דער אָוונט.

אַ פאַרמאַטערטער, איז לעאָן איינגעשלאָפן אין אַ טיפן שלאָף.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען טאָג.

ער האָט זיך איצט געפילט פיל געזונטער און קרעפטי־קער.

לעאָן האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין געלעגער און אַ ביסל זיך איבערשפּאַצירט איבער דער שטוב.

אָפּגעגעסן פרישטיק, האָט ער זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין...

באַלד איז פאַרפאָרן פאַרן פּאַלאַץ דאָס קעטשל פונעם סאַ־נאַטאָריום. עס זענען פון דאָרט אַרויסגעשטיגן דער דאָקטאָר און צוויי וועכטער.

לעאָן האָט זיך דערפרייט מיט דעם דאָקטאָר. ער האָט זיך נישט געזעגנט מיט קיינעם און איז אַריין אינעם קעטשל.

איידער די טירלעך פונעם קעטשל האָבן זיך פאַרמאַכט, איז לעאָנס בליק געפאַלן אויף איינעם פון די פּאַלאַץ־פענצטער. זיין געזיכט איז רויט געוואָרן פון צאָרן.

אין פענצטער איז געשטאַנען דער אַלטער סאַמועל און זיך צו־געקוקט ווי לעאָן זעצט זיך אַריין אין קעטשל...

ווען דער אַלטער האָט געזען, אַז לעאָן זעט אים, האָט ער געוואָלט אַנטלויפן. עס איז אָבער געווען צו שפּעט.

אין לעאָנען האָט דאָס בלוט אויפגעקאָכט פון צאָרן.

ער האָט אויפגעהויבן אַ פויסט קעגן פענצטער און אויסגע־רופן:

— דו... אַלטער הונט! לאָמיך נאָר געזונט ווערן, וועל איך דיך שיקן צום טייוול צוזאַמען מיט דיין טאָכטער און איר קאָכאַ־נעק! דו אַלטער טייוול, דו!

אָבער די טירלעך פונעם קעטשל האָבן זיך פאַרהאַקט און דאָס קעטשל האָט גערירט פון אָרט.

פול מיט טרויער און רחמנות האָט דער דאָקטאָר געקוקט אויף לעאָנען.

די סצענע פאַרן אָפפאָרן האָט נאָך פאַרשטאַרקט אין אים די איבערצייגונג, אַז לעאָן איז משוגע.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך לעאָן באַרואיקט פון זיין אויפ־רעגונג.

ער האָט איצט באַדויערט, פאַרוואָס ער האָט זיך נישט געק־קאָנט באַהערשן אין דער אָנוועזנהייט פון פרעמדע מענטשן.

כדי צו פאַרווישן דעם שלעכטן איינדרוק, האָט ער זיך גענו־מען רעדן מיטן דאָקטאָר וועגן פאַרשידענע זייטיקע זאַכן.

ער איז אָבער צופיל געווען באַהערשט פון זיינע איבערלע־גונגען, אַז ער זאָל קאָנען רעדן וועגן אַנדערע זאַכן און נישט צוריקקערן זיך צו דער פאַררעטערישער רעגינען און איר גע־מיינער פאָטער.

דער דאָקטאָר האָט נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון אים. ער האָט נאָכגעפאָרשט זיין יעדע באַוועגונג און יעדעס וואָרט...

אָבער וואָס אַ ווײַלע איז ער אַלץ זיכערער געווען, אַז לעאָן איז משוגע.

דערנאָך האָט לעאָן זיך ווידער פאַרטיפט אין זיינע גערדאַנ־קען.

„נאָך עטלעכע וואָכן און איך וועל זיך אומקערן אַהיים"... — האָט ער געטראַכט — „איך וועל אָפּגטן רעגינען און דאַן... וועט גאַרנישט שטיין צווישן מיר און סאַבינען"...

„אַך, סאַבינע... טייערע... האַרציקע!"

דער געדאַנק וועגן סאַבינען האָט אים אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט, ווי די שעהן זענען אַוועק.

דאָס קעטשל איז פאַרפאָרן פאַרן סאַנאַטאָריום.

עפּעס אַ מאָדנע סאַנאַטאָריע איז דאָס געווען.

אַנשטאָט אַ העלער, פרייער געביידע — אַ פירעקעכדיקער טונקעלער בנין, ווי אַ קאַסטן. פיל ענלעכער צו אַ תפיסה אָדער אַ קאַזאַרמע, ווי צו אַ הייל־אַנשטאַלט.

אַרום איז טאַקע געווען אַ גרויסער גאָרטן. ער איז אָבער געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער, גרויער מויער, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַן אומעט.

אָבער צום מינדעסטן האָט לעאָנען פאַרוואונדערט דאָס, וואָס אַלע פענצטער זענען געווען פאַרקראַטעוועט.

— וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ סאַנאַטאָריע? — האָט ער געפרעגט דעם דאָקטאָר — עס זעט דאָך גיכער אויס, ווי אַ תפיסה?

— מיר זענען פאַרפאָרן צום הינטערשטן אַרייַנגאַנג פון דער סאַנאַטאָריע... — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט. — אין פראָנט איז די געביידע אַ סך סימפּאַטישער...

— און פאַרוואָס זענען די פענצטער פאַרקראַטעוועט?

— אויך נאָר פון דער זייט... דאָ איז אַן אָפּטיילונג פאַר גייסטיק־קראַנקע.

זיי זענען אַרויס פונעם קעטשל און זיך גענומען אַרייַנגיין אין אַנשטאַלט.

דעם דאָקטאָר האָט וויי געטאָן דאָס האַרץ.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז דער בליענדיק־יונגער לעאָן ווייסט גאָרנישט, אַז ער גייט איצט אַרייַן אין דעם הויז, וואָס ער וועט שוין קיין לעבעדיקער נישט פאַרלאָזן.

„ווי רואיק ער גייט עס"... — האָט דער דאָקטאָר געטראַכט מיט מיטגעפיל.

ער האָט זיך שיעור נישט צעוויינט.

„וואָס זאָל מען אָבער טאָן?" — האָט ער ווייטער געטראַכט — „כ'האָט דאָך אים געמוזט איזאָלירן, אַז ער זאָל נישט קאָנען

זיין שעדלעך פאַר זיין סביבה".

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אינעם וואַרטע־זאַל, איז לעאָנס פּאַרוואונדערונג נאָך מער געוואַקסן.

ער איז שוין נישט איינמאָל געווען אין אַ הייל־אַנשטאַלט, אָבער ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַ וואַרט־זאַל מיט ליידיקע ווענט און מיט לאַנגע בענק.

קיין קראַנקן האָט מען נישט געזען פאַר די אויגן. פון וויל צו וויל פלעגט בלויז דורכאיילן אַ קראַנקן־שוועסטער אָדער אַ וועכטער.

לעאָן האָט נישט באַוויזן צו פרעגן דעם דאָקטאָר, פאַרוואָס ער האָט אים נישט געפירט אין אַ באַקוועמערן סאַנאַטאָריום, ווי עס איז צו זיי אַרויסגעקומען אַ וועכטער און זיי אַרויפגעפירט אויפן ערשטן שטאָק.

אין דער הויך האָט שוין אַ ביסל פיינער אויסגעזען. אינעם לאַנגן קאָרידאָר איז געלעגן אַ ווייכער דיוואַן. ביי די ווענט פוןביידע זייטן זענען געשטאַנען צוויי רייען הויכע פאַלמען.

אויף קליינע טישלעך זענען געלעגן צייטונגען און זשור־נאַלן.

אויף דעם דאָזיקן שטאָק האָבן זיך געפונען די פּריוואַט־צימערן פון די דאָקטוירים און די קאַנצעלאַריע.

אויף די טירן זענען געהאָנגען אויפשריפטן:

„אַריינגאַנג שטרענג פאַרבאָטן".

לעאָן און דער דאָקטאָר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי איינעם פון די טישלעך און דער וועכטער איז אַריין אין קאַנצעלאַריע צו מעלדן.

באַלד איז דער וועכטער צוריק אַרויסגעקומען.

— מען בעט אַריין, מיינע הערן — האָט ער געזאָגט.

זיי זענען אַריין.

דאָרט האָט זיי אויפגענומען אַ הויכער, ברייטער מאַן מיט אַ שוואַרצער באָרד און שטרענגע, דורכדרינגלעכע ברוינע אויגן.

דער דאָקטאָר האָט לעאָנען פאָרגעשטעלט פאַרן „הער פּראָ־פעסאָר", ווי ער האָט טיטולירט דעם הויכן, באָרדיקן מאַן.

— איך בין אייך זייער דאַנקבאַר, הער קייזערשטיין, — האָט

דער פּראָפעסאָר געזאָגט, — וואָס איר האָט אויסגעקליבן מיין אַנשטאַלט. איך האָף, אַז איר וועט דאָ זיין צופרידן.

— איך פאַרהאָף. — האָט לעאָן געענטפערט.

— איך רעכן אָבער, אַז איר וועט דאָ מוזן פאַרבלייבן אַ לענגערע צייט. איר וועט זיך מוזן אונטערוואַרפן אַ קוראַציע, וואָס וועט אפשר נישט זיין אַזאַ לייכטע.

— ווי איר פאַרשטייט הער פּראָפעסאָר!

— אין מיין אַנשטאַלט הערשט אַ שטרענגע דיסציפלין, וועלכע איז נויטיק כּדי געזונט פון די קראַנקע. איך גלויב אַז איר וועט זיך איר אונטערוואַרפן און שנעל געזונט ווערן.

— איך וויל זיין אייער בעסטער פּאַציענט... — האָט לעאָן אַ שמייכל געטאָן. — איך רעכן, אַז אין עטלעכע וואָכן וועל איך פולשטענדיק געזונט ווערן.

— לאָמיר האָפן. — האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט.

— דאָס זענען בלויז מיינע נערוון אַ ביסל אָפּגעשוואַכט, דער געזונטסטער מענטש וואָלט נישט אויסגעהאַלטן אַזאַ לעבן צווישן שונאים, וואָס קוקן אויס מיין טויט.

ביידע דאָקטוירים האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט פילדייטיקע בליקן...

„פאַרפאָלגונגס־מאַניע”. האָבן זיי געטראַכט.

אין אַ ווייל אַרום האָט דער פּראָפעסאָר אָנגעקלונגען נאָך אַ קראַנקן־שוועסטער.

צו פריש אָנגעקומענע קראַנקע פלעגן אַריינקומען קראַנקן־שוועסטערס, וועלכע מאַכן אויף זיי אַ בעסערן איינדרוק, ווי די ברייטפלייציקע וועכטערס.

ווען אין קאַבינעט איז אַריינגעקומען אַ יונג מיידל אין אַ ווייסן שירץ, האָט לעאָן פאַרשטייט זיך, גאָרנישט פאַרדעכטיקט.

די שוועסטער האָט זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר לעאָנען און אים גענומען פירן צו זיין צימער.

זיי זענען אַרויפגעגאַנגען אויף אַ שטאָק העכער.

דאָס איז געווען אַ לאַנגער קאָרידאָר. פון ביידע זייטן — צוויי רייען נומערירטע טירן.

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 83

כאָטש אין דרויסן איז געשטאַנען אַ זוניקער טאָג, איז דאָ געווען אַזוי טונקל, אַז עס האָבן געברענט לאָמפּן...

— דאָ איז נישט קיין איבעריקער קאָמפאָרט... — האָט לעאָן געזאָגט צו דער קראַנקן־שוועסטער מיט אַ שמייכל — איך פאַרהאָף, אַז די דאָזיקע נומערירטע שטייגן זענען נישט פאַר די קראַנקע...

די קראַנקן־שוועסטער האָט לייכט אַ שמייכל געטאָן...

— פאַראַן דאָ פאַרשידענע קלאַסן... — האָט זי געזאָגט — איר דאַרפט אָבער נישט לייגן קיין אַכט אויף די דאָזיקע קלייניקייטן... אין אייער צימער וועט איר זיך גוט פילן...

ווען זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן לאַנגן קאָרידאָר, האָבן זיי פאַרקירעוועט אָן אַ זייט און זענען אַריין אין אַ צווייטן קאָרידאָר, אַ פיל ברייטערן.

פון דאָזיקן קאָרידאָר איז אַ ריי פענסטער אַרויסגעגאַנגען אין פאַרק אַריין.

אויך דאָ זענען געווען נומערירטע טירן, אָבער גרעסערע און ווייס־לאַקירטע.

פאַר איינער פון די טירן האָט די שוועסטער זיך אָפּגעשטעלט.

זי האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ שליסל און אויפ־געשלאָסן די טיר.

לעאָן איז אַריין אין צימער.

דאָס צימער איז נישט געווען איבעריק עלעגאַנט איינגעאָרדנט, ס'איז אָבער געווען גענוג אָנגענעם.

לויט אַ ספּעציעל פאַראָרדענונג פון אַנשטאַלט־דירעקטאָר האָט מען אַרויסגענומען די נאַרע, וועלכע איז דאָ געווען, און מען האָט אַריינגעשטעלט אַ פיין צוגעבעט בעט...

אַנשטאָט דעם פּראָסטן מעבל, וואָס איז געווען צוגעפעסטיגט צו דער פּאָדלאָגע, האָט מען אַריינגעשטעלט אַ פיינעם שרייב־טיש, עטלעכע פאָטעלן און אַ וואַש־טישל...

די פּאָדלאָגע איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייכן דיוואַן און אין די ווינקלען זענען געשטאַנען פאַלמען.

די ווענט זענען געווען באַצירט מיט בילדער...

לעאָן האָט זיך פאַרנויגט פאַר דער קראַנקן־שוועסטער. אָבער זי האָט עפּעס געשמייכלט מאָדנע און ווי מיט אַ געוויסן חוזק...

לעאָן האָט אָנגעשטעלט זיין בליק אויף איר, אָבער זי האָט זיך לייכט פאַרנויגט און פאַרשוווּנדן.

לעאָן איז דאַן צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַוועקגערוקט די טונקעלע פאָרהאַנג. ער האָט געוואָלט אַרויסקוקן אין דרויסן.

אָבער ער איז אָפּגעשפּרונגען אַן איבערראַשטער.

די פענסטער זענען אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטן אַריין, זיי זענען אָבער געווען פאַרקראַטעוועט, ווי די פענסטער פון אַ תפיסה...

„וואָס איז דאָס אַזעלכעס ?..." — האָט לעאָן נישט געקאָנט פאַרשטיין — „אין דער סאַנאַטאָריע ליגן דאָך נישט קיין אַרעסטאַנטן. נאָר קראַנקע ?"...

„דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז די הינטערשטע פענסטער זענען פאַרקראַטעוועטע. אָבער דאָס זענען דאָך די פראָנט־פענסטער ?"...

אַ שטאַרקע אומרואיקייט האָט לעאָנען אַרומגעכאַפּט.

„איך וועל די מינוט פאָדערן אַן אַנדער צימער !"... — האָט ער זיך געטראַכט.

ער איז צוגעלאָפן צו דער טיר. זי איז געווען פאַרשלאָסן אין דרויסן.

אַ בלאַסער, אַ דערשראָקענער איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען, ווי אַ געליימטער...

„צי איז עס נישט קיין חלום ?"...

ער האָט זיך אויסגעריבן די אויגן...

„ניין. ס'איז נישט קיין חלום, נאָר ריינע וואָר"...

„וואָס־זשע אַזעלכעס קומט דאָ פאָר מיט מיר ?"...

„צי געפין איך זיך אין תפיסה ?"...

„ניין. ווי קומען אין אַ תפיסה אַריין קראַנקן־שוועסטער מיט ווייסע שירצן ?"...

פלוצלונג האָט אַ שרעקלעכער געדאַנק דורכגעבליצט אין לעאָנס מוח...

מיט אַ ווילד געשריי פון פאַרצווייפלונג, צאָרן און שרעק האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר...

ער האָט אָנגעהויבן האַקן אין דער טיר מיט די פויסטן, קאָפּען אין איר מיט די פיס.

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן...

די טיר איז געווען אַ גראָבע, אַ מאַסיווע. זיינע קלעפּ האָט מען גאָרנישט געהערט...

פּלוצלונג האָט ער באַמערקט אַ קנעפּל פון אַן עלעקטריש גלעקל.

ער האָט אַ דריק געטאָן דאָס קנעפּל מיטן גאַנצן כוח, אָבער קיינער האָט זיך אויך נישט אָפּגערופן...

איצטער איז שוין פאַר לעאָנען אַלץ קלאָר געווען...

דאָס קנעפּל פונעם גלעקל איז אויך בלויז געמאַכט געוואָרן פאַר אים, כדי צו פאַרמאַסקירן פאַר אים דעם אמת און ער זאָל זיך נישט כאַפּן וווהין מ'האָט אים פאַרפירט...

אַ קאַלטער שווייס איז אים אַרויסגעטרעטן אויפן שטערן און עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן...

זיין פאַרצווייפלונג איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכע...

„איך האָב נאָך אַלץ נישט געוווסט, ווי נידערטרעכטיק די דאָזיקע רעגינע איז"... — האָט ער געטראַכט מיט פאַרצווייפלונג — „דאָס איז אירס אַ שטיקל אַרבעט"...

„אַנשטאָט אין אַ סאַנאַטאָריע — האָט מען מיך פאַרפירט אין אַ משוגעים־הויז"...

לעאָן האָט אָנגעהויבן האַסטיק לויפן איבערן צימער, ווי אַ געפאַנגענע מויז אין דער פולאַפּקע...

ער האָט זיך איינגעביסן די ליפּן ביז בלוט, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געוואָיעט, ווי אַ געפייניקטע חיה...

קאַפּיטל הונדערט פיר

## דער איינברוך

רעגינעס פּלאַן האָט זיך נישט אַזוי לייכט געלאָזט פאַרווירקלעכן אין זיין גאַנצן פאַרנעם.

וועגן אַריינגעמען צו זיך אין פּאַלאַץ מייקעלסאָנען האָט דערווייל נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

אוודאי וואָלט זי עס גערן געטאָן באַלד ווי מען האָט נאָר אַ־וועקגעפירט לעאָנען אין משוגעים־הויז. זי האָט עס אָבער נאָך נישט געקאָנט טאָן.

אַלע — די דינערשאַפט, שכנים און באַקאַנטע — האָבן גע־ווּסט וועגן לעאָנס כלומרשטער פּאַרפּאָלגונגסמאַניע; אַז זיין „קראַנקהייט" באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז חושד רעגינען אין פאַרראַט.

היינט וואָס וואָלטן אַלע געזאָגט, ווען דזשייקאָב, וועמען לעאָן איז טאַקע חושד — ווען דער דאָזיקער דזשייקאָב באַווייזט זיך פּלוצלונג אין לעאָנס פּאַלאַץ?.

צי וואָלט אַלעמענס פאַרדאַכט נישט געפאַלן אויף איר, רע־גינען?

רעגינע איז צו כיטרע געווען, אַז זי זאָל אָפּטאָן אַזאַ נאַרישקייט און איצט אַריבערצונעמען צו זיך דזשייקאָבן.

„מען מוז אַביסל צוואַרטן"... — האָט זי געטראַכט. — „ביז דער עולם וועט פאַרגעסן וועגן דער געשיכטע. דערנאָך וועל איך פאַרבייטן די דינערשאַפט".

„ערשט נאָך דעם אַלעמען וועל איך קאָנען אַהערנעמען דזשיי־קאָבן און וויסן פון אַ לעבן".

צום מיינסטן אומצופרידן איז רעגינע געווען פונעם אַלטן מאָריץ.

„מאָריצן וועט נישט זיין אַזוי לייכט אַרויסצופּטרן"... — האָט זי זיך געטראַכט — „ער דינט דאָך שוין דאָ כמעט גאַנצע דריי דורות. וואָס פאַר אַ פּרעטענזיע קאָן איך זיך אויסזוכן צו אים?".

„סתם אַרויסוואַרפן אים — פּאַסט דאָך נישט פאַר מענטשן".

„מען דאַרף עפּעס אויסזוכן אַן עצה קעגן דעם אַלטן פערד"...

„אָבער דאָס איז אַ זאַך אויף שפּעטער... דערווייל האָב איך וויכטיקערע זאַכן צו דערליידיקן".

דאָס ערשטע, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען דאָס גיין צו אַן אַדוואָקאַט.

זי האָט געוואָלט אויסאַרבעטן פאַר זיך פולמאַכטן, אַז זי קאָן טאָן מיט איר מאַנס פאַרמעגן וואָס איר האַרץ גלוסט נאָר.

דאָס איז איר נישט שווער אָנגעקומען. עס איז גענוג געווען די באַשטעטיקונג פונעם דאָקטאָר און פונעם משוגעים־הויז, אַז לעאָן איז נישט ביים זינען.

אָפּגעטאָן דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט, האָט רעגינע זיך גענומען באַמיִען וועגן אַרויסקריגן אַ גט.

פאַרשטייט זיך, מיט אַ באַדינג: אַז זי, רעגינע, בלייבט די גאַנצע באַלעבאָסטע איבער איר מאַנס פאַרמעגן.

— דאָס איז גאַנץ לייכט דורכצופירן, — האָט איר דער־קלערט דער אַדוואָקאַט, — עס דאַרף בלויז דויערן עטלעכע וואָכן, ווען עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אייער מאַן איז זיכער אומהיילבאַר״...

זי איז אַרויס פונעם אַדוואָקאַטס קאַנצעלאַריע אַ שמייכלענדיקע און אַ צופרידענע.

רעגינע האָט צוגערופן דעם ערשטן פרייען אויטאָ, וועלכן זי האָט באַגעגנט און זיך אין אים אַריינגעזעצט.

— אין אויאַזדאָווער אַלעע! — האָט זי באַפוילן.

דאָרט האָט איך אַ פּרעכטיקער ווינונג געווינט אונדזער אַמעריקאַנער מיסטער דזשייקאָב מייקעלסאָן...

דזשייקאָב האָט שוין געוואַרט אויף איר מיט אומגעדולד.

זי האָט אים שוין פריער טעלעפאָנירט, אַז זי קומט. אָבער ביים אַדוואָקאַט האָט זי אַביסל באַלאַמוטשעט און דזשייקאָב האָט געמוזט אַביסל לענגער וואַרטן.

אויפן טיש זענען שוין געשטאַנען גרייט צוויי טאַצן אויף קאַווע, טעלערלעך מיט קאָנפיטורן און קיכלעך, קרישטאָלענע קאַר־פינקעס מיט טייערן ליקער...

דזשייקאָב האָט זיך גענומען דערלויבן... עס האָט נישט געקאָסט זיין געלט.

אויף אַ באַקוועמער טערקישער קאַנאַפּע, איבערגעדעקט מיט אַ באַלדאַכין (אַזאַ מין חופה), זענען געלעגן פאַנאַנדערגעוואָרפן פּילפּאַכיקע ווייכע קישעלעך, וועלכע האָבן זיך געבעטן, מ׳זאָל זיך אויף זיי צערטלען און ליב האָבן.

אַן אמתער ליבעס־מזבח...

ווען רעגינע איז אַריינגעקומען אין דער דאָזיקער „ליבעס־

נעסט", האָבן זיי זיך אַרומגענומען און פלאַמיק צעקושט.

זיי האָבן זיך ביידע צוגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע צווישן די זיידענע קושנס און רעגינע האָט אים גענומען דערציילן וועגן אַלעם, וואָס זי האָט אין משך פון דער גאַנצער צייט אָפּגעטאָן.

זי האָט אים דערציילט אַלץ, מיט אַלע איינצלהייטן.

ווען דזשייקאָב האָט דערהערט דאָס נייעס וועגן אַריבערפירן לעאָנען אין משוגעים־הויז, האָט ער זיך שיער נישט צעטאַנצט פאַר פריידן...

„פונקט אין דער ריכטיקער צייט"... — האָט ער זיך געטראַכט — „דאָס ביסל געלט האָט זיך שוין באַלד ווידער אויסגעלאָזט און רעגינע וואָלט מיר מער נישט געקאָנט געבן".

„איצטער וועט זי ווערן די איינציקע, דעה־זאָגעריןאיבערן גאַנצן פאַרמעגן פון לעאָנען און עס וועט זיין שוין איין מאָל אַ לעבן".

און עס איז נישט לאַנג די צייט, ווען איך וועל ווערן רעגינעס מאַן און אַ גביר".

ער האָט רעגינען באַדעקט מיט קושן און צערטלעכקייטן.

— ווי גליקלעך וועל איך זיין, ווען דו וועסט שוין ווערן מיין מאַן!... — האָט רעגינע געשעפּטשעט מיט גליענדיקע ליפּן.

— מיר וועלן לעבן, ווי צוויי פייגעלעך... — האָט דזשייקאָב געענטפערט און ווידער אַ קוש געטאָן אין אירע הייסע ליפּן אַריין...

— מיר מוזן אָבער האָבן געדולד. — האָט רעגינע געזאָגט און זיך צוגעטוליעט צו דזשייקאָן. — פריער מוז איך פּטור ווערן פון דעם אַלטן כהב, דעם דינער מאָריץ, און דער איבעריקער דינערשאַפט.

— ריכטיק, ריכטיק. — האָט דזשייקאָב איינגעשטימט. — דו ביזט נישט נאָר שיין ווי גאָלד, נאָר אויך קלוג, ווי גאָלד... רעגינעלע, טייערע, עס איז נישטאָ די זאַך, וואָס דו זאָלסט נישט קאָנען דורכפירן.

— אַך, ניין, טייערער. אָט זעסטו, מיט סאַבינען איז מיר דעמאָלט נישט געלונגען... איך האָב געמיינט, אַז איך בין זי שוין פּטור און זי איז כסדר צוריק קאַפּויער־געקומען...

— אַך, ריכטיק...— האָט דזשייקאָב געזאָגט — וואָס איז טאַקע דעמאָלט געוואָרן? לעאָן האָט זיך דערוווסט, אַז אין קבר ליגט גאָרנישט סאַבינע, נאָר אַן אַנדערע?

דזשייקאָב האָט שוין לאַנג געוואָלט וויסן דאָס דאָזיקע גע־היימניש. ער האָט אָבער מורא געהאַט צו דערמאָנען וועגן דעם, כדי נישט צו פאַרשיטן זיך אַליין...

עס האָט דאָך געקאָנט אַרויסקומען, אַז ער, דזשייקאָב טאַקע, האָט געשריבן א בריוו צו לעאָנען און אויפגעדעקט דאָס גאַנצע געהיימניש...

אָבער רעגינע האָט בלויז אַ שמייכל געטאָן.

זי האָט זיך נאָך מער צוגעטוליעט צו דזשייקאָבן און געענט־פערט:

— היינט ביזטו שוין נישט מיין שונא, האַ, דזשייקאָב?... היינט ביזטו מיין טייערער, מיין איינציקער... כ'וועל דיר אַלזאָ אַלץ דערציילן: אין חופּה־טאָג איז לעאָן געווען אויפן בית־עולם...

— נו? און ער האָט געעפנט דעם קבר?

— געעפנט.

— נו? נו ... — איז דזשייקאָב געווען נייגעריק.

— נו... איך מיט מיין פּאָטער האָבן אָבער שוין געזאָרגט דער־פאַר, אַז ער זאָל דאָרט געפינען סאַבינען טאַקע...

—וו—אָ—אָ—ס?

דזשייקאָב האָט אַזש אַ צאַפּל געטאָן.

— וווּנדער זיך נישט אַזוי, נאַרעלע... מ'האָט דאָרט אַריינ־געלייגט אַ וואַקסענע פיגור...

רעגינע האָט דאַן דזשייקאָבן דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

— און וואָס איז געוואָרן מיט דער לעבעדיקער סאַבינען? — האָט דזשייקאָב געפרעגט.

רעגינע האָט אויך וועגן דעם אַלץ דערציילט דזשייקאָבן, נישט באַהאַלטנדיק פאַר אים גאָרנישט.

זי האָט אים אויך דערציילט די מעשה וועגן דעם אוצר, וועלכן רעגינע האָט געפונען אינעם קעלער פון פּאַלאַץ.

— ווען לעאָן האָט אונדז געפּאַקט אין צימער — האָט זי דערציילט — דעמאָלט האָב איך זיך גראָד געהאַט אומגעקערט פון די זאַלצבערגס. איך האָב שוין געהאַט געעפנט זאַלצבערגס קאַסע...

— וואָס דו רעדסט! — איז דזשייקאָב אונטערגעשפּרונגען.

— אָבער זאַלצבערג האָט מיך אין דער לעצטער מינוט געכאַפּט ביי דער האַנט...

— דער טייוול זאָל אים נעמען! — האָט דזשייקאָב געשאָלטן.

„דאָס איז אַ שעלמע!" — האָט דזשייקאָב זיך געטראַכט — „די רעגינע איז אַן אמתער מזיק... זי איז טאַקע אַ מחיהדיק ווייבל, אָבער פאַרזיכטיק מוז מען זיין מיט איר. זי איז אַ געפערלעכער פויגל".

— ווען איך גיב אַ טראַכט, אַז די פאַרשאָלטענע קראַנקן־שוועסטער סאַבינע וועט אַמאָל אין אַ העלן טאָג קומען צו זאַלצבערגן און אויפמאַנען דאָס געלט, פּלאַצט אין מיר דאָס האַרץ פון קרענקונג.

דזשייקאָבן האָט די דאָזיקע געשיכטע גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט. ער האָט שוין צוגעטראַכט עפּעס אַ פּלאַן.

ער האָט גענוי זיך אויסגעפרעגט ביי רעגינען וועגן פאַרשידענע איינצלהייטן — ווו זי האָט גענומען די שליסלען, ווו עס געפינט זיך זאַלצבערגס שלאָפצימער און — זיין קאַבינעט, ווי אַזוי זי האָט געעפנט די קאַסע, ווו זי שטייט...

— דו ביזט ווירקלעך אַ צוואַנע און אַ ספּריטנע ווייבל... — האָט דזשייקאָב געזאָגט — עס איז דיר אָבער נישט געלונגען. אַ שאָד.

— נו, וואָס זאָל איך טאָן?

— וואָס דו זאָלסט טאָן? וועגן דעם דאַרף מען אַ טראַכט טאָן...

— נו, אדרבא, טראַכט עפּעס צו... — האָט רעגינע געזאָגט — וועסט קריגן אַ העלפט...

— סאַראַ גוטע דו ביזט. — האָט דזשייקאָב זי געחנפעט און איינגעקלאַמערט זי אין זיינע שטאַרקע אָרעמס — גוט, כ'וועל נאָך טראַכטן וועגן דעם, איצט לאָמיר זיך בעסער ליב האָבן...

ווען רעגינע האָט פאַרלאָזט דזשייקאָבס וווינונג און ער איז געבליבן אַליין, האָט ער אָנגעהויבן נערוועז שפּאַנען איבערן צימער. די געשיכטע מיט סאַבינעס געפונענעם אוצר האָט אים נישט

געקאָנט אַרויס פון קאָפּ.

„וועסט קריגן אַ העלפט, האָט זי געזאָגט". — האָט דזשייקאָב זיך געטראַכט — „אַ העלפט"...

— כאַ־כאַ־כאַ!... — האָט ער ,זיך שפּאָטיש צעלאַכט.

„לאָמיך נאָר האָבן דאָס באַנק־ביכל אין מיינע הענט, וועל איך רעגינען פרעגן אַ דעה, צי איך זאָל מיר נעמען אַ העלפט, צי דריי פערטל".

„וויפל איך זאָל איר נישט געבן, וועט זי מוזן זיין צופרידן. און אַז איך וועל איר גאָרנישט געבן, וועט זי מיר איינקלאָגן אין געריכט?"...

— כאַ־כאַ־כאַ!

„איך מוז דאָך אויף יעדן פאַל זיך באַזאָרגן מיט אַ ביסל געלט... ווייל טאָמער ווערט לעאָן חלילה, געזונט... באַזונדערס, רעגינע איז אַ קאַפּריזנע באַשעפעניש און אָפּהענגיק זיין פון איר איז נישט קיין געשעפט"...

לאַנג האָט דזשייקאָב געשפּאַנט אַהין און צוריק אין זיין צימער און נאָכגעטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי זיך צוצוקריגן צו זאַלצבערגס אייזערנע קאַסע.

ענדלעך איז געוואָרן אָוונט און דזשייקאָב האָט באַשלאָסן זיך צו נעמען צו דער אַרבעט.

ער האָט געכאַפּט אויף זיך דעם פּאַלטן און איז אַרויס פון זיין וווינונג.

אויף דער גאַס האָט ער אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און אַראָפּ־גערוקט דעם קאַפּעלוש טיף איבער די אויגן. קיינער וואָלט אים איצט נישט דערקענט.

דאַן איז ער אַוועק אויף אַלט־שטאָט. ער האָט פאַרקירעוועט אין איינעם פון די דאָרטיקע שמאָלע געסלעך.

דורך שמאָלע טרעפּלעך איז ער אַראָפּ אין אַ שענק, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ קעלער־געוועלבל.

אויסערלעך האָט זיך די דאָזיקע שענק נישט אונטערשיידט מיט גאָרנישט פון אַנדערע שענקען, ווו דראָזשקאַרעס, טרעגער און אַנדערע אַרבעטס־מענטשן קומען אַריין טרינקען אַ גלעזל ביר און בראָנפן.

ביז צוועלף אַזייגער ביינאַכט איז דאָ ווירקלעך געווען אַ גע־ווײַנלעכע שענק, ווו יעדער האָט געקאָנט אַריינקומען טרינקען אַ גלעזל ביר אָדער עסן עפּעס.

אָבער נאָך צוועלף ביינאַכט זענען די טירן געווען געשלאָסן און זיי האָבן זיך געעפנט נאָר פאַר „היימישע מענטשן״...

ווען דזשייקאָב איז דאָרט אַריינגעקומען, איז נאָך געווען פרי. די שענק איז געווען פול געפּאַקט מיט געסט.

זיי זענען געזעסן ביי די טישלעך. געטרונקען און געגעסן.

אָבער פאַר אַ זייטיקן צושויער וואָלטן די פּנימער פון די געסט אויסגעקומען גאָר שטאַרק פאַרדעכטיקט...

צו אַ טייל פון די דאָזיקע פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען האָבן זיך געטוליעט שרייאיק־געשמינקטע גאַסן־מיידלעך.

איינע פון זיי, נאָך אַ גאָר יונגע, האָט געהאַט אונטערגעהאַקט אַן אויג...

מסתּמא האָט דאָס געטאָן איר „חתן״. נעבן וועלכן זי איז איצט געזעסן און צו אים נעשמייכלט...

דזשייקאָב איז אַריין אין דער דאָזיקער קנייפּע אַ דרייסטער, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, ווי אַן אַלטער שטאַמגאַסט...

ער איז צוגעגאַנגען צום בופעט און שטיל אַ פרעג געטאָן דעם אייגנטימער פון דער קנייפּע:

— בערטשע פויק איז דאָ?

— ניין. — האָט יענער געענטפערט — ער איז נאָך היינט נישט געווען. ער וועט אָבער מסתּמא נאָך זיין.

— איך וועל נישט דאַרפן לאַנג וואַרטן אויף אים?

— ניין. — איך רעכן, אַז ער וועט באַלד קומען.

דזשייקאָב האָט אויסגעזוכט אַ פריי אָרט און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל.

ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען אַ פלאַש גוטן וויין.

דער שענקער האָט שוין גוט געקענט זיינע געסט, פאַר „ליי־טישע״ שטאַמגעסט האָט ער געהאַט ערשטקלאַסיקן וויין.

ענלעך איז בערטשע פויק געקומען.

נישט אומזיסט האָט מען אים גערופן „פויק״. ער איז געווען אַ קליינער און אַ גראָבער, קיילעכיק, ווי אַ פּויק...

— בערטשע! — האָט דער „פּעטער לייבוש", דער אייגנטימער פון דער קנײפּע אים צוגערופן.

— וואָסי ?

דער „פּעטער לייבוש" האָט מיט אַ ווונק אים אָנגעוויזן אויף דזשייקאָבן און בערטשע איז צו אים צוגעגאַנגען.

— איך האָט זיך געפרעגט אויף מיר ? — האָט בערטשע געפרעגט.

— זעצט אייך, — האָט דזשייקאָב געענטפערט און אַ רוף געטאָן: — קעלנער!

אַ קעלנער איז צוגעקומען און זיך פאַרנויגט.

— נאָך אַ פלעשל !... — האָט דזשייקאָב באַפוילן

דער קעלנער האָט צודערלאַנגט אַ פלעשל וויין. דזשייקאָב האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך און ביידע האָבן אויסגעטרונקען.

— פיין... פיין... — האָט בערטשע זיך פאַסמאַקעוועט.

אַזאַ גוט גלעזעלע וויין האָט ער שוין לאַנג נישט געטרונקען.

ער איז גאָרנישט לאַנג אַרויס פון תפיסה, ווו ער איז אָפּגעזעסן אַן אורטייל. קיין שטיקל „אַרבעט" האָט זיך אים דערווייל נישט געמאַכט און ער האָט געמוזט לעבן פון דעם, וואָס זיינע קאָלעגן האָבן אים געגעבן.

— איר וואָלט געוואָלט פאַרדינען עטלעכע טויזנטער ?... — האָט דזשייקאָב אַ פרעג געטאָן בערטשען.

בערטשע האָט אויף אים אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

צי ער וואָלט געוואָלט, הערסטו... וואָס דען, ער וואָלט נישט געוואָלט ?.

— עטלעכע טויזנטער ?... — האָט ער איבערגעפרעגט, נישט גלויבנדיק זיינע אייגענע אויערן.

— יאָ... !

— אוודאי וואָלט איך געוואָלט...

— איך האָב פאַר אייך אַ שטיקל „אַרבעט".

— אַ וואָסערע ? אַ „טרוקענע", צי אַ „נאַסע"? (אָן בלוט־פאַרגיסונג, צי מיט בלוט־פאַרגיסונג).

— אַ „טרוקענע”... אַ לייכט שטיקל אַרבעט און אָן גרויסער ריזיקע.

— גוט. רעדט.

דזשייקאָב האָט דאַן לאַנג אַריינגעשושקעט בערטשע פּויק אין אויער אַריין און אים איבערגעגעבן זיין פּלאַן אַרויסצוגנבנען דאָס באַנק־ביכל פון זאַלצבערגס אייזערנער קאַסע.

— אויב עס וועט זיך דאָרט געפינען נאָך עפּעס, איז עס אייער... — האָט דזשייקאָב צוגעגעבן — איך וועל אייך באַזונדער באַצאָלן דריי טויזנט דאָלאַרס... געגוג?

— אַ ביסעלע צו ווייניק... — האָט בערטשע זיך כלומרשט געקרימט — איך מוז צונעמען נאָך צוויי שותפים. גיט אַ פינפערל...

— מאַכט דאָס שטיקל אַרבעט, וועלן מיר דורכקומען.

— גוט. איך וועל זיך היינט דורכרעדן מיט פּעלטע האָז און פּסח לעפּעק. צוויי ספּריטנע יינגלעך, אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזן.

— און ווען נעמט איר זיך צו דער אַרבעט?

— שויך... מען דאַרף זיך פריער אַרומקוקן... דעם הויף, די טרעפּ... אין אַ צוויי־דריי טעג אַרום וועלן מיר מאַכן דעם „טאַל־טעל” (גנבה)... אָבער גיט מיר דערווייל אַ קאַנטע.

דזשייקאָב האָט אַרויסגענומען צוויי קנאַקערדיקע פּופציקער דאָלאַרס און דערלאַנגט בערטשען.

בערטשע פּויק האָט צוגענומען די צוויי פּאַפּירלעך און זיי אַריינגעלייגט אין דער בוזעם־קעשענע.

— איר קענט זיך פאַרלאָזן אויף מיר, — האָט ער געזאָגט, — אין צוויי דריי טעג אַרום וועט אַלץ זיין פאַרטיק.

אין אַ ווײַלע אַרום איז דזשייקאָב אַרויס פון דעם שענק. ער האָט פריער איבערגעלאָזט בערטשען זיין אַדרעס און איז זיכער געווען, אַז אין דריי טעג אַרום וועט בערטשע צו אים קומען מיטן באַנק־ביכל, כדי אָפּצונעמען זיין „לוין”...

— — — — — — —

אין עטלעכע טעג אַרום.

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. די וואַרשעווער גאַסן זענען שוין געווען טויט און אָפּגעשטאָרבן.

בלויז פון צייט צו צייט פלעגט שנעל דורכלויפן אַן אויטאָ אָדער עס האָט זיך דורכגעשלייכט אַ פאַרשפּעטיקטער פאַרבייגייער.

אין איינעם פון די קעלערן פונעם הויז אויף ביעלאַנסקע־גאַס, ווו זאַלצבערג האָט געוווינט, איז אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקע באַ־וועגונג.

בערטשע פּויק מיט זיינע חברים האָבן זיך געגרייט צו זייער „מאַסעמאַטן"...

דעם גאַנצן פּלאַן פון זאַלצבערגס דירה האָבן זיי שוין געוווּסט. דאָס איז געווען פּעלטע האָז'ס אַרבעט.

פּעלטע האָז איז געווען אַ פלינקער יונג. נישט אומזיסט האָט מען אים גערופן „האָז".

טאָמער איז מען „פאַרשיט געוואָרן" „דורכגעפאַלן" ביי אַ שטיקל „אַרבעט" און מ'האָט געדאַרפט אַנטלויפן, „ווערן אַ האָז", פלעגט פּעלטע פאַרשווינדן, ווי אַ שאָטן, און ער איז קיינמאָל נישט דורכגעפאַלן...

פּעלטע איז געווען אַ שיינער יונג און פלעגט שטענדיק גיין עלעגאַנט אָנגעטאָן. אים איז דעריבער לייכט געווען אויסצושפּירן וווינונגען, וועלכע מ'האָט זיך געגרייט צו באַגנבענען.

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַן אַגענט פון אַן אויסלענ־דישער לעדער־פירמע און זיך געוווּנדעט צו זאַלצבערגן וועגן צו־שטעלן לעדער פאַר זיין שיך־פאַבריק...

אַזוי אַרום האָט ער עטלעכע מאָל באַזוכט זאַלצבערגן און אויסגעפאָרשט די וווינונג...

איצט האָט די חברה זיך אַרויסגעשאַרט פונעם קעלער, ווו זיי זענען געווען באַהאַלטן פון אָוונט אָן, איידער מ'האָט פאַרמאַכט דאָס טויער.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען זיי שוין געשטאַנען פאַר זאַלצבערגס טיר.

ס'האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט און די טיר איז געווען גע־עפנט.

דער ערשטער איז אַריין פּעלטע האָז, נאָך אים — בערטשע פּויק און דערנאָך — פּסח לעפּעק, וועלכער האָט געטראָגן מיט זיך די „כּלים"...

זיי האָבן זיך געשלייכט ביי די ווענט לענגאויס דעם קאָרידאָר און צוגעקומען צום קאַבינעט.

איינציקווייז האָבן זיי זיך אַריינגעשאַרט אין קאַבינעט און אָנגעצונדן אַן עלעקטריש לעמפּל.

בערטשע פּויק האָט גענומען דעם אַפּאַראַט, צעשמעלצט דאָס מעטאַל און אַ דריי־געטאָן.

באַלד האָט אויפגעלויכטן אַ גרינלעך־ווייסער שיין, וועלכער האָט זיך איינגעבויערט אין דער קאַסע...

פריער האָט דאָס אייזן זיך אָנגעגליט אויף רויט, דערנאָך איז עס געוואָרן העל־ראָז און באַלד גליאיק־ווייס...

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אויף דער פּאָדלאָגע האָבן אָנגעהויבן אַראָפּטריפן שווערע מעטאַל־טראָפּנס...

באַלד איז אין דער קאַסע געווען אויסגעברענט אַ לאָך.

אַזוי האָבן זיי אין פאַרלויף פון אַ צוויי שעה אויסגעברענט טעלעכע לעכער. דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען אַרבעטן מיט די מויערס. ביז זיי האָבן געעפנט די קאַסע.

אַלע דריי קאַסעברעכער זענען געווען נאַס פון שווייס. אַזוי שווער האָבן זיי זיך אָנגעהאָרעוועט...

בערטשע פּויק האָט דאַן באַלויכטן מיטן עלעקטרישן לעמפּל דעם אינעווייניק פון דער קאַסע.

דריי פּאָר אויגן האָבן מיט דער העכסטער שפּאַנונג נאָכגעבלאָנדזשעט נאָכן שיין פונעם לעמפּל.

אָבער וואָס איז דאָ געשען?

די קאַסע איז געווען ליידיק...

אַ ווײַלע זענען אַלע דריי איינברעכער געשטאַנען, ווי פאַר־שטיינערטע פון איבערראַשונג און זיך איינגעקוקט אין דער אויפ־געבראָכענער ליידיקער קאַסע.

אָבער איידער זיי זענען געקומען צו זיך פון דער ערשטער איבערראַשונג איז באַלד געקומען אַ צווייטע, נאָך אַ שטאַרקערע...

פּלוצלונג האָבן זיי דערהערט הינטער זיך אַ שטעכיק און

שפּאָטיש געלעכטער...

דאָס בלוט איז זיי פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן פאַר שרעק...

## קאַפּיטל הונדערט פינף

# די געצוואונגענע תנאים

מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט און אַ קלונג געטאָן מיט אַ מעסער אָן אַ גלאָז.

דער פאַרזאַמלטער עולם געסט איז שטיל געוואָרן און זיך אויסגעדרייט אין דער זייט, ווו עס איז געשטאַנען מאַדאַם וויינשטיין.

— מיינע ליבע געסט! — האָט מאַדאַם וויינשטיין אָנגעהויבן — איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער באַזוך. איר ווייסט צוליב וואָס איך האָב אייך אַלע דאָ פאַרבעטן.

אַלעמענס אויגן האָבן זיך געווענדעט צו דעם אָרט, ווו עס זענען געזעסן סאַבינע און סאַלאָמאָן.

— אַ שרעקלעך אומגליק איז שיער נישט געשען מיט מיין טייערער פריינדין סאַבינע... בלויז אַ דאַנק דער העלדישקייט פון מיין זון איז זי געראַטעוועט געוואָרן...

— בראַוואָ! בראַוואָ, סאַלאָמאָן! — האָבן זיך געהערט אויסרופן.

— סאַבינע איז, דאַנקען גאָט, אַרויסגעראטעוועט געוואָרן געזונט און פריש. נאָר מיין זון איז שווער קראַנק געווען... ווען ער האָט געזען, אַז דאָס מיידל, וואָס איז ביי אים טייערער, ווי זיין לעבן, איז אין געפאַר, האָט עס אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן....

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

**נומער 84**

סאַבינע האָט אַ צעמישטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן...
מאַדאַם וויינשטיין האָט ווייטער געדרשנט:
— איצט איז, גאָט צו דאַנקען, מיין זון שוין אויסגעשטאַנען פון זיין שווערער קראַנקהייט... און מיר קענען איצט פייערן די רעטונג פון מיין זון און... מיין טאָכטער. דאָס דאָזיקע ליבע מיידל איז ביי מיר פּונקט אַזוי טייער, ווי זי וואָלט געווען מיין אייגענע טאָכטער...
די פאַרזאַמלטע האָבן שוין געוואָלט אויסטרינקען פאַרן געזונט פון סאַבינען מיט סאַלאָמאָנען, אָבער מאַדאַם וויינשטיין האָט ווייטער גערעדט:
— אין די דאָזיקע מאָמענטן פון געפאַר און קראַנקהייט האָט אויפגעבליט אַ צאַרט געפיל אין די הערצער פון דיביידע יונגע מענטשן...
סאַבינע איז טויט-בלאַס געוואָרן...
„וואָס איז דאָס?”... — האָט זי געטראַכט און איר האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק צו קלאַפּן — „וואָס פאַרא קאָמעדיע וויל די אַלטע דאָ אָפּשפּילן?”...
אָבער באַלד איז איר אַלץ קלאָר געוואָרן.
— מיין זון ליבט סאַבינען מיטן גאַנצן האַרץ... — האָט מאַדאַם וויינשטיין ערקלערט — אויך זי האָט אים אַזוי ליב...
„צי איז דאָס אַ חלום?”... — האָט סאַבינע אַ טראַכט געטאָן.
„אָבער ניין, ס'איז אַ שרעקלעכעווירקלעכקייט”...
זי איז אָבער אַזוי צעמישט געווען, אַז זי איז נישט אומשטאַנד געווען צו פּראָטעסטירן קעגן דעם...
זי איז געבליבן זיצן, ווי אַ פאַרשטיינערטע און מיט וואַקסנ־דיקער שרעק זיך איינגעהערט אין מאַדאַם וויינשטיינס ווייטער־דיקע רייד:
— איך וועל נישט שטערן דאָס גליק פון ביידע יונגע מענטשן... איך האָב סאַבינען לאַנג שוין ליב, ווי אַן אייגענע טאָכטער... מיר וועלן דעריבער אויסטרינקען פאַרן געזונט פון דער גליקלעכער פּאָר — סאַבינע רייזמאַן און סאַלאָמאָן וויינשטיין!
— מזל-טוב! מזל-טוב! — האָבן זיך געהערט אויסרופן — זאָל לעבן די יונגע פּאָר!...
סאַבינע האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ שטאַרבט אָפּ אין איר...

זי האָט געוואָלט איצט צעשרייען זיך...

— ניין! ניין! — האָט זי געוואָלט שרייען.

אָבער דער האָלדז איז איר ווי פאַרשנירט געוואָרן... זי האָט קיין איין קלאַנג נישט געקאָנט אַרויסברענגען...

סאַלאָמאָן איז געזעסן אין איין שרעק...

„ווער ווייס צו סאַבינע וועט דאָ נישט מאַכן אַ סקאַנדאַל און איך וועל בלייבן זיצן, ווי אַן איינגעריסטער"... — האָט ער געטראַכט.

ער האָט כסדר געכאַפּט זייטיקע בליקן אויף סאַבינען, כדי צו זען, וואָס זי זאָגט צו דעם...

זעענדיק, אַז זי פאַרהאַלט זיך רואיק, האָט ער געקריגן קוראַזש און לייכט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר אָרעם...

— סאַבינע... — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן — איך בין אַזוי גליקלעך ...

אָבער סאַבינע האָט אויסגעזען, ווי אַ טויטע — אַזוי בלאַס און פאַרגליווערט איז זי געווען ...

פון אירע אויגן זענען אַראָפּגערונען צוויי שנירלעך טרערן איבער אירע בלאַסע באַקן...

— דאָס אָרעמע מיידל איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן פון גליקלעכע איבעררעשונג... האָט עמיץ אַ שעפּטשע געטאָן.

די איבעררעשונג און די בשורה האָבן זי אינגאַנצן שטום געמאַכט.

מיט טויטע, פאַרשטאַרטע, פאַרצווייפלטע אויגן האָט סאַבינע זיך צוגעקוקט צו דער שרעקלעכער קאָמעדיע, וואָס ווערט דאָ געפּראַוועט מיט איר...

מאַדאַם וויינשטיין מיט איר זון זענען געווען איבערגליקלעך... די שפּיל איז געלונגען...

„שפּעטער וועט סאַבינע מעגן פּראָטעסטירן וויפל זי וויל"... — האָבן זיי געטראַכט. — „און פאַרוואָס זאָל זי פּראָטעסטירן?... איז עס דען נישט קיין גליק-שידוך פאַר איר?"...

סאַבינע איז ענדלעך אַביסל געקומען צו זיך.

קיין סקאַנדאַל האָט זי נישט געוואָלט מאַכן. זי איז אָבער געווען אַנטשלאָסן צו ערקלערן דער מאַדאַם וויינשטיין, אויב נישט איצט, איז שפּעטער, אַז זי האָט צו פרי צו וויסן געטאָן וועגן

דעם שידוך, ווייל זי האָלט נישט דערביי...
דערווייל האָט זי נישט געהאַט קיין אַנדערע עצה, ווי מיטשפּילן די קאָמעדיע ביזן סוף...
זי האָט אַפילו געמוזט ערלויבן סאַלאָמאָנען זי צו נעמען פאַרן אָרעם...
ענדלעך האָט מען אָנגעהויבן טאַנצן.
סאַלאָמאָן האָט פאַרבעטן סאַבינען צום טאַנץ און זי האָט אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן...
אָבער באַלד נאָכן ערשטן טאַנץ האָט זי אים ערקלערט, אַז זי איז מיד און זי איז פון אים פּטור געוואָרן...
דאַן האָט זיך צו איר צוגעטשעפּעט די מאַדאַם וויינשטיין, וועלכע האָט זי אויף אַ מינוט נישט אָפּגעלאָזט און זי פאַרפייניקט מיט איר ליבשאַפט...
סאַבינע האָט שוין אָבער ליבערשט פאַרטראָגן די מאַדאַם וויינשטיין, ווי איר גוטן זון...
ערשט אַרום האַלבער נאַכט האָבן די געסט פאַרלאָזן די מאַדאַם וויינשטיינס הויז.
ווען מאַדאַם וויינשטיין מיט איר זון זענען געבליבן אַליין אין סאַלאָן, האָבן זיי געזען, אַז אויך סאַבינע איז נישטאָ...
סאַבינע האָט זיך אומבאַמערקט אַרויסגעשאַרט פון סאַלאָן און איז אַוועק אין איר צימער, כדי רואיק דורכצוטראַכטן דאָס אַלץ, וואָס איז מיט איר היינט געשען...
— ווו איז ערגעץ סאַבינע? — האָט סאַלאָמאָן געפרעגט און שוין געוואָלט אַרויפלויפן צו איר...
— ווו לויפסטו?... לאָז זי צורו... — האָט זי געזאָגט — אָבער די מוטער האָט אָפּגעהאַלטן איר היציקן זון.
וואָס ווילסטו פון איר?... דאַנק גאָט וואָס זי האָט געשוויגן... ווילסט, אַז זי זאָל איצט מאַכן אַ סקאַנדאַל?... זאָל זי זיך איבער־שלאָפן...
— טאָ וואָס וועט זיין מאָרגן?
— מ׳וועט זיך שוין אַן עצה געבן... איך וועל איר זאָגן, אַז איך בין בלויז אויסן געווען זי גליקלעך צו מאַכן... אַז כ׳האָב געמיינט, אַז זי איז פאַרליבט אין דיר...
— און אַז זי וועט פאָרט נישט וועלן?...

— וועל איך איר געבן צו פאַרשטיין, אַז זי וועט קאָמפּראָמי־מירן נישט נאָר דיך, נאָר אויך זיך אַליין...

— האָסט אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, טייער מאַמעלע... — האָט סאַלאָמאָן אַנגעקוואָלן.

סאַלאָמאָן איז די נאַכט געשלאָפן רואיק און פעסט.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען אַ שטיק אויפן טאָג.

זייער ערשטער געדאַנק איז געווען — סאַבינע.

„מ׳דאַרף זען וואָס שנעלער צו מאַכן די חתונה, איידער זי וועט זיך מישב זיין... נאָך דער חתונה וועל איך שוין נאָך איר נישט פרעגן"...

„איך וועל זיין איר מאַן און זי וועט מוזן פאָלגן אַלע מיינע באַפעלן... ווי וועט זיין צו אירע יאָרן, אויב זי וועט מיך נישט וועלן פאָלגן"...

אויף זיין געזיכט האָט זיך אויסגעלייגט אַ צופרידן שמייכעלע...

„שאַט נישט"... — האָט ער געטראַכט — „איך וועל איר באַ־צאָלן פאַר אַלע צרות, וואָס איך בין זיך פון איר אויסגעשטאַנע"...

ס׳איז שוין געווען שפּעט און סאַלאָמאָן האָט געמוזט אויפשטיין פון זיין געלעגער.

ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַריין אין עס־צימער צום פרישטיק.

מאַדאַם ווײַנשטיין האָט שוין געוואַרט אויף איר זון. סאַבינע איז נישט געווען ביים טיש.

— און ווו איז סאַבינע?... — האָט סאַלאָמאָן געפרעג — מיין כלה איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען?...

— זאָל זי זיך אויסשלאָפן... — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין גע־ענטפערט מיט אַ ציניש שמייכעלע — וואָס? דו קענסט זיך נישט דערוואַרטן ביז זי וועט דיר מאַכן דעם סקאַנדאַל?...

— איך לאַך פון אירע סקאַנדאַלן!... — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט מיט זיכערקייט אין זיך — ס׳טויג איר אפשר נישט?... זי מעג זיך שעצן גליקלעך מיט אַזאַ חתן ווי איך!...

די מוטער מיטן זון האָבן זיך גענומען עסן דאָס פרישטיק.

זיי האָבן זיך גערעכנט, אַז סאַבינע וועט אַ ליאַדע מינוט אַראָפּקומען. אָבער זיי האָבן אָפּגעגעסן דאָס פרישטיק און סאַבינע האָט זיך

נישט געווינט.
זיי האָבן נאָך אַביסל געוואַרט און סאַבינע איז אַלץ נישט אַראָפּגעקומען...
מאַדאַם ווײַנשטיין האָט אָנגעהויבן זיך צו באַאומרואיקן.
— ווער ווייס, צו ס'איז נישט געשען עפּעס שלעכטס... — האָט זי געזאָגט — איך וועל נאָך איר אַרויפשיקן.
— מאַניע! — האָט זי אַ רוף געטאָן דאָס דינסט-מיידל.
— גיי אַרײַן צו דער פאַננע סאַבינע און בעט זי אַרײַן צום פרישטיק. — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין באַפוילן.
דאָס מיידל איז אַרויס און באַלד צוריקגעקומען.
— אין דער פאַננע סאַבינעס צימער איז קיינער נישטאָ... — האָט זי ערקלערט.
— וו-אָ־ס ?... קיינער נישטאָ?... — האָט מאַדאַם ווײַנשטיין געפרעגט און איז בלאַס געוואָרן.
— נישטאָ?... — האָט סאַלאָמאָן איבערגעחזרט און איז אויך טויט־בלאַס געוואָרן.
— אויפן טיש האָב איך געפונען ליגן אָט דעם בריוו... — האָט דאָס מיידל צוגעגעבן און דערלאַנגט דער מאַדאַם ווײַנשטיין אַ פאַרקלעבטן קאָנווערט.
סאַלאָמאָן האָט זיך נישט געקאָנט אַ ריר טאָן פון אָרט, ווייל ער איז געבליבן זיצן, ווי געליימט.
— קאָנסט שוין גיין... האָט מאַדאַם ווײַנשטיין קוים אַרויס-געבראַנגט די ווערטער פון איר מויל.
דאָס מיידל איז אַרויס.
מאַדאַם ווײַנשטיין האָט אָנגעהויבן לייענען סאַבינעס בריוו. איר געזיכט איז וואָס אַ ווײַלע אַלץ בלאַסער געוואָרן... אירע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט...

— — — —

אַ ציטערנדיקע אין גאַנצן פון אויפרעגונג און צאָרן, איז סאַבינע אַרויס פון מאַדאַם ווײַנשטיינס סאַלאָן.
זי האָט מורא געהאַט, אַז עמיץ זאָל זי נישט פרובן פאַרהאַלטן. זי איז דעריבער שנעל אַרײַן אין איר צימער און זיך דאָרט פאַר־שלאָסן... אַ מידע, אַ דערשעפּטע, האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול.

זי וואָלט איצט גערן זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין. עס האָט זי אָבער באַהערשט אַ מאָדנע שרעק־געפיל.

„ווער ווייס, צו סאַלאָמאָן וועט איצט נישט פּרובן מיר אַרויס־ווייזן זיין ליבע אויף אַ ממשותדיקן אופן"... — האָט זי געטראַכט מיט שרעק — „ער האַלט זיך דאָך איצט פאַר מיין חתן"...

„אויף דעם אידיאָט און כאַם קאָן מען אַלץ גלויבן"...

זי האָט אָנגעהויבן באַטראַכטן דאָס, וואָס איז מיט איר היינט געשען. איין זאַך איז איצט פאַר איר קלאָר געווען: מאַדאַם וויינ־שטיין מיט איר זון ווילן זי מיט אַלע מיטלען אַריינקריגן, אַז זי זאָל חתונה האָבן מיט סאַלאָמאָנען.

„אָבער פאַרוואָס טוען זיי דאָס?... וואָס פאַראַ מיין האָבן זיי דערביי?"...

אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט סאַבינע נישט געהאַט קיין ענטפער.

„דאָ איז עפּעס נישט אין אָרדענונג"... — האָ סאַבינע באַ־שלאָסן — „אָבער וואָס, גאָט מיינער... וואָס קומט דאָ פאַר?".

„דערווייל איז אַ פאַקט, אַז סאַלאָמאָן איז מיין חתן"...

זי האָט אַ ציטער געטאָן פון עקל...

— ניין! ניין! — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט — דאָס וועט נישט געשען!...

„באַלד אין דער פרי וועל איך אַוועק צו דער מאַדאַם וויינשטיין און איר דערקלערן, אַז איך וויל נישט, אַז דערפון וועט גאָר־נישט זיין...

אָבער באַלד האָט סאַבינען אַרומגעכאַפּט אַ שרעק פאַרן דאָזיקן געדאַנק.

„גיין צו מאַדאַם וויינשטיין?"...

„זי וועט באַלד פאַרברעכן די הענט און באַשווערן מיך מיט אַלע שבועות, אַז איך זאָל נישט צעברעכן סאַלאָמאָנען, אַז איך זאָל אים נישט קאָמפּראָמיטירן"...

„און ווער ווייס? פונקט ווי זיי האָבן מיך מיט געוואַלד פאַר־לאָבט, קאָנען זיי מיך אויך חתונה מאַכן מיט געוואַלד"...

ביים דאָזיקן געדאַנק האָט סאַבינע אינגאַנצן אויפגעשוידערט פון גרויל און עקל...

„ניין. צו מאַדאַם וויינשטיין וועל איך נישט גיין... איך מוז

זיך באַצייטנס אָפּטראָגן פונדאַנען״...

זי האָט זיך אויפגעשטעלט.

פאַר אַלעם האָט זי אויסגעטאָן דאָס טייערע קלייד, וועלכעס מאַדאַם וויינשטיין האָט איר געשיקט. זי האָט זיך אָנגעטאָן אַן איינפאַך אַרבעטס־קליידל און גענומען איינפּאַקן איר אָרעם ביסל זאַכן.

זי האָט איינגעפּאַקט דאָס ביסל וועש, עטלעכע קליידלעך. דאָס אַלץ איז אַריין אין איר קליינער וואַליזקע...

מאַדאַם וויינשטיינס מתנה האָט זי געלאָזט הענגען אין שאַנק... איינגעפּאַקט, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אָנשרייבן אַ בריוו צו דער פרוי וויינשטיין.

ווען זי האָט געהאַט אָנגעשריבן דעם בריוו און אים פאַרקלעבט אין אַ קאָנווערט, האָט שוין אין דרויסן אָנגעהויבן צו טאָגן.

סאַבינע איז געווען שרעקלעך מיד און שלעפעריק. ווי גערן וואָלט זי זיך איצט אָנגעלענט אַביסל שלאָפן. זי האָט אָבער מורא געהאַט נישט צו פאַרשלאָפן און אויפכאַפּן זיך צו שפּעט.

„איך מוז אַוועק פונדאַנען, איידער זיי כאַפּן זיך אויף״ — האָט סאַבינע געטראַכט.

זי האָט זיך דעריבער אַוועקגעזעצט ביים טיש, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַן אָרעם און איינגעדרימלט.

אָבער דער אומרו האָט זי נישט לאַנג געלאָזט שלאָפן. נאָך אַ קורצן דרימל האָט זי זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט.

עס איז שוין געווען טאָג. אָבער אין מאַדאַם וויינשטיינס הויז האָט נאָך געהערשט אַ טויט־שטילקייט.

סאַבינע איז איצט געווען מונטער און פרייליך. בלויז דער געדאַנק, אַז זי פאַרלאָזט דאָס דאָזיקע פאַרהאַסטע הויז, האָט זי אָנגעפילט מיט פרייד.

וואָס האָט זי געקאָנט בינדן צום דאָזיקן הויז? קיין איין גוטע ערינערונג, קיין איין אָנגענעמע דערמאָנונג. בלויז עקל, כאָמסטוואָ, שלעכטס און כיטרעקייט — דאָס האָט זי דאָ געזען.

די איינציקע מענטשן דאָ, פאַר וועלכע זי האָט געהאַט אַ גוט געפיל — דאָס זענען געווען אַנדזשע און איר משפחה.

און גראָד די דאָזיקע ליבע מענטשן האָבן אַזוי טיף געליטן צוליב דער שלעכטסקייט פון די וויינשטיינס...

צום גליק האָט סאַבינע געהאַט אַביסל געלט נאָך פון דער צייט, ווען זי האָט געאַרבעט ביי די זאַלצבערגס.

אויף הוצאות האָט זי, אַלזאָ, געהאַט.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן באַקוועמען צימער, וועלכן מאַדאַם ווייַנשטיין האָט איר לעצטנס אָפּגעגעבן. זי האָט עס פּאַר־לאָזט אָן שום באַדויערן...

איידער זי גייט צו דער באַן, האָט סאַבינע נאָך געוואָלט אָפּ־טרעטן ביי די דאַווידסאָנס, אַנדזשעס עלטערן — זיך געזעגענען.

זי איז אַוועק אין דער ריכטונג פון דאַווידסאָנס וווינונג.

גראָד האָט זי באַגעגנט דאַווידסאָנען אויפן וועג.

— אַ! אַ גוט מאָרגן, פאַננאַ סאַבינע! — האָט ליפע דאַווידסאָן זי באַגריסט מיט אַ שמייכל. — איר זענט שוין אויפגעשטאַנען? אַזוי פרי?

סאַבינע האָט זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט.

— אַ גוט מאָרגן, הערר דאַווידסאָן! — האָט זי געזאָגט — עס פרייט מיך זייער, וואָס איך האָב אייך געטראָפן. איך וויל זיך געזעגענען מיט אייך... איך פאָר אַוועק פונדאַנען...

ליפע האָט אויף איר אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוווּנדעטע אויגן.

— וואָס רעדט איר, פריילין סאַבינע? וואָס איז געשען?... אָבער... אָבער... מ'האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז נעכטן זענען פאַר־געקומען אייערע תנאים מיט סאַלאָמאָנען?... כ'האָב אייך געוואָלט אָפּגעבן „מזל־טוב"...

סאַבינע האָט טרויעריק אַ שמייכל געטאָן.

— דער סאַלאָמאָן ליגט מיר נישט צומאָל אין זינען... — האָט זי געענטפערט — און דעריבער טאַקע האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מאַדאַם ווייַנשטיינס הויז און לובלין איבערהויפּט...

דאַווידסאָן האָט זיך נאָך מער געוווּנדערט.

— וואָס הייסט?... איך פאַרשטיי נישט... אַלע דערציילן דאָך, מיט וואָס פאַראַ פּאָמפּע די תנאים זענען געפייערט געוואָרן... ווי מאַדאַם ווייַנשטיין האָט פאַרבראַיעט אַ וועלט... ווי זי האָט גע־דרשנט...

— ריכטיק... ריכטיק... — האָט סאַבינע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — איין זאַך בלויז איז אייך נישט באַקאַנט...

— צום ביישפּיל?

— אַז איך האָב נישט געוווסט פון גאָרנישט און איך בין איבערראַשט געוואָרן, ווען איך האָב דערהערט, אַז דאָ ווערן געפּראַוועט מיינע אייגענע תנאים... מ'האָט מיך גאָרנישט געפרעגט, צו איך באַשטיי...

ליפּע האָט פרייער אָפּגעעטעמט...

די ידיעה וועגן סאַבינעס תנאים מיט סאַלאָמאָנען האָט אים שטאַרק איבערראַשט און אַרויסגערופן ביי אים אַ גרויסע אַנטוישונג אַן סאַבינען...

ער האָט סאַבינען זייער גינסטיק געהאַט און זי געשעצט פאַר איר איידעלען כאַראַקטער..

אָבער די ידיעה וועגן די תנאים האָבן אים אינגאַנצן צעטומלט.

„הייסט עס, אַז סאַבינע איז גאָרנישט אַזעלכע, ווי זי ווייזט זיך אין פלוג אויס"... — האָט ער געטראַכט — „פאַר געלט האָט זי זיך פאַרקויפט צום דאַזיקן מנוול"...

איצט איז ער צופרידן געווען, וואָס דער חשד קעגן סאַבינען האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומגערעכט.

— אַזוי איז די מעשה... — האָט ער געזאָגט — איך מוז אייך זאָגן, פאַננאַ סאַבינע, אַז איך האָב זיך געריכט דערויף... איך האָב נישט געקאָנט גלויבן, אַז איר זאָלט ליב קריגן דעם גאָרנישט...

— מאַדאַם ווײַנשטיין האָט מיר ערקלערט, אַז זי מאַכט אַ באַל צוליבן אַרויסראַטעווען מיך פון דער סאַדזאַווקע און סאַלאָמאָנס געזונט ווערן — האָט סאַבינע ערקלערט.

— כאַ-כאַ־כאַ! — האָט ליפּע זיך צעלאַכט.

סאַבינע האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטע.

— וואָס לאַכט איר? — האָט זי געפרעגט.

— צי ווייסט איר נאָך נישט וועגן דער קאָמעדיע מיטן איבער־געזעגטן אָנלען?...

— איך ווייס... אָבער פון וואַנען ווייסט איר עס?

— ברוך, דער זון פונעם פאַכטער אין מאַדאַם ראַזענס גיט האָט עס מיר דערציילט... ער האָט עס אַליין געזען... מיר האָבן געקייכט פון געלעכטער... וואָס אַן אידיאָט קאָן איינפאַלן!...

— כאַ־כאַ-כאַ־כאַ!... — האָט סאַבינע זיך צעלאַכט.

— ער איז אָבער נישט בלויז אַן אידיאָט, נאָר אויך אַן אויס־וואורף, — האָט ליפּע צוגעגעבן. — צוליב דעם דאַזיקן מנוול

ווערט מיין קינד אומזיסט געפייניקט אין תפיסה...

— דער אמת וועט זיך סוף-כל־סוף אַרויסווייזן.. — האָט סאַבינע אים געטרייסט. — אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס זענען זיין אויסן געווען מיט דער נעכטיקער קאָמעדיע ?

— מיט אייך ?

— המ... זיי האָבן געוווסט וואָס זיי ווילן, זאָרגט נישט...

— וואָס ? איר ווייסט עפּעס וועגן דעם ?...

— ווייסן ווייס איך נישט, אָבער ס׳איז נישט שווער צו פאַר־שטיין...

— ס׳איז נישט שווער צו פאַרשטיין ? — האָט סאַבינע זיך געוווּנדערט — איך קאָן עס פונדעסטוועגן נישט באַגרייפן...

— איר געדענקט מסתמא דעם באַזוך פון הער זאַלצבערג ?

— יאָ...

— איר האָט זיך געקענט מיט אים פריער ?...

סאַבינע האָט זיך פאַררויטלט...

— איך האָב געאַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער ביי זיין קראַנ-קער מוטער. דאָס איז אַלץ...

— יאָ... און ווען ער איז דאָ געווען, האָט איר געהאַט מיט אים אַ לענגערן געשפּרעך, אמת ?...

סאַבינע האָט צעעפנט אירע אויגן פון איבערראַשונג.

— פון וואַנען ווייסט איר עס ? ווער האָט עס אייך געזאָגט ?

— איך בין צופעליק דורכגעגאַנגען. איך האָב אייך נישט גע-וואָלט שטערן און האָב זיך שנעל דערווייטערט. איך האָב אָבער באַמערקט, ווי עמיץ אַנדערש האָט זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די בוימער און אונטערגעהערט...

— אונטערגעהערט...

סאַבינע איז בלאַס געוואָרן...

— דאָס איז געווען סאַלאָמאָן וויינשטיין...

— אַן אומפאַרשעמטער יונג !... — האָט סאַבינע אַ בורטשע געטאָן.

— ווען איר האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט זאַלצבערגן און איר זענט ביידע אַוועק, יעדער זיין וועג, איז סאַלאָמאָן אַרויס פון זיין באַהעלטעניש...

— אַך !...

— ער האָט זיך מיט פרייד געריבן די הענט און זיך צעלאַכט אויפֿן קול, ווי אַן אמתער טייוול... עס האָט מיך אַזש געשווידערט... איך פֿאַרשטיי, אַז נאָכן אונטערהערן דאָס געשפּרעך איז ביי אים געבוירן געוואָרן דער פּלאַן זיך מיט אייך צו פֿאַרלאָבן...

איצט איז פֿאַר סאַבינען אַלץ קלאָר געוואָרן...

„דער אויסוואורף האָט געהערט פֿון העגריקן וועגן דעם גע־פֿונענעם אוצר... ער האָט זיך אַלזאָ אַזוי שטערבלעך פֿאַרליבט אין... דעם געלט"...

— איר זענט פֿולשטענדיק גערעכט, פֿאַניע דאַווידסאָן! — האָט סאַבינע געזאָגט — איך האָב טאַקע גערעדט מיט זאַלצבערגן וועגן אַ גרויסער סומע געלט, וועלכע געהערט געזעצלעך צו מיר, נאָר...

— נאָר וואָס?

— נאָר איך וויל עס נישט אָננעמען...

— פֿאַרוואָס?

— דאָס קאָן איך אייך דערווייל נישט זאָגן, ווייל עס רירט אָן אויך אַנדערע מענטשן... איך דאַנק אייך זייער פֿאַר אייערע אינפֿאָרמאַציעס. איצט איז אַלץ פֿאַר מיר קלאָר...

— האָט איר שוין אַ קלאָר בילד פֿונעם געלן אויסוואורף, האַ?...

— יאָ... און איך קאָן מיט אַ רואיק געוויסן פֿאַרלאָזן דאָס הויז פֿון די וויינשטיינס... איך האָב געקלערט, אַז איך בין זיי אפשר נישט גענוג דאַנקבאַר...

— איר האָט נישט וואָס צו באַדויערן... — האָט ליפּע געזאָגט — ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס איר וועט זיין ווייט פֿון אונדז... איר זענט מיר און מיין פֿרוי פֿאַר דער צייט נאָנט געוואָרן...

— אויך מיר איז שווער זיך צו שיידן מיט אייך, פֿאַניע דאַ־ווידסאָן. איר זענט ליבהאַרציקע מענטשן. און וואָס הערט זיך מיט אַנדזשען? איר האָט עפּעס אַ ידיעה פֿון איר?

ליפּע האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן.

— ליידער האָב איך נישט געהערט קיין שום פֿריילעך נייעס... — האָט ער טרויעריק געזאָגט — טאָג־טעגלעך מאַטערט מען זי מיט די אויספֿאָרשונגען... און זי ווייסט דאָך נישט צו זאָגן פֿון גאָרנישט...

סאַבינע איז אַריין מיט ליפּען אין זיין וווינונג און זיך גע־זעגנט מיט טויבן, זיין ווייב.

טויבע האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קינד.

— איר פאָרט טאַקע אַוועק, סאַבינעשי ?... ווער ווייס ווען מיר וועלן זיך אַמאָל זען און צו איר וועט זיך נאָך אַמאָל זען מיט מיין אַנדזשעלען...

אָבער ווען טויבע האָט זיך דערוווסט, פאַרוואָס סאַבינע פאָרט אַוועק, האָט זי אויסגערופן:

— אַנטלויפן... אַנטלויפן פון די דאָזיקע אויסוואורפן... דאָס זענען וועלף, נישט קיין מענטשן...

זי האָט זיך צעקושט מיט סאַבינען, וועלכע איז אַוועק צו דער באַן אין ליפּעס באַגלייטונג.

סאַבינע האָט פאַרלאָזט לובלין.



מיט אַ ציטערנדיקער שטים האָט מאַדאַם וויינשטיין געלייענט סאַבינעס בריוו:

„געערטע מאַדאַם וויינשטיין!

„אַנטשולדיקט מיר זייער, וואָס איך פאַרשאַף אייך אפשר עגמת־נפש. איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט...

„איך האָב ביי אייך אָנגענומען דעם פּאָסטן פון אַווירטשאַפט־פירערין, וועלכן איך האָב געוויסנהאַפט אויסגעפירט. איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן ווערן אַ מיטגליד פון אייער משפחה. איך האָב זיך קיינמאָל נישט באַמיט געפעלן צו ווערן אייער זון...

„פאַרקערט, ווען איך האָב געזען, אַז ער שענקט מיר צופיל אויפמערקזאַמקייט, האָב איך זיך באַמיט צו האַלטן וואָס ווייטער פון אים...

„ווי אַזוי האָט אייער זון געקאָנט אויף מיר מאַכן אַ גוטן איינדרוק, ווען באַלד נאָך מיין אָנקומען צו אייך איז ער צו מיר צוגעשטאַנען אויף אַן אומאַנשטענדיקן אופן...

„איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט מיך גראָב באַליידיקט, זאָל פּלוצלונג זיך פאַרליבן אין מיר...

„איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ מענטש קאָן זיך דערטראַכטן צו אַזאַ אומזין, ווי אי־בערזעגן דעם אַנלען פונעם בריקל, כדי דערנאָך צו שפּילן די קאָמישע ראָלע פון אַ לעכערלעכן „העלד"...

„נאָך ווינציקער פאַרשטענדלעך איז פאַר מיר געווען אייער האַנדלונג, געערטע מאַדאַם, אייער דרשה און דאָס צונויפפּאָרן מיך מיט געוואַלד מיט אייער זון...

„איך האָב נישט געוואָלט מאַכן קיין סקאַנדאַל אין דער אַנוועזנהייט פון פרעמדע מענטשן. ס'איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן צו באַשטיין דערויף...

„איך האָב נישט און וויל נישט האָבן מיט אייער זון קיין שום געמיינזאַמעס...

„כדי אויסצומיידן טענות, פאַרלאָז איך אייער הויז...

„ווען איר וועט לייענען דעם דאָזיקן בריוו, וועל איך שוין נישט זיין אין לובלין...

„כאָטש איר האָט מיר נישט איין עוולה געטאָן, ווינטש איך אייך אַלדאָס גוטס.

סאַבינע רייזמאַן"

— אַ סקאַנדאַל! — האָט מאַדאַם וויינשטיין אויסגערופן און אַ שליידער געטאָן דעם בריוו אויף דער ערד — אויף דעם האָב איך זיך נישט געריכט... אַ סקאַנדאַל!...

סאַלאָמאָן איז געזעסן און געגלאָצט ווי אַ גולם. ער איז אינ־גאַנצן צעשמעטערט געוואָרן.

— זי איז אַנטלאָפן... אַנטלאָפן... — האָט ער געשטאַמלט אַ פאַרצווייפלטער — אַך, וואָס פאַראַ קאָמפּראָמיטאַציע!

— כאָטש באַגראָב זיך פאַר בושה... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געקרעכצט — מיר וועלן זיין אין אַלעמענס מיילער... און וויפל די תנאים האָט אָפּגעקאָסט... גאָט מיינער! גאָט מיינער!...

— מיר האָט באַלד דאָס האַרץ געזאָגט... — האָט סאַלאָמאָן צוגעגעבן — איך האָב געוווּסט, אַז זי וועט זיך אַזוי לייכט נישט לאָזן נעמען...

— ער האָט געוווּסט... אַצינד איז ער אַ חכם!... — איז מאַדאַם

וויינשטיין בייז געוואָרן. — דאָס האָסט דו דאָך אַלץ באַגראָבן!...
מיינע אַלע פּלענער האָסטו קאַליע געמאַכט...

— איך?...

— נאָר ווער דען, איך?... פאַרוואָס האָסטו זיך געטשעפּט צו איר?... איך קען דיך גאַנץ גוט, אויסוואורף איינער!... מיט אַנדזשען האָסטו אויך געמוזט האָבן אַזעלכע געשעפטעלעך... און וואָס איז געווען מיט בראַניען?... נישט צוליב דיר האָט זי זיך דער־טרונקען?...

— נו, גענוג... גענוג... — האָט סאַלאָמאָן אַ בורטשע געטאָן?

— אויף דיר איז אַלץ צו גלויבן... ווער ווייס, צו דו האָסט טאַקע נישט געשענקט אַנדזשען דאָס קייטל מיטן זייגערל... די מאַמעס צירונג צעטיילט ער צווישן די דינסטן... דו גאַרנישט איינער!...

סאַלאָמאָן איז ווילד געוואָרן פון צאָרן.

„די מאַמע שיט מיר נאָך זאַלץ אויף די וווּנדן"... — האָט ער געטראַכט.

— די מאַמעס צירונג... — האָט ער אַ בורטשע געטאָן — כאַ-כאַ... דאָס קייטל מיט זייגערל זענען דאָך קיין צען גילדן נישט ווערט געווען... זיי זענען נישט ווערט געווען מער, ווי צו שענקען אַ דינסט...

מאַדאַם וויינשטיין איז טויט בלאַס געוואָרן.

— ביסט משוגע געוואָרן? — האָט זי געשריגן.

— איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דו האָסט עס אויסגעטוישט ביים יובילער... — האָט סאַלאָמאָן צוגעגעבן.

ס'וואָלט זיכער געקומען צו אַ סקאַנדאַל, ווען ס'קלאַפּט גראָד נישט אָן עמיצער אָן דער טיר.

— ביטע! — האָט סאַלאָמאָן אויסגערופן.

דער בריוו־טרעגער איז אַריינגעקומען.

— איך האָב אַ רעקאָמענדירטן בריוו פאַר פריילין רייזמאַן! — האָט ער געמאָלדן.

— פריילין רייזמאַן איז איצט נישטאָ. — האָט סאַלאָמאָן ערקלערט — אָבער איך בין איר חתן, איר קאָנט אים מיר אָפּגעבן...

דער בריוו־טרעגער האָט סאַלאָמאָנען געגעבן דעם בריוו און

סאַלאָמאָן האָט אונטערגעשריבן, אַז ער האָט דערהאַלטן.

ווען דער בריוו־טרעגער איז אַוועק, האָט סאַלאָמאָן דעם בריוו אויפגעריסן.

מאַדאַם ווײַנשטיין איז אויפגעשטאַנען פון איר אָרט און אויך מיט נײַגעריקייט אַרײַנגעקוקט אינעם געעפנטן בריוו...

קאַפּיטל הונדערט זעקס

## די פֿאַרשטעלטע דאַמע

ווען די פאַרקליידטע ליזע האָט דערזען, אַז די שרייענדיקע פרוי לויפט צו איר, האָט זי אַליין געוואַלט אַנטלויפן...

אָבער איידער זי האָט באַוויזן זיך צו אָריענטירן, איז די אומבאַקאַנטע פרוי שוין געווען נעבן איר...

— מיין הער, מיין הער. ראַטעוועט מיך!... — האָט די אומבאַקאַנטע פרוי זיך געבעטן, און אויסגעשטרעקט צו איר די הענט.

# סאָבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 85

אַ צעטומלטע און דערשראָקענע, האָט ליזע אינסטינקטיוו אַרומגענומען די אומבאַקאַנטע מיט איר אָרעם, ווי זי וואָלט זי אַזוי אַרום געוואָלט שיצן....

אין דעם מאָמענט האָבן זיך אין דער נאַכט־פינסטערניש באַוויזן דריי לויפנדע, שיכורע מאַטראָזן... זיי זענען געלאָפן און זיך געוואַקלט...

אָבער ווען זיי האָבן דערזען, אַז נעבן דער אומבאַקאַנטער געפינט זיך אַ „מאַנספּערשוין", האָבן זיי שנעל זיך אָפּגעטראָגן...

ליזע האָט באַטראַכט די אומבאַקאַנטע. דאָס איז געווען אַ שיינע, שלאַנקע פרוי פון אַ יאָר דרייסיק. אָנגעטאָן איז זי געווען זייער עלעגאַנט. זי האָט אויסגעזען פון דער בעסערער געזעלשאַפט.

— איך דאַנק אייך זייער, מיין הער! — האָט זי געזאָגט מיט אַ ציטערנדיקער שטים פון אויפרעגונג — איר האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן.

זי האָט הייס געדריקט ליזעס האַנט.

— איר וועט מיר נישט פאַראיבל נעמען, ווען איך וועל אייך, בעטן מיך צו באַגלייטן אַהיים ?... — האָט זי געפרעגט.

ליזע איז היפּש צעטומלט געוואָרן און זי האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן...

„זאָל איך זיך אויסגעבן פאַר דער אומבאַקאַנטער, אַז איך בין אַ פרוי?"... — האָט זי געטראַכט — „איך וועל דאָך דעמאָלט איר מוזן אויפקלערן, פאַרוואָס איך האָב זיך פאַרקליידט"...

„ווער ווייס, אין וואָס פאַר אַ נייע אומגליק איך קאָן זיך אַריינברענגען"...

„איך וועל ווייטער שפּילן די ראָלע פון אַ מאַנספּערשוין"... — האָט זי באַשלאָסן.

זי האָט זיך באַמיט צו אימיטירן אַ מענער־שטים און געענטפערט :

— איך וועל אייך גערן באַגלייטן...

די אומבאַקאַנטע האָט אָנגענומען ליזעס אָרעם און זיי זענען אַוועק אין דער געהעריקער ריכטונג.

— איך הייס לוסיל רעדאָ, — האָט די אומבאַקאַנטע זיך פאָרגעשטעלט. — מיין מאַן איז אַ פאַבריקס־דירעקטאָר. מיין

מאַן איז געווען פאַרנומען, בין איך אַליין אַוועק אויף אַ באַזוך צו אַ פריינדין. איך בין זיך פאַרזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. ווען איך בין אַרויס פון דאָרט און זיך גענומען אומקומען נאָך אַן אויטאָ, זענען די מאַטראָסן אָנגעלאָפן און מיך גענומען נאָכיאָגן. ווען נישט איר...

— נו, איך האָב דאָך דאָ גאָרנישט געטאָן. — האָט ליזע געזאָגט. — זיי זענען דאָך אַליין אַנטלאָפן...

— ווייל זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר אייער מוטיקער האַלטונג... אַנטשולדיקט מיר פאַר מיין נייגעריקייט... איך וואָלט כאָטש געוואָלט וויסן ווער מיין רעטער איז...

ליזע איז צעטומלט געוואָרן פון דער דאָזיקער פראַגע...

אין דער ערשטער מינוט איז זי שוין גרייט געווען אויסצוזאָגן דעם אמת, אַז זי איז אַ פרוי...

זי האָט זיך אָבער באַטראַכט אַ ווײַלע און געענטפערט:

— איך הייס זשאַק דאָנעי. איך האָב געהאַט אַ סעקרעטאַר־פּאָסטן אין פּאַריז. אָבער מיין שעף איז געשטאָרבן און איך בין געבליבן אָן אַרבעט.

— און וואָס טוט איר איצט אין מאַרסעל?

— איך בין געקומען זוכן אַרבעט. אָבער אויפן וועג איז מיר געשען אַן אומגליק, מ'האָט מיר צוגעגנבעט מיין וואַליזקע מיט אַלע זאַכן און מיט מיין ביסל אָפּגעשפּאָרטע פראַנקן...

— אַך! ג־ט מיינער!... — האָט מאַדאַם רעדאָ אויסגערופן מיט מיטגעפיל.

— כדי נישט אויסצוגעבן די עטלעכע פראַנק, וואָס זענען מיר געבליבן אין קעשענע בין איך נישט געגאַנגען אין קיין האָטעל אַריין און דריי זיך אַרום אויף דער גאַס...

— שרעקלעך... שרעקלעך... — האָט מאַדאַם רעדאָ געזאָגט — גוט, וואָס איר האָט מיך געטראָפן... איר האָט מיך געראַטעוועט דאָס לעבן און איך וועל אייך אַרויסהעלפן פון אייער נויט...

ליזע האָט נישט געוווסט, צו זאָל זי זיך פרייען, צו האָבן עגמת־נפש...

זי האָט קעגן איר ווילן אָפּגענאַרט די דאָזיקע פרוי, ווייל זי

האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך באַלד צעגיין מיט איר. אָבער איצט האָט זיך געשאַפן אַ קאָמישער פּלאָנטער...

דערווייל זענען זיי צוגעקומען צום טויער, ווו עס האָט געוווינט מאַדאַם רעדאָ.

ליזע האָט זיך געוואָלט געזעגענען און אַוועקגיין. אָבער מאַדאַם רעדאָ האָט זי נישט אָפּגעלאָזט.

— איך מוז אייך באַקענען מיט מיין מאַן... — האָט זי געזאָגט — מיין מאַן האָט מיט עטלעכע טעג צוריק אָפּגעזאָגט זיין סעקרעטאַר פון פּאָסטן. און ער זוכט איצט אַן אַנדערן...

ליזע האָט איצט אַליין נישט געוווסט וואָס צו טאָן... אָבער איידער זי האָט זיך אַנטשלאָסן, האָבן זיי זיך שוין געפונען פאַר דער טיר, ווו עס איז געווען אויפגעקלעפּט אַ בלעטל מיטן נאָמען „רעדאָ"...

מאַדאַם רעדאָ האָט אַ דריק געטאָן ביים עלעקטרישן גלעקל און די טיר האָט זיך געעפנט.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ שלאַנקער, שוין גראָלעכער הער. אויף זיין געזיכט איז געלעגן אַ גוטמוטיקער אויסדרוק. ער האָט געהאַט גוטע, אַביסל אומעטיקע אויגן.

— גאָט איז מיט דיר, לוסיל, וואָס איז געשען? — האָט דער מאַן אויסגערופן — און ווער איז דער הער? — האָט ער געפרעגט אַ פאַרוואונדערטער.

— דאָס איז מסיע זשאַק דאָנעי, מיין רעטער. נאָר אַ דאַנק איבם בין איך צוריקגעקומען אַ לעבעדיקע...

מסיע רעדאָ האָט געדריקט ליזעס האַנט און זי אַריינגעבעטן.

אַלע דריי זענען אַריין אין דער וווינונג.

— טוט אויס אייער מאַנטל, מסיע דאָנעי, — האָט מסיע רעדאָ געזאָגט צו ליזען, — גיט מיר די מעגלעכקייט אייך ווי געהעריק אָפּצודאַנקען, אַזויבּ איר האָט געראַטעוועט דאָס לעבן פון מיין פרוי.

ליזע איז רויט געוואָרן פון גרויס פערלעגנהייט... זי האָט אויסגעטאָן דאָס מאַנטל און איז אַריין מיט די רעדאָס אין זייער עלעגאַנטן סאַלאָן.

ווען לוסיל האָט זיך בעסער געקענט איינקוקן אין איר „רעט־ער", האָט זי ברייט צעעפנט אירע אויגן פון פאַרוואונדערונג...

— אַך! — האָט זי אויסגערופן — איר זענט נאָך אַזאַ יונגער מסיע דאַנעי! און אַזאַ איידעלער... בלוט און מילך... איר זעט אויס אַזוי צאַרט ווי אַ פרוי...

ליזען האָבן געפלאַמט די באַקן...

— כאַ־כאַ־כאַ!... — האָט לוסיל זיך צעלאַכט — זע נאָר, פּיער, מסיע דאַניע רויטלט זיך נאָך...

ווען ליזען עפּנט זיך איצט אַ גרוב, וואָלט זי אין אים אַריינגעשפּרונגען פון בושה...

— אַנטשולדיקט, מסיע דאַנעי, ווי אַלט זענט איר? — האָט מסיע דעראַ געפרעגט.

— ניינצן יאָר... — האָט ליזע געענטפערט — אין צוואַנציקסטן...

— איר זענט אַ העלדישער יונגערמאַן!... — האָט לוסיל זיך אַנגערופן. — אַכט באַנדיטן זענען מיך באַפאַלן און דער איינער יונגערמאַן האָט מיך געראַטעוועט... — האָט זי געזאָגט צו איר מאַן.

— וואָס דו רעדסט! אָווא...

— איינער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר די האָר... דער צווייטער, אַ געשטופּלטער, מיט אַ רויטער באָרד, האָט מיך דווקא געוואָלט אַ קוש טאָן... כ'האָב זיך קוים אַרויסגעריסן און גענומען אַנטלויפן...

— אַך אַך!

— און דאַן איז מסיע דאַנעי אונטערגעקומען און מיך אַרויסגעראַטעוועט... „האַלט, אויסוואורף"... האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט אַ דונערנדינער שטים... מיט איין קלאַפּ האָט ער דעם רויטבאָרדיקן אַוועקגעלייגט אויף דער ערד...

— אַך! אַך! — האָט מסיע רעדאָ זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דעם „יונגענמאַנס" העלדישקייט...

— די איבעריקע האָבן אַרויסגעצויגן לאַנגע מעסערס... אָבער ווען זיי האָבן געזען, אַז מסיע דאַנעי שרעקט זיך פאַר זיי גאָרנישט, זענען זיי אַנטלאָפן ווי דער פעפער וואַקסט...

ליזע איז געזעסן, ווי אויף הייסע קוילן...

„ווי אַזוי קאָן מען אַזוי ליגן זאָגן?"... — האָט זי געשטוינט.

ענדלעך האָט זי נישט אויסגעהאַלטן און זיך אָנגערופן:
— אַנטשולדיקט מאַדאַם רעדאָ... ס'איז געווען אַ ביסל אַנדערש... אָבער מאַדאַם רעדאָ האָט איר נישט געלאָזט ווייטער רעדן...
— לייקנט נישט, מסיע דאַנעי... זע, פּיער, ווי באַשיידן אונדזער יונגער פריינד איז... אויפן וועג האָט ער אויך נישט געלאָזט זיך באַדאַנקען... „וואָס האָב איך דען געטאָן?" — האָט ער געזאָגט...
מסיע רעדאָ האָט דאַן הארציק געדאַנקט זיין פרויס „רעטער"... ער האָט אָנגעגאָסן דריי גלעזער שאַמפּאַן און אַלע דריי האָבן אויסגעטרונקען.
— פאַרן געזונט פון מסיע דאַנעי! — האָבן די רעדאָס אויסגערופן.
מאַדאַם רעדאָ האָט דאַן דערציילט פאַר איר מאַן די געשיכטע, וואָס ליזע האָט איר דערציילט. וועגן דעם טויט פונעם שעף און דער גנבה פון דער וואַליזקע.
מסיע רעדאָ האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער אַ פרעג געטאָן ליזען:
— איר קענט שרייבן אויף אַ מאַשין, מסיע דאַנעי?
— יאָ.
— קענט איר פראַנצויזישע, ענגלישע און דייטשישע סטענאָגראַפיע?
— יאָ.
— איר קענט האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ?
— יאָ.
דאָס זענען דאָך אַלץ אַרבייטן, וועלכע זי האָט געטאָן אין אַדאָלף מאָרגענטאלס ביוראָ.
— וואָלט איר געוואָלט ווערן מיין סעקרעטאַר?
ליזע האָט זיך איצט געפונען אין גרויס פאַרלעגנהייט...
„זאָל איך אָננעמען דעם פּאָסטן?" — האָט זי געטראַכט — „איך וועל דאָך מוזן כסדר לעבן מיט אַ ליגן... און דערביי כסדר ציטערן... אַז מען זאָל נישט אַנטדעקן, אַז איך בין אַ פרוי"...
„אָבער צו איז דען אַ זינד צו פאַרדינען אויף ברויט אין מענערקליידער?" — האָט זי באַלד צוריקגעטראַכט.
באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר קליינעם לאָלעקן,

„אויב איך וועל אָננעמען דעם פּאָסטן ביי מסיע רעדאָ, וועל איך נאָר אין גיכן קאָנען שיקן דער פרוי שוואַרץ אַביסל געלט"...

„אין פּאַרלויף פון עטלעכע חדשים וועל איך זיך אָנזאַמלען אויף הוצאות און קאָנען צוריקפאָרן קיין פּוילן"...

— איך באַשטיי — האָט זי געענטפערט. — איך וועל זיך באַמיִען צו געווינען אייער צוטרוי.

לוסילס אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן...

דער שענער „מסיע דאָנעי" האָט איר גאָר שטאַרק אימפּאָנירט און זי האָט שוין פאַנטאַזירט וועגן אַ פלירט מיט אים

„אַ־אַ נאַאיוון יונגנמאַנטשיק וועט נישט שוען זיין שטאַרק אַנצוציען"... — האָט לוסיל געטראַכט — „מ'וועט קאָנען אַנ'אמתן לעב טאָן"...

— איר וועט נישט אַרבעטן אין ביוראָ, נאָר דאָ אין דער היים.

— האָט מסיע רעדאָ דערקלערט ליזען. — איר וועט אויך ביי אונדז וווינען און עסן...

ליזע האָט איינשטימיג אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— און לוין וועט איר קריגן אין אָנהויב צוועלף הונדערט פראַנק אַ חודש און אויב מיר וועלן זיין צופרידן איינער פונ'ם אַנדערן, וועל איך אייך ביסלעכווייז העכערן די פענסיע...

לוסיל האָט זיך דאַן אָנגערופן:

— פאַרגעס נישט, פּיער, אַז מסיע דאָנעי איז איצט אָן אַ סענט. דו מוזט אים דעריבער שוין געבן אַביסל געלט, כדי ער זאָל איך קאָנען איינקויפן וועש און מלבושים.

— ריכטיק... ריכטיק... — האָט מסיע רעדאָ איינגעשטימט — אַנטשולדיקט, מסיע דאָנעי, איך האָב גאָר פאַרגעסן... איך וועל אייך געבן אַ חודש פענסיע פאָראויס...

— איך דאַנק אייך זייער...

— איצט איז שוין צייט צו גיין שלאָפן. — האָט לוסיל זיך אָנגערופן — קומט מסיע דאָנעי, איך וועל אייך ווייזן אייער צימער. איך גלויב אַז איר וועט זיך פילן ביי אונדז, ווי ביי זיך אין דער היים ...

לוסילס שוואַרצע אויגן האָבן געשאָסן מיט פייער.

ליזע האָט זיך געזעגנט מיט מסיע רעדאָ און איז אַוועק נאָך

לוסיל'ן.

לוסיל האָט זי אַריינגעפירט אין אַ קליין, באַשיידן, אָבער אָנגענעם צימערל.

ס'איז דאָרט געשטאַנען אַן'אַלט־מאָדיש פלושענע קאַנאַפּע, אַ קליין טישל מיט שטולן און אַ ברייט, באַקוועם בעט.

ווייטער איז געשטאַנען אַ וואַש־שענקעלע, אַ שאַנק און אַן עטאזשערקע מיט ביכער.

— איך האָף, אַז איר וועט זיך דאָ גוט פילן, מסיע דאָנעי. — האָט לוסיל געזאָגט און אָנגעצונדן דעם עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ רויטן, אַבאַזשור. — אַ גוטע נאַכט!

לוסיל האָט אויסגעצויגן צו ליזען איר האַנט.

ליזע האָט געוואָלט איר אַ קוש טאָן אין דער האַנט אַריין, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ יונגנמאַן...

— ניין! — האָט לוסיל אויסגערופן און איינגעשפּיזט אירע פייערדיקע אויגן אין'ם שענעם „יונגנמאַן” — איר פאַרדינט אויף עפּעס בעסערס...

זי האָט ליזען געגעבן אירע ליפּן צו קושן...

ליזע האָט צוגעדריקט אירע ליפּן צו לוסילס...

אָבער פּלוצלינג האָט לוסיל זיך צעלאַכט הילכיק אויפן קול:

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! כא־כא־כא־כא!... איר האָט אַזעלכע צאַרטע ליפּעלעך, מסיע דאָנעי... און איר קאָנט נישט קושן... איר זענט נאָך טאַקע יונג, אָבער ליבן־זיך לערנט מען נישט אויף דער עלטער...

ליזע איז רויט געוואָרן, ווי פּייער...

— איך האָב נישט קיין צייט געהאַט דערצו... — האָט זי געענטפערט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— אויב אַזוי, מוזט איר זיך פלייסיק נעמען לערנען... איר וועט ביי אונדז האָבן גענוג צייט דערויף... מיין מאַן איז נישט אַזאַ שטרענגער שעף...

אַ לאַכנדיקע האָט לוסיל פאַרלאָזט ליזעס צימער.

ליזע איז אַצינד געווען שטאַרק צעטומלט.

„ווי אַזוי האָט די דאָזיקע פרוי געקאָנט האָבן די דרייסטקייט באַלד דעם ערשטן אָוונט אַ קוש צו טאָן אַ פרעמדן „יונגנמאַן?”...

ליזע האָט געוווסט, אַז אין פראַנקרייך ערלויבן זיך פרויען צו לעבן אַביסל פרייער, ווי אין פוילן. אָבער אויך אַזוי ווייט האָט זי זיך נישט געריכט...

„ווער ווייסט" — האָט ליזע געטראַכט מיט באַאומרוהיקונג — „ווער ווייסט, צו מאַדאַם רעדאָ האָט זיך נישט פאַרליבט אין מיר ? — אַ שיינע חתונה וואָלט דאָ געווען"...

„איז עס מעגלעך, אַז זי זאָל נישט דערפילן אינסטינקטיוו, אַז איך בין נישט קיין מאַן ?...

ליזע איז צוגעגאַנגען צום שפיגל און אַ קוק געטאָן. די מענער־קליידער האָבן איר אַזוי געפּאַסט, אַז עס איז אוממעגלעך געווען חושד צו זיין, אַז זי איז אַ פרוי.

„איך זע ווירקליך אויס, ווי אַ זייער שיינער יונגערמאַן"... — האָט זי געטראַכט.

„ווער ווייסט, וואָס פאַר אַזאַ פּלאָנטער דאָ וועט נאָך אַרויסקומען...

„וואָס טוט מען ?... וואָס טוט מען ?...

סיידן ערקלערן דער מאַדאַם רעדאָ אַז איך ליב זי נישט... אָבער איך מוז דאָס טאָן אויפן איידלסטן אופן...

אַזוי טראַכטנדיק, האָט ליזע זיך גענומען אויסטאָן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן אירע מידע גלידער שוין גערוט אין׳ם ווייכן בעט. זי האָט אָבער נישט געקאָנט איינשלאָפן.

זי האָט צופיל איבערגעלעבט דעם דאָזיקן טאָג, אַז זי זאָל קאָנען רואיק איינשלאָפן.

אינגאַנצן מיט איינקע שעה צוריק האָט זי זיך געשלעפּט איבער די גאַסן אַ פאַרצווייפלטע און אַ הילפלאָזע. איצטער — האָט זי אַ וואַרעמע נעסט און אַ גוטן אַרבעטס־פּאָסטן...

באַלד האָט זי זיך אָבער דערמאָנט אין איר לאָלעקן, און איר האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק צו קלאַפּן.

„ווער ווייס, וואָס מיט אים איז געשען די לעצטע פּאָר וואָכן ? — האָט זי איבערגעקלערט — פרוי שוואַרץ מוז זיך געפינען אין אַ זייער שווערער לאַגע".

„זי האָט נישט דערהאַלטן פון מיר קיין איין סענט און צומאָל נישט קיין בריוו"...

„מאָרגן וועל איך איר שיקן אַ בריוו מיט געלט".

מיטן דאָזיקן געדאַנק איז זי איינגעשלאָפן...

אַ גוטער חלום האָט זי איבערגעטראָגן צו איר טייער קינד. זי האָט זיך געזען מיט אים אין אַ ווילע ביים ים... לאָלעק האָט זיך געשפּילט צווישן פּרעכטיקע בלומען־בייטן.

אַ מאַן איז צוגעקומען און אויסגעצויגן צו איר זיינע אָרעמס, דאָס איז געווען אַדאָלף מאָרגענטאַל...

מיט אַן אויסגעשריי פון פרייד האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זיין האַלדז און באַדעקט זיינע ליפּן מיט הייסע קושן...

אָבער אין דעם מאָמענט האָט דער שיינער חלום זיך איבער־געריסן...

ליזע האָט זיך אויפגעכאַפּט....

זי האָט זיך לאַנג אַרומגעקוקט מיט פאַרוווּנדערטע אויגן איבערן צימער, ביז זי האָט זיך דערמאָנט ווו זי געפינט זיך.

זי איז אַראָפּ פון איר געלעגער און צוגעגאַנגען צום פענצטער.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג.

באַלד האָט מען ליזען אַריינדערלאַנגט פרישטיק.

אָנגעגעסן, איז זי אַריין אין סאַלאָן באַגריסן די מאַדאַם רעדאָ. זי האָט געוואָלט באַלד אַרויס אין גאַס אַוועקשיקן דעם בריוו צו פרוי שוואַרץ און זיך איינקויפן די נויטיקע זאַכן.

אָבער מאַדאַם רעדאָ האָט גאָרנישט קיין חשק געהאַט אַזוי שנעל אַרויסצולאָזן פון זיך דעם שיינעם סעקרעטאַר.

זי האָט שוין לאַנג געוואָרט מיט אומגעדולד אויפן „מסיע דאָנעי"... זי איז היינט אויפגעשטאַנען אַ סך פריער, ווי שטענדיק און לאַנג געשטאַנען פאַרן שפּיגל...

זי האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ געפּאַסט קלייד, וואָס האָט בולט אַרויסגעוויזן אירע קיילעכדיקע קערפּער־פאָרמען און די שמאָלקייט פון איר טאַליע...

„דעם יונגן בחורל וועט דאָס בלוט אַ שלאָג טאָן אין קאָפּ אַריין"... — האָט לוסיע זיך געטראַכט און צופרידן געשמייכלט.

ווי דערשטוינט און באַליידיקט איז זי אָבער געוואָרן, ווען דער „יונגערמאַן" האָט זי באַגריסט מיט אַ קאַלטער העפלעכ־קייט...

לוסיל האָט זיך דאָן אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע און אָנ־

געוויזן ליזען אַן אָרט נעבן זיך...

— וו איז זיך אייך די נאַכט געשלאָפן?... — האָט לוסיל געפֿרעגט — פֿון וואָס האָט זיך געחלומט?...

ליזע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי פֿאַרשטייט זיך נישט אויף לוסיעס ווונק זיך צו זעצן נעבן איר...

— איך בין גוט געשלאָפן... — האָט זי קאַלט געענטפֿערט — געחלומט האָט מיך גאָרנישט... איך וואָלט זיך זייער געוואָלט זען מיט אייער מאַן, כדי ביי אים צו קריגן אָנווייזונגען, וואָס איך האָב צו טאָן...

לוסיל האָט אַ שמייכל געטאָן.

— איר זענט זייער אַ פֿלייסיקער יונגערמאַן... — האָט זי געזאָגט — אָבער וואָס איר האָט צו טאָן דאַרף אייך מיין מאַן נישט אָנווייזן... ווייל... ווייל... ער האָט דאָ געלאָזט פֿאַר אייך אַ בריוו מיט אָנווייזונגען...

לוסיל האָט ליזען דערלאַנגט דעם בריוו. דאָרט איז געלעגן אַן אַרבעטס־אָפּמאַך און אַ חודש פּענסיע פֿון 12 הונדערט פֿראַנק.

— און נאָך עפּעס וויל איך אייך זאָגן, מסיע דאָנעי.

— וואָס, ביטע?

— אַז איר זענט אַ שיינער יונגערמאַן... אָבער רויטלט אייך נישט אַזוי... איר זענט נישט קיין יונג מיידעלע. מיין מאַן איז פֿאַרנומען מיט זיינע געשעפֿטן און איך לאַנגווייליק זיך...

זי האָט שאַרף אַריינגעקוקט אין ליזעס געזיכט און זיך צעלאַכט ווען ליזעס באַקן האָבן אויפֿגעפֿלאַמט, ווי פֿייער...

— כאַ־כאַ־כאַ?... מסיע דאָנעי, אייער פּליכט איז מיך צו ווילן... דערצו אַנגאַזשיר איך אייך... איך גלויב, אַז איר וועט אויך די דאָזיקע „אַרבעט" געוויסנהאַפֿט אויספֿירן... כאַ־כאַ־כאַ!

לוסיל האָט דאָס געזאָגט כלומרשט אין שפּאַס. אָבער ליזע האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז אינעם דאָזיקן שפּאַס ליגט אַ סך ערנסט.

זי האָט דעריבער וואָס שנעלער געוואָלט פֿאַרלאָזן דעם סאַלאָן...

— מאַדאַם... — האָט ליזע אויסגערופֿן, — ערלויבט מיר איצט צו פֿאַרלאָזן אייער הויז, ווייל איך דאַרף מיר איינקויפֿן מיינע

נויטיקע זאַכן....

— ביטע... — האָט לוסיל געזאָגט מיט אַ דייטלעכער אומ־צופרידנקייט.

ליזע האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו איר מענער־ראָלע. זי האָט זיך פאַרנויגט פאַר מאַדאַם רעדאָ אויף אַן אמת קאַוואַ־לערישן שטייגער און איז צוריק אַריין אין איר צימער.

זי האָט זיך אָנגעטאָן דעם מאַנטל, אַראָפּגערוקט דעם הוט איבער די אויגן און איז אַראָפּ אויף דער גאַס.

אין אָנהויב איז זי נאָך געגאַנגען איבער די גאַס מיט האַרצ־קלאַפּעניש, זי האָט זיך אַלץ געשראָקן, אַז מען זאָל נישט דער־קענען אַז זי איז אַ פרוי.

אָבער ביסלעכווייז האָט זי זיך באַרואיקט. זי האָט געזען, אַז קיינער לייגט נישט אויף איר באַזונדער קיין אַכט.

זי איז אַריין אין אַ געוועלב פון שרייב־מאַטעריאַלן און גע־בעטן בריוו־פּאַפּיר.

די פאַרקויפערין, אַ שיין, שוואַרץ־אויגיק מיידל, האָט זיך אַזוי געהנדלט פאַרן שיינעם „יונגנמאַן", אַז ליזע איז שוין איצט זיכער געווען, אַז מען דערקענט נישט...

זי איז אַוועק אויף דער פּאָסט און זיך גענומען שרייבן אַ בריוו צו פרוי שוואַרץ..

אין קנאַפּע ווערטער האָט זי איר דערציילט וועגן אירע אי־בערלעבענישן אין מאַרסעל.

זי האָט, פאַרשטייט זיך, נישט אַלץ דערציילט... זי האָט נאָר געשריבן, אַז מאַדאַם מאַרזשעט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שלעכטע פרוי.

אָבער איצט האָט זי שוין אַ נייעם פּאָסטן ביי פיינע מענטשן. זי פאַרדינט גענוג, כדי אַהיימצושיקן געלט פאַר לאָלעקן און זיין ערציערין.

אין עטלעכע חדשים אַרום וועט זי שוין אַפילו האָבן זיך אָנגע־זאַמלט אויף הוצאות קיין פוילן און זי וועט זיי באַזוכן.

צוליב פאַרשידענע סיבות בעט זי די בריוו צו איר נישט אַדרעסירן צו ליזע גליקסאָן, נאָר צו שזאַק דאָנעי ביי די רעדאָס, דערנאָך האָט זי אָנגעגעבן דעם נאָמען פון דער גאַס און דעם נומער

פונעם הויז.

דעם בריוו, צוזאַמען מיט אַ היפּשער סומע געלט, האָט זי אָפּגעשיקט רעקאָמענדירט צו פרוי שוואַרץ.

דערנאָך האָט זי איינגעקויפט וועש און אַנדערע נויטיקע זאַכן.



ווי נאָר ליזע האָט פאַרלאָזט דעם סאַלאָן פון די רעדאָס, האָט לוסי וועלכע האָט נישט ליב געהאַט איר מאַן, געוואָרן ווילד פון צאָרן און ערגערניש...

פאַר כ׳עס האָט זי אַזש געטופּעט מיט די פיס... אירע אויגן האָבן געגליט, ווי ביי אַ וועלפין...

„„דער טייוול זאָל אים נעמען, דעם דאָזיקן שיינעם בחור, דעם זשאַק״!״... — האָט לוסיל געטראַכט. — צי מאַכט ער זיך בלויז פאַר אַזאַ תם, אָדער איז ער טאַקע אַזאַ אידיאָט ?...

„צי זעט ער נישט, אַז איך בין אַ שיינע, ליידנשאַפטלעכע פרוי ? און אַז איך בין פאַרליבט אין אים איבער די אויערן ?

לוסיל האָט זיך שיער נישט צעוויינט פון גרויס קרענקונג...

זי האָט דעריבער געזוכט צעשטרייאונג און פאַרווײלונג.

קיין שום אַרבעט, קיין שום באַשעפטיקונג האָט זי נישט געהאַט. טאָ וואָס האָט זי געזאָלט טאָן מיט איר פרייער צייט ?

צוהעלפן דעם מאַן אין זיינע געשעפטן ? — צו דעם איז זי געווען צו פויל.

זי האָט דעריבער בעסער געזוכט אינטערעסאַנטע איבערלעבונגען.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז מאַדאַם רעדאָ איז געווען אויסגעלאַסן, חלילה ! זי האָט קיינמאָל נישט איבערגעטרעטן די גרענעץ פון אָנשטענדיקייט.

זי איז אָבער פול געווען מיט זינדיקע געדאַנקען.

אָבער ווען זי האָט דערזען דעם שיינעם זשאַק דאָנעי — האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פאַרווירקלעכן אירע זינדיקע געדאַנקען און זיווג.

דער דאָזיקער „יונגערמאַנטשיק״ מיטן צאַרטן פּנימל און פאַרחלומטע שיינע אויגן האָט אין איר דערוועקט אַזאַ שטורמישע ליידנשאַפט, קעגן וועלכער זי איז נישט אומשטאַנד געווען זיך אַנט־

קעגנצושטעלן.

און דאָ — נאָדיר גאָר זיין גלייכגילטיקייט.

זי האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ איבער דער פּראַגע:

„צי מאַכט ער זיך אַזוי לעקישעוואַטע, אָדער איז ער טאַקע אַזאַ קינדיש־נאַאיווער בחור?"

לוסיע האָט זיך שיער נישט צעוויינט פון גרויס קרענקונג...

זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע און גע־נומען גריבלען זיך און נאָכטראַכטן.

„אפשר איז ער אזוי שעמעוודיק און אומדרייסט, אַז ער האָט נישט דעם מוט צוצוגיין צו זיין שעפס פרוי?".

„אָדער אפשר גאָר... וואַרט"...

לוסיל האָט אַ ציטער געטאָן.

„אפשר איז ער פאַרליבט אין אן אַנדער פרוי?"

פלוצלונג האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין איר מוח.

זי איז אויפגעשטאַנען פון איר אָרט און שנעל אַריינגעלאָפן אין ליזעס צימער אַריין.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט.

פלוצלונג איז איר בליק געבליבן שטיין אויף ליזעס שרייב טיש. דאָרט זענען געלעגן פאַרשידענע פּאַפּירן און צעטעלעך, וועל־כע ליזע האָט אויסגעליידיקט פון אירע קעשענעס.

לוסיל האָט אָנגעהויבן איבערקוקן די דאָזיקע צעטעלעך.

פלוצלונג האָבן זיך איר אויגן ברייט צעעפנט...

## קאַפּיטל הונדערט זיבן

## לילי

דאָס עס־צימער ביי די הילדעבראַנדס איז געווען העל באַ־לויכטן. דער טיש איז געווען רייך געדעקט.

אין שיין פון די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן שעמערירט די טייערע געשירן פון זילבער, פאָרצעלאַן און קרישטאָל, פּרעכטיקע בוקעטן בלומען האָבן באַצירט דעם טיש.

עס זענען שוין געזעסן ביים טיש די געסט, הער קאָן פון האַמ־בורג מיט זיין טאָכטער לילי.

אָבער נאַטאַן איז נאָך נישט געווען.

מיט אַ שווער האַרץ האָט ער באַשלאָסן צו קומען צום נאַכטמאָל.
אײדער צו גײן אויף דעם נאַכטמאָל, וואָלט ער ליבערשט געװאָלט פאַרברענגען מיט פאָלען. ר'איז אַ גאַנצן טאָג נישט געווען בײ איר.
ענדלעך איז נאַטאַן אָנגעקומען.
ער האָט זיך באַגריסט מיט די געסט.
ווען ער האָט דערזען לילין, האָט ער ברײט צעעפנט זײנע אויגן פון פאַרווונדערונג.
זי האָט אויסגעזען אַ מײדל פון אַ יאָר אַכצן.
פון דער ראָם פון ברוינע לאָקן האָט אַרויסגעקוקט אַ פריש, צאַרט פּנימל, ווי אַ בליענדיקער עפּל.
אירע בלויע אויגן האָבן אַפּירגעקוקט פון אונטער די שוואַרצע ברעמען מיט אַ זעלטענעם חן און אומשולדיקער רײנקײט.
נאַטאַן האָט פּשוט פאַרלוירן דאָס לשון פון גרויס אַנטציקונג.
„ווי שײן דאָס דאָזיקע מײדל איז!". — האָט נאַטאַן געטראַכט —
„איר יעדע באַוועגונג איז ווי געזאַנג, איר יעדעס וואָרט —מוזיק".
„און איצט דער שמײכל פון אירע ליפּן...".
„ער איז פול מיט זיסער מילדקײט".
נאַטאַן איז אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן פון גרויס איבערראַשונג.
ער איז געקומען צו זיך ערשט דאַן, ווען הער קאָן האָט אַרויפגעלײגט אַ האַנט אויף זײן אַקסל.
איזאַק הילדעבראַנד, וועלכער האָט זיך צוגעקוקט מיט אַ שמײכל צו דער גאַנצער סצענע, איז צוגעקומען.
— האָסט זיך נישקשהדיק פאַרשפּעטיקט. נאַטאַן, — האָט ער געזאָגט, — אונדזער פרײנט, הער קאָן, האָט זיך גאָרנישט געקאָנט דערוואַרטן אויף דיר.
—ריכטיק, — האָט הער קאָן צוגעגעבן. — איך האָב דיך שוין אַזוי פיל יאָרן נישט געזען. ביזט אויסגעוואַקסן אַ פּרעכטיקער בחור.
נאָך דעם נאַכטמאָל האָט נאַטאַן אײנגעלאַדן לילין אויף אַ שפּאַציר.
ווי נאָר זײ זענען אַרויס פון שטוב, האָט נאַטאַן אָנגעהויבן פאַרשיטן לילין מיט קאָמפּלימענטן.
— עס איז אַ גרויסע פרײד צו געפינען זיך נעבן אײך... — האָט ער געזאָגט.

— איר זענט זייער העפלעך. — האָט לילי דערויף געענטפערט, — איר ווילט מיך, ווייזט אויס, מכבד זיין מיט זיסקייטן, אָבער נאָך דעם אָוונטברויט עסט מען נישט קיין צימעס...

נאַטאַנען איז עס גראָד געפעלן...

„דאָס דאָזיקע זיסע מיידל קאָן אויך זיין שטעכיק"... — האָט ער געטראַכט.

"זי איז שאַרפזיניק און וויציק".

דערנאָך איז שוין זייער שמועס געגאַנגען לייכט און פריי.

— איר האָט ליב טעאַטער? — האָט נאַטאַן געפרעגט.

— איך האָב זייער ליב טעאַטער — האָט לילי געענטפערט.

—און מוזיק?

— דאָסגלייכן.

נאַטאַן האָט מיט אַנטציקונג זיך איינגעהערט אין דעם זילבערנעם קלאַנג פון ליליס שטים. עס האָט אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן, ווי די שענסטע מוזיק.

נאַטאַן האָט זיך נאָך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון דערפון, אָבער ער איז שוין געווען פאַרליבט אין לילין איבער די אויערן...

יעדער זייטיקער מענטש, וואָס וואָלט זיך צוגעקוקט צו אים, ווי ער שלינגט זי מיט די אויגן און הערט זיך איין מיט אַנטציקונג אין איר יעדן וואָרט — וואָלט דאָס דערקענט.

צוויי שעה זענען אָפּגעלאָפן אומבאַמערקט פאַר די צוויי יונגע פאַרליבטע מענטשן.

אָבער ווען דער זייגער פון דער שכנותדיקער קירכע האָט אויסגעציילט מיט זיין באַס־שטים די שעהן, האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז צוויי שעה זענען שוין אַריבער און מען מוז אַהיימגיין.

אין דער היים האָבן זיי געטראָפן די פאָטערס אין אַ שמועס.

—ווי פילט איר זיך עפּעס אין פראַנקפורט, הער קאָן? — האָט אַטאַן אַ פרעג געטאָן.

— אויב ביי אייך אין הויז. אויסגעצייכנט, נאַטאַן, עס פאַרדריסט מיך נאָר, וואָס איך מוז שוין מאָרגן אַוועקפאָרן...

נאַטאַנס געזיכט איז עטוואָס בלאַס געוואָרן.

— שוין מאָרגן — האָט ער געפרעגט. — עס קאָן נישט זיין...

— ליידער יאָ... די געשעפטן לאָזן נישט, נאַטאַן...

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 86

— אָבער איך וואָלט נאָך געוואָלט באַקענען די פריילין לילי מיט אַלע מערקווירדיקייטן פון אונדזער שטאָט.

יאָזעף קאָן האָט כיטרע אַ שמייכל געטאָן.

— וועסט עס מוזן אָבלייגן אויף צו אַנדערש מאָל. — האָט דער אַלטער געזאָגט. — נאָר ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן, נאַטאַן?

— ביטע.

— האַמבורג לויפט זיך אויך צו באַזוכן. אין צוויי וואָכן אַרום פייערן מיר לילי'ס געבורטסטאָג. קום אַריבער צו אונדז, אויב עס דיר נישט שווער.

נאַטאַן האָט זיך שיער נישט צעטאַנצט פון פרייד.

ווען ער שעמט זיך נישט, וואַרפט ער זיך דעם אַלטן קאָן אויפן האַלדז און צעקושט זיך מיט אים.

ער האָט געדריקט דעם אַלטן די האַנט.

— אַ דאַנק. אַ דאַנק אייך פאַר דער איינלאַדונג.

— קומסט, אַלזאָ?

— געוויס... געוויס...

לילי, וועלכע איז די גאַנצע צייט פונעם דאָזיקן געשפּרעך געזעסן כלומרשט פאַרטיפט אין אַ צייטונג, האָט זיך איינגעהערט אין יעדן וואָרט. איר האַרץ האָט געטאַנצט פאַר פרייד.

ווען זי איז דערנאָך געפאָרן אין אויטאָ צוזאַמען מיטן פאָטער אין זייער האָטעל, האָט דער פאָטער זי געגלעט איבער די צאַרטע בעקלעך און אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווי געפעלט ער דיר, לילי?

— ער געפעלט מיר זייער, פּאַפּאָ... — האָט לילי זיך גערויטלט.

— אַ פּרעכטיקער בחור. נישט אמת?...

לילי האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ”.

אירע באַקן האָבן איצט געפלאַמט, ווי פייער...

אין איר יונג האַרץ האָט איצט אויפגעקלונגען דאָס ערשטע מאָל דאָס פאַרשיכורנדיקע געזאַנג פון ליבע.

עס האָט זי באַהערשט אַ זיסער אומרו און אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט.

די גאַנצע נאַכט איז זי דערנאָך געלעגן אין אומרואיקע און

פיבערדיקע חלומות.

ביים פרישטיק האָט זי זיך געזעגנט צום פּאָטער:

— אך. וואָס פאַר אַ שיינע שטאָט פראַנקפורט איז. אפשר וואָלטן מיר דאָ געבליבן אַביסל לענגער?

דער אַלטער קאָן האָט כיטרע אַ שמייכל געטאָן.

— ביסט געראָטן, מיין קינד, — האָט ער געזאָגט, — פראַנקפורט איז אַ שיינע שטאָט. אָבער דו וועסט נאָך האָבן די געלעגנהייט זי צו באַזוכן נאָך אַ מאָל... מיר מוזן אָבער פאָרן — כאָטש נאַטאַן האָט ד״ר אַזוי שיין געשילדערט פראַנקפורט.

לילי איז רויט געוואָרן, ווי פייער.

— איך האָב נישט געטראַכט וועגן נאַטאַנען... — האָט זי אַ בורטשע געטאָן.

— נו, עס מאַכט נישט, טאָכטערשי... — האָט דער פאָטער זי אַ גלעט געטאָן איבער די האָר — ווען די שיידונג טוט אַביסל וויי, איז גרעסער די פרייד פון ווידערזען. לאַנג וועסטו נישט דאַרפן וואַרטן. בלויז צוויי וואָכן.

לילי האָט געשוויגן...

— — — — —

ווען איזאַק איז אין דער פרי געזעסן אין זיין קאַבינעט און געלייענט די מאָרגן־צייטונג, איז ער פלוצלונג בלאַס געוואָרן.

אָבער ווען ער האָט אינגאַנצן דורכגעלייענט די נאָטיץ, וועלכע האָט אים באַאומרואיקט, האָט אויף זיין געזיכט זיך באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל.

ער האָט איינגעלייגט די צייטונג און זי באַהאַלטן אין שופלאָד פון זיין שרייבטיש.

אין אַ ווייַלע אַרום האָט נאַטאַן זיך באַוויזן אין פאָטערס קאַבינעט.

— גוט מאָרגן, פּאַפּאַ! — האָט נאַטאַן באַגריסט דעם פאָטער.

— גוט מאָרגן מיין זון! אָבער וואָס איז עפּעס געשען? אַזוי פרי ביזטו היינט אויפגעשטאַנען? די נעכטיקע קאָלאַציע האָט דיר מסתמא נישט געשמעקט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט נאַטאַן זיך פריילעך צעלאַכט — פאַרקערט, פּאַפּאַ, איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן... און

איידער צו ליגן אַ וואַכיקער אין בעט, בין איך בעסער אויפ־געשטאַנען...

— וואָס? — האָט דער פּאָטער געפרעגט — דו האָסט זיך פאַרדאָרבן?

— ניין פּאַפּאַ, — האָט נאַטאַן געענטפערט מיט אַ שמייכל — נישט צוליבן מאָגן בין איך נישט געשלאָפן, נאָר צוליבן האַרץ... איך בין שטערבלעך פאַרליבט אין לילי קאָן.

— בראַוואָ, מיין זון! דאָס געפעלט מיר. איך ווינטש דיר „מזל־טוב".

דער אַלטער הילדעבראַנד האָט געדריקט זיין זונס האַנט.

— און וואָס וועט דערויף זאָגן פּאָלע בערמאַן? — האָט דער אַלטער אַ פרעג געטאָן, פאַרזשמורענדיק שפּאָטיש אַן אויג.

— מאַכסט חוזק פּאַפּאַ, ביזט אפשר גערעכט. איך בין ווירק־לעך צו לייכטזיניק. איך בין אָבער נישט אימשטאַנד זיך קעגנ־צושטעלן דעם צויבער פונעם דאָזיקן פּרעכטיקן, אומשולדיקן מיידל.

— דו האָסט אַלזאָ געוויסנסביסן? — האָט דער אַלטער הילדעבראַנד אַליין שפּאָטיש געשמייכלט.

— פאַרשטייט, פּאַפּאַ, — האָט נאַטאַן געענטפערט, — איך האָב פּאָלען ליב, אָדער בעסער געזאָגט ליב געהאַט... אָבער דאָס וואָס האָט איינדז געבונדן איז גיכער געווען ליידנשאַפט, ווי אמתע ליבע...

— אַהאַ...

— איך בין באַצויבערט געוואָרן פון דער טייַנקייט פון אירע קערפּער־פאָרמען, פון איר שמעקנדיקע האָר, פון דער צאַרט־קייט פון איר הויט... כאָטש איר כאַראַקטער איז מיר נישט איי־בעריק געפעלן.

— אָט־אַ־טאָט!

— האָסט זי שוין אַזוי גוט דערקענט, פּאַפּאַ? — האָט נאַטאַן זיך געוואונדערט — ביי דעם איינעם באַזוך?

— בעסער, ווי דו דורך אַזאַ לאַנגע צייט.

— אורטייל נישט וועגן איר צו שטרענג... — האָט נאַטאַן געבעטן — נאָך אַלעם איז זי אַ ווויל מיידל און האָט מיך ערנסט ליב איך פיל זיך שולדיק קעגן איר...

— פונדעסטוועגן האָט זי דיך געוואָלט באַפרייען פאַר אַ געהעריקער סומע.

— אַך! פּאַפּאַ. ניין... דאָס איז אוממעגלעך.

— ליידער איז עס אַן אמת... זי האָט נאָר נישט געקענט מיט מיר דורכקומען מיטן פּרייז. זי האָט געדראָט מיט אַ סקאַנדאַל, אויב איך וועל איר נישט געבן די געבאָטענע סומע.

נאַטאַן איז געבליבן שטיין ווי געטראָפן פון אַ דונער.

— אַך! דאָס וואָלט איך נישט געגלויבט אויף איר.... נאָר איין זאַך פאַרשטיי איך נישט.

— וואָס פאַרשטייסטו נישט? — האָט איזאַק געפרעגט.

— פאַרוואָס האָט זי צוליב מיר אַוועקגעוואָרפן אַדאַם שטיינזאַלצן? ער איז דאָך געווען פיל רייכער פון מיר?

— דאָס געוויסן פּלאָגט דיך נאָך אַלץ?

— יאָ, פּאַפּאַ.

— אָט האָסטו אַ טרייסט.

איזאַק האָט אַרויסגענומען פון שופלאָד די צייטונג און אָנגעוויזן נאַטאַנען אויף דער נאָטיץ, וועלכע האָט אים, איזאַקן פריער אזוי איבערראַשט.

נאַטאַן האָט גענומען לייענען די נאָטיץ און זיינע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט פון פאַרוווּנדערונג.

אָט וואָס נאַטאַן האָט געלייענט אין דער צייטונג:

„מיט אַ צייט צוריק האָבן מיר געבערענגט די ידיעה וועגן דעם אָנפאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָנטע־קאַרלאָ אויפן זון פון איינעם פון די באַקאַנטע פראַנקפורטער באַנקירן.

„דער אָנפאַלער איז געווען אַ געוויסער אַדאַם שטיינזאַלץ, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס רייכער פּוילישער אינדוסטריעלער.

„דער אָנפאַלער איז אַרעסטירט געוואָרן אויף דער דייטש־פּוילישער גרענעץ, ווייל ער האָט געגנבעט געלט און צירונג ביי זיין וועג־באַגלייטערין, אַ מאַרסעלער גאַסן־פרוי.

„עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַדאַם שטיינזאַלץ הייסט אין דער אמתן אַדאַם קליינער און ער איז אַ באַקאַנטער אַפּעריסט.

„מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט ער פאַרלאָזט פּוילן צוזאַמען מיט זיין געליבטע פאָלע בערמאַן.

„עס איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז פּאָלע בערמאַן האָט זיך ספּעציעל באַקענט מיט דעם דערמאָנטן זון פון פראַנקפורטער באַנקיר נאָר כדי אַדאָס קליינער זאָל אים קאָנען באַרויבן.

„פּאָלע בערמאַן באַהאַלט זיך ערגעץ אויס, אָבער די פּאָליציי איז שוין געפאלן אויף אירע שפּורן".

נאַטאַן האָט זיך געשעמט פאַרן פּאָטער אויפצוהויבן די אויגן.

— אַך וואָס פאַר אַ נאַר איך בין... — האָט ער זיך אין געדאַנק אַליין פאַרגעוואָרפן.

— איצט האָט ער שוין פאַרשטאַנען פאַרוואָס אַדאַשן האָט שטענדיק „גראָד אויסגעפעלט געלט"...

„דעריבער איז ער אויך געווען אַזוי גלייכגילטיק צו דער פריינטשאַפט צווישן מיר און פּאָלען".

איזאַק הילדעבראַנד האָט זיך אַ ווײַלע צוגעקוקט צו זיין זון... דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— זאָרג זיך נישט. נאַטאַן. פריי זיך בעסער, וואָס די אויגן האָבן זיך דיר ענדלעך געעפנט... וואָס עס איז נוגע פּאָלען, וועל איך שוין מיט איר דערליידיקן.

— גוט — האָט נאַטאַן שטיל געענטפערט.

ער האָט נישט איבעריק חשק געהאַט זיך נאָך צו זען מיט דער פאַלשער פּאָלען.

— — — — — —

פּאָלע איז דערווייל געלעגן אויף דער קאַנאַפּע אין איר פּרעכטיקן בודואַר און געוואַרט אויף נאַטאַנען.

ענדלעך האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פונעם טירגלעקל.

דאָס שטוב־מיידל איז אַריינגעקומען.

— הער איזאַק הילדעבראַנד... — האָט זי געמאָלדן.

— בעט אים אַריין!

„דער אַלטער"... — האָט פּאָלע געטראַכט — ער איז אודאי געקומען מיט פופציק טויזנט מאַרק...

איזאַק איז אַריינגעקומען און זיך העפלעך פאַרנויגט.

מיט אַ קאָקעטיש שמייכעלע האָט פּאָלע אים אָנגעוויזן אַן אָרט אַנטקעגנאיבער זיך.

— ביטע זעצט זיך! — האָט זי געזאָגט.

איזאַק האָט זיך אַװעקגעזעצט.

— איך בין געקומען הערן אײַער ענטפער — האָט איזאַק קאַלט געזאָגט. — איר װילט די סומע, װאָס איך האָב אײַך פאָרגע־לייגט?

— דערפון װעט גאָרנישט זיין, — האָט פאָלע געענטפערט.

איזאַק האָט דאַן רואיק אַרויסגענומען פון קעשענע די צייטונג און איר אָנגעװיזן אויף דעם נאָטיץ װעגן אַדאַשן...

פאָלע האָט גענומען לייענען און איר געזיכט איז בלאַס גע־װאָרן פון שרעק.

— אַלזאָ, פריילין, — האָט איזאַק אַ זאָג געטאָן. — איצטער װעט איר מער נישט קריגן, װי פופצן הונדערט מאַרק... איר באַשטייט?

פאָלע איז איצט נישט אימשטאַנד געװען אַרויסצורעדן אפילו אַ װאָרט. אין האַלדז האָבן זי געשטיקט טרערן.

— איך האָב גערעכנט זיך צו װענדן צו דער פּאָליציי... — האָט איזאַק צוגעגעבן — אָבער צוליב דעם, װאָס איר זענט דאָך געװען מיט מיין זון, גיב איך אײַך פופצן הונדערט מאַרק, אַז איר זאָלט קאָנען צוריקפאָרן קיין פוילן.

פאָלע איז געבליבן זיצן אַ צעשמעטערטע אינגאַנצן...

„פופצן הונדערט מאַרק... גאָט איינער!" — האָט זי געטראַכט. — „ער האָט דאָך מיר שוין געװאָלט געבן פופצן טויזנט".

— גיט מיר כאָטש צען טויזנט. — האָט זי זיך געבעטן.

— פריער װאָלט איר געקריגן פופצן טויזנט. איצטער װעט איר קיין איין פעניג נישט קריגן מער, װי 15 הונדערט. איך בין נישט אַזאַ נאַר, צו באַלוינען אַ פרוי, װאָס האָט געפונען אין מיין זון אַ קרבן.

איזאַק האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און געגעבן פאָלען אונ־טערצושרייבן.

— שרייבט דאָס אונטער און איר קריגט אויסגעצאָלט 15 הונדערט מאַרק.

פאָלע האָט געזען, אַז זי איז פאַרשפּילט. זי האָט אַלזאָ אונ־טערגעשריבן דאָס פּאַפּיר, װו זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער פּרעטענזיע צו נאָטאַנען.

איזאַק האָט איר אויסגעצאָלט דאָס געלט און ער איז אַוועק.

פּאָלע האָט איינגעגראָבן איר געזיכט אין די זיידענע קישנס און ספּאַזמאַטיש זיך צעהעשעט.

באַלד האָט זי זיך האַסטיק אויפגעריסן פון דער קאַנאַפּע. זי האָט זיך דערמאָנט אין דער נאָטיץ.

פּאָלע בערמאַן באַהאַלט זיך ערגעץ אויס, אָבער די פּאָליציי איז שוין געפאַלן אויף אירע שפּורן".

„הייסט עס, אַז יעדע מינוט קאָן די פּאָליציי דאָ אַריינפאַלן און מיך אַרעסטירן".

„גאָט מיינער! וואָס טוט מען?"

„דאָ טאָר איך יעדנפאַלס נישט לענגער פאַרבלייבן... אפשר וועט זיך מיר נאָך איינגעבן זי אַרויסצודרייען פון די פּאָליצייאישע הענט".

זי האָט אַ דריק געטאָן איר עלעקטרישן קנעפּל און דאָס שטוב־מיידל איז אַריינגעקומען.

— איך האָב דערהאַלטן אַ ידיעה פון דער היים. איך מוז שוין צוריקפאָרן. — האָט פּאָלע איר דערקלערט. — מען מוז נעמען פּאַקן די זאַכן.

צומאָרגנס באַגינען האָט זי פאַרלאָזט פראַנקפורט.

קיינער האָט זי נישט פאַרטשעפּעט און זיך אויף איר נישט אומגעקוקט.

„די פּאָליציי איז שוין געפאַלן אויף אירע שפּורן". — האָט זי זיך דערמאָנט און אויף אירע ליפּן האָט זיך אויפגעלייגט אַ שפּאָטיש שמייכעלע...

ענדלעך איז זי צוגעקומען צו דער פּוילישער גרענעץ.

אָבער ווי גרויס איז געווען איר פאַרוואונדערונג, ווען דער באַאַמטער וועלכער קאָנטראָלירט די פּעסער, האָט איר פּאַס פאַר־האַלטן... ער האָט זי פאַרבעטן אויף דער פּאָליציי־וואַך...

דאָרט איז געזעסן דער זעלבער פּאָליציי־אַגענט, וועלכער האָט אַרעסטירט אַדאַשן.

— איר הייסט פּאָלע בערמאַן? — האָט ער שטרענג גע־פרעגט.

— יאָ.

— איר קענט אײנעם אַדאַש קלײנער?

— יאָ. איך... קען אים... — האָט זי געשטאַמלט און געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער איר פון שרעק...

— איר ווייסט מסתמא, אַז ער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק דאָ אַרעסטירט געוואָרן אויף דער גרענעץ?

— איך... ווייס נישט.

— טאָ זייט זשע וויסן, אַז ער האָט זיך מודה געווען אין דער אַפערע און דערקלערט, אַז איר זענט געווען זיין מיטהעלפערין... איר ווערט דעריבער אַרעסטירט.

פאָלע האָט אַ ציטער געטאָן. פון אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן פליסן טרערן...

זי האָט אָנגעהויבן שרייען:

דער אויסוואורף, דער געמיינער יונג... דער גאָרנישט.

אָבער דער פּאָליציי־אַגענט האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל.

— דאָס וועט זיך אויפקלערן אין געריכט. — האָט ער געזאָגט — איצטער קומט מיט מיר...

## ק אַ פּ י ט ל  ה ו נ ד ע ר ט  אַ כ ט

# ווידער אויף דער פריי

ווען הערמאַן איז געקומען צו זיך נאָך דעם שרעקלעכן טראַסק, וועלכער האָט אים פאַרטויבט אינגאַנצן, האָט ער דערפילט, אַז ער ליגט אויף עפּעס אַ ווייכער זאַך.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און מיט שרעק דערזען, אַז ער ליגט אויף איינעם פון די פּאָליציי לייט, וועלכע האָבן אים באַוואַכט.

באַלד האָט ער זיך אָריענטירט וואָס עס איז דאָ געשען מיט אים. דער אויטאָ, וועלכער האָט אים געפירט אין תפיסה אַריין, האָט זיך אָנגעשטויסן אָן אַ צווייטן אויטאָ.

דער שאָפער מיט די פּאָליציאַנטן זענען אַרויסגעשלײדערט געוואָרן אויפן ברוק.

מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אויפן אָרט פון דער

קאַטאַסטראָפע. מען האָט אָנגעהויבן זאַמלען אויפן אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע. מען האָט אָנגעהויבן אַפּירשלעפּן פון אונטער די צעשמעטערטע טיילן פון אויטאָ די פאַרוווּנדעטע.

מען האָט טעלעפאָנירט נאָך דער פּאָליציי און נאָך דער „גיכער הילף".

הערמאַן האָט זיך פריער אַרומגעקוקט, צי ער האָט נאָך אַלע ביינער גאַנץ.

זעענדיק, אַז ער איז אַ גאַנצער, האָט ער זיך אויסגעמישט צווישן פאַרזאַמלטן המון און זיך אָפּגעטראָגן.

אָפּגעגאַנגען אַ היבש שטיקל וועגס, האָט הערמאַן זיך פאַר־טראַכט.

„ווו גייט מען איצט? קיין גראָשן געלט האָב איך נישט. וואָס טוט מען?

בלוצלונג האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין זיין מוח.

„עדי... עדי קאַן"...

אַזוי האָט געהייסן די פרוי, מיט וועלכער ער האָט פאַר־ברענגט די פאַרגאַנגענע נאַכט, איידער ער איז געגאַנגען צו מיסטער ראָט.

„איך האָב דאָך איר צוגעזאָגט נאָך אַמאָל היינט צו באַזוכן זי". — האָט הערמאַן געטראַכט — „זי וואַרט מסתּמא אויף מיר מיט אַ פיינעם אָונט־ברויט."

ער האָט זיך אַלזאָ געלאָזט אין דער ריכטונג פון עדיס וווינונג.

„ביי עדין וועל איך קענען פאַרברענגען וויינאַכטס עטלעכע טעג... איר באַשיידענע וווינונג איז אַ זיכער באַהעלטעניש".

„אויף ווייטער — וועל איך דערנאָך זאָרגן"...

אויף קיין אויטאָ האָט ער נישט געהאַט, האָט ער געמוזט דער־שלעפּן זיך צו פוס צו עדיס וווינונג.

ער איז אָפּגעגאַנגען אַ מהלך וועג, און ווען ער איז צוגעקומען צו עדיס טיר, האָט ער קוים געקאָנט רירן מיט אַ פוס.

אָבער ווי גרויס איז געווען זיין דערשטוינונג און צעטומלטקייט, ווען ער האָט געטראָפן עדיס טיר פאַרמאַכט.

אויף זיין קלינגען האָט זיך קיינער נישט אָנגערופן.

אַ בייזער, אַ פאַרצערטער, האָט ער זיך גענומען דרייען

אַהין און צוריק אויף דער גאַס.

עס איז אַריבער אַ שעה און אַ צווייטע שעה און עדיין האָט מען נישט געזען.

די פיס זענען אים געוואָרן, ווי די קלעצער. אויף דער הונגער האָט אים אָנגעהויבן פייניקן.

ער האָט נישט געוואָלט ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין דרייען זיך אַהין און צוריק אויפן זעלבן אָרט. ער איז דעריבער אַוועק אין אַ צווייטער גאַס און ערשט צוריקגעקומען אין אַ האַלבער שעה אַרום.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און אָנגעקלונגען.

צו זיין גרויסער פרייד האָט ער דערהערט טריט, וועלכע דערנענטערן זיך. באַלד האָט זיך די טיר געעפנט.

עדי איז אים אַנטקעגנגעקומען מיט אַ שמייכל און אים אַרומגענומען מיט אירע אָרעמס.

— טייערינקער!... — האָט זי אויסגערופן — האָסט גוט געטאָן, וואָס דו ביזט געקומען. כ'האָב געמיינט, אַז דו האָסט מיך שוין פאַרגעסן.

זי האָט אים מיט ביידע הענט אַריינגעפירט צו זיך אין שטוב אַריין און באַדעקט זיין געזיכט מיט ליידנשאַפטלעכע קושן.

— זעץ זיך, מיר וועלן באַלד עסן אָוונטברויט — האָט זי געזאָגט.

פלוצלונג האָט זי געמערקט דעם טרויעריקן אויסדרוק אויף הערמאַנס געזיכט.

זי האָט זיך שאַרף איינגעקוקט אין אים און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען? ביסט עפּעס אַזוי בלאַס און זעסט אויס דערשלאָגן. זאָג מיר, טייערער, איז דיר עפּעס שלעכטס געשען?

הערמאַן האָט געשוויגן אַ ווײַלע.

„וואָס זאָל איך איר זאָגן?" — האָט ער געטראַכט.

ענדלעך האָט ער זיך אָנטשלאָסן:

„איך וועל איר זאָגן דעם אמת. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלץ. אפשר וועט זי מיר קאָנען מיט עפּעס העלפן? און ווען אפילו נישט, זאָל זי מיך כאָטש אויף אַ צייט אויסבאַהאַלטן אין איר וווינונג...

— ווירקלעך... — האָט ער געענטפערט — עס איז מיט מיר

ווירקלעך עפּעס שלעכטס געשען. אָבער איך וואָלט דיר געמוזט אַ סך דערציילן. כדאַי דו זאָלסט וויסן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.
עדי האָט צאַרט געגלעט מיט איר קליין הענטל איבער זיינע באַקן.
— טייערער... — האָט זי געשעפּטשעט — דערצייל מיר אַלץ... אַלץ... אָבער פריער לאָמיר עסן קאָלאַציע.
עדי האָט ווירקלעך אַ סך מי אַריינגעלייגט, אַז די קאָלאַציע זאָל זיין אַ געשמאַקע
אָבער רייצנדיקער און געשמאַקער פון אַלע מאכלים איז געווען עדי אַליין... איר באַשיידן, געפּאַסט קליידל האָט געלאָזט דערקענען די שיינקייט פון אירע פּאַרקיילעכדיקע קערפּער־פאָרמען.
די סימפּאַטישע, באַחנטע עדי האָט איצט אויסגעזען באַצויבערנדיק... הערמאַן האָט זי פּשוט געשלונגען מיט די אויגן...
ווען זי האָט אַריינדערלאַנגט די געשמאַקע מאכלים און זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים, האָט ער זיך גאָר אַנדערש דערפילט.
ס'האָט פון איר געשפּרודלט אַ קוואַל פון פרייד און וואַרעמקייט.
מיטאַמאָל האָט זי אָפּגעווישט דעם טרויער פון הערמאַנס געזיכט, אים הייסער און מונטער געמאַכט.
ער האָט זיך וואָס אַ ווייל געפילט אַלץ לעבעדיקער און פרייער. ער האָט ווי פאַרגעסן אָן אַלץ, וואָס ער האָט אין דעם דאָזיקן טאָג איבערגעלעבט.
נאָכן אָיונטברויט האָט עדי אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ פלעשל פיינעם ווייַן.
ווען ביידע פלעשער זענען שוין געווען ליידיק, איז שוין געווען צייט פאַר הערמאַנען צו דערציילן עדין וועגן זיינע זאָרגן.
— טייערע עדי. — האָט הערמאַן אָנגעהויבן — אונדזער הייניקע באַגעגעניש איז מסתמא די לעצטע באַגעגעניש און מאָרגן וועל איך שוין זיין ווייט פון דאַנען.
— גאָט מיינער! וואָס רעדסטו? — האָט עדי זיך ערלעך דערשראָקן — ווּהין פאָרסטו דען?
— איך פאָר אַהין, פון וואַנען מען קומט מער נישט צוריק...
— האָט הערמאַן געזאָגט מיט אַ טרויעריקער מינע. — פּאָליציי זוכט מיך... אָבער איך וועל זיך פריער געבן אַ קויל אין קאָפּ

אַריין, איידער אַריינצופאַלן אין תפיסה.
עדי איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן.
— וואָס רעדסטו? — האָט זי פאַרבראָכן די הענט. — דאָס האַרץ שפרינגט מיר אַרויס פון דער ברוסט... דערצייל, וואָס איז געשען?
— שווער, אַז דו וועסט עס קיינעם נישט דערציילן — האָט הערמאַן אויסגערופן מיט אַ פייערלעכן טאָן.
— איך קאָן שווערן. אָבער נאַרעלע איינער! האָסט מורא. איך האָב דיך דאָך ליבער, ווי מיין אייגן לעבן. דערצייל.
— מיט עטלעכע שעה צוריק האָט מען מיך געפירט אין אַן אויטאָ אין תפיסה אַריין... אויפן וועג איז מיטן אויטאָ געשען אַ קאַטאַסטראָפע... איך בין צום גליק אַרויס אַ גאַנצער און אַנטלאָפן...
— שרעקלעך! שרעקלעך! — האָט עדי אויסגערופן — אָבער פאַרוואָס האָט מען דיך אַרעסטירט? וואָס האָסטו דען געטאָן —?
—איך האָב געשפילט אין קאָרטן. כ'האָב פאַרשפילט אַלץ און אַריינגעפאַלן אין חובות. איך האָב דאַן אויסגעשטעלט אַ וועקסל און אונטערגעשריבן איינעם פון מיינע פריינט.
— אהאַ...
— מיין פריינט איז זייער רייך, האָב איך געמיינט, אַז ער וועט מאַכן אַ שוויג און דאָס וועקסל אויסקויפן. דערווייל האָבן מיר זיך צעקריגט און ער האָט מיך איבערגעגעבן צו דער פראָקוראַטור.
— דאָס איז שרעקלעך. — האָט עדי געזאָגט. — דו האָסט אָפּגעטאָן אַ לייכטזיניקע זאַך, אָבער נישט קיין פאַרברעכן. צוליב דעם ווילסטו אַזש באַגיין זעלבסטמאָרד?
— אָבער מיין לאַגע איז דאָך איצט אַ שרעקלעכע. ביים אַרעסטירן מיך האָט מען מיר צוגענומען אַלע פאַפירן און מיין גאַנץ ביסל געלט. כ'האָב נישט קיין מיטלען צום לעבן און קיין מעגלעכקייט צו אַנטלויפן.
נו, דערווייל ביזטו ביי מיר. דאָ דראָט דיר נישט קיין שום געפאַר...

— אָבער איך וועל דאָך נישט דאָס גאַנצע לעבן זיך אויס־באַהאַלטן ביי דיר!

אַ געדאַנק האָט אויפגעבליצט אין איר מוח.

— וואַרט! וואַרט! — האָט זי אויסגערופן — איך האָב אַן עצה!

— אַן עצה?

עדי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן הערמאַנען אויפן האַלדז.

— ביזט אַ געראַטעוועטער, הערמאַן! אַ געראַטעוועטער...

הערמאַן האָט זיך קוים באַפרייט פון אירע אָרעמס.

— זאָג עדי! ווי אַזוי? אַ געראַטעוועטער?...

— כ׳האָב היינט דערהאַלטן אַ בריוו. דער בריוו וועט דיך ראַטעווען.

— אַ בריוו?

— הער אויס! מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט מיין פאַר־שטאָרבענער מאַן זיך געווענדעט צו אַ פאַרמיטלונגס־ביוראָ וועגן אַרבעט.

— אָבער וואָס האָט דאָס צו מיר? — האָט הערמאַן נישט געהאַט קיין געדולד אויסצוהערן ביזן סוף.

— אַך, וואָס פאַר אַן אומגעדולדיקער דו ביזט. ס׳האָט צו דיר. עס האָט... אַזוי ווי מיין מאַן האָט דערווייל אַליין געקריגן אַרבעט, האָט ער זיך מער נישט אינטערעסירט מיט דעם פאַר־מיטלונגס־ביוראָ.

— יאָ... נו? נו?

ער האָט דאָרט ווייטער פיגורירט אַלס אַן אַרבעטסלאָזער. איצט איז געקומען אַן ענטפער פון דעם פאַרמיטלונגס־ביוראָ, אַז ס׳איז דאָ פאַר אים אַ פאָסטן.

— וואָסער פאָספטן?

— אַכטונג צו געבן אויף דער אָרדענונג אין די קאַבינעס פון דער ערשטער קלאַס אויף דער שיף „הערקולעס", וועלכע קורסירט צווישן אַמעריקע און אייראָפּע.

הערמאַן האָט אויפגעשטעלט מויל און אויערן.

— אין עטלעכע טעג אַרום פאַרלאָזט „הערקולעס" ניו־יאָרק...

— האָט עדי צוגעגעבן.

הערמאַנס אויגן האָבן אויפגעלויכטן פון פרייד... ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער עדי האָט אַרויפגעלייגט איר צאַרט הענטל אויף זיין מויל.

— וואַרט. וואַרט. דאָס איז נישט אַלץ... — האָט זי געזאָגט — מיין מאַן האָט זיך געווענדעט וועגן אַרבעט אויף פאַר מיר.

אויך אויף דער זעלבער שיף?

— יאָ טייערער. איך וועל האָבן די זעלבע אַרבעט אין דער פרויען־אָפּטיילונג. איך וועל דיר געבן מיין מאַנס דאָקומענטן און אַלץ וועט זיין אין דער בעסטער אָרדענונג.

הערמאַן האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל טאָן פאַר פרייד.

„איצט וועל איך קאָנען אָן שוועריקייטן פאַרלאָזן אַמעריקע".

— האָט ער זיך געטראַכט — „אין אַ צוועלף טעג אַרום וועל איך צוריק זיין אין ווילנע. נו, האָב איך זיך דערויף געריכט מיט פופצן מינוט צוריק?".

„איך בין אַ מזלדיקער מענטש".

ער האָט אַרומגעכאַפּט עדין און איר אויסגעקושט די אויגן און די באַקן.

כאָטש דאָס, וואָס עדי פאָרט מיט אים, האָט אים נישט איבעריק געפרייט.

„זי איז טאַקע אַ סימפּאַטיש, רייצנדיק ווייבעלע". — האָט הערמאַן זיך געטראַכט — „זי וועט מיר אָבער זיכער שנעל דערעסן ווערן... און עדי געהער צו דעם טיפּ טרייע און ערנסט־ליבנדיקע פרויען".

„פון אַזאַ פרוי איז נישט לייכט פּטור צו ווערן. איך וועל נאָך האָבן צרות מיט איר".

דערווייל אָבער האָט הערמאַן זיך געהיטן איר אַרויסצוווייזן די מינדעסטע אומצופרידנהייט פון איר מיטפאָרן — פון איר, עדין, איז דאָך איצט אָפּהענגיק געווען זיין שיקזאַל.

— טייערע עדי! — האָט הערמאַן זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע אָרעמס — ביזט אַ זיס, האַרציק מיידעלע! וואָס פאַראַ גליק, וואָס איך וועל זיך נישט מוזן שיידן מיט דיר!

ער האָט דאַן באַדעקט אירע ליפּן מיט פייערדיקע קושן.

— איך ווייס גאַנץ גוט, — האָט עדי געזאָגט מיט אַ העכסט ווייַנענדיקער שטים, — אַזאַ רייכן מאַן, ווי דו, שטייט נישט אָן חתונה צו האָבן מיט אַן אָרעמער אלמנה דאָרט...

— וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט?

— אָבער איך וויל זיין ביי דיר... איך וועל דיר באַדינען און דו וועסט פון מיר זיין צופרידן.

הערמאַן האָט זי צוגעצויגן צו זיך און איר אָפּגעפּרעסט אַ קוש אויף די ראָזע ליפּלעך.

— אַך, נאַרעלע... נאַרעלע... — האָט ער געזאָגט — ווי נאָר מיר וועלן קומען קיין פּוילן, וועל איך שטעלן מיט דיר אַ חופּה...

עדי האָט זיך אַזש צעוויינט, אַזוי גערירט איז זי געוואָרן פון הערמאַנס זיסע ריידעלעך.

„צי איז דאָס מעגלעך?... — האָט די אָרעמע פרוי געטראַכט אַ שיכורע פון גליק — „אַן אָרעמע אלמנה, וואָס האָט פאַרדינט פון שליסן באַקאַנטשאַפטן אין קאַפע־הייזער, זאָל פּלוצלונג ווערן די פרוי פון אַ רייכן מאַן.

„וואָס פאַר אַן איידעלער און גוטער דער דאָזיקער הערמאַן איז!"

זי האָט געוויינט און געלאַכט פון איבערלעכער פרייד.

— איך וועל אַלץ טאָן פאַר דיר. — האָט זי געשעפּטשעט און זיך געטוליעט צו אים — איך וועל דאָס לעבן אָפּגעבן פאַר דיר.

אַרום האַלבער נאַכט זענען זיי אויפגעשטאַנען פון טיש און אַוועק אינעם שלאָפצימער.

דאָרט האָט אויף זיי געוואַרט אַן אויסגעבעט בעט מיט פרישע איבערגעצויגן בעטגעוואַנט, וואָס האָט געבלאַנקט, ווי שניי.

— — — — —

צומאָרגנס אין דער פרי זענען הערמאַן און עדי אַוועק אין דער פאַרוואַלטונג פון „הערקולעס".

אויפן וועג האָט הערמאַן געקויפט אַ צייטונג. ער האָט געוואָלט זען, וואָס מען שרייבט עפּעס וועגן דער קאַטאַסטראָפע מיט דעם פּאָליציי אויטאָ.

# סאבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 87

אין דער צייטונג האָט זיך געפֿונען אַ גרעסערע נאָטיץ וועגן דעם.

כ'איז אויך אָנגעגעבן געוואָרן דער נאָמען און אויסזען פֿונעם אַנטלאָפֿענעם אַרעסטאַנט, ווי אויך זיין פֿאַרברעכן.

צום סוף איז געווען געשריבן:

„די פּאָל־ציי זוכט ענערגיש דעם אַנטלאָפֿענעם.

עדין האָט הערמאַן, פֿאַרשטייט זיך, די נאָטיץ נישט געוויזן.

ער האָט דאָך נישט געוואָלט, אַז זי זאָל זיך דערוויסן וועגן דעם אמת וועגן זיין פֿאַרברעכן.

אין ביוראָ פֿון „הערקולעס" האָט מען זיי אויפֿגענומען מיט צופֿרידנהייט. דער אַבאַט האָט געפֿאָדערט אַן אימפּאָנירנדיק אויסזען. הערמאַן און עדי זענען געווען אַ זייער שיין „פּאָרפֿאָלק".

זייערע דאָקומענטן זענען אויך געווען אין דער בעסטער אָרדענונג.

— מאָרגן פֿאַרלאָזט „הערקולעס" דעם פּאָרט, — האָט דער באַאַמטער צום סוף געזאָגט, — עס איז דעריבער געווונטשן, אַז איר זאָלט שוין היינט איבערנעמען אייער אַרבעט.

הערמאַן און עדי האָבן פֿאַרלאָזט דאָס ביוראָ מיט אַ גרינג געמיט.

— אַלץ גייט אויסגעצייכנט. ווי אויף פּוטער. — האָט עדי אַ שעפּטשע געטאָן צו הערמאַנען. — דו ביזט אַ גראַטעװעטער...

ענג געאָרעמט זענען זיי אַריין אינעם נאָענטסטן רעסטאָראַן עסן מיטאָג.

— מיר דאַרפֿן פּאַלגן דעם באַאַמטן און שוין היינט אַרויף אויף דער שיף. — האָט הערמאַן אַריינגעשעפּטשעט אין עדין — איך וועל וואָס שנעלער פֿאַרלאָזן ניו־יאָרק.

— געוויס... געוויס... — האָט עדי איינגעשטימט.

זיי זענען אַוועק אין עדיס וווינונג און גענומען זיך פּאַקן אין וועג אַריין.

ס'האָט נישט גענומען קיין סך צייט דאָס פּאַקן. הערמאַן האָט סיי־ווי גאָרנישט געהאַט... עדי האָט איינגעפּאַקט דאָס נויטיקסטע אין אַ וואַליזקע.

דערנאָך האָט זי איבערגעלאָזט דעם שליסל ביי אַ שכנה

און ביידע זענען אין אן אויטאָ אָפּגעפאָרן צום פּאָרט.

דאָ האָט מען נאָכאַמאָל באַטראַכט זייערע דאָקומענטן. אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. זיי זענען ארויף אויף דער שיף.

הערמאַן און עדי האָבן געקריגן באַזונדערע קאַבינעס.

עדי האָט געהאַט שטאַרק פּאַרדרוס צוליב דעם... אָבער הערמאַן איז אין האַרץ געווען צופרידן דערפון... ער האָט נישט ליב געהאַט צו זיין געבונדן אין זיין „זעלבסטשטענדיקייט".

אין זיין קאַבינע האָט הערמאַן שוין געפונען גרייט אַ מונדיר, וועלכן ער האָט טאַקע באַלד אָנגעטאָן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל אַריין.

דער גראַנאַט־אַנצוג מיט די געגילטע קנעפּ איז געלעגן אויף אים ווי אויסגעגאָסן.

אויפן „הערקולעס" איז נישט געווען נאָך אַזאַ שיינער יונגערמאַן.

אויך עדי האָט אויסגעזען פּרעכטיק אין איר שיפס־קליידונג.

דעם זעלבן טאָג נאָך האָבן הערמאַן און עדי אָנגעהויבן זייער אַרבעט אויף דער שיף.

אָבער די אמתע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן ערשט צו־מאָרגנס.

מאַכן ריינדיקע זענען איינגעשטיגן אין דער שיף. מען האָט יעדן געדאַרפט אָנווייזן זיין קאַבינע, העלפן איינשטעלן די קו־פערטן און וואַליזעס.

הערמאַן האָט זיך שנעל איינגעאַרבעט אינעם דאָזיקן פאַך, די פּאַסאַזשירן זענען צופרידן געווען פון זיין באַדינונג.

איינער פון די פּאַסאַזשירן, אַ דיקער אַמעריקאַנער, האָט הערמאַנען אַריינגעשטופּט אַ דאָלאַר אין דער האַנט אַריין — „ביר־געלט".

הערמאַן האָט אַזש אַ ציטער געגעבן פון אויפרעגונג.

„הייסט עס, אַז אַזוי נידעריק בין איך געפאַלן". האָט ער געטראַכט מיט ווייטיק — „דעם וואַרשעווער גרויסן גביר שלמה גרינפעלדס זון איז אַ פּשוטער משרת".

ער האָט שוין אויפגעהויבן די האַנט און געוואָלט צוריקגעבן דעם גראָבן אַמעריקאַנער זיין דאָלאַר.

באַלד האָט ער זיך אָבער מישבֿ געווען. דעם דאָלאַר האָט ער אַריינגעלייגט אין קעשענע און זיך טיף פאַרנייגט פאַרן אַמע־ריקאַנער.

„ערשטנס קאָן איך ווערן אויפפאַלנדיק" — האָט ער זיך געטראַכט — איך וועל אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט... צווייטנס, וועט מיר דער דאָלאַר צוריק קומען ביי מיין איצטיקער לאַגע".

„אויב איך זאָל האָבן אַ סך אַזעלכע קליענטן, קאָן איך פונעם „ביר־געלט" אָנזאַמלען אַ שיינע פאַר דאָלאַר".

די שיף האָט שוין געהאַלטן ביים אָפגיין. הערמאַן איז געווען פאַרהאָרעוועט ביי זיין אַרבעט. פלוצים האָט אים עמעץ אָפגעשטעלט.

— האַלאָ! ביטע, ווייזט מיר אָן מיין קאַבינע!

ס'איז געווען די שטים פון אַ פרוי. די דאָזיקע שטים איז געווען אַזאַ מוזיקאַלישע און מעלאָדישע, אַז הערמאַן איז געבליבן שטיין, ווי אַ צוגעשמידעטער צו זיין אָרט.

„אַזאַ שטים קאָן האָבן נאָר אַן אויסערגעוויינלעך שיינע פרוי" — האָט הערמאַן אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט. עס איז ווירקלעך געווען אַ פרעכטיקע פרוי, וואָס האָט אים פאַרבלענדעט אינגאַנצן מיט איר שיינקייט.

## קאַפּיטל הונדערט נײַן

## פאַרשידן זענען די וועגן פונעם שיקזאַל

— פון וועמען איז דער דאָזיקער בריוו? — האָט מאַדאַם וויינ־שטיין געפרעגט איר זון.

דערנאָך ערשט האָט ער גענומען לייענען נאָך אַ פאַפּיר, וואָס איז געלעגן אין קאָנווערט.

— וואָס איז געשריבן אינעם בריוו? — איז מאַדאַם וויינ־שטיין שוין געוואָרן אומגעדולדיק.

זי איז צוגעגאַנגען צו סאַלאָמאָנען און געוואָלט ביי אים אַרויסרייסן דעם בריוו. אָבער סאַלאָמאָן האָט זי אָפּגעשטופּט מיט דער האַנט.

— נו, זאָג שוין אַמאָל! וואָס פאַרא בריוו איז דאָס? — האָט

מאַדאַם וויינשטיין געשריגן.

— כ'וועל דיר זאָגן. וואַרט אַ מינוטקעלע.

— אָבער זאָג מיר שוין אַמאָל!

— שטעל דיר פאָר מאַמע. דעם בריוו האָט געשריבן הענריק האָלצבערג.

— וואָס עפּעס? וואָס וויל ער ווידער פון סאַבינען?

— הער, וועל איך דיר איבערלייענען דעם בריוו.

„טייערע הויכגעשעצטע פריילין סאַבינע!

„בשעת אונדזער לעצטן געשפּרעך האָט איר מיר צוגע־זאָגט, אַז אויב איר וועט בייטן אייער אדרעס, וועט איר מיר באַלד צוּוויסן טאָן.

„ביז איצט האָט איר מיר נישט אָנגעגעבן קיין נייעם אַדרעס. פאַרשטיי איך, אַז איר געפינט זיך נאָך ביי די וויינ־שטיינס. אי שיק אייך דעריבער אַהער דעם דאָזיקן בריוו.

„אַזוי ווי איך האָב נישט געוואָלט ווייטער טראָגן אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו היטן אייער באַנק־ביכל, האָב איך עס באַהאַלטן אין דער האַנדלס־באַנק אויף אייער נאָמען.

כ'האָב מורא געהאַט, אַז מען זאָל עס ביי מיר נישט אַרויסגנבענען, ווייל עמעצער האָט עס שוין שיער נישט אַרויס־געגנבעט.

„ווער דער דאָזיקער „עמעץ" איז, וויל איך צוליב פאַר־שידענע סיבות פאַרשווייגן.

„איך לייג אייך דאָ ביי אַ דאָקומענט, אַז איר וועט באַווייזן דעם דאָקומענט אין דער באַנק, וועט מען אייך דאָס ביכל אַרויסגעבן.

„ענטפערט מיר באַלד, צי איר האָט דעם בריוו דער־האַלטן. שרייבט מיר אויך ווי עס גייט אייך און ווי איר פילט זיך אין געזונט.

„מיין מוטער קאָן אָן אייך נישט פאַרגעסן. פאַרגעסט איר אויך נישט אָן אונדז.

מיט אַכטונג און פריינטשאַפטלעכן גרוס

הענריק זאָלצבערג"

הינט לעאָנען האָט הענריק קיין וואָרט נישט געשריבן. ער האָט פאַרשטאַנען, וויפיל סאַבינע האָלט געליטן, ווען זי ווערט געוווּיר, אַז ער געפינט זיך אין משוגעים־הויז.

נו, — מאַמאַ? וואָס זאָגסטו עפּעס דערצו? — האָט סאַלאָ־מאָן געפרעגט מיט אַ ביטערן שמייכעלע.

— מאָדנע... מאָדנע — האָט די מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט.

— ווען די מויד איז אַנטלאָפן, איז צו אונדז אָנגעקומען איר פאַר־לויגן. ווער ווייס ווו זי איז ערגעץ. מיר מוזן זי אויפזוכן!

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! — האָט סאַלאָמאָן זיך ציניש צעלאַכט — אַ מאָדנע, ביסטו, מאַמאַ! צו וואָס דאַרפסטו איצט סאַבינען? איך דאַרף זי שוין איצט נישט האָבן, ווען איך האָב דאָס...

ער האָט אָנגעוויזן אויפן דאָקומענט פון דער באַנק.

מאַדאַם וויינשטיין האָט געקוקט אויף איר זון אַ פאַרוווּנ־דערטע.

— איך פאַרשטיי דיך נישט סאַלאָמאָן. — האָט זי געזאָגט — וואָס ווילסטו דען טאָן?

— טאַקע דאָס, וואָס דו מיינסט, מאַמאַ... — האָט סאַלאָמאָן געענטפערט — כאַ־כאַ־כאַ־כאַ דאָס פייגעלע איז אַוועקגעפלויגן, אָבער די גאָלדענע פעדערן זענען דאָ געבליבן.

— וואָס הייסט?

— וואָס ס'הייסט? כאַ־כאַ־כאַ! איך וואָלט געווען אַן אמתער אייזל, ווען איך זאָל עס נישט צונעמען... וועלכער נאַר לאָזט עס ליגן גאָלד אויפן וועג און הויבט עס נישט אויף.

— איך פאַרשטיי נישט. סאַלאָמאָן. זאָג קלאָר, וואָס ווילסטו טאָן? ווילסט טאָן עפּעס אַ נישט אָרנטלעכע זאַך?

— אָרנטלעך, צי נישט אָרנטלעך. דאָס איז אַ זאַך פאַר קינ־דער אָדער נאַראָנים. דו ווייסט גאַנץ גוט, ווי אונדזערע גע־שעפטן זענען אויס. ווען מען האָט דעם חלף אויפן האַלדז, טראַכט מען נישט וועגן אָרנטלעכקייט.

— ניין. ניין. — האָט מאַדאַם וויינשטיין געשאָקלט מיטן קאָפּ — איך האָב מורא...

— מורא? — איך האָב דאָך אַליין געהערט, ווי סאַבינע האָט זיך פון דעם געלט אָפּגעזאָגט... אַז מיין כלה וויל עס נישט,

קומט עס איר חתן. פֿאַרשטייסט?

— ניין, איך פֿאַרשטיי נאָך נישט. — האָט מאַדאַם וויינשטיין געציטערט אין גאַנצן פֿון מורא און פֿון חשק צום געלט — זאָג וואָס רעכנסטו צו טאָן?

סאַלאָמאָן האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פֿון געלעכטער.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! וואָס איז דאָ צו רעכענען? איך וועל אַרויסנעמען דאָס ביכל און דערנאָך דאָס געלט און פּטור.

— אָבער סאַבינע מוז זיך דאָך אַליין ווענדן אין דער באַנק און נאָר איר וועט מען עס דאָך אַרויסגעבן!

— איי, מאַמאַ, מאַמאַ... כאַ-כאַ-כאַ־כאַ!... וועט גיין אַן אַנדער מיידל און זי וועט זיין סאַבינע...

— און אויב דער אמת וועט זיך אַרויסווייזן?...

סאַלאָמאָן האָט גרינגשעצנדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— קיינער וועט נישט וויסן, אַז איך האָב עפּעס אַ האַנט אין דעם... און ווען מ'זאָל זיך אפֿילו דערוויסן, איז די וועלט גענוג גרויס און איך וועל נאָך האָבן ווו צו מאַכן פּליטה...

אָבער מאַדאַם וויינשטיין האָט זיך אַלץ נישט געלאָזט איינרעדן.

— ניין... ניין. מיין טייערער!... דאָס געפֿעלט מיר נישט, מיין זון... דאָס איז אַ שווינדל. איך וועל זיך אין דעם נישט מישן... דו ווילסט, טאָ מאַך דיר... איך נישט...

— ריכטיק, ריכטיק, מאַמאַ... — האָט סאַלאָמאָן געשמייכלט

— נאָר דער טייוול איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט זיך אים אויס...

— איך האָב דיר שוין געזאָגט. איך וויל צו דעם נישט צוטאָן קיין האַנט... און באַזונדער, זאַלצבערג וואַרט דאָך אויף אַן ענטפֿער?...

— זאָרג נישט, מאַמאַ. איך האָב שוין וועגן דעם אויך געטראַכט... סאַבינע האָט דאָך אונדז איבערגעלאָזט אַ בריוו... זי האָט זיכער גוט געטאָן... ער וועט מיר איצט צונוץ קומען... כאַ־כאַ־כאַ!...

ער איז צוגעגאַנגען צום שרייב-טיש און זיך גענומען נאָכמאַכן סאַבינעס האַנדשריפֿט.

נאָך אַ ריי פּרוּוון איז עס אים ענדלעך געלונגען.

ער האָט צוגעבערענגט דער מוטער די פּרוכט פון זיין אַרבעט און איר געוויזן.

— זע מאַמע...

מאַדאַם וויינשטיין האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר פּאַרווונדעטע אויגן.

די האַנטשריפט איז ווירקלעך געווען, ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענדלעך צו סאַבינעס...

—אויסגעצייכנט! האָט די מוטער געזאָגט — אָבער איך האָב מורא פאַר דיר... דו האָסט, זע איך, אַנ׳אמת׳ן טאַלענט צום שווינדלען...

סאַלאָמאָן האָט געשמייכלט אַ צופרידענער פון׳ם דאַזיקן קאָמפּלימענט...

— זעסט שוין, מאַמאַ... אַבי דו האָסט געזאָגט, אַז איך טויג צו גאַרנישט... איצטער מוז איך אָנשרייבן זאַלצבערג׳ן ענטפער...

— זאָג מיר, וואָס ווילסטו אים שרייבן? — האָט מאַדאַם וויינשטיין געפרעגט.

אַסלאָמאָן האָט זיך שפּאָטיש צעשמייכלט.

— אמא, דו האָסט, זע איך, אַ שוואַכן זכרון... ערשט מיט אַ ווילע צוריק האָסטו דאָך געזאָגט, אַז דו ווילסט זיך נישט מישן...

דאָס געזאָגט, איז ער אַרויס פון׳ם צימער.

מאַדאַם וויינשטיין האָט אים נאָכגעקוקט אַ בייזע און אַ דער־צאָרנטע...

עטלעכע שעה איז סאַלאָמאָן אָבגעזעסן ביי זיין שרייבטיש, אַ סך מאָל האָט ער געשריבן און דערנאָך צעריסן... ענדליך איז ער געווען פאַרטיק...

אָט וואָס ער האָט געשריבן:

„זייער געערטער הער הענריק זאַלצבערג!

„אייער רעקאָמענדירטן בריף האָב איך ריכטיג דערהאַלטן, איך דאַנק אייך זייער.

„דער צופאַל האָט אַזוי געוואָלט, אַז איך האָב אייער בריף דערהאַלטן אַ טאָג פריער, איידער איך האָב פאַרלאָזט לובלין.

„איך דאַנק אייך זייער, וואָס איר האָט אַזוי לאַנג אָפּגעהיטן מיין פאַרמעגן.

„ס׳איז זייער מעגלעך, אַז איך זאָל דאָס געלט אָפּנעמען אין

אַ קורצער צייט אַרום.

„איך וועל אין די נאָנטסטע וואָכן זיך פאַרלאָבן און דאָס געלט וועט מיר נויטיק זיין.

„מיין חתן, וואָס זיין נאָמען קאָן איך אייך צוליב געוויסע אורזאַכן נישט אָנגעבן, איז אַ זייער אייפערזיכטיגער. איר וועט מיר דעריבער אַנטשולדיקן, וואָס איך גיב אייך נישט אָן מיין אַדרעס...

„מיינע האַרציקסטע גרוסן פאַר אייער ליבער מוטער.

מיט אַכטונג

סאַבינע רויזמאַן

— אויסגעצייכנט!... — האָט סאַלאָמאָן אויסגערופן צו זיך אַליין מיט אַנטציקונג נאָך דעם, ווי ער האָט איבערגעליינט דעם בריף.

ער האָט דעם בריף אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט, אָנגעקלעבט אַ מאַרקע און איז שנעל געלאָפן אַריינוואַרפן אים אין פאָסטקעסטל...



ליפע דאַווידסאָן האָט אויסגעווישט אַ טרער...

נאָך דעם, ווי דער צוג מיט סאַבינע איז אָפּגעפאָרן, איז ער נאָך לאַנג געשטאַנען אויפן פּעראָן און געפּאָכעט מיטן טיכל אין דער לופט...

ליפען האָט שטאַרק באַנק געטאָן סאַבינעס אָפּפאָר.

„איצטער איז אַוועק דער איינציקער גוטער מענטש פון די ווינשטיינ׳ס הויז”... — האָט ער זיך געטראַכט.

„ס׳איז אָבער גלייכער, וואָס זי איז אַוועקגעפאָרן. ווער ווייס, צו זי וואָלט נישט געהאַט אַנדזשעס סוף, דער געלער אויסוואורף איז פעיק אויף אַלעם”...

סאַבינע איז דערווייל געזעסן אין צוג, וואָס האָט זי מיט אַ שנעלן אימפּעט געפירט אין דער ריכטונג פון וואַרשע.

זי האָט באַשלאָסן זיך ווידער צו ווענדן אין פערמיטלונגס-

ביוראָ פאַר קראַנקן־שוועסטער וועגן אַרבעט.

סאַבינע האָט שוין געבענקט נאָך איר באַליבטער אַרבעט פון פלעגן קראַנקע און זיי פאַרלייכטערן זייערעליידן...

די דאָזיקע הייליקע אַרבעט פלעגט איר זיין אַ טרייסט אין איר אומגליקלעכן לעבן.

דער צוג איז דערוויל געלאָפן איבער פעלדער און וועלדער, געמיטן דערפער און שטעדט.

עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי איז שוין איצט נישט צענד־ליקער, נאָר טויזנטער מיילן ווייט פון מאַדאַם ווײַנשטיינ׳ס הויז...

איר גאַנץ פאַרברייגגען דאָרטן האָט זיך אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַ שרעקלעכער חלום, ווי אַ פיבערקאָשמאַר...

נאָך מיטאָג איז דער צוג אָנגעקומען קיין ווארשאַ.

ווי נאָר סאַבינע איז אַרויס פון וואָקזאַל איז זי איינגעשטיגן אין אַ טראַמוויי, וואָס האָט זי געפירט צום פאַרמיטלונגס-ביוראָ.

פאַר׳ן טויער האָט זיך סאַבינע אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט.

„צו וועט מען מיך נישט אַמאָל דערקענען?"... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

„ס׳איז שוין אָבער גענוג לאַנג"... — האָט זי זיך אַליין גע־ענטפערט — „און געזען האָבן זיי מיך נאָר איין מאָל... כ׳וועל אָנגעבן אַנ׳אַנדערן נאָמען און פטור"...

אָבער ווען סאַבינע איז אַריינגעקומען אין ביוראָ און די באַ־אַמטין האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, האָבן זיך אירע אויגן צע־עפנט פון שרעק... זי איז בלאַס געוואָרן, ווי די וואַנט....

זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון איר שטול און געוואָלט אַרויס־לויפן פון צימער...

אָבער סאַבינע האָט זי אָפּגעהאַלטן.

— שרעקט אייך נישט, ליבע פרוי... — האָט סאַבינע געזאָגט.

— אָבער ווער זענט איר? — האָט די באַאַמטין געשטאַמלט און געציטערט אינגאַנצן פון שרעק.

— זייט אַזוי גוט און מעלדעט דער דירעקטאָרין, אַז איך דאַרף זיך מיט איר זען.

די צעשראָקענע פרוי איז שנעל אַריינגעפאַלן אין צווייטן צי־מער, ווו עס איז געזעסן די דירעקטאָרין פון דער ביוראָ.

די דירעקטאָרין האָט זיך איבערגעשראָקן אויף טויט, ווען די באַאַמטין האָט זיך באַוויזן אין איר קאַבינעט.

די איבערגעשראָקענע פרוי איז געווען בלאַס, ווי קרייד...

— וואָס איז מיט אייך? וואָס איז געשען? — האָט די דירעקטאָרין געפרעגט.

— עפּעס... עפּעס... — האָט די באַאַמטין געשטאַמלט — עפּעס... אַן אויסטערלישע זאַך.

— וואָס הייסט? וואָרס פאַר אַ זאַך?

— טויטע.. טויטע... שטייען אויף...

די דירעקטאָרין איז זיכער געווען, אַז די באַאַמטין איז פּלוצלונג פון זינען אַראָפּ.

בערואיקט אייך. — האָט זי געזאָגט. — איר פילט זיך נישט גוט?

אָבער די דערשראָקענע פרוי האָט געהאַלטן אין איין שטאַמלען. עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין וואָס זי רעדט. פון אירע רייד האָט די דערעקטאָרין בלויז פאַרשטאַנען, אַז עמעץ האָט זיך געפרעגט צו איר.

אָבער ווער איז עס? אַ מאַן אַ פרוי? — האָט די דירעקטאָרין געפרעגט.

— סאַבינע, סאַבינע רייזמאַן... — האָט די פרוי ווייטער געשטאַמלט.

— סאַבינע רייזמאַן?

—איך... האָב שיער געחלשט פון שרעק... איר גייסט מסתמא...

די דירעקטאָרין האָט געקוקט אַ פאַרוווּנדעטע אויף דער צעשראָקענער פרוי.

„סאַבינע רייזמאַן? איך געדענק נאָך, ווי זי איז געשטאָרבן. אַלע צייטונגען האָבן דאָך געשריבן וועגן דעם"... — האָט זי געטראַכט. — „מסתמא איז דאָ עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש"...

— איך גיי אַריין און וועל זען ווער דאָס איז. — האָט זי געזאָגט צו דער באַאַמטין. — אייער פאַנטאַזיע האָט אייך מסתמא אביסל פאַרפירט.

זי איז אַריין אין פאָדערשטן צימער.

אָבער ווען סאַבינע האָט זיך גענומען צו איר דערנענטערן און זי באַגריסט מיט אַ שמייכל, איז זי בלאַס געוואָרן, ווי קרייד... די פיס האָבן זיך אָנגעהויבן ברעכן אונטער איר פאַר גרויס שרעק.

— שרעקט אייך נישט, ליבע פרוי... — האָט סאַבינע אָנגעהויבן — דאָ איז, זע איך, אַ מיספאַרשטענדעניש.

— אַ מיספאַרשטענדעניש? אָבער איר זענט אַזוי... אַזוי ענלעך צו... צו... אַ געוויסער... סאַבינע רייזמאַן.

— איר מיינט מיין קוזינקע?

— האָט איר געהאַט אַ קוזינקע, וואָס איז געווען ענלעך צו אייך?

— ווי צוויי טראָפּן וואַסער.. זי האָט אויך געהאַט דעם זעלבן נאָמען, וואָס איך.

— הייסט איר אויך סאַבינע רייזמאַן?

— יאָ.

מאָדנע...

די דירעקטאָרין האָט אַריינגעבעטן סאַבינען אין איר קאַבינעט.

— שרעקט אייך נישט, — האָט זי געזאָגט צו דער באַאַמטין, — דאָס איז אַ קוזינקע פון דער פאַרשטאָרבענער סאַבינע רייזמאַן און איז זייער שטאַרק ענלעך צו איר.

די פרוי איז רויט געוואָרן פון בושה און איז צוריק אַוועק צו איר אַרבעט.

— זעצט אייך, פרײַלין, — האָט די דירעקטאָרין זיך געווענדעט צו סאַבינען — וואָס ווינטשט איר זיך?

— איך בין, פונקט ווי מיין פאַרשטאָרבענע קוזינקע, אַ קראַנקן־שוועסטער. לעצטנס האָב איך געאַרבעט אין לובלין.. איצטער בין איך אָן אַרבעט און זוך אַן אַרבעטס־פּאָסטן. — האָט סאַבינע געזאָגט.

— איר זענט גראָד געקומען אין אַ מזלדיקער שעה. — האָט די דירעקטאָרין דערקלערט. — איך האָב גראָד אַן אַרבעטס־פּאָסטן.

— ווו איז עס?

— עס האָט זיך געווענדעט צו מיר אַ געוויסער הער וואַר־

מאַן, אַ לעדער־פאַבריקאַנט פון גראָכאָוו. ער זוכט אַ פלעגערין פאַר זײַן קראַנקער פרוי. וואַרט אַ ווײַלע, איך קלינג שוין אָן צו אים.

די דירעקטאָרין האָט באַלד זיך פאַרבונדן מיט אים טעלעפאָניש.

— האַלאָ! דאָ רעדט מען פון פאַרמיטלונגס־ביוראָ. איך האָב פאַר אײַך אַ פּאַסיקע קראַנקן־שוועסטער. יאָ. זי וואַרט דאָ בײַ מיר... קומט איר באַלד? צום ווידערזען!

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז אין קאַבינעט אַרײַנגעקומען אַ מאַן פון אַ יאָר דרײַסיק. אַ גלאַט ראַזירטער. אַ סימפּאַטישער. מיט אַ לײַדנשאַפטלעך מויל און לײַדנשאַפטלעכע אויגן.

ער האָט מיט זײַנע אויגן אָפּגעמאָסטן סאַבינען פון קאָפּ ביז די פיס... זי האָט זיך אַזש דערפילט אומהיימלעך און זיך פאַררויטלט.

— ווילט איר אָננעמען די אַרבעט און פלעגן מײַן קראַנקע פרוי? — האָט וואַרמאַן געפרעגט.

— איך קאָן די אַרבעט אָננעמען.

— אַלזאָ גוט. מאָרגן אין דער פרי קאָנט איר קומען אויפן דאָזיקן אַדרעס.

ער האָט אַרויסגענומען אַ וויזיט־קאַרטל, דערלאַנגט סאַבינען זיך אָפּגעזעגנט און אַוועק.

„האָב איך שוין, הייסט עס, אַן אַרבעטס־פּאָסטן“... — האָט סאַבינע געטראַכט מיט פרייד, ווען זי איז אַרויס פונעם פאַרמיטלונגס־ביוראָ.

זי איז אַוועק אין אַ באַשיידענעם האָטעל און געדונגען אַ צימער אויף איבערצונעכטיקן.

זיצנדיק אײנע אַליין איבערן האָטעל־צימער, האָט זיך ערשט סאַבינע אָנגעהויבן אָפּצוגעבן אַ רעכענונג וועגן דער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך.

„בין איך, הייסט עס, ווידער אין וואַרשע“... — האָט זי געטראַכט.

זי האָט זיך דערמאָנט אין לעאָנען... די ווונד אין איר האַרץ האָט ווידער אָנגעהויבן בלוטיקן... זי האָט אָבער פאַרקריצט מיט

די ציין און דערשטיקט אין זיך דעם ווייטאָג.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט סאַבינע אָנגעקלונגען ביי דער טיר פון הערמאַנס וווינונג.

די דינסט, וועלכע האָט איר געעפנט די טיר, האָט זי אַריינגעפירט אין סאַלאָן.

סאַבינע האָט זיך גערעכנט דאָ צו טרעפן דעם הער וואַרמאַן. אָבער אַנשטאָט אים האָט זי נאָר דאָרט אויפגענומען אַ יונגע שיינע בלאָנדינקע.

— הער וואַרמאַן איז זייער פאַרנומען. — האָט די בלאָנדינקע דערקלערט. — איך וועל אייך אַלזאָ אָנווייזן אייער ארבעט. איך ביז די ווירטין פון הויז, ווי לאַנג פרוי וואַרמאַן איז קראַנק. זעצט אייך.

זי האָט אָנגעוויזן סאַבינען אויף אַ פאָטעל און סאַבינע האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— פרוי וואַרמאַן ליידט אויף אַ שווערער היסטעריע. — האָט די בלאָנדינקע דערקלערט — זי איז אַביסל געריהרט פון זינען, זי פאַרפייניקט דעריבער דעם מאַן און זי האָט כסדר ווילדע פאַרדאַכטן.

— אַנטשולדיקט, — האָט סאַבינע זיך אָנגערופן. — די פאַמיליע־באַציאונגען צווישן הער און פרוי וואַרמאַן אינטערעסירן מיך נישט... צי קאָנט איר מיך אינפאָרמירן וועגן איר איצטיקן צושטאַנד?

די שיינע בלאָנדינקע האָט געוואָרפן אַ קרומען בליק אויף סאַבינען...

— נו... איך האָב געמיינט, אַז עס וועט אייך אינטערעסירן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער קראַנקער... אַ חוץ דעם, האָב איך אייך געוואָלט וואָרענען, נישט צו גלויבן אַלץ, וואָס זי דערציילט...

די בלאָנדינקע האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט.

— קומט, שוועסטער! — האָט זי געזאָגט — איך וועל אייך אַריינפירן צו דער קראַנקער, נאָר זעט, מיר זאָלן זיין צופרידן פון אייך... ביז איצט האָבן מיר נישט געהאַט קיין מזל צו קראַנקן־שוועסטערס.

סאַבינע איז שוין געווען נייגעריק צו זען די קראַנקע.

זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַן אָפּגעוועלקטע, דאַרע און בייזע פרוי.

אָבער ווי פאַרוווּנדערט איז סאַבינע געוואָרן, ווען פונעם ווייסן קישן האָט אַרויסגעקוקט אַן איידל, צאַרט און שיין געזיכט.

כאָטש דאָס געזיכט פון דער קראַנקער איז געווען בלאַס און אָפּגעמאַטערט, איז עס אָבער געווען זייער סימפּאַטיש.

מיט אַ שמייכל האָט זי באַגריסט סאַבינען און געקוקט אויף איר מיט אירע גרויסע, שיינע אויגן.

— איך שטעל אייך פאָר אייער נייע קראַנקן־שוועסטער, סאַבינע ריינמאַן, — האָט די בלאָנדינקע דערקלערט דער קראַנקער — פון היינט אָן וועט זי זיין אייער פלעגערין.

— איך פאַרהאָף, אַז מיר וועלן ווערן פריינדינס. — האָט די קראַנקע געזאָגט און זי האָט אויסגעצויגן סאַבינען איר האַנט.

פריילין פעלע זינגמאַן — אַזוי האָט געהייסן די שיינע בלאָנדינקע — האָט געוואָרפן אַ קרומען בליק אויף דער קראַנקער און אַ פרעג געטאָן:

— איר ווילט עפּעס?

די קראַנקע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין”.

— איך דאַנק. — האָט זי געזאָגט. — איך דאַרף נישט גאָרנישט. אַז כ׳וועל עפּעס דאַרפן, וועל איך אייך צו וויסן געבן דורך פריילין סאַבינע.

די אויגן פון דער קראַנקער האָבן געבליצט מיט האַס־פייערלעך.

אָבער נישט וויניקער האָט אַרויסגעקוקט פון פעלעס אויגן...

פעלע איז אַרויס פון דער קראַנקערס צימער.

סאַבינע האָט דערקענט, אַז צווישן דיביידע פרויען ליגט עפּעס אַ תהום פון האַס...

— איר זעט, שוועסטער, די דאָזיקע פרוי איז מיין קרענק...

— האָט די קראַנקע געוויזן צו דער טיר, אין וועלכער פעלע איז פאַרשוווּנדן. — ווי לאַנג זי וועט דאָ זיין, וועל איך זיין קראַנק.

סאַבינע האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ קומט פאָר אַ פאַמיליען־

טראַגעדיע. אינסטינקטיוו האָט זיך איר סימפּאַטיע געווענדעט צו דער קראַנקער.

„איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איך בין נאָר אימשטאַנד, כדי צו פאַרלייכטערן די ליידן פון דער דאָזיקער פרוי״ — האָט סאַבינע געטראַכט.

ענדלעך איז געקומען דער דאָקטאָר.

— זי איז פיזיש קראַנק. דאָס איז זיכער. איר פּסיכישער צושטאַנד איז אָבער אַ מער געפערלעכער. די סיבה פון איר קראַנקהייט איז די פריילין זינגמאַן. די אייפערזוכט פרעסט אויף די קראַנקע פרוי.

— איז עס בלויז אַן איינבילדונג, הער דאָקטאָר? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— דאָס ווייס איך נישט. אָבער ווען נישט די גייסטיקע ליידן, וואָלט זי שוין לאַנג געזונט געווען. איר דאַרפט זיך דעריבער באַמיען צו באַרואיקן.

ווען סאַבינע איז צוריק אַריינגעקומען אין צימער פון דער קראַנקער. האָט זי די קראַנקע פרוי אויפגענומען מיט אַ טרויעריקן שמייכל.

דפוס „אור״ בע״מ

פאַרלאַג „תקוה״

# סאָבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער
נומער 88

— אונדזער ליבער דאָקטאָר וואָלט מיךווירקלעך געוואָלט העלפן — האָט זי געזאָגט — אָבער איך וויל שוין נישט געזונט ווערן. איך וויל דאָס גאָרנישט..... איך וויל נישט שטערן מיין מאַן אין וועג...

סאַבינע האָט צאַרט אָנגענומען איר האַנט.

—רעדט נישט אַזוי, איך בעט אייך... איר שטייט נישט קיינעם אין וועג. און אפילו ווען יאָ, דאַרפט איר געזונט ווערן, כדי צו קאָנען זיך קעגנשטעלן אייערע פיינט.

די אויגן פון דער קראַנקער פרוי זענען פול געוואָרן מיט טרערן.

— איך האָב שוין אָבער נישט קיין כוח צום קעמפן... — האָט זי טרויעריק געזאָגט. — דער שיקזאַל איז זיך גרויזאַם מיט מיר באַגאַנגען. ווי לאַנג איז דען, ווי איך האָב געליבט און בין געליבט געוואָרן.

איר אויסגעדאַרטער קערפּער האָט זיך אָנגעהויבן טרייסלען אין ספּאַזמאַטישן געוויין.

סאַבינע האָט זי גענומען גלעטן און באַרואיקן.

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז די קראַנקע האָט אויפגעהערט איר ספּאַזמאַטישן געוויין.

באַלד איז די דינסט אַריינגעקומען.

— דער פּאַן וואַרט אויף דער שוועסטער מיטן מיטאָג. — האָט זי געמאָלדן.

אַלעקסאַנדער האָט סאַבינען זייער העפלעך אויפגענומען.

— מיין פרוי ליידט אויף אַ פאַרפאָלגונגס־מאַניע... — האָט ער איר דערקלערט — זי רעדט זיך איין, אַז איך ליב זי נישט מער און זי איז אייפערזיכטיק אויף פריילין זינגמאַן.

— אויב אַזוי, — האָט סאַבינע געענטפערט, — וואָלט דאָס בעסטע געווען צו באַזייטיקן די סיבה פון איר אייפערזוכט.

אַלעקסאַנדערס געזיכט האָט זיך באַדעקט מיט אַ רויטקייט...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט און גענומען שפּרייזן אַהין און צוריק איבערן צימער.

— דאָס איז אוממעגלעך, — האָט ער ענדלעך געענטפערט — איך בין געבונדן מיט פריילין זינגמאַן דורך אַ קאָנטראַקט.. איך

גלויב אויך נישט, אַז דאָס זאָל זיין ווירקלעך די סיבה פון מיין פרויס קראַנקהייט.

אָבער סאַבינע האָט זיך נישט געלאָזט פאַררעדן די ציין...

— אַנטשולדיקט מיר, הער וואַרמאַן, וואָס איך מיש זיך אין זאַכן, וואָס געהערן זיך מיט מיר נישט אָן. עס גייט מיר אָבער אין געזונט פון אייער פרוי. גיט דער פריילין זינגמאַן אַ געהעריקע אַנטשעדיקונג און קינדיגט זי.

אויף אַלעקסאַנדערס געזיכט איז געווען דייטלעך צו דערקענען אַ בייזקייט.

— מיין פרויס געזונט איז מיר נישט ווייניקער טייער, ווי אייך.. — האָט ער שאַרף געענטפערט — אָבער די פריילין זינגמאַן קאָן איך נישט אַרויסטרייבן.

— אַרויסטרייבן? קיינער טראַכט נישט וועגן דעם.

— יאָ, אַרויסטרייבן. בלויז צוליבן קאַפּריז פון אַ היסטעריישער פרוי קען מען נישט נעמען און אַרויסטרייבן אַן אַרבעטזאַמען און איבערגעגעבענעם מענטש דאָס וועט אין קיין פאַל נישט געשען!

אין אַ ווײַלע אַרום איז פריילין זינגמאַן אַריינגעקומען און אַלע דריי האָבן זיך אַוועקגעזעצט צום מיטאָג־עסן

סאַבינע האָט גאַנץ גוט באַמערקט די וואַרעמע בליקן, וועלכע אַלעקסאַנדער האָט געוואָרפן אויף דער שיינער פעלען זי האָט אויך באַמערקט פעלעס קאָקעטירן אים.

יעדע אירע באַוועגונג. יעדעס וואָרט האָט ביי אַלעקסאַנדערן אַרויסגערופן באַגייסטערונג און אַנטציקונג.

נאָכן מיטאָג האָט סאַבינע דערקלערט, אַז כאָטש די געזעלשאַפט איז איר זייער אָנגענעם, בעט זי פון מאָרגן אָן צו עסן מיטאָג אין צימער פון דער קראַנקער...

דאָס געליבטע פּאָרל איז מיט צופרידנקייט אַקעגנגעקומען סאַבינעס ווונטש. זיי האָבן בעסער געוואָלט זיין אַליין.

אין די ווייטערדיקע טעג האָט סאַבינע מיט פרייד באַמערקט, ווי דער צושטאַנד פון דער קראַנקער פאַרבעסערט זיך כסדר.

די קראַנקע איז געוואָרן אויפגעלעבטער. אויף אירע בלאַסע באַקן האָט זיך באַוויזן אַ לייכטע רויטקייט.

— זינט איר זענט אָנגעקומען, טייערע סאַבינע, — האָט די קראַנקע דערקלערט, — פיל איך ווי נייע כוחות קומען מיר צו. איר גיט מיר אַרייַן אַ ניי לעבן.

ווען סאַבינע איז איינמאָל אַראָפּגעגאַנגען אויף דער גאַס, האָט זי אַ ברעמדער יונגערמאַן אָפּגעשטעלט.

— אַנטשולדיקט מיר, שוועסטער, — האָט ער זיך געווענדעט צו איר, — וואָס איך שטער אייך. איך הייס וואַצלאַוו זילבער, איך בין דער לייטער פון הער וואַרמאַנס פאַבריק, דאַכט זיך, אַז איר זענט די פּלעגערין פון מאַדאַם וואַרמאַן?

— יאָ.

דער יונגערמאַן האָט אַ ווײַלע געשוויגן, זייענדיק אומדרייסט.

— אַנטשולדיקט מיר פאַר מיין דרייסטקייט. — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — איך וואָלט זיך געוואָלט דערוויסן, וואָס מאַדאַם וואַרמאַן מאַכט.

ער האָט זיך פאַררויטלט.

סאַבינע האָט באַטראַכט דעם יונגנמאַנטשיק. ער איז געווען זייער אַ סימפּאַטישער.

— מאַדאַם וואַרמאַן איז זייער קראַנק. — האָט סאַבינע דערקלערט. — אָבער לעצטנס איז איר אַביסל בעסער געוואָרן.

דער יונגערמאַן האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

— איר האָט מיר אַ ניי האַרץ אַריינגעזעצט, שוועסטער. — האָט ער געזאָגט פול מיט דאַנקבאַרקייט — שוין עטלעכע טעג, ווי איך קאָן קיין רו נישט געפינען.

סאַבינע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן פול מיט פאַרוווּנדערונג.

— אַנטשולדיקט, — האָט זי געפרעגט, — וואָס געהער אייך אָן די פרוי וואַרמאַן, אויב ס'איז דערלויבט צו פרעגן?

— וואָס זי געהער מיר אָן? זי געהער מיר גאָרנישט אָן... אָבער...

— אָבער וואָס?

— איך פאַרגעטער זי. איך וואָלט געגאַנגען פאַר איר אין פייער אַריין. אויף שטיקער וואָלט איך זיך געלאָזט צעשניידן פאַר איר...

— איך ליב זי... — האָט דער יונגערמאַן געשטאַמלט — אָבער זי ווייסט גאָרנישט וועגן דעם. זי וועט עס אויך מסתמא קיין מאָל נישט וויסן, ווייל וועל איך נישט וואַגן איר דאָס צו זאָגן...

— אָבער אויב איר האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט וויסן וואָס מאַ־דאַם וואַרמאַן מאַכט, האָט איר זיך דאָך געקאָנט פרעגן איר מאַן?

— האָט סאַבינע געפרעגט.

וואַצלאַוו זילבער האָט פאַרדריקט אַ פויסט און מיט איר גע־פאָכעט אין דער לופט.

— ביי דעם... אויסוווּרף? ניין, שוועסטער! צוליב אים איז זי דאָך קראַנק. גלויבט מיר, שוועסטער, איך האָב נאָך קיינמאָל קיין פליג אויך דער וואָנט נישט פאַרטשעפּעט. אָבער אים?

— וואָס וואָלט איר אים געטאָן? — האָט סאַבינע געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— איך וואָלט אים מיט מיינע אייגענע הענט דערשטיקט... איב מיט דער אויסגעלאַסענער מויד, די פעלע זינגמאַן, צוזאַמען.

— איר זענט פאַרבלענדעט פון דער ליבע, הער זילבער... — האָט סאַבינע אַלץ געשמייכלט — איר זעט דעריבער אַלץ אין צו שוואַרצע פאַרבן.

— אין צו שוואַרצע פאַרבן? ניין, שוועסטער. הער וואַרמאַן האָט גענומען זיין פרוי נאָר צוליב דער רייכער ירושה, וואָס איז איר פאַרגעשטאַנען.

— אַזוי גאָר?

— ווי נאָר איר פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצווייזן ווער ער איז.

— וואָס האָט ער אַזעלכעס געטאָן?

—ערשטנס האָט ער זיך אַריינגענומען די „פאַננע" זינגמאַן, זי זאָל צוהעלפן דער מאַדאַם וואַרמאַן אין דער ווירטשאַפט... ער קאָן, האָט ער געזאָגט, נישט צוקוקן, ווי זיין ווייב מוטשעט זיך...

— און מאַדאַם וואַרמאַן האָט זיך גאָרנישט קעגנגעשטעלט קעגן דעם?

— זי איז דעמאָלט געלעגן קראַנק נאָך אַ פריצייטיקער גע־בורט. זי האָט זיך דעריבער נישט געקאָנט קעגנשטעלן. דער „פיי־

נער" מאַן האָט אויסגענוצט די דאָיזקע געלעגנהייט... איצט ווילן ביידע זי פאַרפייניקן.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס ?

— „די דאָזיקע פרוי איז מיין קרענק. ווי לאַנג זי וועט דאָ זיין, וועל איך נישט געזונט ווערן" — האָט אַמאָל מאַדאַם איזאַבעלאַ געזאָגט.

וואַצלאַוו זילבער האָט אַ כאַפּ געטאָן סאַבינעס האַנט.

— טייערע שוועסטער! דער מאַן מיט זיין געליבטער פלאַנעווען עפּעס... איך האָב מורא פאַר מאַדאַם איזאַבעלאַס לעבן!

— נו־נו. באַרואיקט אייך, העד זילבער. — האָט סאַבינע מילד געזאָגט. — איר טרייבט איבער... באַזונדער גיב איך דאָך אַכטונג אויף דער קראַנקער.

— זיי קאָנען זי אָבער דערהרגענען אָן אַ מאָרד־געצייג. זי וועט צוליב זיי אויסגיין פון פאַרצווייפלונג. אָבער עס איז גוט וואָס איר זענט דאָ נעבן איר. איר האָט אַזאַ גוט געזיכט.

סאַבינע האָט אַ שמייכל געטאָן.

— איך טו בלויז מיין פליכט. — האָט זי געזאָגט.

— איך דאַנק אייך... איך וועל עס אייך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. — האָט זילבער דערקלערט.

ער האָט אַ קוש געטאָן סאַבינעס האַנט און איז אוועק.

סאַבינע האָט איצט פאַרקירעוועט צו הער וואַרמאַנס קאַבינעט. זי האָט מיט אים געדאַרפט איבעררעדן אַ וויכטיקע זאַך.

צוליב דעם, וואָס מען האָט אַריינגעשטעלט אין דער פאַבריק אַ נייעם מאָטאָר, האָט דאָס גערויש פון דער פאַבריק זיך דערטראָגן צום צימער פון דער קראַנקער און זי דענערווירט.

סאַבינע האָט געוואָלט דעריבער רעדן מיט אַלעקסאַנדערן וועגן זוכן עפּעס אַן עצה דאָס געררויש אַביסל איינצושטילן.

סאַבינע האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פונעם וואָרט־צימער. אָבער ווען קיינער האָט זיך פון דאָרט נישט אָנגערופן, איז זי אַריין אינעווייניק.

איר גייען איבערן ווייכן דיוואַן האָט מען אין קאַבינעט נישט געהערט.

ווען סאַבינע איז צוגעקומען צום קאַבינעט און אַריינגעוואָרפן אַהין אַ בליק — איז אַ קעלט אַדורך אירע ביינער...

## קאַפּיטל הונדערט צען

## אַן אומגליקלעכע ליבע

לוסיל האָט זיך געוואָרפן מיט אַ געוואַלדיקער נייגעריקייט אויף די פּאַפּירן, וואָס זי האָט געפונען אויפן שרייב־טיש אין ליי־זעס צימער.

ערשטנס זענען דאָ געווען עטלעכע וויזיט־קאַרטן:

אַדאַם שטיינזאַלץ
לאָדז

דערנאָך אַ האָטעל־רעכענונג, אויסגעשטעלט פון זעלבן אַדאַם שטיינזאַלץ.

ווייטער איז געווען אַ בריוו, אַדרעסירט — ווידער צו אַדאַם שטיינזאַלץ...

— דער דאָזיקער זשאַק דאָנעי הייסט גאָר אין דער אמתן אַדאַם שטיינזאַלץ. — האָט לוסיל אויסגערופן.

„און פון וועמען קאָן דאָס זיין דער דאָזיקער בריוו?". — האָט לוסיל געטראַכט — „מסתמא פון אַ געליבטער... דעריבער הייסט עס, איז ער אַזוי קאַלט צו מיר".

מיט ציטערדיקע הענט האָט זי אַרויסגענומען דעם בריוו פונעם קאָנווערט.

דער בריוו האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „טייערער אַדאַש" און זיך געענדיקט מיט דער אונטערשריפט: „פּאָלע"...

„אַזוי איז די געשיכטע". האָט לוסיל זיך געטראַכט און גע־ביילט אַ פויסט פון צאָרן.

זי האָט זיך גענומען לייענען דעם בריוו, וועלכער איז געווען געשריבן אין אַ שלעכטן פראַנצויזיש.

דער בריוו איז געווען פול מיט פרעטענזיעס און פאָרווורפן,

פאַרוואָס ער גיט איר ווייניק געלט; אָבער עס איז קלאָר געווען, אַז „אַדאַש" מיט „פאָלען" זענען אין זייער נאָענטע באַציאונגען.

און דאָס איז פאַר לוסילן געווען דאָס וויכטיקסטע.

— אַזוי... אַזוי, זשאַק דאָנעי. הייסט גאָר אַדאַם שטיינזאַלץ...

— האָט לוסעיל געשעפּטשעט צו זיך אַליין.

לוסילס צעהיצטע פאַנטאַזיע האָט איר שוין געמאָלן אויס־טערלישע בילדער... דאָס, וואָס זשאַק איז אַרומגעהילט מיט גע־היימנישן, האָט נאָך מער געשטאַרקט איר אינטערעס צו אים.

זי האָט צוריק אַוועקגעלייגט די פּאַפּירן אויפן טיש און איז אַרויס.

דעמזעלביקן טאָג נאָך מיטאָג האָט „זשאַק דאָנעי" איבערגע־נומען די אַרבעט אויף זיין פּאָסטן ביי די רעדאָס.

ליזע האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן לו־סילס אַנטדעקונג אין איר צימער.

ווען זי איז אַראָפּגעגאַנגען, האָט זי פאַרגעסן אויפן שרייב־טיש די פּאַפּירן, וועלכע זי האָט געוואָלט פאַרניכטן. ווען זי איז צוריק אַרויפגעקומען, האָט זי זיי דערזען מיט שרעק ליגן פריי אויפן טיש.

„וואָס פאַר אַ אומפאָרזיכטיקע איך בין!" — האָט זי אַליין זיך פאָרגעוואָרפן.

ווי האָט איר אָבער געקאָנט איינפאַלן, אַז לוסיל איז פאַר דער צייט געקומען אין צימער און זיי דורכגעלייענט?

פּיער רעדאָ איז צופרידן געווען פון זיין נייעם „סעקרעטאַר". זשאַק דאָנעי האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, ווי אַזוי אַזאַ יונג בחורל, נאָך כמעט אַ יינגל, האָט אַזאַ גוטע אויסגעשולטקייט אין דער אַרבעט.

ווייניקער צופרידן, ווי מסיע ראַדאָ, איז געווען זיין פרוי לו־סיל.

זינט דער נייער „סעקרעטאַר" איז אָנגעקומען צו זיי, האָט זי קיין איין מינוט קיין רו נישט געהאַט. זי האָט זיך כסדר געפונען אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד.

איר קאָפּ איז איצט אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיטן נייעם געהיימניש, וועלכן זי האָט אַנטדעקט אין ליזעס צימער.

טאָג און נאַכט האָט זי געטראַכט וועגן דעם און נישט גע־האַט אַפּילו פאַר וועמען זיך אָנפאַרטרויען.

דעם מאַן האָט זי נישט געוואָלט פאַרטרויען דאָס געהיימניש, ווייל זי האָט דאָך נישט געוווּסט. צוליב וואָס „זשאַק" באַהאַלט אויס זיין „אמתן" נאָמען.

„אפשר קאָן עס אים שאַדן ברענגען". — האָט זי געטראַכט. וואָס מער זי האָט געליטן, אַלץ ליבער האָט זי געקריגן דעם יונגן „זשאַק".

די שלאָפלאָזע נעכט און די אומרואיקע טעג האָבן אַרויסגע־טריבן יעדן טראָפּן בלוט פון לוסילס באַקן. איר געזיכט האָט זיך איבערגעצויגן מיט אַ בלאַסקייט און אונטער די אויגן האָבן זיך איר געצייכנט בלויע רעדער.

אָבער דזשאַק דאָנעי האָט דאָס גאָרנישט באַמערקט, ווי דאָס וואָלט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט אים.

ער פלעגט מיט אַן אומגעווייגלעכער העפלעכקייט לוסילן באַ־גריסט יעדן אין דער פרי און געזעגענען יעדן פאַרנאַכט. אָבער אין דער דאָזיקער העפלעכקייט איז געלעגן אַ קעלט, וואָס האָט לוסילן באַליידיקט צום טויט.

„גאָט מיינער! ווי גלייכגילטיק ער איז צו מיר!" — האָט לו־סיל געטראַכט — „צי פאַרמאָג איך שוין ווירקלעך נישט אין זיך דעם מינדעסטן רייץ פאַר אַ יונגנמאַן?".

זי איז שיער נישט משוגע געוואָרן פאַר פאַרצווייפלונג.

די דאָזיקע פאַרצווייפלונג האָט נאָך מער צעפלאַקערט אין לו־סילן די ליידנשאַפט צו דעם יונגן סעקרעטאַר.

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט פאַרלוירן יעדן שטאָלץ און יעדעס געפיל פון שעמעוודיקייט.

זי פלעגט פשוט פאַרפאָלגן דעם יונגן זשאַק.

באַלד אין דער פרי פלעגט זי אַריינקומען אין זיין קאַבינעט אין אַ דורכזיכטיק קלייד. זי פלעגט שוין געפינען עפעס אַן אויס־רייד. מיט אַלע מיטלען פלעגט זי פרווון פאַרפירן מיט אים אַ געשפּרעך.

אָבער אויף אַלע אירע פראַגן פלעגט ער ענטפערן זאַכלעך און טרוקן.

לוסילס אויפגערעגטקייט איז דערגאַנגען ביז דער העכסטער שטופּע. זי האָט באַשלאָסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער אומדערטרעגלעכער סיטואַציע.

אין איינעם אַן אין דער פרי האָט זיך לוסיל אָנגעטאָן אַ ספּעציעל רייצנדיק קלייד און איז אַריין אין „זשאַקס" קאַבי־נעט.

זי האָט געפּרוווט אָנקניפּן מיט אים אַ שמועס. אָבער זשאַק האָט, ווי שטענדיק, נישט איבערגעריסן די אַרבעט.

אויף אירע פראַגן האָט ער געענטפערט קורץ און טרוקן. ער האָט צומאָל נישט אויפגעהויבן צו לוסילן די אויגן...

לוסיל האָט זיך צו אים נאָענט צוגערוקט... זי האָט כלומרשט צופעליק מער צעעפנט איר טיפן דעקאָלטע. איר ווייסער קערפּער האָט געבלאַנקט.

אָבער „זשאַק" האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן פון דער שרייב־מאַשין.

לוסיל האָט מער נישט אויסגעהאַלטן.

— מסיע דאָנעי! — האָט זי אַ זאָג געטאָן — איר זענט אַזוי ווייניק העפלעך צו מיר. איך וויל מיט אייך אַביסל שמועסן און איר ווילט זיך נישט אָפּרייסן אויף אַ מינוט פון דער לאַנגווייליקער אַרבעט.

ליזע האָט איבערגעריסן איר שרייבן אויף דער מאַשין.

— אַך. האָט זי געענטפערט — עס טוט מיר ווירקלעך לייד צו הערן אייער פאָרוווּרף. אָבער אין קעגנפאַל וואָלט איך געמוזט הערן אַ פאָרוווּרף פון מסיע רעדאָ, אַז איך האָב נישט געמאַכט די אַרבעט.

ליזע האָט זיך צוריקגענומען צו איר שרייבן.

לוסיל איז בלאַס געוואָרן, ווי דער טויט. אין אירע אויגן האָבן אויפגעפלאַקערט צאָרן־פייערלעך.

זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף דער שרייב־מאַשין און אויסגערופן:

— איך דערלויב אייך נישט מער צו שרייבן. איר הערט. איך בין די פרוי פון אייער שעף און האָב אויך וואָס צו זאָגן. אויב מיין מאַן וועט אייך מאַכן אַ פאָרוווּרף, שיקט אים צו מיר...

— איך צווייפל, צי אייער מאַן וואָלט צופרידן געווען. — האָט ליזע רואיק געענטפערט — עס וואָלט מיר זייער לייד געטאָן, ווען איר זאָלט האָבן צוליב מיר אויסצושטיין אַן אומאָנגענעמלעכ־קייט.

לוסיל האָט שפּאָטיש אַ שמייכל געטאָן.

— איר זענט ווירקלעך זייער העפלעך, מסיע דאָנעי... אָבער איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איך אינטערעסיר אייך גאָרנישט... פאַר וואָס־זשע זאָרגט איר אַזוי פאַר מיר?...

ליזע האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער לוסיל האָט ווייטער גערעדט:

— פּרוווט נישט לייקענען... יעדע זאַך דאָ אין צימער, די בריוו, די שרייב־מאַשין, אינטערעסירן אייך מער, ווי איך...

זי האָט זיך צעכליפּעט...

— אָבער... גנעדיקע פרוי... — האָט „זשאַך" געשטאַמעלט — גלויבט מיר, אַז איך פיל צו אייך אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט..

לוסיל האָט פאַרדריקט די פויסטן פון צאָרן.

— „דאַנקבאַרקייט"... „דאַנקבאַרקייט"... איך בין אייך מוחל אייער דאַנקבאַרקייט .... איך בין אַ יונגע פרוי מיט הייס בלוט, וואָס מ׳קאָן נישט לעשן מיט דאַנקבאַרקייט...

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דעך צעשראָקענער ליזען אויפן האַלדז...

ליזע האָט מילד, אָבער אַנטשלאָסן זיך באַפרייט פון אירע אָרעמס...

—ענטשולדיקט... — האָט זי געשטאַמלט אַ צעטומלטע אין גאַנצן —צי קאָן איך אַזוי אויסנוצן אייער מאַנס צוטרוי?... איר זענט די פרוי פון מיין שעף, איר זענט דעריבער פאַר מיר אונבאַ־רירלעך...

— דאָס איז נאָר אַן אויסרייד, מסיע דאָנעי...

— ניין, מאַדאַם... נישט געקוקט אויף מיינע הייסע געפילן צו אייך, מוז איך זיך באַהערשן און נישט באַגיין קיין פאַרראַט קעגן מיין שעף, וועלכער איז אַזוי גוט צו מיר...

אָבער אָנשטאָט צו באַרואיקן לוסילן, האָבן די דאָזיקע רייד זי נאָך מער אויפגערייצט...

— איך זענט אַ נאַר .... — האָט זי אויסגעשריגן — איך מיינט טאַקע, אַז מיין מאַן אינטערעסירט, וואָס עס טוט זיך ביי אים אין דער היים, ווען ער איז נישטאָ ?...

— וואָס הייסט, עס אינטערעסירט אים נישט ?...

— מסיע דאָנעי! מאַכט נישט דעם אָנשטעל פון אַ פרום בחורל... ווען נישט אייער פּאָלע, וואָלט איך נישט אַזוי טריי געווען אייער שען...

אַ דערצאָרנטע. מיט טרערן אין די אויגן, איז לוסיל אַרויס־געלאָפן פונעם קאַבינעט.

„פּאָלע ?... האָט ליזע געטראַכט אַ צעטומלטע — „וואָס האָט זי עפּעס דערמאָנט דעם נאָמען פּאָלע... וואָס פאַרא פּאָלע מיינט זי ?"...

זי האָט נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע. זי האָט זיך ווייטער גענומען צו איר אַרבעט.

דעם זעלבן טאָג האָט ליזע דערהאַלטן דעם ערשטן בריוו פון פרוי שוואַרץ.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט זי געעפנט דעם בריוו און אים גענומען לייענען.

די פרוי שוואַרץ האָט אויסגעדריקט איר פרייד, וואָס זי האָט ענדלעך דערהאַלטן אַ בריוו, וועלכן זי האָט אַזוי לאַנג אויסגע־קוקט.

דאָס געלט האָט זי דערהאַלטן אין דער ריכטיקער צייט, ווען די נויט האָט שוין אָנגעהויבן קלאַפּן אין איר טיר...

לאָלעק איז געזונט און פריש און פרעגט זיך כסדר, ווען די מאַמע וועט קומען.

ווייטער האָט זי געשריבן וועגן אַדאַשעס אַרעסט. זי האָט צוגעגעבן:

„יאָ, מאַדאַם גליקסמאַן, ס'איז דאָ אַ גערעכטיקייט אויף דער וועלט...

„גאָט האָט אים באַצאָלט פאַר דעם שלעכטס, וואָס ער האָט אייך געטאָן...

„מסתּמא וועט פּאָלע אויך האָבן דעם זעלבן סוף...

„וועגן אַדאָלף מאָרגענטאַל האָב איך אייך גאָרנישט, וואָס צו

שרייבן"...

אַ לאַנגע צייט איז ליזע דערנאָך געזעסן אַ פאַרטיפטע אין אירע געדאַנקען.

זי איז פול געווען מיט פרייד, וואָס זי האָט באַקומען אַ גוטן גרוס וועגן איר איינציק קינד און זיין דערציערין. אָבער דער נאָכמעג אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט אויסגעריסן איר קוים פאַרהיילטע וווּנד...

עס האָט זי אַרומגענומען אַ טיפע בענקשאַפט...

„אַך... ווען איך זאָל אים קאָנען כאָטש זען... מעג זיין פון דערווייטנס"...

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט און אַריינגעלייגט דעם בריוו אין קעשענע אַריין. זי האָט זיך צוריק גענומען צו איר אַרבעט.

אָבער ס'איז איר איצט שווער געווען צו אַרבעטן... דאָס קלאַפּן פון דער שרייבמאַשין האָט זי אַזוי דעגערווירט, ווי עמעץ וואָלט איר געקלאַפּט מיט אַ העמערל איבערן מוח...

ווען מ'האָט זי אַריינגערופן צו דער קאָלאַציע, האָט זי ערשט פריי אָפּגעאָטעמט...

זיי זענען געזעסן ביים טיש זאַלבעדריט — מסיע און מאַדאַם רעדאָ און „זשאַק".

פיער רעדאָ האָט דערציילט פאַרשידנס וועגן זיינע געשעפטן און אַנדערע נייעסן, אָבער לוסעל האָט גאָרנישט געהערט, וואָס ער רעדט...

זי האָט זיך געפילט דערנידעריקט און באַליידיקט... — זי האָט אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט „זשאַקס" בליקן...

אַך, ווי זי וואָלט זיך נוקם געווען אין דעם דאָזיקן זשאַק, ווען... ווען זי וואָלט אים נישט אַזוי ליב געהאַט...

זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז דער דאָזיקער „יונגעמאַן" אינטערעסירט זי, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

'אפשר וועל איך אַזוי אַרום ביי אים אַרויסרופן אַ באַגער"... — האָט זי געטראַכט.

— הער, לוסיל, אַ טשיקאַווע געשיכטע, — האָט פיער זיך געווענדעט צו זיין פרוי.

— איך הער.

— איך האָב היינט באַגעגנט מײַן פרײַנד איזאַק הילדע־בראַנד פון פראַנקפורט. דו געדענקסט דאָך, ווען ער איז ביי אונדז געווען צו גאַסט.
— יאָ, איך געדענק.
— ער איז היינט ווידער דאָ אין מאַרסעל. ער האָט מיר דערציילט אַ טשיקאַווע געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט מיט זיין זון נאַטאַן.
— דערצייל.
— ער איז געווען אין מאָנטע קאַרלאָ. דאָרט האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, אַ געוויסע פּאָלע בערמאַן...
ליזע האָט זיך אָנגעהויבן אויפמערקזאַם איינצוהערן אין פּיערס דערציילונג... ס'איז געווען אויף איר געזיכט צו דערקענען אַ שטאַרקע פאַראינטערעסירטקייט...
דער נאָמען „פּאָלע בערמאַן" איז איר צו גוט געווען באַקאַנט...
— די דאָזיקע פּאָלע בערמאַן — האָט פּיער ווייטער דער־ציילט — האָט געוויילט אין מאָנטע קאַרלאָ מיט אַ געוויסן אַדאַם שטיינזאַלץ...
לוסיל האָט זיך איינגעהערט מיט אַלץ אַ שטאַרקערער נייגע־ריקייט... זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף זשאַקן און באַ־מערקט די רויטקייט אויף זיין געזיכט...
— דער דאָזיקער שטיינזאַלץ האָט ספּעציעל באַקענט זיין גע־ליבטע מיט נאַטאַנען, און אַזוי אַרום האָט ער אויסגענאַרט ביי אים גרעסערע געלט־סומען... — האָט פּיער ווייטער דערציילט.
ליזע האָט זיך איינגעהערט מיט אַ שטאַרקן אינטערעס אין פּיערס רייד.
לוסיל האָט זיך אויף איר אייגענעם אופן אויסגעטייטשט זשאַקס פאַראינטערעסירונג.
פּיער האָט ווייטער דערציילט:
— דער סוף איז געווען, אַז פּאָלע האָט אַוועקגעוואָרפן שטיינ־זאַלצן צוליבן רייכערן נאַטאַן... נאַטאַן האָט זי אַריבערגענומען צו זיך קיין פראַנקפורט און זי באַטראַכט פאַר זיין געליבטער...
— נו? נו? — האָט לוסיל ווייטער געפרעגט מיט שטאַרקע

פאַראינטערעסירונג...

— דער אַלטער הילדעבראַנד איז געווען אומצופרידן. ער האָט געוואָלט געבן דער דאָזיקער פּאָלען אַ באַדייטנדיקע סומע, ווי זי פּטור צו ווערן... אָבער זי האָט געוואָלט נישט ווינציקער, ווי פופציק טויזנט מאַרק...

— זי וואָלט אפשר געקריגן די דאָזיקע סומע, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַדאַם שטיינזאַלץ איז אַרעסטירט געוואָרן אויף דער פּוילישער גרענעץ אַלס באַקאַנטער אַפּעריסט...

— אינטערעסאנט... זייער אינטערעסאַנט... — האָט לוסיל געזאָגט.

— און זי, פּאָלע בערמאַן, איז געווען זיין מיטהעלפערין... דער אַלטער הילדעבראַנד האָט איר דאַן געגעבן אָנצוהערן וועגן פּאָליציי... אָנשטאָט פופציק טויזנט, האָט זי דאַן געקריגן פופצן הונדערטדערט מאַרק און זיך אָפּגעטשעפּעט...

— צו ביסטו זיכער, אַז אויף דער פּוילישער גרענעץ איז אַרעסטירט געוואָרן דער אמתער אַדאַם שטיינזאַלץ ?... — האָט לוסיל געפרעגט.

אירע אויגן האָבן געבליצט.

— אַזוי שרייבן די צייטונגען. — האָט פּיער געענטפערט. — אין צייטונג אָבער שרייבט, אַז עס קאָן זיין, אַז דער אמתער שטיינזאַלץ זיצט אָט דאָ ביי דעם טיש... האָט לוסיל געטראַכט. — ווי אומרואיק זשאַק איז איצט...

„זייך געוויסן פּלאָגט... אפשר פאַר בושה... אפשר פון געוויסנס־ביסן"...

אָבער לוסיל האָט באַשלאָסן דאָס געהיימניש נישט אויפדעקן...

ווייל אָנשטאָט פּאַרמיאוסט צו ווערן אין אירע אויגן, איז איר איצט „זשאַק" נאָך מער געפעלן...

„אַן אַפּעריסט... אַ פאַרברעכער... זייער אינטערעסאַנט"... — האָט לוסיל געטראַכט.

איר חשק צו איבערלעבונגען און צו שטאַרקע איינדרוקן האָבן אין איר דערשטיקט דעם נאַטירלעכן עקל, וועלכן יעדער אָנשטענדיקער מענטש פילט צו אַ פאַרברעכער

„ער איז נאָך א יונגער... אַזאַ אומדערפאָרענער”... — האָט זי אים געפּרוּווט פאַרענטפערן פאַר זיך אליין — „עס קאָן זיין, אַז די פאָלע בערמאַן האָט אים אַריינגעצויגן אין איר פאַר־ברעכערישער נעץ”...

„מ׳קאָן נישט פאַראורטיילן אַ מענטש, אויב מ׳קאָן נישט אַלע אומשטענדן, ביי וועלכע זיין פאַרברעכן איז געשען”...

זי האָט ווידער געוואָרפן אַ בליק אויפן יונגן „זשאַק”.

„צי איז עס גאָר מעגלעך, אַז דאָס דאָזיקע איידעלע בחורל מיט די שטילע, שיינע אויגן, מיט זיינע קליינע מיידלשע הענט, זאָל זיין אַ פאַרברעכער” ...

„ניין... דאָס איז עפּעס געשען אַ טעות”...

פון דעם דאָזיקן טאָג אָן האָט לוסעל אַרויסגעוויזן ליזען אַ פולשטענדיקע גלייכגילטיקייט.

לוסעל האָט געוווסט, אַז קיין שום זאַך ווירקט נישט אַזוי שטאַרק פון דעם דאָזיקן טאָג אָן האָט לוסיל אַרויסגעוויזן ליזען אַ הויפּט ווען מ׳האָט זיי פריער אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע...

זי האָט אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט „דזשאַקן”. ווען זי האָט אים באַגעגנט, פלעגט זי מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זי זעט אים גאָרנישט...

איינמאָל האָט לוסיל געדאַרפט אַריינגיין אין קאַבינעט, ווען ליזע איז גראָד דאָרט געזעסן.

אָבער וואָס איז געשען?

„זשאַק” איז נישט געווען אין ליזעס צימער.

אָבער ווען זי איז צוגעקומען צו דער טיר, האָבן אין אירע אויגן זיך אָנגעצונדן צאָרן־פייערלעך...

פון „זשאַקס” צימער האָט זיך געהערט די שטים פון עפּעס אַ פרעמדער פרוי...

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער
נומער 89

לוסיל האָט צוגעבויגן איר אויער צו דער טיר און זי האָט דייטלעך געהערט, ווי „זשאַק" שמועסט מיט עפּעס אַ פרוי...

אַן אָנגעצונדענע פון שרעקלעכער אייפערזוכט, האָט לוסיל זיך אַראָפּגעבויגן און אַריינגעקוקט דורכן שליסעל-לאָך אין ליזעס צימער...

לוסיל איז אָפּגעשפּרונגען פון דער טיר, ווי אַ שלאַנג וואָלט איר אַ ביס געטאָן... איר געזיכט איז בלאַס געוואָרן, ווי די וואַנט... אירע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט...

דאָס, וואָס זי האָט איצט דערזען, האָט זי דערשיטערט...

זשאַק דאַנעי איז געשטאַנען אין דער מיט צימער און געהאַלטן אַן אומבאַקאַנטע פרוי אין זיינע אָרעמס...

## קאַפּיטל הונדערט עלף

# די ליבע אין מיטן ים

ס'איז געווען אַ זוניקער שיינער טאָג.

די שיף „הערקולעס" האָט געשניטן די כוואַליעס פונם ים, וויגענדיק אויף זיי זיין ריזיקן קערפּער.

ס'איז שוין געווען דער פינפטער טאָג פון דער רייזע.

די פּאַסאַזשירן פון ערשטן קלאַס האָבן מיט פאַרגעניגן אין זיך אַריינגעאָטעמט די פרישע ים־לופט.

זיי זענען זיך געזעסן אין זייערע ווייכע פאָטעלן אויפן דעק פון דער שיף און זיך איינגעקוקט אינם שעמערירנדיקן, ריזיקן וואַסער-שפּיגל...

ענדלעך האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן דער ווינט. דער הימל האָט זיך באַדעקט מיט די פּורפּור־פאַרבן פון דער פאַרגייענדיקער זון...

אויפן דעק האָט מען שוין גענומען אָנצינדן די לאָמפּן.

דער עולם אויף דער שיף האָט געמיטלעך פאַרברייננגט.

טייל האָבן באַוווּנדערט דעם שיינעם זון־אונטערגאַנג, אַנדערע האָבן געשמועסט, נאָך אַנדערע האָבן זיך צוגעהערט צום שפּילן

פון דעם שיף־אָרקעסטער.
אויפן הינטערשטן טייל פונם דעק איז געווען אָפּגעטיילט אַן אָרט פאַר דער שיף-דינערשאַפט.
איצט איז דאָרט קיינער נישט געווען. דאָס פּערסאָנאַל איז גע-ווען פאַרנומען מיט דערלאַנגען די פּאַסאַזשירן דערפרישענדע גע-טראַנקען.
נאָר פון אַ ווינקל, צווישן פּעק קאַסטנס, האָט זיך געהערט עפּעס אַ שעפּטשען...
דאָרט האָט מיסטער באָנען, אַ באַיאָרטער סימפּאַטישער מאַן, געשמועסט מיט אַ שיין יונג ווייבל מיט אַ ווייס היטעלע אויפן קאָפּ און אַ ווייַ ספּאָרטעך.
דאָס שיינע ווייבעלע איז געווען אוגדזער באַקאַנטע עדי קאַץ...
נישט איין פּאַסאַזשיר אויף דער שיף איז געווען אַ בעלן צו פּרווון זיין מזל ביי דער שיינער עדי...
אָבער קיינעם האָט זיך נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט איר „מאַן" היימי קאַץ, אָדער ווי ער האָטווירקלעך געהייסן: הערמאַן גרינפעלד... ער האָט נישט געמאַכט קיין איבעריקן סימפּאַטישן איינדרוק אויף מענער...
עדיס שיינקייט און פרישקייט האָט אָבער אַזוי באַצויבערט דעם מיסטער באָנען, אַז ער האָט זיך אַנטשלאָסן אויפן דאָזיקן פלירט...
ער האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף אַן אייזערנער וואַנט... זי איז געווען פאַרליבט ביז איבער די אויערן אין איר „היימין"...
מיסטער באָנען איז געווען אַ רייכער טשיקאַגער פאַבריקאַנט. כאָטש ער האָט שוין אַ סך גראָע האָר געהאַט אויף זיין קאָפּ, איז ער נאָך אָבער פול געווען מיט לעבן און טעמפּעראַמענט...
עדי איז געווען טריי איר הערמאַנען. אָבער אַז זי האָט גע־הערט קאָמפּלימענטן פון אַן אַנדערן, האָט זי אויך פונדעסטוועגן הנאה געהאַט...
זי איז איצט טאַקע געשטאַנען און מיט אַ קאָקעטיש שמייכעלע זיך איינגעהערט אין מיסטער באָנענס רייד.
— איך בין שוין נישט איינמאָל געפאָרן קיין „יוראָפּ" (איי־ראָפּע), — האָט ער געזאָגט. — איך האָב אָבער נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ פּרעכטיקע קאַבינע-אויפזועהערין. ווי איר מיסיס עדי.

— כאַ־כאַ... — האָט עדי געלאַכט — נישט איין אויפּזועהערין האָט עס שוין מסתמא פון אייך געהערט...

— איך, מיסעס! — האָט מיסטער באַנען זיך באַליידיקט — איך בין שוין צו אַלט צו מאַכן פּוסטע קאָמפּלימענטן... איך בין ביז היינט געבליבן אַ קאַוואַלער..

— פאַרוואָס?

— ווייל איך האָב נישט באַגעגנט אַזאַ פרוי, מיט וועלכער איך זאָל וועלן פאַרברענגען דאָס גאַנצע לעבן... איר זענט די ערשטע...

ער האָט זיך פאַררויטלט...

— וואָס זעט איר דען אין מיר? — האָט זי געפרעגט.

— איר זענט מיין טיפּ... איך האָב דעם איינדרוק, אַז איר קאָנט זיין פאַר אַ מאַן נישט בלויז אַ טרייע געליבטע, נאָר אויך אַ גוטער חבר...

— עס פרייט מיך זייער אייער גוטע מיינונג וועגן מיר... — האָט עדי דערקלערט.

מיסטער באַנען האָט ווייטער גערעדט:

— כאָטש איך בין שוין נישט יונג, בין איך פונדעסטוועגן אַ לעבעדיקער און פריילעכער... רייך בין איך גענוג... נאָך מיין טויט וואָלט איר געירשנט מיין פאַרמעגן און ווייטער גוט געלעבט...

— ס'איז ווירקלעך אַ גוטער שידוך מיט אייך — האָט עדי געענטפערט מיט אַ שמייכל — איך ליב אָבער מיין היימין און וועל פון אים נישט אַוועקגיין...

— אַ שאָד... אייער טרייקייט געפעלט מיר גראָד... אויב איר זענט דעם מאַן אַזוי טריי, וואָלט איר אויך דעם צווייטן טריי געווען... אייער מאַן איז אַ גליקלעכער מענטש, כאָטש ער איז עס נישט ווערט...

עדיס באַקן האָבן זיך פאַררויטלט...

— פאַרוואָס האָל טאיר אַזוי מיסטער באַנען?

— ער געפעלט מיר נישט... און וואָס אַנבאַלאַנגט זיין טריי־שאַפט, וואָלט וועגן דעם אייך געקאָנט דערציילן די מיסיס ווייס־מאַן ...

עדי האָט געהויבן מיט די אַקסלען.

— די אַלע פּליאָטקעס אינטערעסירן מיך נישט, — האָט זי

געזאָגט, — איך קען גאַנץ גוט מיין היימין... איך ווייס, אַז ער איז מיר פונקט אַזוי טריי, ווי איך אים...

— איר זאָלט זיך נאָר נישט אַנטוישן... יעדנפאַלס געדענקט, אַז איר האָט אין מיר אַן איבערגעגעבענעם פריינד, וואָס איז שטענדיק גרייט אייך אַנטקעגנצוקומען מיט הילף...

דערמיט האָט זיך דער שמועס געענדיקט.

הערמאַן, אָדער ווי ער האָט איצט געהייסן: היימי קאַץ, האָט דערווייל באַדינט די פּאַסאַזשירן.

זיין שלאַנקע פיגור האָט זיך געוויגט צווישן די ליגשטולן און פאַטעלן און נישט איין פּאָר פרויען־אויגן האָבן אים באַטראַכט מיט אינטערעס...

אָבער מער פון אַלע האָט פון אים נישט אַראָפּגענומען קיין אויג מיסיס מערי ווייסמאַן, די פרוי פון אַ רייכן ניו־יאָרקער קליידער־פאַבריקאַנט.

זי איז געווען אַ שיינע פרוי, כאָטש נישט גאָר קיין יונגע. זי איז געפאָרן קיין פּאַריז, כדי צו מאַכן אַ פויזע אין איר לאַנג-ווייליגן פאַמיליע-לעבן...

כאָטש זי איז שוין געווען איבער די דרייסיק, איז זי נאָך געווען געגנוג רייצנדיק... זי האָט געהאַט פּרעכטיקע קערפּער-פאָרמען, שיינע גאָלדענע לאָקן און אַ שניי־ווייסע הויט...

אַ סך חן האָט איר צוגעגעבן איר קאָסטבאַר צירונג, וואָס איז ווערט געווען אַן אוצר מיט געלט.

צווישן די פּאַסאַזשירן האָט מען געשמועסט, אַז איר צירונג באַהאַלט זי ביינאַכט אין אַ שטאָלענער קעסטל, וואָס איז מיט שרויפן צוגעפעסטיקט צו דער וואַנט פון דער קאַיוטע...

דאָס שליסעלע, האָט מען געזאָגט, טראָגט זי אויף אַ דין פּלאַ־טין-קייטעלע אויפן האַלדז, און דאָס שליסעלע איז אַראָפּגעלאָזט טיף אין דער בלוזקע אַריין...

דעם באַזונדערן אינטערעס, וועלכן מיסיס מערי ווייסמאַן האָט הערמאַנען אַרויסגעוויזן, האָט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמ־קייט.

ביסלעכווייז האָט מערי אָנגעהויבן ווערן דרייסטער... זי האָט אָפט פאַרפירט לענגערע שמועסן מיטן שיינעם קאַבינע-אויפזעהער. די שמועסן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל אָפטערע און אינטימערע...

הערמאַן האָט שוין אָנגעהויבן בויען נייע פּלענער וועגן זיין ווייטערדיקן לעבן... מערי אַליין איז אים געווען פולשטענדיק גלייכגילטיק... אָבער...

אין הערמאַנס מוח איז געבוירן געוואָרן אַ פאַרברעכערישער פּלאַן:

„איך מוז אָנקריגן איר צירונג!"... האָט ער זיך געטראַכט.
— „איר צירונג וואָלט פאַר מיר געעפנט די טויערן צו אַ ניי רייך לעבן... אָבער ווי אַזוי פאַקט מען עס?"...

„באַגנבענען זי?... דאָס איז אוממעגלעך!... נישט אַזוי לייכט איז צו עפענען די שטאָלענע קעסעטקע... און ווען אַפילו יאָ? ווו וועל איך עס באַהאַלטן? אַנטלויפן איז דאָך נישטאָ ווו, צו דען אין ים אַריין"...

„מ'דאַרף אַלזאָ זוכן אַ פאַרטעל"...

ווען ער האָט זיך אַביסל אָפּגערוט פון דער אַרבעט, האָט הערמאַן איינגעגראָבן זיין בליק אין מעריס צירונג, וואָס האָט אַראָפּגעשמערירט פון איר אין אַלע פאַרבן פונם רעגן־בויגן...

מערי האָט געמיינט, אַז דאָס שלינגט ער זי אַליין אַזוי מיט די אויגן... זי האָט זיך פאַררויטלט און שטיל אַ רוף געטאָן:
— היימי!...

הערמאַן איז צו איר צוגעגאַנגען און זיך העפלעך פאַרנייגט.
— דאָס לעמפּל אויף מיין נאַכט־טישל איז עפּעס היינט קאַ־ליע געוואָרן... — האָט זי געזאָגט — שרויפט מיר, איך בעט אייך, היינט אַריין אַן אַנדערס.

הערמאַן, האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דאָס לעמפּל איז געווען אַ נייעס און אַ גוטס... ער האָט זיך אָבער געמאַכט נישט ווייסנדיק.
— ווי נאָר איך וועל פאַרטיק ווערן מיט מיין אַרבעט אויפן דעק, וועל איך אַריינשרויפן אַ ניי לעמפּל. ס'מאַכט דאָך מסתמא נישט אויס, אַז איך וועל עס טאָן אַביסל שפּעטער, נאָכן אָוונט־קאָנצערט?...

מיסיס ווייסמאַן האָט אַ שמייכל געטאָן...
— ניין... ס'מאַכט נישט, היימי... איך וועל זיך היינט סיי־ווי נישט לייגן פרי שלאָפן.

אָבער אין אַ ווײלע אַרום איז מערי שוין אַריין אין איר קאַ־בינע. זי האָט פאַרריגלט די טיר און זיך איבערגעטאָן אין אַ דורכ־

זיכטיק ראָזאָ נאַכט־קלייד...
זי האָט פאַרשלאָסן דאָס צירונג אין דער שטאָלענער קאַ־סעטקע און זיך אַוועקגעשטעלט ביים שפיגל... זי האָט מיט אַ שוואַרצן שטיפט אונטערגעצייכנט די אויגן און דערנאָך גע-שמינקעט די ליפּן...
נאָכדעם האָט זי צוריק אויפגעריגלט די טיר, גענומען אַ בוך אין דער האַנט אַריין און זיך איינגעהערט אין די טענער פונם קאָנצערט, אין די טריט פון די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן זיך אומ־געקערט אין זייערע קאַיוטעס.
ווי נאָר עס פלעגן זיך דערנעענטערן טריט צו איר טיר, האָט איר האַרץ אַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן...
ענדלעך איז דער אָרקעסטער פאַרשטומט געוואָרן. אַרום האָט געהערשט אַ שטילקייט.
מערי איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע און מיט שפּאַנונג גע-וואַרט אויף „היימין".
ענדלעך האָט דער זייגער געשלאָגן עלף.
ס'האָבן זיך דערהערט טריט...
עמיץ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר און נישט אָנקלאַ־פּענדיק זי געעפנט...
— אַך! אַנטשולדיקט... — האָט הערמאַן זיך כלומרשט פאַר־שעמט — כ'האָב נישט געוווּסט, אַז איר זענט דאָ אין דער קאַבינע...
— אַ היימי... ס'מאַכט נישט... קומט אַריין... — האָט מערי געזאָגט.
ער איז צוגעגאַנגען צום נאַכט־טישל און אַ דריק־געטאָן ביים לעמפּל. ס'האָט אויסגעצייכנט געברענט...
— איר האָט וואַרשיינלעך אַ טעות געהאַט, מיסיס ... — האָט הערמאַן געזאָגט אין האַלבן שפּאַס — דאָס לעמפּל ברענט ...
מערי איז דערווייל אויפגעשטאַנען פון דער קאַנאַפּע און צוגע-גאַנגען צו הערמאַנען...
זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַזוי נאָענט פון אים, אַז איר ברוסט האָט זיך אָנגערירט אָן הערמאַנס אַקסל...
— היימי... — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן — אַזאַ מאַן, ווי דו, קאָנסט אָנצינדן נישט נאָר אַ לעמפּל, נאָר אויך פרויען...

זי האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל און אים טיף אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין...

הערמאַן האָט זיך אויסגעדרייט... ער האָט זי אַ כאַפּ-אַרום געטאָן און צוגעדריקט צו זיין ברוסט.. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו באַדעקן מיט ליידנשאַפטלעכע קושן איר געזיכט, איר האַלדז, אירע אַקסלען...



אין עטלעכע שעה אַרום האָט הערמאַן זיך אַרויסגעשלייכט פון מעריס קאַבינע... ער האָט שוין געהאַט ביי זיך מעריס צירונג...

מערי איז געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף... אויף איר געזיכט איז געלעגן אַ גליקלעכער שמייכל... זי האָט איצט מסתמא געחלומט אַ זיסן חלום...

אָרימע מערי! זי האָט גאָרנישט געפילט, ווי מ׳האָט איר אַראָפּגענומען דאָס טייערע שליסעלע פונעם פּלאַטין־קייטעלע און דערנאָך עס צוריק דאָרט אויפגעהאָנגען...

דער איינציקער געדאַנק, וואָס האָט איצט אינגאַנצן באַהערשט הערמאַנען, איז געווען:

„ווו באַהאַלט מען דאָס געגנבעטע צירונג?"...

אין מיין אייגענער קאַבינע ווינען דאָך אָבער דאָרט צוויי קאַבינע-אויפזעער. איז שוין פיל בעסער אין עדיס קאַבינע. זי וווינט גראָד אַליין... יעדנפאַלס מוז מען וואַרטן ביז אינדערפרי"...

„אַריינקומען צו עדין אינמיטן דער נאַכט — וועט עס איר אויסקומען פאַרדעכטיק"...

ער האָט דאָס צירונג גענומען מיט זיך אין בעט אַריין... פון גרויס אויפרעגונג האָט ער קיין אויג נישט געקאָנט צוטאָן...

באַלד באַגינען איז ער אַריין צו עדין.

— מיר האָבן קיינמאָל נישט קיין פרייע צייט פאַר אונדזער ליבע... — האָט ער זיך געקלאָגט פאַר איר — איך האָב דעריבער געמוזט ספּעציעל פרי אויפשטיין...

ער האָט זי אַרומגענומען און באַדעקט איר געזיכט מיט קושן.

דערנאָך האָט ער איר דערלאַנגט דאָס פּעקעלע צירונג.

— איך האָב נעכטן געקויפט ביי דזשעקסאָן, דעם קעלנער, אַ ראַזיר־אַפּאַראַט, — האָט ער געזאָגט, — באַהאַלט אים מיר, איך בעט דיך, ווייל מיינע קאָלעגן קאָנען מיר אים אַרויסלקחנען...

עדי, וועלכע האָט, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט חושד געווען, האָט דאָס פּעקעלע באַהאַלטן אין איר שיפלאַד אַריין. הערמאַן האָט אַביסל פאַרבראַכט ביי עדין און דערנאָך איז ער אַרויס פון איר קאַבינע.

— — —

מערי איז דעם טאָג געשלאָפן שטאַרקער און לענגער, ווי שטענדיק...

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט זי באַמערקט מיט פאַר־ווונדערונג, אַז היימי געפינט זיך נישט נעבן איר...

„נו, ער האָט געמוזט אַוועק צו זיין אַרבעט"... — האָט זי געטראַכט. — „ס'איז זייער פיין פון זיין זייט, וואָס ער איז פרי און שטיל אַרויס פון מיין קאַבינע"...

„אַזוי אַרום האָט ער נישט געקאָנט צוציען קיינעמס אויפ־מערקזאַמקייט אויף זיך"...

זי איז נאָך לאַנג געלעגן און נישט גערירט זיך פון אָרט. זי האָט איצט אין איר פאַנטאַזיע נאָכאַמאָל איבערגעלעבט די ביינאַכ־טיקע פאַרשיכורנדיקע ליבעס־סצענעס...

אירע ליפּן האָבן כסדר געשעפּטשעט מיט צאַרטער ליבשאַפט.

— היימי... היימי... היימי...

אויף דער שיף איז אָנגעגאַנגען די געוויינלעכע באַוועגונג. פונעם שיף־דעק האָבן זיך געהערט די שטימען פון שמועסנדיקע און די געלעכטערס פון די אַרומשפּאַצירנדיקע.

פונעם עס־זאַל האָט זיך שוין געטראָגן דער קלאַנג פון גאָפּל־מעסער.

אינעם קאָרידאָר האָט זיך געהערט דאָס איילנדיקע לויפן פון דער דינערשאַפט, וואָס האָט באַדינט די פּאַסאַזשירן.

אָבער דאָס אַלץ האָט מערי נישט געהערט...

אירע געדאַנקען האָבן אַרומגעקרייזט אַרום הערמאַנען...

זי האָט זיך דערמאָנט אין זיינע צערטלערייען און אַרומאַר־מונגען און אַ גליקלעכער שמייכל האָט זיך צעשפּילט אויף אירע ליפּן...

— היימי... היימי... היימי... — האָט זי ליידנשאַפטלעך גע-שעפּטשעט

דאָס געוויסן האָט זי נישט געפּלאָגט...

איר מאַן איז געווען אַן אַלטער, אָפּגעלעבטער מאַן... זי האָט חתונה געהאַט מיט אים בלויז צוליב זיין גרויסן פאַרמעגן...

„באַזונדערס... מיין מאַן וועט זיך קיינמאָל וועגן דעם סיי־ווי נישט דערוויסן"... — האָט זי געטראַכט.

ענדלעך האָט מערי זיך גענומען אָנטאָן.

אָנגעטאָן זיך, איז זי צוגעגאַנגען צו דער קאַסעטקע...

זי האָט געוואָלט פון דאָרט אַרויסנעמען אַ בריליאַנטענעם רינג און שענקען אים „היימען"...

אָבער וואָס איז דאָ געשען ?...

מעריס געזיכט איז בלאַס געוואָרן, ווי קרייד...

מיט ברייט צעעפנטע אויגן, וואָס זענען געווען פול מיט פאַרצווייפלונג און שרעק, האָט זי אַריינגעקוקט אין דער ליידיקער קאַסעטקע...

„וואָס איז דאָ געשען ?... וואָס הייסט ?... כ'האָב דאָך נעכטן פאַרשלאָסן דאָס צירונג אין דער קאַסעטקע ?... ווי אַלעמאָל... דאָס שליסעלע האָב איך דאָך געהאַט אויפן האַלדז ?... ווי אַלעמאָל"...

„וואָסזשע איז היינט דאָ געשען ?"...

פּלוצלונג האָט אין מעריס מוח אויפגעבליצט אַ שרעקלעכער געדאַנק...

„היימי !"...

זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילד געשריי און איז אומגעפאַלן אַ פאַרחלשטע אויף דער פּאָדלאָגע...

ווי לאַנג זי איז אַזוי געלעגן ? ווער ווייס ?

ווען מערי איז געקומען צו זיך, האָט זי זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין רעכענונג, ווי לאַנג זי איז אַזוי געלעגן אַ פאַרחלשטע... אפשר איז זי אַזוי געלעגן שעהן... און אפשר נאָר מינוטן...

זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע אירע כוחות און זיך אַ וואָרף געטון צו דער טיר...

„צו אים !... צו היימען !... ער מוז מיר אָפּגעבן דאָס געגנבעטע צירונג"... — האָט עס אין איר געשריגן.

מערי איז געווען פאַרצווייפלט אויפן העכסטן גראַד...

ס'איר איר נישט געגאַנגען אַזוי וועגן צירונג. איר מאַן, מיסטער ווייסמאַן, איז געווען גענוג רייך און עס וואָלט אים געווען נישט שווער צו קויפן איר אַנדער צירונג אויפן אָרט פונעם געגנבעטן.

„אָבער וואָס וועל איך זאָגן מיין מאַן ?"... — האָט מערי געטראַכט. — „די אומשטענדן פון דער גנבה זאָגן דאָך דייטלעך עדות וועגן מיין פאַרראַט"...

„מיין מאַן וועט מיך אַרויסטרייבן פון זיין הויז, ווי אַ הונט". די דאָזיקע געדאַנקען האָבן זי שיִער נישט משוגע געמאַכט.

ס'איז שוין געווען גענוג שפעט. אין עס־זאַל האָט מען שוין גע־האָט אַראָפּגערוימט נאָכן צווייטן פרישטיק. אין זאַל איז קיינער נישט געווען. מערי האָט אַ דריק געטון אין עלעקטרישן קנעפּל.

הערמאַן איז אַריינגעקומען...

גלייך עס וואָלט די פאַבריקע נאָכט גאַרנישט פאַרגעקומען, האָט הערמאַן זיך העפלעך פאַרנויגט און מערין דערלאַנגט די שפּייז־ליסטע...

אָבער מערי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט.

— היימי... איך מוז שוין עפּעס מיט דיר רעדן... אויף פיר אויגן...

הערמאַן האָט זיך טיף פאַרנייגט...

— אַנטשולדיקט, מיסיס... איך מוז איצט טון מיין אַרבעט... באַזונדערס... מיר זענען דאָך דאָ אַליין... אויב איר דאַרפט מיר עפּעס זאָגן...

דער קאַלטער טאָן פון זיין שטים האָט ווי אַ שטאָלענע קלינג זיך אַריינגעשניטן אין מעריס האַרץ...

— זאָל זיין דאָ. — האָט זי געזאָגט. — היינטיקע נאַכט איז פאַרשוווּנדן מיין צירונג פון דער קאַסעטקע... קאָנסט מיר עפּעס דערקלערן וועגן דעם ?...

הערמאַן האָט גלייכגילטיק געהויבן די אַקסלען...

— וואָס ווייס איך צו זאָגן וועגן דעם ?. פון וואַנען זאָל איך עס וויסן ?...

— האָב רחמנות אויף מיר, היימי. גיב מיר אָפּ דעם צירונג.

— האָט זי אים אָנגעהויבן בעטן און מיט פאַרצווייפלונג פאַר־בראָכן די הענט. — איך וועל דיך גוט באַלוינען און קיינער וועט

גאָרנישט וויסן...

הערמאַן האָט געמאַכט אַ באַליידיקטע מינע...

— צי דאַרף איך דאָס פאַרשטיין, אַז איר זענט מיך חושד ?...

— האָט ער שאַרף געענטפערט.

מערי האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

— שפּיל מיר דאָ נישט קיין קאָמעדיע, היימי !... — האָט זי אויסגערופן — ווער דען האָט דאָס געקאָנט טון ?...

און באַלד האָט זי אים ווידער גענומען בעטן און געשטיקט אין זיך די טרערן.

— איך בעט דיך, היימי... איך האָב די נאַכט זיך דיר איבער־געגעבן אינגאַנצן... און אַלס לוין דערפאַר ווילסטו מיך אומגליקלעך מאַכן אויפן גאַנצן לעבן ?...

— איך באַדויער אייך זייער... — האָט הערמאַן ציניש געענט-פערט. — אָבער לײדער קאָן איך אייך גאָרנישט העלפן...

די אומגליקלעכע מערי האָט נישט אויפגעהערט זיך ביי אים צו בעטן...

— היימי... מיין מאַן ווייסט ווו איך האַלט דאָס שליסעלע צו דער קאַסעטקע... די גנבה פונעם צירונג וועט עדות זאָגן וועגן מיין פאַרראַט... מאַך מיך נישט אומגליקלעך... מיין מאַן וועט מיך אַרויסטרייבן...

אָבער הערמאַן האָט ווייטער געהויבן מיט די אַקסלען.

— אויב איר ווילט נישט קיין פרישטיק, — האָט ער גע-זאָגט, — מוז איך אייך פאַרלאָזן, ווייל אויפן דעק וואַרט מען אויף מיין באַדינונג...

דער דאַזיקער אומפאַרשעמטער ציניזם האָט מערין אַרויס־געבראַכט פון גלייכגעוויכט...

אירע אויגן האָבן ווילד אויפגעבליצט פון צאָרן...

— דו... אומפאַרשעמטער !... דו אויסוואורף אײנער !... — האָט זי אויסגעשריגן אים גלייך אין געזיכט אַריין — זאָלסט נישט מיינען, אַז דאָס וועט דיר אַזוי לייכט אַנגיין !... איך גיי די מינוט צום קאַפּיטאַן...

— ביטע זייער... — האָט ער געזאָגט — גייט צום קאַפּיטאַן... ער וועט אָנהויבן אַן אויספאָרשונג... וועט זיך אַרויסווייזן, אין וואָסערע אומשטענדן די גנבה איז פאָרגעקומען... אייער מאַן וועט

זיין זייער צופרידן... אַדיע !...

הערמאַן האָט זיך העפלעך פאַרנויגט און איז אַרויס פון איר צימער...

מערי איז געבליבן שטיין, ווי צוגעשמידט צו איר אָרט...

איצט ערשט האָט זי דערזען, מיט וואָס פאַר אַן׳אויסוווּרף זי האָט זיך אָפּגעגעבן...

„ער איז געקומען צו מיר מיט אַ פּאַרטיקן פּלאַן״... — האָט זי געטראַכט מיט פאַרצווייפלונג — „וואָס טוט מען ?... וואָס טוט מען ?... קיין סקאַנדאַל טאָר איך דאָך נישט מאַכן״...

זי איז צוריק אַוועק אין איר קאַיוטע און עטלעכע טעג האָט זי זיך נישט געוויזן...

זי איז כסדר געלעגן אויף דער קאַנאַפּע, פאַרזונקען אין אירע טרויעריקע געדאַנקען...

דער עולם אויף דער שיף האָט זיך געוווּנדערט, וואָס מיסיס ווייסמאַן ווייזט זיך עפּעס גאָרנישט...

מעדי פלעגט פון צייט צו צייט זיך ווייזן אין מעריס קאַיוטע און דערליידיקן פאַר מערין פאַרשידענע קלייניקייטן.

איינמאָל איז מערין איינגעפאַלן:

„אפשר זאָל איך דערציילן עדין די גאַנצע געשיכטע און בעטן זי, אַז זי זאָל אַ רעד טון מיט היימין ?״...

אָבער באַלד האָט זי פאַרוואָרפן דעם דאָזיקן געדאַנק.

„זי וועט אויס אייפערזוכט זיך נוקם זיין אָן מיר און אויפדעקן דעם געהיימניס וועגן היימיס באַזוך ביי מיר״... — האָט זי געטראַכט.

אָבער דאָס, וואָס מערי האָ טעדין נישט דערציילט, האָט עדי אַליין אינסטינקטיוו אָנגעהויבן אַרויסצופילן...

עדי האָט באַמערקט, אַז ווען זי דערמאָנט דעם נאָמען היימי, דענערווירט זיך מערי...

זי האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז גראָד דעם זעלבן אינדערפרי, פון ווען אָן מערי ליגט קראַנק, האָט „היימי״ זיך באַוויזן אין איר קאַבינע פריער, ווי געווייגלעך...

פלוצלונג האָט זי זיך דערמאָנט אינעם פּעקעלע, וואָס „היימי״ האָט איר געגעבן צו באַהאַלטן.

„ער האָט געזאָגט, אַז ס׳איז אַ ראַזיר־אַפּאַראַט״. האָט

עדי געטראַכט — אָבער איך וועל אומישנע זעען ,צי דאָס איז אמת״...

זי איז אַריינגעלאָפן אין איר צימער און אויפגעמאַכט דאָס פּעקעלע...

זי האָט אינעווייניק דערזען מיסיס ווייסמאַנס צירונג, וואָס האָט שעמערירט אין אַלע פאַרבן פונעם רעגנבויגן...

עדי איז לאַנג געשטאַנען, ווי צוגעשמידט צו איר אָרט...

זי האָט באַשלאָסן באַלד אַריינצולויפן צו מיסיס ווייסמאַן און איר אָפּגעבן דאָס געגנבעטע צירונג...

נישט געקוקט אויף איר לייכטזיניקער אויפפירונג, איז עדי געווען אַן׳ערלעכע פרוי. הערמאַנס טאַט האָט ביי איר דעריבער אַרויסגערופן דעם טיפסטן עקל...

ווער ווייס, וואָס פאַר אַ געמיינע פאַרשוין מיין געליבטער איז״...
— האָט זי אַ טראַכט געטון — ״איך קאָן נאָך האָבן פון אים דעם זעלבן סוף, וואָס מערי״...

ענדלעך האָט עדי באַשלאָסן:

״איך וועל פריער רעדן מיט אים, איידער איך גיב אָפּ דאָס צירונג...

אין אָוונט, ווען זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָט עדי אַ זאָג געטון צו הערמאַנען:

— איך האָב עפּעס מיט דיר צו רעדן, קום צו מיר אַריין.

ווען עדי האָט אים געוויזן דאָס פּעקעלע מיטן צירונג און אירע אויגן האָבן געגליט פון צאָרן — האָט הערמאַן זיך צעביי־זערט:

— ניין, עדי! דאָס האָב איך זיך אויף דיר נישט געריכט... ווער האָט דיר געגעבן דאָס רעכט דאָס פּעקעלע צו עפענען ?...

— זאָג ! — האָט זי שטרענג אויסגערופן — פון וואַנען האָסטו דאָס דאָזיקע צירונג ?...

אָבער עדי האָט זיך נישט געלאָזט פאַרטומלען.

הערמאַן האָט זיך ציניש צעשמייכלט.

— פון וואַנען איך האָב עס ?... כ׳האָב עס געקויפט...

— איך בעט דיך, אַז דו זאָלסט ענטפערן אָן דריידלעך: פון וואַנען האָסטו עס ?... — האָט עדי נאָכאַמאָל שטרענג געפרעגט.

עדיס שטרענגער טאָן האָט אים אַרויסגעקלאַפּט דעם קוראַזש...

ווען ער האָט געזען, אַז ער איז צעגעדריקט צו דער וואַנט, האָט ער מודה געווען דעם אמת...

אַזוי ווי עדי האָט געוווסט, ווו מערי פלעגט האַלטן דאָס שסיסעלע. האָט הערמאַן אויך געמוזט זיך מודה זיין אין דעם, ווו ער האָט פאַרברענגט די נאַכט...

אַזוי צאַלסטו מיר אָפּ פאַר מיין ליבע און איבערגעבנהייט... איך

אַזוי איז עס די געשיכטע... — האָט עדי ביטער געזאָגט — וועל דיר דאָס נישט פאַרגעסן...

הערמאַן האָט עדין צאַרט אַרומגענומען...

— נאַרעלע איינע דו... — האָט ער צו איר געשעפּטשעט — דו מיינסט, אַז די דאָזיקע מערי אינטערעסירט מיך עפּעס ?... נאָר צוליב דיר האָב איך עס געטאָן.

— צוליב מיר ?...

— איך האָב דיר געוואָלט באַזאָרגן אויף דער צוקונפט... דער מיסיס ווייסמאַן וועט דער מאַן קויפן אַנדער צירונג און מיר וועלן קאָנען פירן אַ רייך לעבן...

— אָבער דאָס איז דאָך מיאוס. צו באַגנבענען יענעם...

— ס'איז מיר, ערנוואָרט נישט געגאַנגען אַזוי וועגן צירונג, ווי אין אַנלערנען זי פאַר איר קאָקעטירן... זי האָט מיך פשוט נישט דורכגעלאָזט... איצט וועט זי שוין וויסן נישט צו פאַרטשעפּן פרעמדע מענער...

ער האָט עדין צוגעדריקט צו זיין ברוסט און איר אַ הייסן קוש געטון אויף די ראָזע ליפּעלעך...

דאָס לייכטזיניקע ווייבעלע האָט אים איצט שוין אַלץ מוחל געווען...

אויף מיסיס ווייסמאַן האָט זי שוין נישט געהאַט קיין רחמנות.

די שיף האָט זיך דערווייל אַנגעהויבן דערנענטערן צום ברעג.

אַ פאַרצווייפלטע און אַ צעבראָכענע איז מערי אַלץ געלעגן אויף איר קאַנאַפּע און זיך נישט גערירט פון אָרט...

אין איר קאָפּ האָבן זיך געוועבט געדאַנקען וועגן זעלבסט-מאָרד...

די זון איז פאַרגאַנגען. אויפן לויטערן נאַכט-הימל האָבן אָנ-געהויבן פינקלען טויזנטער שטערן.

„הערקולעס" האָט מיט זיין ריזיקן קערפּער געשניטן די ים-

כוואַליעס און איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ לאַנגן פּאַס שוים.
אויפן דעק פון דער שיף האָט געהערשט פולשטענדיקע שטיל קייט.
אַלע פּאַסאַזשירן זענען געווען פאַרנומען אין זייערע קאַיוטעס ביים צוגרייטן זיך צום אויסשטייגן.
פלוצלונג האָט זיך אויפן דעק באַוויזן אַ פרויען־געשטאַלט אין אַ נאַכט־קלייד...
דאָס איז געווען מערי...
זי האָט אויף די שפּיץ פינגער פאַרלאָזט איר קאַיוטע... ציטערנדיק פון קעלט און פון אויפרעגונג — איז זי אַרויס אויפן אויבערשטן דעק...
מיט שנעלע טריט האָט זי זיך דערנענטערט צום שפּיץ פון דער שיף.
דאָ האָט זי זיך אָפּגעשטעלט... זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צום הימל...
— גאָט אין הימל!... — האָבן אירע בלאַסע ליפּן געשעפּטשעט — זיי מיר מוחל מיינע זינד... זיי גוט צו מיר...
זי האָט אויסגעצויגן אירע אָרעמס און זיך אַריבערגעצויגן איבער דער באַריערע פונעם דעק... איר קערפּער איז אַ ווײַלע געהאַנגען איבערן אָפּגרונד...
פלוצלונג — — —

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער
נומער 90

קאַפּיטל הונדערט צוועלף

## פאַרן גרינעם טיש...

אַ וואָלקן איז געהאָנגען איבערן הויז פון אַדאָלף מאָרגענטאַל... אויסערלעך האָט עס געקאָנט אויסזען, אַז זיין לעבן מיט מאַרילען איז צוריק אַרויף אויף די פריערדיקע רעלסן און אַלץ איז גוט און וווּל...

אָבער נאָר פון אויסנווייניק האָט זיך געקאָנט אַזוי אויס־דאַכטן.

פאַקטיש האָט צווישן זיי געהערשט אַן אייזיקע קעלט און אַ כּלשטענדיקע גלייכגילטיקייט.

מאַרילע האָט מער נישט געקאָנט קומען צו זיך נאָך אירע שווערע איבערלעבענישן.

אַ קראַנקע און אַ צעבראָכענע, האָט זי באַווייזט איר צע־שטערטע קאַריערע.

אַדאָלפס איבערגעגעבנקייט און זאָרגעוודיקייט האָבן אויך נישט געקאָנט אויסהיילן די וווּנדן פון איר נשמה.

אַדאָלף ווידער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן אָן ליזען. זיין האַרץ האָט געהערט אינגאַנצן צו איר.

איר זיס געשטאַלט איז אויף קיין איין מינוט נישט פאַר־שוווּנדן פון זיינע אויגן.

וויפל ער האָט זיך נישט געזאָלט באַמיען זיך צו באַפרייען פון דער דאָזיקער געשטאַלט, וועלכע האָט אים פאַרפאָלגט סיי ווען ער איז וואַך געווען און סיי אין שלאָף, האָט ער עס נישט געקאָנט.

ווען נישט איר אייגנהענטיקער בריוו, וואָס פּאָלע האָט אים געשיקט פון מאָנטע־קאַרלאָ, וואָלט ער נישט געגלויבט אין איר שולד.

ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר אַזוי אוממעגלעך, אַז די דאָזיקע וווּנדערלעכע פרוי זאָל זיין אומשטאַנד צו פאַרראַטן

„אָבער דער בריוו. דער פאַרשאָלטענער בריוו!"

„ווער ווייסט, וואָס פאַראַ לעבן ליזע פירט איצט!". — האָט

האָט אַדאָלף געטראַכט מיט ווייטאָג. — „נאָר לאָמיר בעסער נישט טראַכטן וועגן איר!".

און דאָך האָט זיך אים ווייטער געטראַכט.

איז איינעם אין דער פרי, ווען אַדאָלף האָט אַדורכגעקוקט די אָנגעקומענע קאָרעספּאָנדענץ, האָט ער געפונען אַן אויפפאָדערונג זיך צושטעלן צום אויספאָרשונגס־ריכטער אַלס עדות אינעם פּראָצעס פון אַדאַם קליינער און זיין פריינדין.

„אַדאַם קליינער?. ווער איז דאָס פאַר איינער?". — האָט אַדאָלף געטראַכט מיט פאַרוווּנדערונג — „מוז זיין עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש".

אַדאָלף איז אַוועק צום אויספאָרשונגס־ריכטער.

— עס האַנדלט זיך וועגן אייער געוועזענער מיטאַרבעטערין פּאָלע בערגמאַן. — האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער דערקלערט. דערזעענדיק דעם דאָזיקן נאָמען, האָט אַדאָלף אַ ציטער געטאָן...

— זי האָט געאַרבעט ביי מיר אַ געוויסע צייט, — האָט אַדאָלף געזאָגט, — אָבער צוליב אירע אינטריגעס האָב איך זי באַזייטיקט פון דער ארבעט.

— צי האָט איר גאָרנישט געהערט וועגן איר די לעצטע צייט?

— יאָ. איך האָב געהערט, אַז זי האָט לעצטנס פאַרבראַכט אין מאָנטע־קאַרלאָ מיט אַ געוויסן אַדאַם שטיינזאַלץ.

— אָט וועגן דעם טאַקע האַנדלט עס זיך. — האָט דער אויספאָרשונגס ריכטער אַ שמייכל געטאָן — דער דאָזיקער „שטיינזאַלץ" איז אַ באַקאַנטער אַפּעריסט מיטן נאָמען קליינער.

— אַזוי גאָר?

— ער האָט דערקלערט, אַז אַנגערעדט צו זיינע פאַרברעכנס האָט אים די דאָזיקע „פריינדין" זיינע, די פּאָלע בערמאַן. ווי מיינט איר? איז זי פעאיק דערצו?

— איך נעם זיך נישט אונטער צו אורטיילן וועגן דעם... — האָט אַדאָלף געענטפערט — איך קאָן נישט איר פּריוואַט לעבן...

— אַ דאַנק! — האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער געזאָגט — צום פּראָצעס וועט מען אייך אַרויסרופן אַלס עדות.

אַהיימקומענדיק, האָט אַדאָלף זיך פאַרטראַכט.

ער האָט זיך ווידער שוין צו מטויזנטסטן מאָל דערמאָנט, ווי ליזע האָט געקניט פאַר אים און זיך געבעטן:

— איך בין דאָך אומשולדיק!

„ווער ווייסט?... — האָט אַדאָלף געטראַכט. — פאָלע, וואָס האָט אים צוגעשיקט דעם בריוו, איז איצט אין תפיסה. איר געליבטער איז אַ געוויינלעכער פאַרברעכער".

„צי קאָן מען גלויבן אַזעלכע פאַרשוינען? אָבער דעם בריוו האָט זי דאָך פאַרט געשריבן. עס איז דאָך איר האַנטשריפט!".

„די לייכטזיניקע ליזע האָט זיך געלאָזט אַריינציען אין באַציאונגען מיטן דאָזיקן לומפּ".

אַזוי האָט אַדאָלף מאָרגענטאַל געפיבערט אין קעלט און אין היץ, נישט געקאָנט פאַרגעסן אָן זיין געליבטער ליזען.

— — — — —

אויב זשאַנעטס געגנבעטע צירונג האָט נישט געברענגט קיין גליק אַדאַשן, איז זשאַנעט אַליין אָבער אויפגעריכט געוואָרן צוליב דער דאָזיקער גנבה.

דער עלטערער הער, וועלכער האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט זשאַנעטן בשעת דער גאַנצער רייזע, האָט זיך ווייטער מיט איר פאַראינטערעסירט.

נאָכן אַרעסטירן אַדאַשן, איז זי געבליבן איינזאַם און אַליין אויפן וואָקזאַל אין אַ פרעמד לאַנד.

זי האָט דאָך צומאָל קיין וואָרט פויליש נישט געקאָנט.

זי האָט דאַן זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַרן עלטערן הער, דעם פראַנצויזישן אינזשעניער, וועלכער האָט איר פאַרגעלייגט איבערצונעמען די ווירטשאַפט אין זיין בחורשע וווינונג.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער מיט איר חתונה געהאַט. כאָטש זי האָט אים דערציילט דעם גאַנצן אמת וועגן איר טונקעלער פאַרגאַנגענהייט.

זשאַנעט איז געווען גליקלעך.

נאָר אויב זשאַנעט האָט ביי אַדאַשן נאָך גוט אָפּגעשניטן, האָט אָבער פאָלע זיך אויסגעריכט אַ שוואַרצן סוף.

אַדאַש האָט זי אַריינגעצויגן אין זיין פּראָצעס און מ'האָט נאָך איר אַרויסגעשיקט שטעק־בריוו. ענדלעך האָט מען זי געכאַפּט

אויף דער גרענעץ.

זי איז געזעצט געוואָרן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק צוזאַ־מען מיט אַדאַשן.

אין די עטלעכע חדשים, וועלכע זי איז געזעסן אין תפיסה, איז זי אַזוי פאַרענדערט געוואָרן, אַז ס׳איז זי שווער געווען צו דערקענען.

זי איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווייל זי האָט דערזען אין געריכט עטלעכע אירע קאָלעזשאַנקעס פון מאָרגענטאַלס ביוראָ, וועלכע זענען אַרויסגערופן געוואָרן אַלס עדות.

ווען פאָלע האָט דערהערט דעם נאָמען אַדאָלף מאָרגענטאַל, האָט זי אַ צאַפּל געטאָן.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אויף אַדאָלפן.

ווען זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, וואָס זי האָט קעגן דעם דאָזיקן מאַן אָפּגעטאָן, האָט זי דערפילט געוויסנסביסן.

„אפשר שטראָפט מיך דערפאַר גאָט אַזוי שווער.״ — האָט זי געטראַכט.

ענדלעך האָבן זיך אָנגעהויבן די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען.

דער ערשטער האָט אָפּגעגעבן דערקלערונגען דער הויפּט־באַ־שולדיקטער — אַדאַש.

ער האָט זיך באַמיט די גאַנצע שולד אַרויפצוּוואַרפן אויף פאָלען.

אָבער דאָ איז געשען עפּעס אומגעריכטס.

ס׳האָט גענומען אַ וואָרט אַדאָלף מאָרגענטאַל.

ער האָט דערקלערט, אַז פאָלע איז געווען נישט קיין ערגערע אָנגעשטעלטע, ווי אַנדערע.

— זי איז אַ יונג מיידל, — האָט ער געזאָגט, — און זי האָט זיך געלאָזט פאַרדרייען דעם קאָפּ פון דעם אַדאַם קליינערן.

פאָלע האָט אַ גערירטע זיך איינגעהערט אין אַדאָלפס רעדע.

אַדאָלף איז געווען דער איינציקער עדות, וואָס האָט געזאָגט אַ גוט וואָרט וועגן איר.

פול מיט דאַנקבאַרקייט האָט זי געקוקט אויפן דאָזיקן איידעלן מאַן, וועמען זי האָט אַזוי פיל שלעכטס געטאָן.

באַלד איז אַרויסגעטרעטן דער פּראָקוראָר. ער האָט געפאָ־

דערט פאַר אַדאַשן דריי יאָר תפיסה און פאַר פאָלען איין יאָר תפיסה.

נאָך די רעדעס פון די פאַרטיידיקער און נאָך דער באַראַטונג פון די ריכטער, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער אורטייל: אַדאַש האָט געקריגן דריי יאָר תפיסה, פאָלע — דריי חדשים.

אַזוי ווי מען האָט איר פאַררעכנט די צייט, וואָס זי איז געזעסן ביזן פּראָצעס, איז זי באַלד אַרויס אויף דער פריי.

אַדאָלף איז צו איר צוגעקומען.

— וואָס רעכנט איר צו טאָן, פריילין בערמאַן? — האָט ער זי געפרעגט מיט מיטגעפיל.

— איך ווייס אַליין נישט, העל מאָרגענטאַל! — האָט זי געענטפערט.

אַדאָלף האָט דאַן אַרויסגענומען אַ הונדערטער און איר דערלאַנגט.

— נעמט די דאָזיקע הלוואה. — האָט ער געזאָגט — ווען איר וועט פאַרדינען, וועט איר מיר אָפּגעבן.

פאָלע האָט מער נישט געקאָנט איבערהאַלטן און זי האָט זיך צעכליפּעט.

— העל מאָרגענטאַל... ווען איר וואָלט געוווסט... איך בין נישט ווערט, אַז איר זאָלט אַזוי גוט זיין צו מיר. ווען איר וואָלט גע־ווּוסט...

אַדאָלף האָט געקוקט אויף פאָלען אַ פאַרוווּנדערטער.

— באַרואיקט אייך, פריילין בערמאַן. — האָט ער געזאָגט, — וועגן וואָס גייט עס אייך?

— עס גייט, עס גייט, וועגן... ליזען.... — האָט פאָלע געשטאַמלט

— ליזע... איז אומשולדיק

—וו־וואָס? וואָס זאָגט איר?

— יענער בריוו איז אַ געפעלשטער.. איך האָב געוואָלט נקמה נעמען אָן ליזען, ווייל זי האָט מיר נישט געוואָלט באָרגן געלט, האָב איך ביי איר אויסגענאַרט דעם בריוו און אים אייך געשיקט...

אַדאָלף איז געבליבן שטיין, ווי געטראָפן פון אַ דונער.

— גאָט מיינער... גאָט מיינער... — האָט ער געשעפּטשעט —

וויפל ליידן די אומשולדיקע ליזע האָט נעבעך געמוזט אויסשטיין...

אַדאָלף איז אַריין מיט פּאָלען אין אַ קאַפע־הויז, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון געריכט. דאָרט האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און פּאָלע האָט אים אַלץ גענוי דערציילט.

— איצט וועט איר ווייסט שוין אַלץ, וועט איר מיך זיכער אָפּשטויסן פון זיך מיט פאַראַכטונג. — האָט פּאָלע פאַרענדיקט

אָבער אַדאָלפס איידלקייט האָט גאָר קיין גרענעץ נישט געהאַט.

— זאָל דיר גאָט משפטן פאַר דיינע טאַטן... — איך בין דיר אויך מוחל.

— וואָס פאַר אַ גוטער איר זענט! — האָט פּאָלע געכליפּעט.

— נאָר בעט גאָט, ער זאָל דיר מוחל זיין דאָס, וואָס דו האָסט געטאָן קעגן ליזען. — האָט אַדאָלף צוגעגעבן — ווער ווייסט, וווּ זי געפינט זיך איצט און ווי אַזוי זי לעבט.

מיט אַ בלוטנדיקן האַרץ האָט אַדאָלף זיך אומגעקערט אַ היים...

ער האָט איצט געטראַכט, אַז צוליב מאַרילעס אומקערן זיך צו אים איז ליזע שוין פאַר אים פאַרלוירן...

„אָבער די הימל־שרייענדע עוולה, וואָס איז דער דאָזיקער אומשולדיקער, וווּנדערלעכער פרוי געשען, מוז פאַרגיטיקט ווערן!".

— האָט ער געטראַכט.

פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער פרוי שוואַרץ.

„זי ווייסט זיכער, וווּ עס געפינט זיך ליזע מיט איר קליינעם לאָלעק".

די האָפענונג האָט ווידער אויפגעלעבט אין זיין האַרץ.

„אפשר האַלט זיך טאַקע ליזע אויף מיט איר קינד ביי פרוי שוואַרץ? אפשר וועט ער זי אין אַ ווײַלע אַרום קאָנען זען און פאַר איר דערציילן וועגן זיין גרויסער ליבע און טיפער חרטה?".

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אינעם ערשטן אויטאָ, וואָס ער האָט באַגעגנט און געהייסן פאַרפאָרן אויפן אַדרעס פון פרוי שוואַרץ.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַדאָלף שוין געלאָפן איבער די גוט־באַקאַנטע שטיגן... באַלד איז ער געווען אין ליזעס אַמאָליקער וווינונג.

ווען פרוי שוואַרץ וואָלט פּלוצלונג דערזען אין איר צימער איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, וואָלט זי נישט מער איבערראַשט געוואָרן, ווי בשעת זי האָט דערזען אַדאָלף מאָרגענטאַלן.

כאָטש זי האָט שוין לאַנג געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט ער צו איר קומען זיך דערוויסן עפּעס וועגן ליזען.

„דער אמת מוז דאָך אַמאָל אַרויסקומען, ווי בוימל אויפן וואַסער". — האָט זי געטראַכט.

— א ווילקאָמען! — האָט פרוי שוואַרץ באַגריסט אַדאָלפן — קומט אַריין, הער מאָרגענטאַל, ביטע.

אויף דער פּאָדלאָגע איז געזעסן דער קליינער לאָלעק און זיך געשפּילט.

דערהערנדיק אַדאָלפן האָט ער זיך צו אים אַ וואָרף געטאָן מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך.

— פּעטער אַדאָלף! פּעטער אַדאָלף! — האָט ער געשריגן מיט פרייד.

אַדאָלף האָט דעם קליינעם לאָלעק צוגעדריקט צו זיין ברוסט.

— און וווּ איז די מאַמעשי? — האָט לאָלעק געפרעגט — פאַרוואָס האָסטו זי נישט מיטגענומען, ווען דו ביסט אַהערגעגאַנגען?

אַדאָלפס האַרץ האָט ווייטיקלעך געבלוטיקט.

„הייסט עס, אַז ליזע איז נישט אין דער היים". — האָט ער געטראַכט.

ער האָט זיך געווענדעט מיט אַ פרעגנדיקן בליק צו דער פרוי שוואַרץ.

פרוי שוואַרץ האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן.

— יאָ. יאָ. — האָט זי געזאָגט און טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ — זינט מיר זענען אַוועק פון מאָנטע־קאַרלאָ, האָט דאָס קינד נאָך נישט געזען די מוטער.

אַדאָלף האָט אַ צאַפּל געטאָן.

— וואָס רעדט איר? — האָט ער אויסגערופן — וווּ איז ליזע? איר ווייסט גאָרנישט ווו זי איז?

— פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך לעצטנס פון איר דער־

האַלטן קוים איין בריוו. — האָט פרוי שוואַרץ געענטפערט מיט אַ זיפץ.

פרוי שוואַרץ האָט דערציילט אַדאָלפן אַלץ, וואָס זי האָט געוווּסט וועגן ליזעס לעבן, זינט ער האָט מיט איר איבערגעריסן. זי האָט אים אויך דערציילט, ווי ליזע האָט זיך געוואָלט וואַרפן אין ים אַריין און ווי אַן אומבאַקאַנטע פרוי האָט זי אין דער לעצ־טער מינוט אָפּגעהאַלטן פון דעם דאָזיקן שריט.

אַדאָלף האָט זיך איינגעהערט אין פרוי שוואַרצס דערציילונג מיט אַ שטייגנדיקער שפּאַנונג. דאָס האַרץ האָט אים שיער גע־פּלאַצט פון ווייטאָג.

— ווער איז געווען די דאָזיקע גוטע פרוי, וועלכע האָט גע־ראַטעוועט ליזען? — האָט ער געפדעגט.

פרוי שוואַרץ הקאָט ביטער אַ שמייכל געטאָן.

— די „גוטע" פרוי. ליידער האָט זיך די דאָזיקע פרוי אַרויס־געוויזן פאַר אַן אייגנטימערן פון אַ שאַנד־הויז.

אַדאָלפן האָט אַ קאַלטער שווייס אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן. זיינע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט.

פרוי שוואַרץ האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן.

— זי האָט צוגענומען ליזען אַלס „ווירטשאַפטס־פירערין" אין איר כלומרשטן „פּענסיאָנאַט". אָבער ליזע האָט זיך באַלד אַרומגעזען, וווהין זי איז אַריינגעפאַלן.

— נו? נו? וואָס איז געוואָרן? — האָט אַדאָלף אויסגעשריגן און זיין האַרץ האָט אים געקלאַפּט, ווי מיט האַמערס.

— זי האָט זיך, ווי דורך אַ נס, אַרויסגעראַטעוועט פון דאָרטן און איצטער אַרבעט זי אויף אַ פּאָסטן אין אַ ביוראָ.

— גאָט מיינער! גאָט מיינער! — האָט אַדאָלף געשעפּ־טשעט.

דער געדאַנק, אַז צוליב זיין בלינדער אייפערזוכט האָט ליזע אַזוי פיל געמוזט זיך אָנליידן, האָט אים שרעקלעך וויי געטאָן.

— אָבער ווי גייט עס איר איצט? — האָט ער געפרעגט.

— איך ווייס? — האָט פרוי שוואַרץ אַ זיפץ געטאָן — זי האָט מיר געשיקט געלט, איז דאָך אַ סימן, אַז זי פאַרדינט. נאָר איין זאַך וווּנדערט מיך...

וואָס ?

— די בריוו צו איר הייסט זי אַדרעסירן צו זשאַק דאָנעי ביי די רעדאָס.

אַדאָלף האָט זיך פאַרטראַכט.

„ווי עס זאָל נישט זיין, ליזעס זיין אַליין איז א פרעמד לאַנד איז פאַרבונדן מיט אַ סך געפאַרן. — האָט ער געטראַכט. — „מ'מוז זי דעריבער וואָס שנעלער צוריקברענגען קיין פוילן".

ער האָט דערציילט דער פרוי שוואַרץ, ווי אַזוי ער האָט זיך דערוווסט, אַז ליזע איז אומשולדיק.

אַדאָלף האָט גענומען ביי פרוי שוואַרץ ליזעס אַדרעס און איז אַוועק.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט ער געשריבן אַ בריוו צו ליזען.

אַלע ווערטער, וואָס עס קאָן געפינען אַ ליבענדיקער מענטש כדי אויסצודריקן זיין ליבשאַפט און חרטה־געבעט, האָבן זיך געפונען אויף די בלעטלעך פון דעם דאָזיקן בריוו.

זיין גאַנצע בענקשאַפט, זיין פיין און זיין ליבע האָבן ווי אַ הייסער קוואַל געשלאָגן פון די פאַרשריבענע בלעטלעך.

אָבער ליידער האָט אַדאָלף אויף דעם בריוו קיין ענטפער נישט באַקומען.

אויף פרוי שוואַרץ האָט קיין בריוו נישט דערהאַלטן.

אַדאָלף האָט דאַן באַשלאָסן אַליין אַראָפּצופאָרן קיין מאַרסעל און דאָרט אויפזוכן ליזען.

## קאַפּיטל הונדערט דרייצן

# די נידערטרעכטיקע פאַרשווערונג

אַלעקסאַנדער וואַרמאַן איז די לעצטע טעג אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער און דענערווירטער.

פריילין זינגמאַן, וועלכע איז אַמאָל געווען אַ פריילעכע, אַ לעבעדיקע — איז לעצטנס עפּעס געוועזן אַ שווייגנדיקע און אַ פאַרטראַכטע.

א חוץ דעם איז זי עפּעס געוואָרן צוריקגעהאַלטן און נישט צוטריטלעך...

דאָס האָט איר נאָך מער דענערווירט דערפאַר, ווייל ער האָט געוווסט, אַז פעלע איז גאָרנישט אַזאַ שטאַרקע צנועה.

אָבער פעלע האָט געוווּסט, וואָס זי טוט.

זי האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז מענער האָבן ליב פריער צו־צוזאָגן גאָלדענע בערג און ווען זיי האָבן שוין אַלץ דערגרייכט, פאַרגעסן זיי מיטאַמאָל אַלע צוזאָגן.

פעלע האָט דאָס געוווסט פון איר רייכער דערפאַרונג מיט מענער.

זי האָט שוין ענדלעך געוואָלט האָבן אַן אייגענע היים און אַ פאַרזיכערטע עקזיסטענץ.

וואָרמאַן איז איר געפעלן. ער איז געווען א רייכער, אַ שיי־נער, אַ ליידנשאַפטלעכער — ער האָט געהאַט אַלע מעלות, וועל־כע אַ מאַן האָט געדאַרפט האָבן, לויט איר געשמאַק.

די איינציקע שטערונג איז געווען — די קראַנקע איזאַבעלאַ...

אַלעקסאַנדער האָט אויך גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס פעלע וויל. ער וואָלט אויך גאָרנישט געהאַט קעגן חתונה האָבן מיט איר... אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, ווען זיין ווייב איז אַלץ נישט געשטאָרבן?.

אַלעקסאַנדער איז גראָד געזעסן אין זיין קאַבינעט און זיינע געדאַנקען האָבן אַרומגעוואַנדערט ארום זיין קראַנקער פרוי.

„אַך! ווען זי זאָל שוין ענדלעך אַמאָל שטאַרבן”... — האָט ער געטראַכט — „איך וואָלט דאַן געקאָנט גליקלעך לעבן מיט פעלען”.

פלוצלונג האָט עפעס אַ שאָרכן אים איבערגעוועקט פון זיינע געדאַנקען.

דאָס האָט די „פאַננע” פעלע זיך דערנענטערט צו זיין קאַ־בינעט.

— אַנטשולדיקט, וואָס איך שטער אייך. — האָט פעלע גע־זאגט — „איך האָב מיט אייך איבערצורעדן אַ וויכטיקע זאַך. איך מוז פאַרלאָזן מיין פאָסטן ביי אייך.

פעלעס אויסגערעכנטער קלאַפּ האָט גוט געטראָפן... אַלעקסאַנדער האָט אַ ציטער געטאָן.

— וואָס? איר ווילט מיר פאַרלאָזן? וואָס איז אַזעלכעס גע־

שען?... — האָט ער געפרעגט אַ צעטומלטער אין גאַנצן.
— וואָס האָט געזאָלט געשען? — האָט די כיטרע קאָקעטקע קאַלט געענטפערט — גלאַט, עס ווילט זיך בייטן דאָס אָרט.
— דאָס איז נישט אמת. אפשר איז דער לוין אַ צו קליי־נער? איך וועל אייך געבן דאָפּלט. דריי מאָל אַזוי פיל...
אויף פּעלעס געזיכט האָט זיך אויסגעלייגט אַן איראָניש שמיי־כעלע.
— ס'איז זייער פיין פון אייער זייט. — האָט זי געזאָגט — געלט האָט אָבער ביי מיר אַ קנאַפּע באַדייטונג.
— נאָר וואָס דען? אפשר האָט אייך עמיצער באַליידיקט? אפשר בין איך נישט געווען געבנוג העפלעך?
— אפשר נאָך צו העפלעך. — האָט זי באַמערקט און קאָ־קעטיש צוגעוווּנקען. — איך האָב צו אייך גאָרנישט. אָבער מענטשן האָבן גרויסע מיילער. מען האַלט מיך אין איין באַרעדן, אַז דאָס, אַז יענץ.
— און דעריבער ווילט איר מיך פאַרלאָזן? — האָט אַלעק־סאַנדער זיך געוווּנדערט — זאָלן זיי ריידן. וואָס גייט עס אונדז אָן?
אַלעקסאַנדער האָט זי אַ כאַפּ אַרום געגעבן און זי צוגעצויגן צו זיך.
— דו ווייסט דאָך, פּעלע, אַז אָן דיר קאָן איך נישט לעבן... אַז דו ביזט מיין איינציקער לעבנס־אָנהאַלט.
ער האָט באַדעקט מיט הייסע, ליידנשאַפטלעכע קושן איר גע־זיכט, האַלז און אַקסלען.
דאָס פאַרליבטע פּאָרל האָט גאָרנישט באַמערקט ווי צווישן די פּאָרטיערען, וואָס האָט פאַרשטעלט די טיר, האָט זיך באַוויזן סאַ־בינעס בלאַס געזיכט.
אַן איבעררעשטע האָט זי געקוקט אויף דעם זיך קושנדיקן פּאָרל.
— טייערער... — האָט פּעלע געשעפּטשעט מיט אַ פאַרחלשטער שטים — טייערער.
אַלעקסאַנדער האָט נאָך שטאַרקער זי צוגעדריקט צו זיך.
— דו האָסט מיך ליב, פּעלע... איך פיל עס. זאָג! דו האָסט מיך ליב?

— יאָ, איך האָב דיך ליב. — האָט פּעלע געענטפערט — און טאַקע דערפאַר מוז איך דיר פאַרלאָזן. דו געהערסט צו אַן אַנדערער. איך וויל דאָ נישט זיין. ווי אַ דינסט.

זי האָט זיך היסטעריש צעכליפּעט.

ווילד פון ליידנשאַפטלעכן באַגער האָט אַלעקסאַנדער געוואָלט אויסנוצן פּעלעס איצטיקע שוואַכקייט.

באַדעקנדיק איר געזיכט מיט קושן, האָט ער זי אַ צי געטאָן צו דער קאַנאַפּע..

אָבער איידער ער האָט באַוויזן ארויפצולייגן איר מאַכטלאָזן קערפּער אויף דער קאַנאַפּע, האָט זי זיך פלינק אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט.

— ניין. טייערער. ניין! — האָט זי געשעפּטשעט — מיין ליבע צו דיר איז צו הייליק, אַז איך זאָל זי לאָזן פאַרשוועכן. ווי לאַנג דיין פרוי וועט לעבן, וועל איך נישט געהערן צו דיר.

אַלעקסאַנדערס אויגן האָבן אומהיימלעך געגלאַנצט.

— אָבער זי וועט דאָך סיי ווי שוין נישט לאַנג לעבן. — האָט ער געזאָגט — דעמאָלט וועסטו ווערן מיין פרוי. אָבער דערוויל בלייב דאָ... דו האָסט דאָך מיך ליב.

— ניין. — האָט פּעלע געענטפערט — זיין מיט דיר צוזאַמען און נישט געהערן דיר, דאָס קאָן איך נישט. ווי לאַנג זי לעבט קאָן איך צו דיר נישט געהערן.

די לעצטע ווערטער וועלכע פּעלע האָט אַרויסגעלאָזט מיט אַ באַזונדערן דרוק, זענען אַלעקסאַנדערן אַריין אין קאָפּ.

„ווי לאַנג זי לעבט".

— מ'קאָן. מ'קאָן דאָך געפינען אַ מיטל אַזאַ. אַ מיטל, אַז... דאָס זאָל שנעלער געשען... — האָט אַלעקסאַנדער געשטאַמלט. ער האָט זיך נאָך אַליין געשראָקן פאַר דעם דאָזיקן פאַרברעכערישן געדאַנק.

די כיטרע פּעלע האָט זיך צו אים נענטער צוגערוקט.

— צו פאַרקירצן די ליידן פון אַ מענטש איז אַ גוטער טאַט.... — האָט ער געזאָגט.

— המ. געוויס, געוויס.

— אין עטלעכע שעה וועט זי איינשלאָפן אין אַ זיסן שלאָף...

און דערנאָך... און דערנאָך... וועסטו, דו, זיין מיין פרוי.

סאַבינע איז שוין עטלעכע מינוט געשטאַנען אין שכנותדיקן צימער. ווי א צוגעשמידטע צו איר אָרט.

זי האָט ווידער געהערט אָפּקלינגען די ליידנשאַפטלעכע קושן פונעם פאַרברעכערישן פאָרל.

סאַבינע האָט אין גאַנצן געציטערט פון גרויל.

זי וואָלט געוואָלט אַנטלאָפן פון דאַנען, ווו דער פעפער וואַקסט...

אָבער די זאָרג פאַרן לעבן און געזונט פון דער קראַנקער איזאַבעלאַ האָבן זי נישט געלאָזט אַוועקגיין, נאָר אויסהערן דעם פאַרברעכערישן שמועס ביז צום סוף.

אָנגעזעטיקט זיך מיט קושן און צערטלערייען, האָט דאָס געמיינע פאָרל גענומען באַטראַכטן דעם פּלאַן פון זייער פאַרברעכן.

— צום בעסטן וואָלט געווען אונטערצוריקן דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע אַ פלעשעלע מיט סם און זי זאָל איר איינגעבן.

— האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט.

— ניין... — האָט פעלע זיך אָנגערופן. — די סאַבינע זעט אויס צו כיטרע און זי קאָן זיך נאָך דערויף כאַפּן.

— נאָר ווי אַזוי דען מיינסטו?

— איזאַבעלאַ פילט כסדר אַ שטאַרקן דורשט, דערביי האָט איר דער דאָקטאָר פאַרווערט צו טרינקען לעמאָניאַדע.. לאָמיר זי מכבד זיין מיט אַ גלעזל לעמאָניאַדע און אַריינטאָן דאָרט וואָס מען דאַרף.

— פאַרוואָס דווקא לעמאָניאַדע?

— וועט מען דערנאָך קאָנען זאָגן, אַז פון דער לעמאָניאַדע איז זי געשטאָרבן.

אַלעקסאַנדער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ גערויש פונעם צווייטן צימער.

סאַבינע האָט שוין מער נישט געקאָנט הערן דעם נידערטרעכטיקן געשפּרעך און זי האָט געוואָלט אַרויס פונעם וואַרטע־צימער.

זייענדיק אויפגערעגט און צעטומלט, האָט זי זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ שטול. די שטול האָט זיך אַ רוק געטאָן מיט גערויש.

מיט איין שפּרונג איז אַלעקסאַנדער שוין געווען נעבן סאַבינען.

זיין געזיכט האָט זיך אויסגעקרומט פון צאָרן... זיינע אויגן

זענען פאַרלאָפן מיט בלוט.

ער האָט אַריינגעשפּיזט זיין ווילדן בליק אין סאַבינעס געזיכט.

סאַבינע האָט זיך צוריקגערוקט אַ דערשראָקענע. אָבער אַלעקסאַנדער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַ האַנט און זי אַריינגעשלעפּט אין קאַבינעט.

דאָרט איז פּעלע געזעסן אַ טויט בלאַסע, ווי דער טויט.

— דו... געמיינע דו! — האָט אַלעקסאַנדער ווילד געשריגן און נישט אָפּגעלאָזט סאַבינעס האַנט — הינטער דער טיר וועסטו זיך אונטערהערן?

— לאָזט אָפּ! לאָזט מיך אָפּ, הער וואַרמאַן! — האָט סאַבינע אויסגערופן. — קעגן מיין ווילן האָב איך געהערט אייער שמועס... אָבער גוט אַזוי... איך וועל קאָנען ראַטעווען דאָס לעבן פון אייער פרוי.

אַלעקסאַנדער האָט שנעל פאַרשלאָסן די טיר פון זיין קאַבינעט... דערנאָך האָט ער אַרויסגערוקט דעם שופלאָד פונעם שרייבטיש און אַרויסגענומען אַ ברויגינג.

ער האָט זיך דערנענטערט צו סאַבינען...

— פאַננאָ סאַבינע! — האָט ער אויסגערופן — דער דאָזיקער רעוואָלווער איז געלאָדן מיט זעקס קוילן... אויב איר וועט מיר נישט צושווערן, אַז איר וועט קיינעם נישט דערציילן קיין וואָרט, וואָס איר האָט דאָ געהערט, דאַן וועלן מיר אַלע דריי דאָ ליגן טויטע...

סאַבינען איז אַ שוידער אַדורך דורכן גאַנצן לייב.

— איך וועל אייך צושווערן — האָט זי געענטפערט. — אָבער... אָבער וואָס?

— נאָר מיט איין באַדינג... אויב אייער פרוי וועט גאָרנישט געשען.

אַלעקסאַנדער האָט זיך איבערגעקוקט מיט פּעלען, וועלכע האָט אַ לייכטן טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ”...

— גוט! — האָט אַלעקסאַנדער איינגעשטימט. — שווערט איבער דיביינער פון אייער פאַרשטאָרבענער מוטער...

סאַבינע האָט זיך געקווענקלט... אָבער אַלעקסאַנדער האָט צו

איר אויסגעשטרעקט דעם געלאָדענעם רעוואָלווער.

סאַבינע האָט געשווירן.

אַלעקסאַנדער האָט אויפגעשלאָסן די טיר און סאַבינע איז צוריק אַוועק אין צימער פון דער קראַנקער.

אַ ווײַלע איז דאָס פאַרברעכערישע פּאָרל געזעסן שטום און אומבאַוועגלעך... ענדלעך האָט פּעלע זיך אויפגעשטעלט.

— ווו גייסטו? — האָט אַלעקסאַנדער געפרעגט.

— איינפּאַקן מײַנע זאַכן.

—וואָ־אָס?

— וואָס האָב איך שוין דאָ וואָס צו טאָן? ווער ווייסט, צי סאַבינע וועט האַלטן דעם סוד. אַ חוץ דעם, איז וואָס דײַן פּרוּווּ זאָל נישט געשען, וועט זי אונדז חושד זײַן.

— דער טײַוול האָט זי דאָ אָנגעטראָגן, די דאָזיקע סאבינע! — האָט אַלעקסאַנדער אויסגערופן מיט צאָרן. — אויב זי וועט זיך שטעלן אויפן וועג פון אונדזער ליבע... וועל איך זי שיקן אויף יענער וועלט.

פּעלע האָט זיך צו אים צוגעטוליעט.

— זי שטייט אונדז אין וועג. זי וואַכט איבער איזאַבעלן...

— האָט זי געשעפּטשעט. — ווי לאַנג מיר וועלן נישט איר פּטור ווערן, וועט איזאַבעלע נישט שטאַרבן.

אַלעקסאַנדער האָט זי צוגעצויגן צו דער קאַנאַפּע און אַרומגעקלאַמערט זי בײַ דער טאַליע.

צונויפגעטוליעטע האָבן זיי אַרומגערעדט זייער בייעם פאַרברעכערישן פּלאַן.

קאַפּיטל הונדערט פּערצן

## דאָס אומגעריכטע באַגעגעניש

דער טאָג איז געווען אַ שײַנער און זוניקער.

ליזע האָט זיך מער נישט געקאָנט אײַנהאַלטן נישט אַראָפּצוגיין אַביסל.

זי פּלעגט פאַרלאָזן דאָס הויז בלויז זעלטן.

# סאבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

**נומער 91**

כאַטש אין שטוב האָט זי זיך צוגעוווינט צו איר מענער-ראָלע, פלעגט זי אָבער באַפאַלן אַ שעמעוודיקייט, ווען זי פלעגט אַראָפּ־גיין אויף דער גאַס...

דער רייך פונעם לויטערן זוניקן הימל איז אָבער געווען צו שטאַרק און ליזע האָט באַשלאָסן היינט אַליין אָפּצוטראָגן איר בריוו אויף דער פּאָסט.

אָפּגעגעבן דעם בריוו, האָט זי אַביסל גענומען זיך איבער-שפּאַצירן איבער דער גאַס.

פּלוצלינג איז ליזע געבליבן שטיין און אירע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט פון איבעראַשונג.

אַקעגן איר איז געגאַנגען אַ יונגע שיינע פרוי, די דאָזיקע פרוי איז ליזען געווען שטאַרק באַקאַנט. זי האָט זיך אָבער נישט געקאָנט דערמאָנען ווער זי איז און פונוואַנען זי קען זי.

ערשט ווען די יונגע פרוי האָט זיך צו איר דערנענטערט — האָט ליזע זיך פּלוצלינג דערמאָנט.

„אידע זשעלעכאָווסקא !"...

אידע איז געווען אירע אַ שול־קאָלעזשאַנקע.

פון גרויס איבעראַשונג האָט ליזע גאָר פאַרגעסן, אַז זי גייט אָנגעטון אין מענער-קליידער...

זי איז שנעל אַקעגנגעגאַנגען אידען דערפרייט און אַ צע־שמייכלטע.

אידע האָט זיך אָפּגעקערט פון איר...

אָבער ווען דער יונגערמאַן האָט מיט אַ שטים, וואָס האָט גע־ציטערט פון פרייד, זי אָנגערופן ביים נאָמען — האָט אידע אָנגע־קוקט ליזען אַ פאַרווונדעטע...

— ענטשולדיקט, מסיע, איך קאָן אייך נישט... — האָט זי אַ זאָג געטון אַ צעטומלטע.

אָבער ליזע האָט איבערגעריסן אירע רייד:

ס'איז נישט קיין ווונדער וואָס דו דערקענסט מיך נישט... אין די מענער־קליידער... איך בין ליזע...

— אַך!... — האָט זי אויסגערופן און געדריקט ליזעס האַנט.

— אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגעת זיך צו פאַרקליידן פאַר אַ מאַן ?...

— קום אַרויף צו מיר, וועל איך דיר אַלץ אויפקלערן... —

האָט ליזע געענטפערט.

זיי זענען אַרויף אין ליזעס צימער אין דער וווינונג פון די רעדאָס.

לאַנג האָבןביידע פריינדינס איינע דער אַנדערער דערציילט די געשיכטע פון זייער לעבן...

ווען ליזע האָט פאַרענדיקט איר דערציילונג וועגן אירע שווערע איבערלעבונגען אין די לעצטע חדשים, האָבן ביידע פריינדינס זיך הערצלעך אַרומגענומען...

ווי האָט עס ליזען געקאָנט איינפאַלן, אַז הינטער דער טיר שטייט לוסיל און שפירט נאָך איר יעדע באַוועגונג דורכן שליי־סל-לאָך?...

לוסיל איז טויט־בלאַס געוואָרן... איר מויל האָט זיך פאַר־קרומט פון צאָרן... די אייפערזוכט האָט געפרעסט איר האַרץ, ווי זשאַווער...

„אצטער־ פאַרשטיי איך שוין, פאַרוואָס זשאַק איז אַזוי גלייכ־גילטיק צו מיר"... — האָט לוסיל געטראַכט.

וואָס זיי האָבן אינעווייניק גערעדט, האָט לוסיל נישט פאַר־שטאַנען קיין וואָרט, ווייל זיי האָבן גערעדט אין אַ שפּראַך, וועל־כע זי האָט נישט פאַרשטאַנען...

„איצטער זע איך, אַז זשאַק איז טאַקע דער פאַרברעכער אַדאַם שטיינזאַלץ"... — האָט לוסיל באַשלאָסן.

אויף די שפּיץ-פינגער איז לוסיל אַרויס פון קאָרידאָר און אַריין אין איר צימער. זי האָט געכאַפּט אויף זיך איר מאַנטל און הוט און איז אַרויס אין גאַס.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי געווען אין פּאָליציי־אַמט...

— מסיע קאָמיסאַר! — האָט זי זיך געווענדעט צום דיזשו־רנדיקן פּאָליציי־קאָמיסאַר, — איך בין געקומען אייך אינפאָרמירן וועגן אַ געפערלעכן פאַרברעכער...

— ביטע. זיצט — האָט דער קאָמיסאַר געזאָגט. — ווי הייסט ער?

— אַדאַם שטיינזאַלץ...

דער קאָמיסאַר האָט אַרויסגענומען אַ פּאַק מיט דאָקומענטן און אָנגעהויבן בלעטערן אין זיי.

— שטיין... שטיינער... שטיינזאַלץ... שטיינזאַלץ אַדאַם...

המ... מ׳האָט שוין געכאַפּט אויף דער פּוילישער גרענעץ...
— אָבער יענער איז נישט דער אמתער... — האָט לויסל אויסגערופן — דער אמתער שטיינזאַלץ איז דאָ ביי מיר אין דער היים...
— ביטע, דערציילט... — האָט דער קאָמיסאַר זיך פאַראינ־טערעסירט.
לוסיל האָט דאַן דערציילט די גאַנצע געשיכטע וועגן דעם געהיימען „יונגערמאַן", וואָס איז אָנגעקומען אַלס סעקרעטאַר צו איר מאַן...
ווען זי האָט אים ענדלעך דערציילט וועגן די וויזיט-קאַרטן און פּאַפּירן, וואָס זי האָט געפונען אויף ליזעס שרייבטיש, האָט דער קאָמיסאַר פלוצלינג זיך אָנגערופן:
ענטשולדיקט, מאַדאַם! מיט וועלכע רעכט האָט איר דורכגע־פירט אַ רעוויזיע אין דעם „יונגערמאַנס צימער ?...
לויסל איז רויט געוואָרן, ווי פייער...
— ווייל... ווייל... מסיע קאָמיסאַר... ווייל.. איך האָב געוואָלט וויסן, ווער עס געפינט זיך ביי מיר. — האָט לוסיל געשטאַמלט.
— אין היינטיקע צייטן... מוז מען זיין פּאַרזיכטיק...
— און פאַרוואָס האָט איר באַלד נישט געמאָלדן דער פּאָ־ליציי ?...
לוסילן האָט אַ קאַלטער שווייס אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן... עס האָט איר שוין באַנק געטון די גאַנצע געשיכטע...
„כ׳האָב זיך דאָ גוט אַריינגעדרייט"... — האָט זי געטראַכט.
— ווייל... ווייל... — האָט זי געשטאַמלט — דער דאָזיקער יונגערמאַן מאַכט זער אַ סימפּאַטישן איינדרוק... האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן... אָבער איצט...
— וואָס איז איצט געשען ?... — האָט דער פּאָליציימאַן גע־פרעגט און זי דורכגעבויערט מיט זיין שאַרפן בליק.
— ער האָט זיך אַריינגענומען עפּעס אַ פרוי צו מיר אין שטוב... איך האָב אַליין געזען, ווי ער האָט זי אַרומגענומען...
— איר האָט אַליין געזען ?... ער האָט עס געטאָן אין אייער אָנוועזנהייט ?...
לוסיל איז שוין איצט אינגאַנצן צעטומלט געווען...
— ניין... ב יי זיך אין צימער — האָט זי געשטאַמלט — איך

האָב עס געזעגן דורכן שליסל-לאָך...
געטאָן... ער האָט שוין פאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך...
דער דורכגעטריבענער פּאָליציי־מאַן האָט אַ לייכטן שמייכל
„די אײפערזיכט ליגט איר אויף דער נאָז"... — האָט ער
פונדעסטוועגן האָט אים די געשיכטע מיטן אומבאַקאַנטן יונ-
געטראַכט.
גערמאַן זיך אויסגעוויזן פאַרדעכטיק.
— מיר וועלן זיך דערמיט פאַראינטערעסירן... — האָט ער
געזאָגט צו לוסילן. — געפינט זיך איצט דער זשאַק דאַנעי ביי אייך
אין דער היים?
— יאָ...
— אין אייניקע מינוט אַרום וועלן ביי אייך זיין מיינע
מענטשן...
לוסיל איז אַהיימגעגאַנגען אַ מונטערע און פריילעכע...
ווען זי איז אָנגעקומען אַהיים, איז „זשאַק" שוין געזעסן ביי
זיין אַרבעט אין קאַבינעט.
לוסיל געטראַכט. — „זי וואָלט אויך מיט אים מיטגעגאַנגען אין
„אַ שאַד, וואָס זיין געליבטע איז שוין אַוועק"... — האָט
ליזע איז איצט געזעסן ביי איר אַרבעט אַ שמייכלדיקע און אַ
תפיסה אַריין"...
צופרידענע. זי איז פול געוועזן מיט נייע האָפענונגען.
זי האָט געהאַט אָפּגעשמועסט מיט איר פריינדין אידע, אַז
נאָך היינט וועט זי זיך אָפּזאָגן פון איר פּאָסטן ביי מסיע רעדאָ און
זיך אַריינציען צו אידען.
זי וועט זיך צוריק איבערטאָן אין פרויען־קליידער און ווידער
ווערן ליזע גליקסאָן...
אידעס מאַן איז געוועזן אַ פאַרמעגלעכער מענטש.
— מיין מאַן וועט דיר אויסבאָרגן אויף הוצאות אַהיים און
אַלץ וועט נאָך ווערן גוט... — האָט אידע געזאָגט. — אַדאָלף
מאָרגענטאַל וועט זיך סוף כל סוף איבערצייגן אין דיין אומשולד
און דו וועסט ווערן זיין פרוי...
פאַר ליזעס אויגן האָבן איצט געשוועבט פאַנטאַסטישע ביל-
דער פון אַ גליקלעכער צוקונפט...
„אין גיכן וועל איך קאָנען צודריקן צו מיין ברוסט מיין טייערן

לאַלעק" — האָט זי פֿאַנטאַזירט.

וועגן אַדאָלפֿן האָט זי גאָרנישט געוואָלט טראַכטן, ווייל עס האָט איר אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ...

„אַך! איז דאָס מעגלעך, אַז איך זאָל נאָך פֿילן די אומאַרמונג פֿון זיינע אָרעמס?"...

זי האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויפֿן אָוונט, ווען זי וועט ערקלערן מסיע רעדאַ, אַז זי פֿאַרלאָזט איר פּאָסטן ביי אים.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שאַרפֿער קלונג פֿונעם טיר־גלעקל... די טיר האָט זיך געעפֿנט און עס האָבן זיך דערהערט הויכע מענלעכע שטימען...

— ער איז דאָ... — האָט זיך דערהערט לוסילס שטימע, — ביטע, גייט אַריין אין קאַבינעט.

באַלד האָבן זיך באַוויזן דריי פּאָליציאַנטן מיט אַ פּאָליציי־עלטסטן... הינטער זיי איז געשטאַנען לוסיל.

— אַ גוט מאָרגן אייך, מיסטער שטיינזאַלץ!... — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער אויסגערופֿן. — מיר לאַדן אייך איין אין פּאָ-ליציי-אַמט...

ליזע איז טויט־בלאַס געוואָרן...

— וועגן וואָס האַנדלט זיך עס? — האָט זי געפֿרעגט מיט אַ ציטערנדיקער שטים. — איך הייס נישט שטיינזאַלץ...

— נו־נו... — האָט דער פּאָליציי-עלטסטער שפּאָטיש גע־שמייכלט. — מאַכט נישט קיין אָנשטעל... אייערע דאָקומענטן!...

ליזע האָט אַ ציטער געטאָן...

„דאָקומענטן?"... — האָט זי געטראַכט מיט שרעק — „פֿון וואַנען זאָל איך האָבן דאָקומענטן?... מיינע אמתע דאָקומענטן זענען דאָך געבליבן אין מאַדאַם מאַרזשעטס „רויטער בלום"...

„און זשאַק דאַנעי" האָט דאָך אינגאַנצן נישט קיין דאָקו-מענטן"...

זי האָט געציטערט אינגאַנצן פֿון שרעק...

דאָס האָט אַרויסגערופֿן ביי דער פּאָליציי נאָך אַ גרעסערן פֿאַרדאַכט.

„דעם אמתן פֿויגל געפּאַקט"... — האָבן זיי געטראַכט.

— קומט! — האָט דער פּאָליציי־עלטסטער שטרענג באַ־פוילן. — אין פּאָליציי־אַמט וועט איר שוין זאָגן ווער איר זענט!...
ער האָט אַרויפגעלייגט אַ שווערע האַנט אויף ליזעס אַקסל... ליזע האָט זיך דאַן אויסגעדרייט צו לוסילן.
— טייערע מאַדאַם רעדאַ! — האָט זי אויסגערופן — ער־קלערט איר די דאָזיקע מענטשן, אַז איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש, אַז...
— וואָס ווילט איר פון מיר?... — האָט לוסיל זיך אָפּגע־טרייסלט פון איר. — נאָר ג ווט וואָס איר זענט דעמאַסקירט גע־וואָרן... ווער ווייס, וואָס איר וואָלט מיר דאָ אָפּגעטאָן פאַר מיין גאַסטפרייַנטלעכקייט...
ליזע האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער איינער פון די פּאָליציאַנטן האָט זי פעסט אַ נעם געטאָן פאַרן אָרעם און זי אַרויסגעפירט.
צום אומגליק האָט ליזע פאַרגעסן צו פאַרניכטן יענע וויזיט־קאַרטן און פּאַפּירן... די פּאָליציי האָט זיי אויפגעזוכט און מיט־גענומען אַלס „זאַכלעכן באַווייז“...
אין פּאָליציי־אַמט האָט דער קאָמיסאַר זי אויפגענומען מיט אַ שטרענגער מינע...
— זאָגט דעם אמת! — האָט ער אויסגערופן. — איר זענט אַדאַם שטיינזאַלץ...
— ניין!... — האָט ליזע געענטפערט.
— טאָ פון וואַנען קומען צו אייך די דאָזיקע פּאַפּירן?...
ליזע האָט זיך צעוויינט...
— איך ווייס נישט פון וואַנען די דאָזיקע פּאַפּירן קומען צו מיר...
— און ווו האָט איר אייערע דאָקומענטן?...
— איך וועל אייך זאָגן דעם גאַנצן אמת... — האָט ליזע גע־ענטפערט. — אָבער נאָר אונטער פיר אויגן...
דער קאָמיסאַר האָט אַ ווונק געטאָן צו די אַנוועזנדע פּאָ־ליציי־לייט און זיי זענען אַרויס פונעם צימער.
— איך בין נישט קיין פאַרברעכער... האָט ליזע געכליפּעט — מיין אמתן נאָמען האָב איך פריער נישט געקאָנט אָנגעבן, ווייל... ווייל... איך בין... אַ פרוי.

דעם קאַמיסאַרס אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט פון פאַר־וווּנדערונג...

— אַזוי גאָר ?... טאָ פּאַרוואָס... — ער האָט פון גרויס איבער־ראַשונג נישט געקאָנט פאַרענדיקן זיינע רייד...

ליזע האָט דאַן דערציילט דעם קאַמיסאַר די גאַנצע געשיכטע מיט מאַדאַם מאַרזשעט, ווי זי איז אַריינגעפאַלן אין דער „רויטער בלום" און פון דאָרט אַנטלאָפן.

— אין דעם מענער־אַנצוג, וועלכן איך האָב דאָרט צופעליק געפונען אין שאַנק, זענען געלעגן די דאָזיקע פּאַפּירן אויפן נאָמען פון אַדאָם שטיינזאַלץ... — האָט זי פאַרענדיקט איר דערציילונג.

— המ... המ... מאַדנע.. — האָט דער קאַמיסאַר געזאָגט. — הייסט עס, אַז אַדאָם שטיינזאַלץ האָט פאַרברענגט אין דער „רויטער בלום"... דאָרט האָט ער איבערגעלאָזט זיין אַנצוג... אַנטשולדיקט אַ ווײַלע...

דער קאַמיסאַר איז אויף אַ ווײַלע אַרויס פון קאַבינעט, באַלד איז ער צוריק אַריינגעקומען.

— איר וועט אַזוי גוט זיין און צוואַרטן אַ ביסל, מאַדאַם! — האָט ער געזאָגט צו ליזען. — באַלד וועט אַלץ אויפגעקלערט ווערן...

ביי אַ האַלבער שעה האָט ליזע געוואַרט...

ענדלעך איז אַריינגעקומען אַ פּאָליציאַנט און עפּעס געמאָלדן דעם קאַמיסאַר.

— זאָל זי אַריינגיין! — האָט דער קאַמיסאַר באַפוילן.

די טיר האָט זיך געעפנט און ליזעס געזיכט איז טויט־בלאַס געוואָרן...

אויף דער שוועל איז געשטאַנען — מאַדאַם מאַרזשעט...

באַלד נאָך ליזעס אַנטלויפן פון דער „רויטער בלום" האָט מאַדאַם מאַרזשעט זיך געהאַט געווענדעט צו דער פּאָליציי, אַז ליזע איז פון איר אַנטלאָפן און שולדיק געבליבן געלט...

ווען זי האָט דערזען ליזען אַ פאַרקליידעטע אין מענער-קליי־דער, האָבן אירע אויגן פריידיק אויפגעלויכטן...

— אַזוי... האָט זי געזאָגט מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע. — איר האָט געכאַפּט דאָס פייגעלע...

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם מאַרזשעט! — האָט דער קאַמיסאַר

שטרענג געזאָגט. — מאַדאַם גליקסאָן ערקלערט, אַז איר האָט זי פאַרנאַרט אין אייער אַנשטאַלט...

מאַדאַם מאַרזשעט איז רויט געוואָרן פון צאָרן...

— וואָס? — האָט זי געשריגן — מסיע קאָמיסאַר! איר ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פאַראַ מין פרויען עס געפינען זיך אין מיין אַנשטאַלט... אויף די רייד פון אַזאַ פרוי קאָן מען זיך נישט שטיצן...

— הייסט עס, אַז איר האָט זי נישט אַריינגענאַרט?

— אויף די קני איז זי געפאַלן און מיך געבעטן... זי וואָלט געפגרט פון הונגער, ווען איך נעם זי נישט אַריין אין מיין אַנשטאַלט...

— פאַרוואָס-זשע איז זי אַנטלאָפן?...

— זי האָט זיך אָנגעפרעסן, אויסגעפּאַשעט, האָט זי זיך באַטראַכט, אַז פאַר זיך וועט זי בעסער פאַרדינען... זאָל זי מיר באַצאָלן, וואָס מיר קומט, און זאָל זי גיין וווּ זי וויל...

ליזע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער דער קאָמיסאַר האָט איר אַ ווונק געטאָן, אַז זי זאָל שווייגן.

איצט האָט דער קאָמיסאַר גענומען אויספרעגן מאַדאַם מאַרזשעט וועגן דער געשיכטע מיט אַדאַשעס אַנטלויפן.

מאַדאַם מאַרזשעט האָט דאַן דערציילט דעם אמת וועגן דעם געהיימניספולן גאַסט, וועלכער איז אַנטלאָפן אין פרויען־קליידער.

איצט איז שוין קלאָר געווען, אַז ליזע האָט מיט אַדאַשן קיין שום געשעפטן נישט געהאַט.

— אַלזאָ, מאַדאַם גליקסאָן! — האָט דער קאָמיסאַר זיך אָנגערופן. — אָדער איר גיט אָפּ דער מאַדאַם מאַרזשעט אירע קאָסטן, אָדער איר קערט זיך אום אין דער „רויטער בלום”...

— אָבער איך בין דאָך דאָרט אַהין פאַרנאַרט געוואָרן!... — האָט ליזע אויסגערופן מיט פאַרצווייפלונג.

— צי קאָנט איר דאָס באַווייזן?... — האָט דער קאָמיסאַר געפרעגט.

ליזע איז געווען שרעקלעך פאַרצווייפלט.

„וואָס טוט מען?... וואָס טוט מען?... האָט זי געטראַכט. זי האָט געוויינט, געבעטן זיך, אָבער אָן רעזולטאַט.

מאַדאַם מאַרזשעט האָט געקוקט אויף איר מיט אַ ציניש שמייכעלע...

„ווארט"... — האט דאס שמייכעלע געזאגט. — „איך וועל דיר שוין פאר אלעם באצאלן"...

אבער פלוצלונג האבן ליזעס אויגן אויפגעלויכטן...

„אידע... אידע זשעלעכאווסקא"... — האט זי א טראכט געטאן, — „אידע וועט מיך ארויסראטעווען"...

— מסיע קאמיסאר! —האט ליזע אויסגערופן. — איך האב א פריינדין דא אין מארסעל, זי וועט באצאלן פאר מיר...

זי האט אנגעגעבן דעם קאמיסאר דעם נומער פון אידעס טעלעפאן.

— ביטע, קלינגט אליין אן צו איר... — האט דער קאמיסאר געזאגט מיט אומצוטרוי.

ווער איז אומשטאנד צו דערציילן און איבערגעבן ליזעס פרייד, ווען זי האט דערהערט אינעם טעלעפאן־טרייבל אידעס שטימע... זי האט זיך אזש צעכליפעט...

— אידע... אידעשי טייערע!... דא רעדט ליזע... קום שוין אין פאליציי־אמט... איך בין ארעסטירט... מען וויל מיך נישט אפלאזן, ביז איך וועל אפצאלן א חוב פון פינף הונדערט פראנק...

עס איז נישט אריבער קיין פופצן מינוט און אידע האט זיך באוויזן אין פאליציי-אמט...

— ציי קענט איר די דאזיקע פערזאן? — האט דער קאמיסאר געפרעגט און אנגעוויזן אויף ליזען.

— געוויס... דאס איז מיין פריינדין און שול-קאלעזשאנקע ליזע גליקסאן. זי האט זיך געמוזט פארקליידן אין מענער־קליידער, כדי צו אנטלויפן פונעם שאנד־הויז, וווהין עס האט זי פארפירט א געמיינע פרוי...

מאדאם מארזשעט האט זיך אנגעבלאזן ווי אן אינדיטשקע...

— ווי וואגט איר דאס?... האט זי זיך צעבייזערט. — די דאזיקע מויד האט זיך געבעטן ביי מיר מיט טרערן אין די אויגן...

— דאס וועלן מיר שפעטער זען!... — האט דער קאמיסאר איבערגעריסן אירע רייד. — מאדאם! — האט ער זיך געווענדעט צו אידען — זענט איר גרייט צו באצאלן דעם חוב פאר אייער פריינדין?

— געוויס, געוויס, מסיע קאמיסאר! — האט אידע געזאגט

און ה אָט דערלאַנגט דעם קאָמיסאַר פינף הונדערט פראַנק.

— מאַדאַם מאַרזשעט! — האָט דער קאָמיסאַר אויסגערופן — אין פאַרלויף פון דריי טעג מוזט איר מיר צושטעלן אַ גענויען רעכענונג, ווען איר באַקומען דאָס געלט... איר קאָנט שוין גיין!

— און אייך, מאַדאַם, — האָט דער קאָמיסאַר זיך געווענדעט צו ליזען, — ראָט איך וואָס שנעלער אַראָפּוואַרפן פון זיך די מענער-קליידער, אַז פרויען זאָלן זיך אין אייך נישט פאַרליבן און מסרן אייך צוליב אייפערזוכט...

מאַדאַם מאַרזשעט איז אַרויס.

איצט ערשט איז פאַר ליזען קלאָר געוואָרן די געשיכטע מיט איר אַרעסט...

אין אַ ווײַלע אַרום איז ליזע שוין געווען ביי אידען אין דער וווינונג, אַן איבערגעטוענע אין פרויען־קליידער...

— — —

לוסיל האָט דערווייל געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז איר מאַן זאָל שוין אַהיימקומען. זי האָט אים געוואָלט דערציילן דאָס סענ־סאַציאָנעלע נייעס...

ווען מסיע רעדאָ איז ענדלעך אַהיימגעקומען און ער האָט זיך געזעצט צום טיש מיט לוסילן צו דער קאָלאַציע, האָט ער זיך געוווּנדערט, וואָס „זשאַק" איז נישטאָ ביים טיש.

— ווו איז זשאַק? — האָט ער געפרעגט.

— מיט אייניקע שעה צוריק איז ער אַרעסטירט געוואָרן...

— אַרעסטירט געוואָרן?...

— עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער שטילער יונ־גערמאַן איז נישט קיין אַנדערער, ווי דער אַפּעריסט אַדאַם שטיינ־זאַלץ...

— וואָ—אָס?... ווי פאַלסטו אויס?... אַן אָנשטענדיקער יונ־גערמאַן...

— אַן אָנשטענדיקער... — האָט לוסיל זיך שוין צעבייזערט. — שיין אָנשטענדיק, אַז איך האָב אַליין געזען, ווי ער האָט זיך געקושט מיט עפּעס אַ מויד, וואָס ער האָט זיך דאָ אַרויפגענומען...

— אין דיין אָנוועזנהייט?...

„צום טייוול!... — האָט לוסיל געטראַכט — „שוין צום צווייטן מאָל, ווי איך פאַרפּלאָנטער זיך היינט"...

— ניין... נישט אין מיין אָנוועזנהייט... ביי זיך אין צימער... — האָט לוסיל געשטאַמלט — איך האָב געזען, אַז ער אַרבעט נישט, האָב איך געוואָלט אַ קוק טאָן אין זיין צימער...

— נו? האָסטו נישט אָנגעקלאַפּט, איידער דו ביסט אַריין?...

— כ'האָב געהערט הינטער דער טיר די שטים פון אַ פרוי, האָב איך אַריינגעקוקט דורכן שליסל־לאָך... ער האָט געהאַלטן אַרומגעאָרעמט אַן אומבאַקאַנטע פרוי און זיך מיט איר געקושט...

— איז דעריבער האָט מען אים אַרעסטירט?... פון וואַנען האָט מען זיך דערוווסט, אַז ער איז אַדאַם שטיינזאַלץ?...

לוסיל איז ווידער צעטומלט געוואָרן...

— די דאָזיקע פרוי האָט אים אָנגערופן „אַדאַם שטיינ־זאַלץ"... ווען איך האָב דאָס דערהערט האָב איך געמאָלדן אין דער פּאָליציי...

מסיע רעדאָ האָט געשוויגן... אָבער ס'איז קענטיק געווען אין זיין געזיכט, אַז זיין ווייבס זאָרגן פאַר דער גערעכטיקייט איז אים נישט איבעריק געפעלן...

— — —

ווען מסיע און מאַדאַם רעדאָ זענען אין עטלעכע טעג אַרום געזעסן ביים טיש און געגעסן קאָלאַציע — האָט עמעץ אָנגעקלונ־גען ביי דער טיר.

— אַ יונגע דאַמע, וואָס וויל נישט אָנגעבן איר נאָמען... — האָט דאָס שטוב־מיידל געמאָלדן.

מסיע און מאַדאַם רעדאָ האָבן זיך איבערגעקוקט פאַרוווּנ־דערטע.

— בעט זי אַריין! — האָט מסיע רעדאָ באַפוילן.

ווען אין דער טיר האָט זיך באַוויזן אַן עלעגאַנטע דאַמע, איז זייער פאַרוווּנדערונג נאָך גרעסער געוואָרן...

## קאַפּיטל הונדערט פופצן

# דער באַשווינדלטער שווינדלער...

סאַלאָמאָן וויינשטיין איז געווען אויף גרויסע צרות.

ער האָט טאַקע געהאַט אין זיינע הענט אַ דאָקומענט, אויף וועלכן מען האָט געקאָנט אַרויסגריגן אַ סך געלט, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין מיידל, וואָס זאָל שפּילן די ראָלע פון סאַבינען און אַרויסנעמען דאָס באַנק־ביכל.

צווישן זיינע אַלע באַקאַנטע מיידלעך האָט ער נישט געקאָנט געפינען קיין איינע, וואָס זאָל דאָס וועלן טאָן.

אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו טאָן אַזאַ זאַך, ווייל זיי האָבן געוווסט, אַז דאָס שמעקט מיט יאָרן תפיסה.

מאַדאַם וויינשטיינס געשעפטן זענען אָבער דערווייל געגאַנגען גאָרנישט פויגלדיק און זי האָט סאַלאָמאָנען צוגעציילט דעם גראָשן...

אָבער סאַלאָמאָנען האָט זיך דאָך געוואָלט אַ לעב טאָן...

ער האָט דאַן אָן דער מוטערס וויסן פאַרקויפט זיין גאָלדענעם זייגער, וואָס איז אים געבליבן פונעם פאַרשטאָרבענעם פאָטער...

אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט פאָרן פאַר דער מוטערס וועגן קיין וואַרשע ערלעדיקן עפּעס פאַרן געשעפט, האָט ער באַשלאָסן די הוליאַנקע צו מאַכן אין וואַרשע...

ער איז אַריין אין איינעם פון די וואַרשעווער נאַכט־לאָקאַלן און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל.

באַלד האָט אַ שיינע קעלנערקע זיך דערנענטערט צו זיין טישל.

אָבער ווי נאָר זי איז צו אים צוגעקומען, האָבן אירע אויגן זיך צעעפנט פון פאַרוווּנדערונג.

— סאַלאָמאָן! — האָט זי אויסגערופן. — דו ביסט עס טאַקע?...

— וואָס טוסטו דאָ?...

סאַלאָמאָן האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און זיך דערפרייט.

— אַ! העלאַ!... — וואָס מאַכסטו עפּעס!...

העלאַ איז געווען אַ טאָכטער פון אַ שיינער בעל־הבית׳שער

היים אין לובלין. זי איז אָבער געווען אַ ליידנשאַפטלעכע נאַטור און דאָס האָט זי אַראָפּגעפירט אויף קרומע וועגן...

אַ געווויסע צייט איז זי געווען סאַלאָמאָנס געליבטע...

איין מאָל האָט זי זיך באַקענט מיט אַן אַקטיאָר פון אַ וואַנדער־טרופּע און זי איז מיט אים מיטגעפאָרן...

דערנאָך האָט סאַלאָמאָן געהערט, אַז דער אַקטיאָר האָט זי נאָך אַ געוויסער צייט אַוועקגעוואָרפן און קיינער האָט נישט גע־וווסט, ווו זי איז ערגעץ אַהינגעקומען.

און אָט האָט ער זי איצט דאָ געטראָפן אַלס קעלנערקע אינעם דאָזיקן נאַכט־לאָקאַל.

סאַלאָמאָנען איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק:

„העלאַ איז ווי אָנגעמאָסטן צו שפּילן די ראָלע אַלס סאַבינע ביים אַרויסנעמען דאָס באַנק־ביכל...

— הער, העלאַ! — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט — איך האָב מיט דיר צו רעדן זייער אַ וויכטיקע זאַך. אָבער פריער דערלאַנג אַהער אַ פלעשל שאַמפּאַניער... מיר האָבן זיך דאָך שוין אַזוי לאַנג נישט געזען טאָ לאָמיר אויסטרינקען.

ווען העלאַ איז צוגעגאַנגען צום בופעט, האָט סאַלאָמאָן זיך אויך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט און דאָרט צוגעגאַנגען.

— פראָשען פּאַני! — האָט ער זיך געווענדעט צו דער אייגנ־טימערין — איך וויל, אַז די דאָזיקע קעלנערין זאָל היינטיקן אָוונט באַדינען נאָר מיך אַליין...

— ביטע... ביטע זייער... — האָט די אייגנטימערין איינגע־שטימט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וועט נישט דערלייגן דערצו...

ווען זיי האָבן אויסגעליידיקט די ערשטע גלעזעלעך, האָט סאַ־לאָמאָן זיך אָנגערופן:

— ביסט נאָך אַלץ אַ שיין מיידל, העלאַ... דו ביסט ווערט אַ בעסער מזל...

די ווערטער האָבן געטראָפן העלאַן אין סאַמע האַרץ אַריין.

— יאָ, סאַלאָמאָן... — האָט זי געענטפערט. — איך בין שוין איין מאָל געשפּרונגען אין דער ווייסל אַריין, האָט מען מיך אָפּ־געראַטעוועט...

— טאָ הער, העלאַ! איך האָב פאַר דיר אַ פאָרשלאַג... דו

קאָנסט אין איין מינוט אויפגעריכט ווערן... דו קאָנסט מיט איין מאָל פאַרדינען צען טויזנט גילדן...

— צען טויזנט גילדן ?... דו מאַכסט חוזק, סאַלאָמאָן...

— איך רעד פולשטענדיק ערנסט. מיר קאָנען שוין מאַכן דאָס געשעפט, נאָר מיט איין באַדינג : דו זאָלסט מאַכן אַ שוויג... קיינער טאָר וועגן דעם נישט וויסן...

— איך וועל שווייגן, ווי אַ קבר... האָט העלאַ פאַרזיכערט.

סאַלאָמאָן האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער קאָן אים נישט אונטערהערן, דערנאָך האָט ער זיך צוגערוקט צו העלאַן.

— איך וויל בלויז פון דיר איין זאַך, — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט, — אַז דו זאָלסט אונטערשרייבן אַ קוויטונג אין אַ באַנק...

— און דערפאַר וועל איך קריגן צען טויזנט גילדן ?... אַזוי פיל איז ווערט דער אונטערשריפט „העלאַ געלמאַן" ?...

— המ... דו וועסט אונטערשרייבן, אָבער נישט דיין נאָמען, נאָר דעם נאָמען פון מיין געוועזענע כלה, וועלכע קאָן אַליין נישט גיין אין באַנק אַריין...

— אהאַ... אַזוי איז די געשיכטע... אָבער דו ווייסט, אַז דערפאַר קומט עטלעכע יאָר תפיסה ?...

— כאַ־כאַ־כאַ... — האָט סאַלאָמאָן זיך צעלאַכט, — וואָס דען ווילסטו ? אַז די צען טויזנט גילדן זאָלן דיר פון הימל אַראָפּפאַלן ?...

העלאַ האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

— גוט ! — האָט זי ענדלעך געזאָגט — סיי ווי האָב איך נישט וואָס צו פאַרלירן... אבי זיך אַרויסצוקריגן פונעם זומפּ... אויב, ווידער, איך וועל אַריינפאַלן, וועל איך נישט זיין איינזאַם... וועסטו מיט מיר מיטגיין...

סאַלאָמאָן האָט געמאַכט אַ קרומע מינע...

— צו וואָס זאָלן מיר רעדן פון נאַרישקייטן ?... לאָמיר בעסער נאָכאַמאָל אויסטרינקען...

אויסגעטרונקען, האָבן זיי אָפּגערעדט זיך צו באַגעגענען איבערמאָרגן, צוועלף אַ זייגער בייטאָג. דעמאָלט וועט ער איר ברענגען דעם דאָקומענט און זי וועט אַריינגיין אין באַנק נאָכן ביכל...

ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט העלאַן, באַצאָלט אַ שיינע מטבע

און איז אַרויס פונעם נאַכט־לאָקאַל.
ער איז גלייך אַוועק צו דער באַן.
זיין פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט שוין וואָס שנעלער געוואָלט זיין אין דער היים און דערציילן דער מוטער די בשורה וועגן זיין אָפּמאַך מיט העלאַן...

— — —

אַ ביסל שפּעטער איז אַ נייער גאַסט געקומען צו העלאַן אינעם נאַכט־לאָקאַל. דער דאָזיקער גאַסט איז געווען העלאַס „חתן", מיעטעק גרין.
מיעטעק איז געווען אַ שיינער יונג מיט ברענענדיקע אויגן... מיידלעך פלעגן חלשן פאַר זיינעם אַ שמייכל...
ס'איז דעריבער גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס ער פלעגט בייטן זיינע געליבטע ווי הענטשקעס...
איצט איז זיין געליבטע געווען העלאַ, וועלכע איז גרייט געווען פאַר אים אַוועקצוגעבן דאָס לעבן...
ווי נאָר סאַלאָמאָן האָט העלאַן פאָרגעלייגט דאָס שטיקל „אַר־בעט" — איז איר איינציקער געדאַנק געווען — מיעטעק...
„איצט וועל איך חתונה האָבן מיט מיעטעקן און מיר וועלן זיין גליקלעך"... — האָט זי פאַנטאַזירט.
זי האָט נישט לאַנג געוואַרט און באַלד דערציילט מיעטעקן די גאַנצע געשיכטע...
מיעטעקס אויגן האָבן אויפגעלויכטן...
פאַרטאָגס איז מיעטעק געגאַנגען צו איר אַהיים.
אויפן וועג האָט העלאַ אים איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע מיט אַלע איינצלהייטן.
— בראַוואָ!... בראַוואָ!... — האָט מיעטעק געזאָגט מיט פרייד.
— האַ, מיעטעק?... מיט צען טויזנט וועלן מיר קאָנען מאַכן אַ לעבן..
— צען טויזנט?... נאַרעלע דו?... פאַרוואָס נאָר צען טויזנט?...
— אַזוי האָב איך דאָך אָפּגעמאַכט מיט אים?...



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 92

— אָפּגעמאַכט... דו וועסט דאָך אַרויסנעמען דאָס באַנק־ביכל און נישט ער...

— נו, און אַז איך ?... אָבער איך קאָן דאָך נישט גלאַט אַזוי כאַפּן ?...

— ווער הייסט דיר דען כאַפּן ?... נעם געלאַסן... ער מעג און דו נישט ?...

ווען העלאַ האָט זיך שוין געפּונען מיט מיטעקן אין איר צימערל און האָט זיס געדרימלט אין זיין עאָרעמס — האָט זי געטרוימט אַ טרוים פון אַ רייך און שיין לעבן מיט איר געליבטן...

— — — —

ווען מאַדאַם וויינשטיין האָט דערזען איר זון אַזוי שנעל צו־ריקקומען פון וואַרשע, האָט זי באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט גלאַט...

— וואָס ביסטו עפּעס אַזוי שנעל צוריקגעקומען מייַן זון ?... — האָט זי זיך געוווּנדערט. — ביסט געווען אין וואַרשע און גאָר־נישט ?... האָסט דאָך מסתמא גאָרנישט באַוויזן קאַליע צו מאַכן קיין געלט ?...

מאַדאַם וויינשטיין האָט געקענט איר זון... זי האָט געוווּסט, אַז ער זאָל זיין אין וואַרשע און נישט קיין הוליע־טאָן איז גאָר־נישט קיין שטייגער...

סאַלאָמאָן האָט זיך צעשמייכלט.

— שטעל דיר פאָר, אַז איך האָב גראָד יאָ קאַליע געמאַכט אַ ביסל געלט... כ'האָב געטרונקען שאַמפּאַניער אין אַן ערשט־קלאַסיקן לאָקאַל...

מאַדאַם וויינשטיין איז רויט געוואָרן פון צאָרן...

— מיט עפּעס אַ מויד דאָרט האַ ?...

— אוי, אוי, מאַמע... ביסט דאָך אַן אמתע נביאה'טע !...

דאָס האָט שוין אַרויסגעברענגט די מאַדאַם וויינשטיין פון גע־דולד...

— דו... געמיינער יונג דו... — האָט זי זיך צעשריגן. — און דו דערוואַגסט זיך נאָך...

— נו־נו, מאַמע.. — האָט סאַלאָמאָן אַלץ ציניש געשמייכלט —

צו וואָס רעגסטו זיך אויף אומזיסט?... הער־אויס, מאַמע, איבער־מאָרגן וועל איך שוין האָבן סאַבינעס געלט...

— איך פאַרשטיי נישט... — האָט מאַדאַם וויינשטיין געזאָגט.

— נעכטן האָב איך זיך געטראָפן מיט העלאַן.

— וואָסער העלאַ ווידער?

— העלאַ געלמאַן.

— האָסטו זיך שוין ווידער געטראָפן מיט דער אויסגעלאַסענער מויד?...

— ס'איז אַ גרויס גליק, וואָס איך האָב זיך מיט איר געטראָפן...

— דיינע גליקן!...

— אָבער זי באַשטייט זיך אונטערצושרייבן אין דער באַנק... איך האָב איר צוגעזאָגט צען טויזנט גילדן.

מאַדאַם וויינשטיין איז אויפגעשפרונגען פון איר אָרט, ווי אַן אָפּגעבריטע...

— צען טויזנט גילדן?!... — האָט זי געשריגן און איז בלויז געוואָרן פון צאָרן. — ביסט משוגע געוואָרן, צי וואָס?... און פינף הונדערט איז ווייניק פאַר דער דאָזיקער מויד?...

— לאָז צורו מאַמע! זאָל זי אויך פאַרדינען... — האָט סאַלאָמאָן זי באַרואיקט. — אַזוי שווער האָבן מיר געאַרבעט אויפן דאָזיקן געלט?...

אָבער מאַדאַם וויינשטיין האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ פּלאַצט איר פאַר גרויס דריקעניש... זי איז אַרויס פון שטוב און בייז צוגעהאַקט די טיר...

— — — —

אין צוויי טעג אַרום, פונקט אַרום צוועלף אַ זייגער, האָט סאַלאָמאָן שוין געוואַרט אויפן אָפּגעשמועסטן אָרט אין וואַרשע.

העלאַ האָט שוין געוואַרט אויף אים...

סאַלאָמאָן האָט זיך מיט איר דערפרייט, ווי מיט אַן אייגענער שוועסטער...

— דאָ האָסטו דעם דאָקומענט — האָט סאַלאָמאָן געזאָגט און איר דערלאַנגט אַ קאָנווערט, ווו דער דאָקומענט איז געלעגן — גיי און נעם אַרויס דאָס ביכל. איך וועל אויף דיר וואַרטן אין

„פּיקאַדילי״...

העלאַ האָט גענומען דעם דאָקומענט און איז אַוועק.

באַלד אין דער צווייטער גאַס האָט שוין געוואַרט אויף איר — מיעטעק...

— נו ?... האָסט דעם דאָקומענט ?... — האָט ער געפרעגט מיט אַן אומרואיקער שטים.

העלאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ״ און אים דערלאַנגט דעם דאָקומענט.

— גוט... — האָט ער געזאָגט

אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין העלאַ געשטאַנען בײַ אַ פענצטערל אין דער באַנק... נאָכן אונטערשרײַבן עטלעכע פּאַפּירן, האָט זי אַרויסגעקריגן דאָס באַנק־ביכל...

זי איז אַרויסגעלאָפן פון דער באַנק און געאײַלט צו מיעטעקן, וועלכער האָט שוין געוואַרט אויף איר...

— דו האָסט ? — האָט מיעטעק געפרעגט.

— אָט האָסטו עס !...

זײ זענען באַלד אַוועק אַרויסנעמען דאָס געלט...

— — — —

סאַלאָמאָן איז דערווײַל געזעסן אין „פּיקאַדילי״ און געוואַרט. זײַן אומגעדולד איז כסדר געוואַקסן...

„אפשר זענען גראָד דאָ אַ סך אינטערעסאַנטן אין דער באַנק און זי מוז וואַרטן״... האָט ער זיך אַליין געטרייסט.

ער האָט גענומען אַ צײַטונג און געפּרוווט לייענען, כדי צו באַרואיקן די נערוון... אָבער די אותיות האָבן זיך צעטאַנצט, ווי שוואַרצע רייען קליינע שדימלעך...

ס׳איז אַריבער אַ האַלבע שעה, אַ שעה, אַנדערהאַלבן שעה, העלאַ איז נישט געקומען...

אין סאַלאָמאָנס קאָפּ האָבן זיך אָנגעהויבן פּלאָנטערן אומרואיקע געדאַנקען...

„אפשר האָט מען בײַ העלאַן געפאָדערט אַ פּאַס ?... ווער ווייס, צי זי איז נישט אַרײַנגעפאַלן״...

אַ קאַלטער שווייס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן בײַם דאָזיקן געדאַנק...

„אָבער ניין"... — האָט ער זיך אַליין באַרואיקט. — „ווען העלאַ זאָל אַריינפאַלן, וואָלט זי דאָך זיכער זיך פאַררופן אויף מיר און פּאָליציי וואָלט באַלד אַהערגעקומען"...

„טאָ וואָס־זשע זוימט זי זיך אַזוי לאַנג?"...

ער האָט אויף קיין איין מינוט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער טיר...

אָבער דער זייגער האָט שוין אויסגעשלאָגן דריי און העלאַ האָט זיך נישט באַוויזן...

„פיר אַ זייגער פאַרמאַכט מען די באַנק" — האָט ער געטראַכט. — „די שעה וועל איך שוין איבערוואַרטן"...

אָבער ווען דער זייגער האָט ענדלעך אויסגעשלאָגן פיר און העלאַ האָט זיך נישט באַוויזן, האָט סאַלאָמאָן פאַרשטאַנען, אַז ער האָט שוין נישט וואָס צו וואַרטן...

אַ בלאַסער, אַ געבויגענער, מיט אַ פאַרשוויצטן שטערן איז סאַלאָמאָן אַרויס פון „פּיקאַדילי".

„וואָס טוט מען?" — האָט סאַלאָמאָן געטראַכט מיט פאַרצווייפלונג.

„זאָל איך גיין אין דער באַנק אַריין געוואָר ווערן?"

„אָבער דאָס וועט אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט"...

„מעלדן אין דער פּאָליציי?"...

„אַך! דאָס וואָלט געהייסן קריכן צום לייב אין מויל אַריין"...

„מען מוז וואַרטן ביז נאַכט" — האָט ער ענדלעך באַשלאָסן. — „ביינאַכט וועל איך זי דאָך מסתמא טרעפן אין יענעם נאַכט־לאָקאַל".

„און ווען אַפילו נישט, וועל איך זיך דאָרט דערוויסן איר אַדרעס".

אַ פאַרצערטער, אַ פאַרזאָרגטער האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די וואַרשעווער גאַסן, ביז עס איז ענדלעך צוגעפאַלן דער אָוונט.

דאַן איז ער אַוועק אינעם נאַכט־לאָקאַל.

העלאַ איז דאָרט נישט געווען...

— זי איז היינט נישט געקומען צו דער אַרבעט... — האָט מען אים געענטפערט. — זי האָט פריער גאָרנישט געמאָלדן וועגן

דעם...

ער האָט דאָרט גענומען איר אַדרעס און הענדום־פּענדום געלאָפן צו איר אַהיים. ז

אָבער אויך דאָ האָט ער העלאַן נישט געטראָפן.

— העלאַ האָט זיך נעכטן אַרויסגעצויגן פון דער דירה... — האָט מען איס דאָרט ערקלערט. — זי האָט געקריגן אַ פּאָסטן אויף דער פּראָווינץ...

— אין וועלכער שטאָט?

— דאָס האָט זי נישט געזאָגט... איר חתן האָט פאַרפּאַקט די זאַכן און זיי זענען אַוועק צו דער באַן...

איצט האָט שוין סאַלאָמאָן געזען אַז די בראָך איז פאַרטיק...

ער איז בלאַס געוואָרן ווי דער טויט...

די פיס האָבן געציטערט אונטער אים...

— ס'איז אייך נישט גוט?... — האָט די בעל־הבית'טע פון דער דירה אַ פרעג געטאָן. — אפשר אַ ביסל וואַסער?...

— ניין... אַ דאַנק... — האָט סאַלאָמאָן געשטאַמלט און זיך אָנגעשפּאַרט אין דער טיר, אַז ער זאָל נישט אומפאַלן...

די בעל־הבית'טע האָט אים אונטערגעטראָגן אַ שטול.

— זעצט אייך... זעצט אייך... — האָט זי געזאָגט. — די דאָזיקע העלאַ האָט שוין נישט איין יונגערמאַן דעם קאָפּ פאַרדרייט... נאָר דעם דאָזיקן מיטעטקן גרין ליבט זי, דאַכט זיך, אויף אַן אמת...

„ער הייסט, אַלזאָ, מיטעטק גרין, דער פאַרשוין, וואָס האָט אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט סאַבינעס געלט"... — האָט סאַלאָמאָן געטראַכט.

„אָך! ווען איך קריג אים אָן אין מיינע הענט אַריין!"...

אַ פאַרצווייפלטער אַ בייזער און אַ פאַרשעמטער איז סאַלאָמאָן צוריק אַראָפּ אויף דער גאַס.

„אָך! וואָס פאַראַ אידיאָט איך בין!"... — האָט ער זיך אַליין פאָרגעוואָרפן אין געדאַנק. — „איך האָב גענומען אַזאַ פאַרמעגן און אָנפאַרטרויט עפּעס אַן אויסגעלאַסענע מויד!"...

„אייזל־קאָפּ!"... — האָט ער זיך אַליין געזידלט. — „בהמה דו!"...

ער האָט זיך נאָך אַרומגעשלעפּט עטלעכע שעה איבער די

ווארשעווער גאַסן און יעדע בלאָנדינקע, וואָס ער פלעגט דערזען פון דערווייטנס, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עס איז העלאַ...
אַ צעבראָכענער, אַ דערשלאָגענער, איז ער אַוועק צו דער באַן און צוריקגעפאָרן קיין לובלין...

— — — —

ווען מאַדאַם ווייַנשטיין האָט דערזען דורכן פענצטער איר זון, איז זי אים אַקעגנגעלאָפן מיט אַן אומבאַשרייבלעכער פרייד...
זי איז אַ גאַנצן טאָג געווען אויפגערעגט אויפן העכסטן גראַד. זי האָט שוין אויסגעקוקט דעם זון מיט דער גרעסטער געשפּאַנט־קייט...
„עס זאָל נאָר חלילה קיין אומגליק נישט געשען... ער זאָל נאָר נישט אַרייַפאַלן"... — האָט זי געטראַכט מיט האַרץ־קלאַפּעניש...
אָבער די שעהן האָבן זיך געצויגן, ווי גאַנצע אייביקייטן — סאַלאָמאָן האָט זיך נישט געוויזן...
„ווער ווייסט?... ווער ווייסט?... — האָט זי געטראַכט מיט שרעק. — פאַרוואָס האָב איך אים געלאָזט דאָס טאָן?... אַ מער־דערין בין איך, נישט קיין מאַמע"...
אַזוי האָט מאַדאַם ווייַנשטיין זיך געבראָטן אויפן אייגענעם פייער...
ענדלעך האָט זי דערזען סאַלאָמאָנען גייַן...
איר האַרץ האָט אויפגעטאַנצט פון פרייד...
„ער איז שוין דאָ מיטן געלט!"... — האָט זי געטראַכט.
זי האָט זיך נישט געקאָנט אייַנהאַלטן און איז אים אַקעגנ־געלאָפן...
אָבער ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר זון, איז דאָס האַרץ אין איר אָפּגעשטאָרבן פאַר שרעק...
ער איז בלאַס, ווי דער טויט... זייַנע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט, ווי בייַ אַ משוגענעם...
זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט.
— וואָס איז געשען, סאַלאָמאָן? — האָט זי אויסגערופן מיט שרעק.
סאַלאָמאָן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גאָרנישט געענט־

פערט...

— אָבער וואָס איז געשען? סאַלאָמאָן!...

זיי זענען אַריין אין שטוב און סאַלאָמאָן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פּאָטעל.

אַ ווײַלע האָט ער געגלאָצט, ווי אַ משוגענער, דערנאָך האָט ער זיך ווילד און העסטעריש צעלאַכט...

— כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ־כאַ כאַ־כאַ־כאַ־כאָ!...

— וואָס לאַכסטו?! ביסט משוגע געוואָרן?... האָט מאַדאַם ווײַנשטיין זיך ווילד צעשריגן.

אָבער ווי גרויס איז געווען איר איבעראַשונג און שרעק, ווען זי האָט געזען, ווי איבער סאַלאָמאָנס באַקן קײַקלען זיך גרויסע טרערן, ווי באָב...

לאַנג האָט נאָך געדויערט ביז מאַדאַם ווײַנשטיין איז ענדלעך פון סאַלאָמאָן געוואָר געוואָרן דעם גאַנצן אמת...

— אידיאָט!... אײַזל־קאָפּ!... — האָט זי זיך צעשריגן היסטעריש — צו דעם האָסטו געדאַרפט צונעמען סאַבינעס געלט, כדי רײַך צו מאַכן די גאַסן־מויד מיט איר אַלפאָנס?...

זי האָט זיך ספּאַזמאַטיש צעיאָמערט...

— גאָטס פּלאָג... האָט זי געכליפּעט, — פאַרוואָס האָט מיך גאָט געשטראָפט מיט אַזאַ אידיאָטישן זון?...

קאַפּיטל הונדערט זעכצן

# גאָטס האַנט...

זינט יענעם טאָג, ווען סאַבינע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם פאַרברעכערישן פּלאַן פון אַלעקסאַנדערן, מיט פּעלען, האָט זי געהיטן די קראַנקע איזאַבעלאַן, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

ס'איז איר גאָרנישט אײַנגעפאַלן, אַז זי, סאַבינע אַליין, געפינט זיך איצט אין דער גרעסטער געפאַר!...

זי איז זיכער געווען, אַז דאָס פאַרברעכערישע פּאָרל האָט שוין איצט חרטה אויף די פאַרברעכערישע פּלענער...

זיי זענען איצט געווען אַזוי גוט צו סאַבינען, ווי קיין מאָל נישט... ספּעציעל פּעלע...

אָבער אין דער שטיל האָבן זיי געוועבט אַ נעץ פאַר סאַבינען...

אַ דאַנק סאַבינעס איבערמענטשלעכער אַרבעט האָט איזאַבעלאַ

ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו קומען צו זיך.

ס׳איז איר שוין געווען אַזוי פיל בעסער, אַז סאַבינע האָט געקאָנט פאַרלאָזן איר צימער.

אָבער די פאַרברעכערישע פעלע האָט געגראָבן אַ גרוב, אין וועלכן סאַבינע זאָל אַריינפאַלן.

אין איינעם אַ טאָג האָט פעלע באַהאַלטן אין איר בייטל אַ פלעשעלע, אויף וועלכן ס׳איז געווען אויפגעקלעבט אַ צעטעלע מיט דער אויפשריפט „וואַלעריאַן־טראָפּנס".

פעלע האָט געוווסט, אַז פונקט אַזאַ פלעשעלע מיט דער זעלבער אויפשריפט געפינט זיך אין סאַבינעס בייטל...

אין דעם פלעשעלע, וואָס פעלע האָט בײַ זיך אַרומגעטראָגן, איז געווען אַ נייער שרעקלעכער פאַרברעכערישער פּלאַן...

איין מאָל אין אַ נאָכמיטאָג, ווען סאַבינע איז גראָד געווען פריי, האָט פעלע זי איינגעלאַדן אויף אַ גלעזל טיי אויף דער אַל־טאַנע אין גאָרטן.

— כ׳האָב שוין לאַנג געוואָלט מיט אייך רעדן... — האָט פעלע געזאָגט. — ווייל עס דריקט מיך אויפן האַרצן...

— וואָס איז דען געשען? — האָט סאַבינע געפרעגט אַן אי־בערגעשראָקענע.

— עס לאָזט מיך נישט רוען. ווען איך טראַכט, ווי איר מוזט קוקן אויף מיר... — איר פאַראַכטעט מיר... — האָט פעלע זיך גע־קלאָגט.

— גאָט איז מיט אייך, פרײַלין זינגמאַן! ווי פאַלט איר אויס? פאַרוואָס זאָל איך אייך פאַראַכטן?

— נאָך יענער סצענע מיט אַלעקסאַנדערן, ווען איר האָט צופעליק אונטערגעהערט אונדזער שמועס... אַך, שוועסטער סאַ־בינע! ווען איר וואָלט געוווסט, ווי דאָס געוויסן פּלאָגט מיך!

סאַבינע האָט אַרומגענומען אַ גרויס רחמנות אויף פעלען...

— זייט רואיק, פרײַלין זינגמאַן, — האָט זי פעלען געטרייסט, — גאָט איז מוחל די, וואָס האָבן אויף אַן אמת חרטה...

— אַלץ די ליבע... די ליבע... — האָט פעלע געקרעכצט. — זי ברענגט דעם מענטש דערצו, אַז ער פאַרלירט זיך און קאָן אָפּ־טאָן דאָס ערגסטע...

— איך פאַרשטיי איך, פריילין זינגמאַן... — האָט סאַבינע געזאָגט.

— און איר פאַראַכטעט מיך נישט?...

— גאָט באַהיט!... איך פאַראַכטע קיינעם נישט... איך נעם זיך נישט אונטער צו אורטיילן מענטשן...

דערווייל האָט זיך דערהערט אַ גערויש אין דרויסן.

אַ מחנה אַראָפּלאַנען זענען אָנגעפלויגן און געקרייזט אין דער לופט.

— אַך, ווי איך האָב ליב צו באַטראַכטן די דאָזיקע שטאָלענע פייגל! — האָט סאַבינע געזאָגט און זי איז אַראָפּגעגאַנגען אין גאָרטן.

פּאָלעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן.

„אומגעריכט איז מיר אונטערגעקומען די פּאַסיקע געלעגנהייט"... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

זי האָט שנעל געעפנט איר בייטל, אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס פלעשעלע מיט דער אויפשריפט „וואַלעריאַן־טראָפּנס" און אָנגעהויבן עס אַריינגיסן אין סאַבינעס גלאָז אַריין.

זי האָט דאַן שנעל געכאַפּט דאָס פלעשעלע אונטערן טיש אַרונטער און דאָרט עס צוריק פאַרשטאָפּט.

אָבער סאַבינע איז נאָך אַלץ געווען פאַרקוקט אין די שווועבנדיקע שטאָלענע פויגל...

פּעלע האָט דאַן שנעל געעפנט סאַבינעס בייטל, אַרויסגענומען פון דאָרט סאַבינעס פלעשעלע און אַריינגעלייגט אירס...

באַלד איז סאַבינע אַריינגעקומען און פּעלע האָט זיך אויפגעשטעלט.

— טרינקט! טרינקט דערווייל די טיי! — האָט פּעלע געזאָגט. — איך לויף אַריין אויף אַ מינוט אין שטוב אַריין און איך קום שוין צוריק...

די פאַרברעכערישע פרוי האָט בעסער געוואָלט נישט זיין דערביי, ווי סאַבינע וועט זיך אָפּסאַמען...

זי האָט בעסער געוואָלט דערנאָך צוקומען און שוין טרעפן זי אַ פאַרסמטע...

„דאַן" — האָט זי געטראַכט — „וועל איך מאַכן אַ געוואַלט...

פאָליציי וועט אָנקומען און געפינען ביי איר דאָס האַלב־ליידיקע גיפט־פלעשעלע״...

„דעמאָלט וועט קיינער נישט צווייפלען, אַז מ׳האָט דאָ צו טאָן מיט אַ זעלבסטמאָרד״...

ווען פּעלע איז אַוועק, האָט סאַבינע ווירקלעך זיך שוין גע־וואָלט נעמען טרינקען די טיי...

אָבער ווען זי האָט זיך איינגעבויגן איבערן טיש דעם ערשטן זופּ צו טאָן, האָט דער טיש זיך אַ וואַקל־געטאָן און שיער נישט אומגעפאַלן. די שרויפן, וועלכע האָבן פאַרפעסטיקט דעם פּלאַט פון טיש צו די פיס, האָבן נאָכגעלאָזט און דער טיש איז שיער נישט אומגעפאַלן מיט די געשירן, וואָס זענען געשטאַנען אויף אים.

סאַבינע האָט דאַן צוריק צוגעשרויפט די לויז געוואָרענע שרויפן.

דערביי האָט זי איבערגערוקט די גלעזער טיי און נישט ווילנ־דיק זיי אויסגעטוישט, אַזוי, אַז איר גלאָז טיי איז אויסגעקומען ביי פּעלעס שטול...

דערווייל איז פּעלע צוריקגעקומען.

זי איז גרייט געווען צו מאַכן דעם אמתן געוואַלט איבער סאַ־בינעס טויטן קערפּער... אָבער צו איר באַדויערן, איז סאַבינע געזעסן ביים טיש געזונט און פריש...

— איר האָט נאָך נישט אויסגעטרונקען די טיי ?... — האָט פּעלע געפרעגט.

— איר האָט דאָך אויך נישט געטרונקען — האָט סאַבינע געענטפערט.

— ריכטיק... — האָט פּעלע געזאָגט.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און ביידע האָבן גענומען טרינקען...

סאַבינע האָט שוין געהאַט באַלד אויסגעטרונקען דאָס גלאָז טיי, ווי אירע אויגן האָבן זיך פּלוצלונג צעעפנט פון פאַרוואונדערונג. פּעלע האָט פּלוצלונג אָפּגערוקט פון זיך איר גלאָז און אויפ־געשפּרונגען.

— די טיי האָט עפּעס אַ מאָדנעם טעם... — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

אָבער באַלד איז זי שרעקלעך בלאַס געוואָרן... זי האָט אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט צום האַרץ מיט אַ ווילד געשריי... זי האָט זיך איינגעקורטשעט פון יסורים און אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד...

סאַבינע האָט זיך צו איר אַ וואָרף געטאָן אַ דערשראָקענע... זי האָט געמיינט, אַז עס איז אַ האַרץ־שלאַק.

זי האָט שנעל צעקנעפּלט פּעלעס קלייד און איינגענעצט אירע שלייפן מיט וואַסער. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, איז זי אַרויס־געלאָפן אין גאָרטן אַריין און געמאַכט אַ געוואַלד.

ס׳זענען אָנגעלאָפן אַלעקסאַנדער און עטלעכע אַרבעטער פון דער פאַבריק.

ווען אַלעקסאַנדער האָט דערזען פּעלען ליגן אויף דער ערד און קאָרטשען זיך פון יסורים, איז ער בלאַס געוואָרן ווי קרייד און האָט אַנידערגעקניט נעבן איר.

— וואָס איז דאָ געשען? גאָט מיינער!... האָט ער אויס־געשריען.

— איך ווייס נישט — האָט סאַבינע געזאָגט, — וואָס דאָ איז געשען, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז זי איז פאַרסמט. מ׳מוז שוין אַרויס־רופן די „גיכע הילף„.

— די פריילין איז פאַרסמט — האָט דער דאָקטאָר פון דער „גיכער הילף״ פעסטגעשטעלט. — איך ווייס נישט, צי מען וועט זי קאָנען אָפּעראַטעווען. מ׳דאַרף איר יעדנפאַלס איבערשווענקען דעם מאָגן.

דער דאָקטאָר האָט זיך גענומען צו זיין אַרבעט, דערווייל האָט ער זיך גענומען אויספרעגן, ווי אַזוי דער פאָרפאַל איז געשען.

אַלעקסאַנדער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווייסט נישט פון גאָרנישט צו זאָגן...

טיילווייז האָט ער טאַקע נישט געוווּסט.

ער האָט געוווּסט, אַז סאַבינע דאַרף געסמט ווערן, אָבער נישט פּעלע...

וויסן וועגן דעם האָבן געדאַרפט דאָס שטוב־מיידל, וואָס האָט דערלאַנגט די טיי, און סאַבינע.

סאַבינע האָט איבערגעגעבן דעם פאַרלויף פון דעם פאָרפאַל,
— אויב אַזוי, האָט דער גיפט זיך געפונען אין דער טיי... —

האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — איר האָט אויך געטרונקען די טיי?
— האָט ער געפרעגט סאַבינען.
— יאָ... — האָט סאַבינע געענטפערט.
— מאָדנע... מאָדנע... מ׳דאַרף וועגן דעם מעלדן דער פּאָליציי...

אַלעקסאַנדער האָט אַ ציטער געטאָן... ער האָט זיך אָבער באַמיט צו האַלטן רואיק און באַפוילן צו טעלעפאָנירן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.

ווען דער דאָקטאָר האָט מיט סאַבינעס הילף אויסגעפּאָמפּעט פּעלעס מאָגן, איז פּאָליציי אָנגעקומען.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן דעם פּאַרלויף פונעם פּאָרפאַל און איז אַוועק צו דער אַלטאַנע.

דאָרט זענען נאָך געשטאַנען די גלעזער טיי. אויך סאַבינעס בייטל איז געלעגן אויפן זעלבן אָרט...

דער קאָמיסאַר האָט פאַרנומען אַלע זאַכן און איז צוריק אַריין אין שטוב, פּעלע איז נישט געקומען צו זיך.

— מיט וואָס פאַראַ גיפט איז די פריילין אָפּגעסאַמט געוואָרן?
— האָט דער פּאָליציי־קאָמיסאַר געפרעגט דעם דאָקטאָר.

— דאָס איז דערווייל שווער פעסטצושטעלן — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט. — יעדנפאַלס איז די לאַגע פון דער פאַרסמטער אַ געפערלעכע...

דער קאָמיסאַר האָט אַוועקגערופן דעם דאָקטאָר אָן אַ זייט. ער האָט אים געוויזן דאָס פלעשעלע, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון סאַבינעס בייטל און אַ פרעג געטאָן:

— צי קענט איר מיר זאָגן, הער דאָקטאָר, וואָס עס געפינט זיך אין דעם פלעשעלע?... די אויפשריפט זאָגט: וואַלעריאַן־טראָפּנס, אָבער צי איז עס ווירקלעך אַזוי?...

דער דאָקטאָר האָט אויפגעשטאָפּט דאָס פלעשעלע.

— קיין וואַלעריאַן־טראָפּנס זענען דאָס זיכער נישט... — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — וואָס דאָס איז, קאָן מען וויסן ערשט נאָך אַ כעמישן אַנאַליז...

דער קאָמיסאַר האָט אויפגעהויבן דאָס פלעשעלע אין דער הויך און אַ פרעג געטאָן:

— וועמענס איז דאָס ?...

— מיינס !... — האָט סאַבינע זיך אָנגערופן. — כ׳האָב עס געלאָזט אויף דער אַלטאַנע...

— וואָס געפינט זיך אין דעם דאָזיקן פלעשעלע ? — האָט דער קאָמיסאַר נאָכאַמאָל געפרעגט.

— וואַלעריאַן־טראָפּנס...

— נאָט אייך און זעט, צי דאָ זענען טאַקע דאָ וואַלעריאַן־טראָפּנס... האָט דער קאָמיסאַר זיך געווענדעט צו סאַבינען און איר דערלאַנגט דאָס פלעשעלע.

סאַבינע האָט אַ שמעק געטאָן און אירע אויגן האָבן זיך צע־עפנט פון פאַרוווּנדערונג...

— מאָדנע... מאָדנע... — האָט זי געשטאַמלט. — דאָ זענען דאָך געווען וואַלעריאַן־טראָפּנס ?...

דער קאָמיסאַר האָט אויף איר שאַרף אַ קוק געטאָן..

— אפשר האָט איר זיך טועה געווען און אַריינגעגאָסן אָנ־שטאָט וואַלעריאַן־טראָפּנס עפּעס אַנדערש ?... האָט ער געזאָגט.

— איר מיינט, אַז דער פאָרפאַל האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיטן דאָזיקן פלעשעלע ?... — האָט סאַבינע געפרעגט אַן אומרואיקע.

— נו... עס קאָן טרעפן אַמאָל אַן אומגליקלעכער טעות... — האָט דער קאָמיסאַר געזאָגט. — פריילין זינגמאַן האָט זיך אפשר דערפילט שלעכט, האָט זי געוואָלט איינגעמען וואַלעריאַן־טראָפּנס און...

— איר האָט אַ טעות, הער קאָמיסאַר ! — האָט סאַבינע אויס־גערופן אַן אויפגערעגטע. — דער בייטל איז די גאַנצע צייט גע־ווען פאַרמאַכט און פריילין זינגמאַן האָט נישט גענומען קיין שום טראָפּנס...

סאַבינע האָט גאָר פאַרגעסן, אַז זי האָט אַ ווייל געלאָזט פעלען אַליין און ס׳איז איר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער פאַל מיטן צושרויפן דעם טיש האָט עפּעס אַ צוזאַמענהאַנג מיטן פאָרפאַל...

— טאָ ווי אַזוי דען קאָן מען די זאַך אויפקלערן ? — האָט דע ר קאָמיסאַר געפרעגט. — און וואָס וועט זיין, אַז נאָך אַן אַנאַליז וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אין דער טיי און אין פלעשעלע געפינט זיך דער זעלבער גיפט...

— ווֹעל איך אַלץ זאָגן דאָס זעלבע... — האָט סאַבינע געענטפערט. — פון וואַנען קומט אַריין גיפט אין מיין פלעשעלע מיט וואַלעריאַן־טראָפּנס ?...

— ריכטיק... ריכטיק... — האָט דער קאָמיסאַר איינגעשטימט. — זייט זשע בעסער מודה דעם אמת... די זאַך איז זייער כּאַרדעכטיק...

ערשט איצט האָט סאַבינע פאַרשטאַנען, אַז מ׳מוז איר חושד זיין נישט אין אַ טעות, נאָר אין אַ מאָרד...

— הער קאָמיסאַר ! — האָט זי אויסגערופן מיט אַ געשטיקטער שטימע. — גאָט איז מיין עדות, אַז די גאַנצע זאַך איז פאַר מיר פונקט אַזאַ רעטעניש, ווי פאַר אייך...

דער קאָמיסאַר האָט זיך אָנגעכמורעט...

— נעמט בעסער נישט גאָט פאַר עדות... — האָט ער אַ בורטשע געטאָן. — איר האָט געטרונקען די זעלבע טיי... איר זענט געזונט און זי איז פאַרסמט...

סאַבינען האָבן טרערן געשטיקט אין האַלדז...

— און אין אייער בייטל — האָט דער קאָמיסאַר ווייטער גערעדט — איז געלעגן אַ פלעשעלע מיט אַ צעטעלע „וואַלעריאַן־טראָפּנס” און אינעווייניק איז גאָר דאָ ווער ווייסט וואָס...

דער קאָמיסאַר האָט זיך געווענדעט צו אַלעקסאַנדערן:

— הער וואַרמאַן ! צי קענט איר אונדז אויפקלערן, ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען די באַציאונגען צווישן פריילין זינגמאַן און קראַנקן שוועסטער רייזמאַן.

אַלעקסאַנדער האָט אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען...

— די באַציאונגען זענען געווען נישט קיין איבעריק גוטע... — סאַבינע האָט אירע אייגענע אויערן נישט געגלויבט...

— נישט אמת ! — האָט זי אויסגערופן — כ׳האָב זיך בלויז באַצויגן צו איר מיט אַ געוויסער פאָרזיכטיקייט... הער וואַרמאַן ווייסט גאַנץ גוט פאַרוואָס...

דער קאָמיסאַר האָט איינגעשפּיזט זיין בליק אין אַלעקסאַנדערן, אָבער יענער האָט ווידער געהויבן מיט די אַקסלען...

— ווייבערישע פּליאָטקעס... — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— שוועסטער סאַבינע רייזמאַן! — האָט דער קאָמיסאַר אויס־גערופן — איר זענט פאַרדעכטיקט אין פאַרסמען די פריילין פעלע זינגמאַן... איר זענט אַרעסטירט!...

— איך בין אומשולדיק!... — האָט סאַבינע אויסגערופן מיט טרערן אין די אויגן, — דערלויבט מיר כאָטש זיך צו געזעגענען מיט דער קראַנקער...

דער קאָמיסאַר האָט געפרעגט אַלעקסאַנדערן, צי ער דערלויבט און יענער איז גערן דערויף איינגעגאַנגען.

„פון גרויס קרענקונג וועט איזאַבעלאַן ערגער ווערן”... — האָט ער זיך געטראַכט.

סאַבינע האָט דאַן מיט אַ מילדן שמייכל דערציילט איזאַבעלאַן דעם פאַרלויף פון דעם גאַנצן פאָרפאַל.

— פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש — האָט זי געזאָגט. — עס וועט זיך מסתמא באַלד אַרויסווייזן דער אמת.

— הלואי... — האָט איזאַבעלאַ געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן.

— דערווייל פאָלגט דעם דאָקטאָר און זייט רואיק... אין קורצן וועלן מיר זיך ווידערזען...

ביידע פרויען האָבן זיך האַרציק צעקושט...

סאַבינע איז אַוועקגעפירט געוואָרן אונטער אַ שטרענגער פּאָליציייאישער וואַך...

קאַפּיטל הונדערט זיבעצן

## די טאָפּלטע אַנטוישונג...

מיסטער באַנען, עדיס פאַרעטער, איז געווען אַ רייכער מאַן.

אזוי ווי ער איז דערצו נאָך געווען אַ בחור, האָט ער געלעבט אַ באַקוועם און גוט לעבן.

אויף דער שיף „הערקולעס” האָט ער געהאַט אַ לוקסוס־אַרטיקע קאַבינע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן עלעגאַנטן סאַלאָן און אַ שלאָף־צימער.

אָבער נישט געקוקט אויף זיין רייכן, באַקוועמען לעבן, האָט מיסטער באַגען זיך גאָרנישט געפילט גליקלעך.

וואָס מער די שיף האָט זיך דערנענטערט צו אייראָפּע, אַלץ

פיינגאלד

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 93

מיט אַ טיפֿן אומעט האָט ער געטראַכט וועגן דעם טאָג, ווען ער וועט זיך מוזן געזעגענען מיט דער שייַנינקער עדי...

אין מיסטער באַנעסאַלט־בזורישן האַרץ האָט צום ערשטן מאָל אויפֿגעבליט די פּרעכטיקע בלום פֿון דער ליבע...

נישט מיט איין פּרוי איז מיסטער באַנען שוין געווען אין ליבע־באַציִאונגען, אָבער אויפֿריכטיק געליבט האָט ער נאָך קיין איינע נישט. עדי איז געווען די ערשטע.

ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט דעם ווונטש צו פֿאַרבונדן זיך מיט אַ פֿרוי, צו וועלכער עס האָט אין אים אויפֿגעפֿלאַקערט אַ יוגנטלעכע ליידנשאַפֿט...

דאָס בילד פֿון דער שייַנער עדי האָט אויף אַ מינוט נישט געוואָלט פֿאַרשווונדן פֿון זייַנע אויגן...

עס האָט אים פֿאַרפֿאָלגט אין די טעג און אין די שלאָפֿלאָזע, בענקשאַפֿטפֿולע נעכט...

ער איז איר נאָכגעגאַנגען, ווי אַ שאָטן, אָבער איר טרייַשאַפֿט צו הערמאַנען איז ווי אַ פֿעסטונג־מויער געשטאַנען אויפֿן וועג צו איר.

מיסטער באַנען האָט געהאַלטן, אַז הערמאַן, אָדער ווי ער האָט זיך גערופֿן — היימי קאַץ — איז נישט ווערט איר איבער־געגעבנקייט.

זייַן אָפּגעלעבט געזיכט, זייַנע שלעכטע אויגן האָבן געוועקט צו זיך אַן אומצוטרוי...

ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי עדי קאָן ליב האָבן דעם דאָזיקן אומסימפּאַטישן, כאָטש שייַנעם יונגערמאַן.

אַ טאָג איידער די שיף איז צוגעפֿאָרן צום ברעג האָט מיס־טער באַנען אָפּגעוואַרט עדין, כדי צו רעדן מיט איר צום לעצטן מאָל...

— איך וואָלט גערן אַוועקגעגעבן אַ העלפֿט פֿון מייַן פֿאַרמעגן, אַבי צו פֿאָרן מיט אייַך נאָכאַמאָל איבערן ים... — האָט מיסטער באַנען געזאָגט צו עדין.

— כאַ־כאַ־כאַ!... האָט עדי זיך שטיפֿעריש צעלאַכט. — איר קאָנט עס מאַכן ביליקער, מיסטער באַנען... אויב מייַן מאַן וועט וועלן ווייטער אַרבעטן אויף דער שיף, קאָנען מיר צוזאַמען

צוריקבאָרן קיין ניו־יאָרק...

מיסטער באָנען האָט געמאַכט אַן אומצופרידענע מינע.

— נישט דאָס האָב איך געמיינט... — האָט ער ערקלערט. — מיסיס עדי, זאָגט מיר: צי גלויבט איר ווירקלעך, אַז אייער מאַן ליבט אייך אַזוי טריי, ווי איר אים?...

— געוויס... — האָט עדי געענטפערט.

מיסטער באָנען איז אַ ווײַלע געזעסן אַ שווײַגנדיקער.

— מאָרגן געזעגענען מיר זיך אויף אייביק... — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום אומעטיק געזאָגט. — איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן, אָבער מײַן ליבע איז נאָך אַ מער טיפערע און אַ הייסערע, ווי ביי אַלע יונגעלייט...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע. דערנאָך האָט ער ווייטער געזאָגט:

— איך וואָלט גליקלעך געווען אייך אַוועקצוגעבן מײַן האַרץ און פאַרמעגן... אָבער ליידער... נאָר ווייסט, אַז איך בין אייער אויפריכטיקער פריינט און בין שטענדיק גרייט אייך צו שיצן און צו העלפן...

— איך דאַנק פאַר אייער גוטסקייט צו מיר — האָט עדי געזאָגט. — ווען איך וואָלט נישט אַזוי ליב געהאַט היימין, וואָלט איך זיכער געוואָרן אייער פרוי...

זיי האָבן זיך האַרציק געזעגנט.

מיסטער באָנען איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי פאַרגליווערט, דערנאָך איז ער מיט שווערע טריט אַוועק אין זײַן קאַבינע.

שפּעטער אַ ביסל איז ער אַרויס אויפן דעק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ וויג־שטול אין אַ ווינקל און איז פאַרזונקען אין זײַנע אומעטיקע געדאַנקען...

הערמאַן איז דורכגעגאַנגען מיט אַ טאַץ, פול מיט פלעשלעך לעמאָניאַד.

— העלאָ! — האָט מיסטער באָנען אים אַ רוף געטאָן.

ווען הערמאַן האָט אַוועקגעשטעלט אויף מיסטער באָנענס טישל אַ פלעשל לעמאָניאַד, האָט מיסטער באָנען צו אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

— נו, היימי! מאָרגן געזעגענען מיר זיך... קומט אַריין צו מיר אין אָוונט, וועלן מיר אויסטרינקען אַ פלעשל וויין...

— אַ דאַנק... אַ דאַנק... — האָט הערמאַן געזאָגט. — איך וועל קומען.

דער כיטרער הערמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אַמעריקאַנער פאַרבעט אים נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין...

ער האָט שוין לאַנג באַמערקט, ווי דער אַלטער בחור קריכט נאָך עדין...

„טשעקאַווע, וואָס ער וויל מיט מיר רעדן" — האָט הערמאַן זיך געטראַכט.

אין אָוונט זענען ביידע געזעסן אין מיסטער באָנענס עלעגאַנטער קאַבינע ביי אַ גלעזל גוטן וויין.

— איר רעכנט ווייטער צו בלייבן אַרבעטן אויף דער שיף? — האָט מיסטער באָנען געפרעגט.

— ניין, — האָט הערמאַן געענטפערט.

— וואָס־זשע דען רעכנט איר צו טאָן?

— דאָס ווייס איך נאָך אַליין נישט, אפשר וועל איך זיך עפענען אַ קאַוויאַרניע...

— אָבער צו דעם דאַרף מען דאָך האָבן געלט?...

— כ'האָב אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל... — האָט הערמאַן געענטפערט.

— אָבער שפּעטער קאָן זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס איז ווייניק... נו? וואָס וועט דעמאָלט זיין?... איר זענט דאָך אַ באַווייבטער, און פרויען האָבן פאָדערונגען...

— מיין פרוי איז זייער אַ באַשיידענע, מיסטער באָנען...

— דאָס איז אין אָנהויב, אָבער דערנאָך?...

הערמאַן האָט זיך אָנגעשטויסן, צו וואָס מיסטער באָנען צילט... ער האָט דעריבער באַשלאָסן אים לייכטער צו מאַכן זיין אויפגאַבע...

— מיין פרוי, מיסטער באָנען, — האָט הערמאַן געזאָגט, — וועט זיך מוזן צופּאַסן צו דעם, וואָס איך וויל, אַז נישט וועל איך זי שיקן צום טייוול...

— נו... איר מיינט עס נישט ערנסט... — האָט מיסטער באָנען

געשמייכלט מיט צופרידנקייט.

— אַך, מיסטער באַנען! כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! איר קענט מיך נאָך נישט. מיט ווייבער צערעמאָניע איך זיך נישט.... ווייבער, דאָס איז אַן אַרטיקל, וואָס פעלט קיינמאָל נישט אויס...

מיסטער באַנען האָט אויפסניי אָנגעגאָסן די גלעזלעך...

— און איר וואָלט אַן באַדויערן זיך געקאָנט שיידן מיט עדין?...

— האָט ער געפרעגט.

— אָן באַדויערן? דאָס קאָן איך נישט זאָגן... אָבער ווען דאָס זאָל מיר ברענגען נוצן, וואָלט איך זיך קיין איין מינוט נישט געוואַקלט... איך קאָן שטענדיק געפינען שיינע ווייבלעך...

— אינטערעסאַנט... אינטערעסאַנט.. — האָט מיסטער באַנען געקוואָלן. — און ווען, אַ שטייגער, מ׳לייגט אייך פאָר, לאָמיר זאָגן, אַ צען טויזנט דאָלאַר?...

— דאָס וואָלט געווען צו ווייניק, מיסטער באַנען... — האָט הערמאַן געענטפערט, — עדי איז ווערט מינדעסטנס פינף און צוואַנציק טויזנט...

מיסטער באַנען איז איבערראַשט געוואָרן... אויף אַזאַ אָפענער אומבאַרשעמטקייט האָט ער זיך נישט געריכט...

מיסטער באַנען האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פאָטעל און גענומען גיין אַהין און צוריק איבער זיין קאַבינע.

— הערט היימי! — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, — איר מיינט עס ערנסט, דאָס, וואָס איר האָט נאָר וואָס געזאָגט?...

— ערנסט...

— אַלזאָ פאַר פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר זענט איר גרייט צו גטן אייער פרוי?...

— יאָ...

— אַלזאָ, הערט: איך האָב ליב אייער פרוי... מאָרגן קריגט איר אויסגעצאָלט דאָס געלט...

הערמאַנס אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן...

„אַך, צום טייוול!" — האָט ער זיך געטראַכט. — אַ מזל־דיקע שיף דער „הערקולעס"... אי איך האָב מיסיס ווייסמאַנס ציי־רונג, אי איך וועל נאָך צוקריגן פינף און צוואַנציק טויזנט דאָ־לאַר"...

„און וואָס איז ווערט דאָס, וואָס איך וועל פּטור ווערן פון עדין?"...

— איך באַשטיי... — האָט ער געענטפערט דעם מיסטער באַנען. מיסטער באַנען האָט געפילט אַ טיפן עקל צו דעם דאָזיקן פרויען־הענדלער.

— אַלזאָ, מאָרגן ערלעדיקן מיר עס... — האָט ער געזאָגט, הערמאַן האָט זיך טיף פאַרנויגט און איז אַרויס פון מיסטער באַנענס קאַבינע.

אין קאָרידאָר איז געווען טינקל. אָבער ווען הערמאַן וואָלט נישט געווען אַזוי פאַרטאָן אין זיינע פריידיקע פאַנטאַזיעס, וואָלט ער באַמערקט, ווי עמיצער האָט זיך שנעל דורכגעשלייכט...

— — — —

דעם דאָזיקן אָוונט איז עדי געזעסן אין איר קאַבינע און אין איר קאָפּ האָבן אַרומגעבלאָנקעט אומרואיקע געדאַנקען. זי האָט שוין געוואָלט דערלעבן דעם טאָג, ווען זי וועט ווערן הער־מאַנס געזעצלעכע פרוי...

פון דער צווייטער זייט איז איר האַרץ פול געווען מיט מיט־לייד צו מיסטער באַנען...

אוודאי האָט ער, אַלס מאַן, זיך נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט הערמאַנען... זי איז אָבער זיכער געווען, אַז ביי אים וואָלט זי געפונען אַ רואיק און זיכער לעבן.

הערמאַן איז טאַקע געווען אַ שיינער, אַ יונגער, אָבער נאָך דער געשיכטע מיטן צוגנבענען מיסיס ווייסמאַנס צירונג האָט זי צו אים פאַרלוירן דעם צוטרוי...

„ער איז אַ לייכטזיניקער מענטש"... — האָט זי געטראַכט — „ווער ווייס, צי איך וועל זיין גליקלעך מיט אים"...

„איך האָב אים אָבער ליב!"... — האָט זי זיך אַליין געענט־

פערט. — „איך האָב אים ליב מיטן גאַנצן האַרץ"...

„היינט די לעצטע נאַכט אויף דער שיף, וויל איך מיט אים צוזאַמען פאַרברענגען"... — האָט זי באַשלאָסן און זי איז אַוועק צו זיין קאַבינע.

הערמאַן איז דאָרט נישט געווען.

„וווּ קאָן ער זיין?" — האָט זי געטראַכט און עס איז איר איינגעפאַלן, אַז ער איז ווידער ביי מיסיס ווייסמאַן

זי איז אַהינגעלאָפן.

אָבער אין קאָרידאָר האָט זי זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט.

„צי דאַכט זיך מיר?" — האָט זי געטראַכט — „ניין. ס'איז הערמאַנס שטים... און פון וואַנען הערט זיך די דאָזיקע שטים? פון מיסטער באָנענס קאַבינע?... מאָדנע"...

„וואָס קאָן דאָס זיין?...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען זיך איינהערן...

וואָס מער זי האָט זיך איינגעהערט אינעם געשפּרעך, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן איר פאַרוואונדערונג.

פּלוצלונג האָט אַ רויטקייט אַרויסגעשלאָגן אויף איר געזיכט. ס'האָט איר אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן... זי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביי דער טיר, כדי נישט אומצופאַלן...

אָבער ביסלעכווייז האָט עדי זיך באַרואיקט.

וואָס מער זי האָט זיך איינגעהערט אינעם שמועס צווישן מיסטער באָנען און הערמאַנען, אַלץ רואיקער איז זי געוואָרן.

זי האָט געפילט אַז עפּעס איז אין איר אָפּגעשטאָרבן... ס'איז אין איר אָפּגעשטאָרבן דער גלויבן און צוטרוי צו הערמאַנען...

זי איז אַזוי געשטאַנען אַ ווײַלע אַ צעטומלטע און איבער־ראַשטע.

אָבער פון צימער האָבן זיך דערהערט טריט, וועלכע האָבן

זיך דערנענטערט צו דער טיר.

עדי איז שנעל אַוועקגעלאָפן פון דער טיר און זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל...

זי האָט געזען אַרויסגיין הערמאַנען...

זי איז אַריין אין איר קאַבינע און זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט.

— אַזאַ אויסוואורף!... — האָט זי געשעפּטשעט צו זיך אַליין און געקריצט מיט די ציין פון צאָרן. — אַזוי ווי מ׳פאַרקויפט אַ בהמה, אַזוי האָט ער מיך פאַרהאַנדלט...

— און דאָס פאַר מיין גוטס, וואָס איך האָב אים געטאָן...

— ער וואָלט דאָך פאַרפוילט געוואָרן אין תפיסה, ווען נישט איך...

— אַ פאַרברעכער בלייבט אַ פאַרברעכער...

אַזוי האָט עדי זיך אויסגעטענהט מיט זיך אַליין...

„דאָס צירונג וועל איך באַלד אָפּגעבן דער מיסיס ווייסמאַן!” — האָט זי באַשלאָסן. — „ערשטנס, וועל איך אַראָפּוואַרפן אַ לאַסט פון מיין געוויסן. צווייטנס, זאָל אים פּלאַצן די גאַל, דעם אויסוואורף”.

„באַלד אין דער פרי וועל איך עס איר אָפּגעבן!”

„און מיסטער באָנען?” — האָט זי ווייטער געטראַכט. — „און מיסטער באָנען האָט פיין געהאַנדלט?... וואָס בין איך... אַ בהמה, אָדער אַ חיה, אַז מען זאָל מיך אָפּקויפן?”.

אַלע מענער זענען די זעלבע... איינער איז נישט מער ווערט פונעם אַנדערן”.

זי האָט זיך צעוויינט פון קרענקונג און באַליידיקונג.

„אָבער ניין”... — האָט זי זיך באַלד אַליין פאַרענטפערט אין געדאַנק, — „מיסטער באָנען האָט דאָך עס געטאָן אויס ליבע

צו מיר".

„נאָך דעם, ווי איך וועל זיך צעגיין מיט הערמאַנען, בין איך דאָך אַ פרייער מענטש. מיסטער באָגען האָט מיך נאָר געוואָלט באַפרייען, אָבער גישט קויפן"...

„ער מוז מיך געגוג שטאַרק ליב האָבן, ווען ער האָט געקאָנט געבן פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר, כדי מיך צו באַפרייען פון הערמאַנען"...

איר געפיל צו מיסטער באָגען איז געוואָרן וואָס אַמאָל וואַרעמער...

זי איז איצט צופיל אויפגערעגט געווען, כדי צו קאָנען זיך לייגן שלאָפן. זי האָט דעריבער באַשלאָסן זיך אַביסל איבערצו־שפּאַצירן אויף דער פרישער לופט.

זי איז אַרויס אויפן דעק.

די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע און אַ ליכטיקע, אַ לייכט ווינטל האָט אָפגעקילט איר הייסן שטערן...

פּאַרטיפּט אין אירע געדאַנקען, איז זי צוגעקומען צו דעם אָרט, ווו מיסטער באָגען פלעגט אויף איר וואַרטן אין די אָוונטן...

פּלוצלונג איז זי שטיין געבליבן. ביים אָנלען פונעם דעק איז געשטאַנען אַ פרויען־געשטאַלט און אַראָפּגעקוקט אין די ים־אָפּגרונדן...

„דאַכט זיך, אַז עס איז מיסיס ווייסמאַן"... — האָט עדי אַ טראַכט געטאָן. — „אָבער זי ליגט דאָך שוין עטלעכע טעג קראַנק".

עדי האָט נאָך געשטעלט עטלעכע טריט פאָראויס. אין דעם מאָמענט האָט די שיף זיך אויסגעדרייט און דאָס ליכט פון דער לבנה איז אַ פאַל געטאָן אויפן געזיכט פון דער פרוי.

ס'איז טאַקע געווען מערי ווייסמאַן.

אַ טויט־בלאַסע, מיט צעפלאָשעטע האָר — איז זי געשטאַנען אַ שטאַרע און פאַרגליווערטע. אירע אויגן זענען פול געווען מיט טרערן און פאַרצווייפלונג...

אירע ליפּן האָבן עפּעס שטיל געשעפּטשעט ווי אַ תּפילה...

פּלוצלונג האָט זי זיך אַ בויג־געטאָן איבערן אָנלען און זי איז געבליבן הענגען איבערן אָפּגרונד...

עדי איז צוגעשפּרינגען צו איר פלינק, ווי אַ קאַץ, און זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַ האַנט...

— גאָט איז מיט אייך, מיסיס ווייסמאַן! — האָט עדי אויסגע־רופן. — וואָס ווילט איר טאָן?

מערי האָט זיך געוואָלט פון איר אַרויסרייסן, אָבער עדי האָט נישט אָפּגעלאָזט איר האַנט.

— לאָזט מיך אָפּ!... לאָזט מיך אָפּ!... — האָט מערי געריסן איר האַנט פון עדיס — איך וויל נישט... איך קאָן מער נישט לעבן!...

— באַרואיקט אייך, מיסיס ווייסמאַן! — האָט עדי זי געבעטן, — אויב נישט, וועל איך זיין געצוווּנגען צו מאַכן אַ געוואַלט און מענטשן וועלן זיך אָנלויפן...

מערי האָט זיך אונטערגעגעבן. עדי האָט מערין אַריינגעפירט אין איר קאַבינע. מערי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און זיך ספּאַזמאַטיש צעכליפּעט...

לאַנג איז זי אַזוי געלעגן און געהעשעט, ביז זי איז מיד געוואָרן.

זי איז געלעגן אַ בלאַסע און אַ מאַכטלאָזע. ביסלעכווייז איז זי געקומען צו זיך.

עדי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אומבאַוועגלעך נעבן מע־דיס בעט.

— גייט, גייט שלאָפן! — האָט מערי ענדלעך זיך אָנגערופן צו עדין, — לאָזט מיך אַליין...

— כדי איר זאָלט נאָך אַמאָל פּרוּוון שפּרינגען אין ים אַריין... איך וועל נישט אַוועקגיין פון דאַנען, ביז איר וועט זיך באַרואיקן אינגאַנצן...

— איר... איר... דאַרפט מיר נישט שטערן צו טאָן דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט טאָן... — האָט מערי געשטאַמלט מיט אַ שוואַכער שטים. — ווען איר וואָלט געוווסט... וואָלט איר מיר נישט געשטערט...

— איך ווייס... איך ווייס גאַנץ גוט. — האָט עדי זיך אָנגערופן.

— וואָס ווייסט איר ?! — האָט מערי אויסגערופן אַ דער־שטוינטע.

— איר זענט געפאַלן אַ קרבן פון דעם זעלבן אויסוואורף, וואָס איך... דערצו האָט ער ביי אייך צוגענומען דאָס צירונג...

מערי איז רויט געוואָרן ווי פייער...

— אָבער... אָבער... פון וואַנען ווייסט איר עס ?...

— איך ווייס אַלץ... נישט נאָר דאָס... צוליב אַזאַ אויסוואורף לוינט זיך נישט צו נעמען דאָס לעבן...

— אָבער... ער איז דאָך אייער מאַן ?...

— ניין... דאַנקען גאָט, ניין... ווען ער וואָלט טאַקע געווען מיין מאַן, וואָלט איר אפשר געשפרונגען אין ים אַריין...

מעריס אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט פון פאַרוווּנדערונג.

— עדי... טייערע עדי !... — האָט מערי זי אָנגענומען פאַר די הענט. — איר ווייסט וועגן דער גנבה פונעם צירונג. פאַר מיר איז דאָס צירונג דאָס לעבן, ווייל מיין מאַן וועט מיך אַרויסטרייבן פון זיין הויז...

— זייט רואיק, מיסיס ווייסמאַן. אין אייניקע מינוט אַרום וועט איר עס האָבן צוריק...

מערי איז אויפגעשפרונגען פון פרייד... אירע אויגן האָבן העל אויפגעלויכטן...

— איז דאָס מעגלעך ?... — האָט זי אויסגערופן.

— באַלד וועט איר עס האָבן... — האָט עדי געענטפערט און איז אַרויסגעלאָפן פון דער קאַבינע.

אין אַ ווײַלע אַרום איז עדי צוריקגעקומען מיט אַ קליין פעקעלע אין דער האַנט...

אַ פרייד אויסגעשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון בערישס ברוסט...

זי איז מיט אַ ציטערדיקער האַנט אויפגעוויקלט דאָס פּעקעלע און פּאָר אירע אויגן האָבן זיך צעשעמערירט די טייערע איידל־שטיינער אין טויזנטער פֿאַרבן און קאָלירן...

— טייערע עדי! — האָט מערי אויסגערופֿן, — ווי אַזוי דאַנקט מען אייך אָפּ דערפֿאַר?

זי האָט זי אַרומגעכאַפּט און געגומען קושן.

— איך האָב בלויז געטאָן מיין פליכט... — האָט עדי גע־ענטפֿערט. — איך האָב נישט געוואָלט זיין קיין שותּפֿטע צו די גנבֿות פֿון הערמאַן גרינפעלד, אַזוי הייסט ער, מיין כלומרשטער מאַן היימי קאַץ...

מערי האָט דאַן גענומען אַ שיינעם בריליאַנטענעם רינג און דערלאַנגט עדין.

— אַ קליינע מתנה... — האָט זי געזאָגט.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען שוין די ביידע פֿרויען רואיק גע־שלאָפֿן, יעדע אין איר קאַבינע.

צומאָרגנס איז געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג אויף דער שיף.

דער עולם האָט שוין געהאַט אַלץ פֿאַרפּאַקט און איז אַרויס אויפֿן דעק. די שיף האָט זיך שוין דערנענטערט צום פּאָרט.

אַלע זענען געווען אויפגערעגט פֿון דערוואַרטונג...

אָבער מער פֿון אַלעמען איז געווען אויפגערעגט מיסטער באָגען...

„ווער ווייס", — האָט ער געטראַכט, — „צי עדין וועט נישט פֿאַרדריסן מיין נעכטיקער אָפּמאַך מיט היימין, אַזוי, אַז זי וועט מיך אינגאַנצן מער נישט וועלן קענען?"...

ער האָט מיט שפּאַנונג געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען ער וועט שוין קאָנען רעדן מיט איר.

אָבער ער האָט גאָרנישט לאַנג געדאַרפֿט וואַרטן. ער האָט זי באַלד אין דער פֿרי באַגעגנט.

צי איז עס געווען בלויז אַ צופֿאַל?

ס'איז נישט געווען קיין צופֿאַל... עדי האָט זיך כּסדר געמיט אים רעדן...

— אַ גוט מאָרגן אייך, עדי! — האָט מיסטער באָגען זי באַ־גריסט. — איך וואָלט מיט אייך געוואָלט איבעררעדן זייער אַ וויכ־

טיקע זאַך...

עדי איז אַריין אין מיסטער באָגענס קאַבינע און זיך אַוועקגע־זעצט אויף דער קאַנאַפּע.

— מיסיס עדי! — האָט מיסטער באָגען אָנגעהויבן — איר געדענקט מסתמא אונדזער נעכטיקן געשפּרעך. איר האָט געזאָגט, אַז איר גלויבט אין אייער מאַנס טרייהייט... נעכטן...

— האָט איר מיך געקויפט ביי אים פאַר פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר... — האָט עדי פאַרענדיקט.

מיסטער באָגען האָט זיך פאַררויטלט...

— אָבער... פון וואַנען ווייסט איר דאָס?... — האָט מיס־טער באָגען געשטאַמלט אַ צעטומלטער — היימי האָט אייך דער־ציילט?...

— איך האָב עס אַליין געהערט!...

— אַליין געהערט?...

— יאָ... איך בין צופעליק פאַרבייגעגאַנגען אייער טיר און דערהערט היימיס שטים. איך בין זיך דאַן אָפּגעשטעלט און אַלץ געהערט...

— און איר זענט נישט בייז אויף מיר?...

— ניין... — האָט זי געענטפערט מיט אַ שמייכל.

מיסטער באָגען האָט דאַן אויסגעשטרעקט צו איר זיין האַנט.

— ווילט איר זיין מיין פרוי? — האָט ער געפרעגט.

עדי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— מיסטער באָגען... — האָט זי געזאָגט — איידער איך ענט־פער אייך אויף אייער פראַגע, מוז איך אייך פריער עפּעס ער־קלערן... אפשר וועט איר שוין אינגאַנצן מיין ענטפער נישט וועלן הערן...

מיסטער באָגענס אויגן האָבן זיך צעעפנט פון פאַרוווּנדערונג...

— נו־נו... — האָט ער ענדלעך גוטמוטיק געזאָגט. — קיין

מענטש געהרגעט האָט איר זיכער נישט...

— זייט וויסן, אַז היימי קאַץ איז נישט מיין מאַן... ער טראָגט טאַקע דעם נאָמען פון מיין פאַרשטאָרבענעם מאַן, אָבער פאַקטיש הייסט ער הערמאַן גרינפעלד...

עדי האָט דאַן דערציילט וועגן די אומשטענדן, ביי וועלכע זי האָט זיך באַגעגנט מיט הערמאַנען און ווי אַזוי זיי זענען אָנגעקומען אויף דער שיף...

באַנען האָט זיך איינגעהערט מיט אינטערעס אין עדיס דערציילונג. אויב אַזוי — איז אים איינגעפאַלן — איז דאָך הערמאַן נישט קיין שטערונג אויפן וועג צו עדין. ער וועט דאָך מורא האָבן, אַז מען זאָל אים נישט איבערגעבן אין די הענט פון פּאָליציי.

— איך האָב אויסגעהערט אייער דערציילונג — האָט ער זיך אָנגערופן — און איך האַלט זיך ביים מיינען: צי זייט איר גרייט צו ווערן מיין פרוי?

— איר האָט מיך אַלזאָ אַזוי ליב, אַז מיין דערציילונג האָט נישט אָפּגעשוואַכט אייער געפיל צו מיר? — האָט געפרעגט עדי מיט טרערן אין די אויגן.

— מיין ליבע עדי. ווען איך וואָלט אייך געזאָגט, אַז איך ליב אייך שוין איצט נישט — וואָלט עס געהייסן, אַז איך האָב אייך פאַר דעם אויך נישט ליב געהאַט...

עדי איז צוגעלאָפן צו באַנענען און פאַרוואָרפן אים די הענט אַרום זיין האַלדז. ער האָט זי פעסט אַרומגענומען און מיט זיינע ליפן האָט ער געצערטלט אירע גאָלדענע האָר.

— מיר וועלן אַלזאָ פאַרלאָזן די שיף אַלס מאַן און פרוי — האָט ער געפרעגט.

— אָ, ניין — האָט געענטפערט עדי מיט אַ שמייכל — נאָר אַלס חתן־כלה.

— אַלזאָ גוט. אָבער איך וועל נישט לאַנג וואַרטן. באַלד נאָך דעם אָנקומען קיין פּאַריז שטעלן מיר אַ חופּה.

— איך שטים איין — האָט זיך עדי קוים אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס. — איצט אָבער לאָז מיך גיין. איך דאַרף נאָך איינ־פּאַקן מיינע זאַכן און עס ערוואַרטעט מיך נאָך דאָס געשפּרעך מיט הערמאַנען...

— — — — — — — — — — —

הערמאַן האָט שוין לאַנג געזוכט עדין. ער איז שוין געווען מיט אַלעם פאַרטיק ער האָט נאָר געזאָלט אָפּנעמען פון עדין דאָס צירונג און פון באַנענען די 25 טויזנט דאָלאַר.

ער האָט געזוכט עדי אומעטום און זיך געדרייט דענערווירט אינעם שיפּס־קאָרידאָר ביז ענדלעך ער האָט דערזען עדין אַן אָנ־קומענדיקע מיט שנעלע טריט.

— אַ שיין קינד — האָט ער אַ טראַכט געטאָן — איידער איך וועל זי פאַרקויפן מוז איך זיך „געזעגענען" מיט איר, אַז זי זאָל מיך לאַנג געדענקען...

— ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג — האָט ער אויסגערופן — איך ערוואַרט דיך שוין מיט אומגעדולד.

— איך ווייס ווי שטאַרק דו האָסט מיך ליב — האָט זיך אָנגערופן עדי. — איך בין אָבער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך מוז פאָדערן פון דיר אַנדערע באַווייזן פון ליבע, ווי ביז איצט.

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— די זאַך איז גאַנץ איינפאַך. דו האָסט מיר דערציילט, אַז דו האָסט דאָס צירונג צוגענומען פאַר מיינעטוועגן, נישט אמת? כדי אויף יענעמס אומגליק צו בויען אַ לעבן מיט מיר. איך האָב אַלזאָ דעצידירט, אַז איך וויל נישט האָבן קיין נוצן פון דעם צירונג.

— דו מוזט טאַקע נישט — האָט געענטפערט הערמאַן מיט פרייד. — אויב דו ווילסט, הייסט עס נאָך נישט, אַז אויך איך מוז זיך פאַרהאַלטן אַזוי, ווי דו.

— ליידער, הערמאַן, האָב איך שוין דעצידירט אויך אין דיין

נאָמען.

— וואָס הייסט? דו קענסט דאָך מיר נישט אָנוואַרפן דיין ווילן.

— מיט אַ קורצער צייט צוריק האָסטו זיך יאָ געלאָזט אָנוואַרפן מיין ווילן. דו האָסט זיך פּשוט געלאָזט פון מיר פירן און איך האָב אַזוי אַרום געראַטעוועט דיין פרייהייט. דעמאָלט האָב איך געמעגט, און היינט טאָר איך נישט?

— עדי, איך בעט דיך, רעד נישט־צו מיר ווי אַ מגיד. איך בין נישט געקומען צו דיר אויסצוהערן פּרעדיקס־רעדעס, ווו האָסטו דאָס צירונג?

—איך האָב עס נעכטן אייגנהענטיק צוריקגעגעבן דער באַ־גנבעטער פרוי ווייסמאַן.

— נישט אמת! דו זאָגסט ליגן! דו ווילסט פאַרהאַלטן דאָס צירונג פאַר דיר! — האָט געשריגן הערמאַן.

— איך האַלט דיך פאַר צו נידריק כדי זיך צו באַליידיקן פון דיינע ווערטער. דו קענסט אָבער יעדן מאָמענט זיך איבערצייגן וועגן דער ריכטיקייט פון מיינע ווערטער. גיי אַריין צו דער פרוי ווייסמאַן און דו וועסט זען איר צירונג אין זיין פולער שיינהייט.

אויף הערמאַנס פּנים האָבן זיך באַוויזן רויטע פלעקן פון גרויס אויפרעגונג. ער האָט באַוואָרפן עדי מיט זידלערייען — זי האָט זיך אָבער צוגעקוקט רואיק צו זיין שגעון־אָנפאַל. פלוצלינג האָט הערמאַן אָנגעהויבן היסטעריש צו לאַכן.

— כאַ, כי, כי! דו האָסט, ווייזט אויס, געוואָלט, אַז איך זאָל לעבן פון דיין חסד. איך זאָל זיין מיין גאַנץ לעבן אָפּהענגיק פון דיר און פון דיין רחמנות־געפיל. איך בין אָבער איין אַלטער סוחר. איך האָב געמאַכט דאָ אויפן שיף אַ האַנדלס־אָפּמאַך. באַלד גיי איך אָפּנעמען מיין געלט און וועל ווידער זיין אַ פרייער פויגל.

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 94

— איך פאָדער פון דיר — האָט ער צוגעגעבן, — אַז דו זאָלסט אַ געוויסע צייט נישט פאַרלאָזן דיין קאַיוטע און זאָלסט מיר נישט שטערן אין מיין געשעפט. אין קעגנפאַל וועל איך דיר ווייזן, ווער איך בין...

— גיי ווו דו ווילסט און מאַך וואָס דו ווילסט, אָבער סטראַשע מיך נישט. דו מוזט מיר נישט ווייזן ווער דו ביסט. איך וועל דיר דערמאָנען, אַז דו ביסט נישט היימי קאַץ, נאָר הערמאַן גרינפעלד...



הערמאַן איז אַרויס פון עדים קאַיוטע און זיך געלאָזט לויפן צו באָנענען. פאַר דער טיר פון באָנענס אַפּאַרטאַמענט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, כדי זיך אַ ביסל צו באַרואיקן. באָנען האָט דער־וואַרט הערמאַנען, ער האָט אים אַלזאָ צוגענומען זייער העפלעך. הערמאַנען איז אַ שאָד געווען יעדע מינוט. ער האָט אַלזאָ אָפּגע־הוסט און זיך אָנגערופן:

— אַזוי ווי מיר האָבן אַלזאָ אָפּגערעדט אַלס צוויי דזשענטעל־מענס, האָב איך זיך געשטעלט צו דער צייט.

— יאָ, עס איז אמת — האָט געענטפערט באָנען — איר האָט טאַקע געטון אַלץ, וואָס צו אייך געהערט, אָבער דאָך געפינט זיך דאָ אין צימער נאָר איין דזשענטלמען...

— וואָס מיינט איר ז'ערמיט צו זאָגן — האָט זיך אויפגעכאַפּט הערמאַן.

— זייט רואיק, הער קאַץ. — איך וואָלט אייך דאָך קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז איר זענט נישט קיין דזשענטלמען.

הערמאַן האָט שוין געקלערט, אַז אפשר ווייסט עפּעס באָנען וועגן דער גנבה פון צירונג, אָבער די לעצטע ווערטער האָבן אים באַרואיקט.

— איך וועל אַלזאָ נישט זיין קיין דזשענטלמען — האָט זיך באָנען אָפּגערופן נאָך אַ ווײַלע — איך צי זיך צוריק פון דעם געשעפט...

— ווי אַזוי? וואָס הייסט? — האָט הערמאַן אַרויסגעשטאַמלט.

— אַזוי ווי איר הערט: איך קויף נישט די פאָרגעלייגטע סחורה.

— איך קען עס נישט פאַרשטיין. איך בין דאָך אויך נישט מיין גאַנץ לעבן געווען אַ אָנגעשטעלטער אויף אַ שיף. איך בין אַן אַלטער סוחר און קען דעריבער נישט באַגרייפן, וואָס האָט זיך געענדערט פון נעכטן? די סחורה האָט אייך אויפגעהערט צו געפעלן? איר האָט פלוצלונג דערזען אין איר חסרונות?

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, הער קאַץ? — האָט זיך צעלאַכט באָנען, — מיט אַזאַ ציניִשקייט אין האַנדל האָב איך זיך נאָך נישט געטראָפן קיינמאָל אין מיין לעבן.

— וואונדערט זיך נישט, הער באָנען. איר האָט אַליין געזאָגט אין אָנפאַנג פון אונדזער געשפרעך, אַז איר ציט זיך צוריק פונעם „געשעפט”... איר האָט עס אפשר געמיינט אין אַ וויץ, פאַר מיר אָבער איז עס זייער ערנסט. איך האָב מיט דעם עסק געבונדן צופיל אויף די צוקונפט. זאָגט מיר אַלזאָ, וואָס האָט זיך געענדערט פון נעכטן אין אייער באַצוג צו עדי? זי געפעלט אייך שוין נישט?

— הערט, אַלזאָ אויס, איר גרויסער וואַרשעווער סוחר. איר זענט טאַקע אַ מומחה אין האַנדלס־אָנגעלעגנהייטן, איר האָט אָבער פאַרגעסן וועגן איין זאַך אין האַנדל: מען קויפט נישט פאַר געלט קיין זאַך, וועלכע מען קריגט בחינם.

באָנענס ווערטער האָבן געטראָפן הערמאַנען, ווי אַ דונער.

— בחינם? — האָט ער ווידערהאַלט — איך פאַרשטיי שוין. עס איז אייך אַ שאָד געווען דאָס געלט, וועלכעס איר האָט מיר צוגעזאָגט, האָט איר פאַר עדין פאָרגעשטעלט אַ בילד פון גליק און רייכטום, וואָס ערוואַרטעט זי ביי אייך. איר האָט אַזוי אַרום געוואָלט געוויגען פאַר זיך מיין פרוי און באַהאַלטן דאָס געלט פאַר זיך, נישט אמת.

— שלאָגט זיך דאָס אַרויס פון קאָפּ — האָט ער ווייטער גערעדט. — עס איז נאָך דאָ, גאָט זיי דאַנק, רעכט אויף דער וועלט. אַ מאַן האָט נאָך וועלכע עס איז רעכט צו זיין פרוי —

ווי לאַנג זי איז מיין פרוי וועט איר זי פאַר זיך נישט געווינען.
— באמת, גאָט זיי דאַנק! — האָט זיך אָנגערופן באַנען. — איך האָב מורא געהאַט, אַז איר וועט אויסזוכן אַנדערע שטערונגען, אָבער אויב איר ווילט זיך נאָר פאַררופן אויף אייער רעכט פון אַ מאַן — איז דאָך די זאַך דערלעדיקט.
— ווי אַזוי? — האָט זיך הערמאַן צעלאַכט. — איר מיינט טאַקע, אַז איך וועל זיך אָפּזאָגן פון עדי אָן אַ באַלוינונג?
— איר דאַרפט זיך גאָרנישט אָפּזאָגן. די פרוי פון געשטאָר־בענעם היימי קאַץ דאַרף נישט האָבן קיין דערלויבעניש חתונה צו האָבן פון הערמאַן גרינפעלד...
הערמאַן האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז באַנען ווייסט וועגן עדי איז אין דער אמתן. אַ ווײַלע האָט ער זיך איינגעקוקט אין באַנענס פנים, דאַן איז זיין פנים איינמאָל געוואָרן גרוי, קליין, איינגעשרומפן.
דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ. פלוצלינג האָט ער זיך געפינען איינזאַם, פאַרלאָזט פון אַלע. מיט איינמאָל האָט ער דער־פילט אויף זיין אייגענער הויט, וואָס איז אַזוינס זיין פאַרלאָזט, באַרויבט, פאַראַטן. אין איין מאָמענט האָט ער דערפילט דעם ווייטיק פון דער פאַרלאָזטער מאַרילע, דער פאַראַטענער דזשעני און באַרויבטער פרוי ווייסמאַן.
עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער גאָט פון נקמה האָט אַראָפּ־געשיקט אויף זיין לעבנס־וועג עדין, כדי זי זאָל נקמה נעמען פאַר דעם ווייטיק, וועלכן הערמאַן האָט אָנגעטאָן פרויען אין זיין דאָן־זשואַן קאַריערע.
ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם מאָמענט, ווי גוט ער האָט געטון דעצידירנדיק זיך אויף אָנצונעמען טרינקגעלט פון די פאַר־סאַזשירן. דאָס אָנגעזאַמלטע געלט מיט דעם געהאַלט פאַר דער אַרבעט זענען געווען זיין גאַנץ פאַרמעגן.
ער האָט געזען אַז דער קאַמף מיט באַנאַנען איז אַ פאַר־שפּילטער. ער האָט פּרובירט צו וועקן ביי באַנענען דאָס געפיל פון רחמנות.
— וואָס וועל איך איצט טון? איר נעמט מיר צו מיין גע־ליבטע פרוי און גיט מיר נישט אַפילו קיין מאַטעריעלע אַנטשע־

דיקונג? גיט מיר כאָטש אַ קלענערע סומע. עס גייט אייך אין גאַנצן נישט אָן די לאַגע, אין וועלכער איך געפין זיך איצט? ווי איז געוויסן? גיט מיר כאָטש די מעגלעכקייט צוריק אָנצוהויבן אַ נאָרמאַל לעבן!

— ליידער וועקט איר ביי מיר נישט קיין שום מיטגעפיל. דערציילט נישט וועגן אייער געליבטע פרוי, וועלכע איר האָט ביי דער ערשטער געלעגנהייט פאַראָטן. וועגן פינאַנסיעלן הפסד קען נישט זיין קיין רייד — זייט אַזוי גוט אין דער צוקונפט אָנהייבן צו האַנדלען מיט אַנדערע סחורה, וועט איר אפשר מאַכן בעסערע געשעפטן.

— איבעריקס — האָט צוגעגעבן באַנען — דערמאָנט אייך, ווי עס האָט אייך געבעטן רחמים די פרוי ווייסמאַן, ווי זי האָט אויך אַפעלירט צו אייער געוויסן, און געבעטן, אַז איר זאָלט איר געבן די מעגלעכקייט צוריקצוקערן צו איר נאָרמאַל לעבן. ווי האָט איר זיך דאַן באַנומען?

הערמאַן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. עס איז נישט געבליבן וואָס צו טון. ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און זיך געלאָזט צו דער טיר. דאָ האָט ער זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט און זיך אָנגערופן צו באַנענען:

איר זענט געווען גערעכט, אין דעם צימער איז טאַקע געווען נאָר איין דזשענטלמען. אָבער כדי אייך צו באַרואיקן, אַז אויך אין מיר געפינט זיך אַ פונק פון אָרנטלעכקייט, וויל איך אייך ווינטשן אַ גליקלעך לעבן צוזאַמען מיט עדי... זי איז ווערט צו זיין גליקלעך — איר האָט געפונען אין איר אַן אויסערגעוויינלעך לעבנס־פריינט.

נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט ער זיך שנעל אויס־געדרייט און פאַרלאָזט די קאַיוטע.



„הערקולעס“ איז אָנגעקומען צום פּאָרט. פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן שאַרפע פייפן פון הונדערטער אַרומיקע שיפן און שיפלעך. מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם אַנקער, דאַן די שטיגלעך, די

פאַסאַזשירן האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די שיף
אויף דעם דעק האָט זיך באַוויזן עדי. אָנשטאָט דעם אוניפאָרם פון דער שיפס־געזעלשאַפט האָט זי איצט געטראָגן אויף זיך אַן עלעגאַנטן רייזע־קאָסטיום, וועלכער האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר חן.

באַנען האָט געזוכט עדין שוין פון לאַנג. דערזעענדיק זי האָבן זיינע אויגן אויפגעבליצט פאַר פרייד. ווי אַ יונג פאָרל זענען זיי ביידע אַראָפּ אויף דעם באָדן פון פראַנקרייך — אויף דעם וועג צו אַ נייעם גליק...

— — — — — — — — — — — — — —

אין דער זעלבער צייט ווען באַנען און עדי זענען געווען פאַרנומען אין פּאַריז מיט די לעצטע פאָרבאַרייטונגען צו אַ באַשיי־דענער האָכצייט־פייער — איז הערמאַן גרינפעלד געזעסן אין איינע פון די פּאָרט־שענקען און געקלערט וועגן זיין פאַרגאַנגענ־הייט און צוקונפט.

אין דער טאַש איז שוין געבליבן נישט קיין גרויסע סומע געלט. ער האָט זיך געפונען אין אַ פרעמד לאַנד — אַן אַ פאַך, אָן וועלכע עס איז אויסזיכטן.

ער האָט איצט אינטענסיוו געקלערט אויף וואָס פאַר אַ וועג צו געפינען עפּעס אַ פּאַרדינסט. ער איז שוין געווען אויף אַזאַ נידריקער מדרגה, אַזוי ווייט דעמאָראַליזירט, אַז דאָס איינציקע וואָס איז אים איינגעפאַלן צו געפינען, איז געווען אַ פּאָסטן פון אַ „סעקרעטאַר" ביי אַ רייכער עלטערער פרוי...

אין פראַנקרייך איז עס אַן אָפטע דערשיינונג. אין דער פּאַרי־זער פּרעסע טרעפט מען אָפט אַנאָנסן, ווי אַזעלכע פרויען זוכן אַ מאַנספּאַרשוין אַלס „פּריוואַט סעקרעטאַר" צו אַלעם...

הערמאַן האָט צוגערופן דעם קעלנער און זיך געהייסן ברענגען די היינטיקע צייטונגען. זוכנדיק די אַנאָנסן, וועלכע האָבן אים אינטערעסירט אין דעם מאָמענט, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ רוב־ריק „אַרטיסטישע נייעס פון דער וועלט".

פלוצלונג האָט ער מיט פאַרווונדערונג געוואָרפן דעם בליק אויף אַ נאַכריכט אונטער דעם אויפשריפט: „די באַרימטע טענ־צערין מאַרילע מאַרגענטאַל — ווידער אויף דער בינע".

מיט פאַראינטערעסירונג האָט ער דורכגעלייענט די נאַכריכט:

„די לעזער געדענקען אַוודאי דעם טרויעריקן סוף פון דער קאַריערע פון דער פוילישער באַלערינע מאַרילע מאַר־גענטאַל, וועלכע איז שווער קראַנק געוואָרן בעת איר ערשטן אויפטריט אין ניו־יאָרק.

די טענצערין איז דאָן צוריקגעפאָרן צו איר מאַן אין וואַרשע, אָבער אַ לענגערע צייט איז זי נישט אויפגעטרעטן. מיר דערוויסן זיך, אַז זי איז איצט ווידער געזונט און אַרויסגעטרעטן אויף אַ פילאַנטראָפּישן באַל.

די טענצערין האָט איבערגעגעבן אונדזער וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענט, אַז דער אויפטריט איז געווען איר ערשטער שריט צום ווידערקער אויף דער בינע. מיר ווינטשן איר ווייטערן ערפאָלג".

הערמאַן האָט איבערגעלייענט די נאַכריכט, דאָן האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם טיש און זיך פאַרטראַכט. אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ שמייכל. עס איז אין זיין מוח געבוירן געוואָרן אַ נייער פּלאַן אַרויסצובאַקומען געלט פון מאַרילע.

אַ מאָל אין אַ הייסן ליבעס־מאָמענט האָט זיך מאַרילע פאַר־געסן און דערציילט הערמאַנען, אַז זי אַליין האָט אויסגעפירט דעם אָנפאַל אויף לעאָן קייזערשטיין. די נאַכריכט האָט איצט הערמאַן געוואָלט אויסנוצן, כדי צו באַקומען געלט.

„דער באַנקיר מאַרגענטאַל איז אַ רייכער מענטש און האָט נישט ליב קיין סקאַנדאַלן. אויב מאַרילע איז טאַקע צוריקגעגאַנגען צו אים — וועט ער נישט וועלן דערלאָזן דערצו, אַז זי זאָל ווערן אַרעסטירט און באַפלעקן זיין נאָמען. וועט ער וועלן, אַז איך זאָל שווייגן, וועט ער מוזן דערפאַר גוט באַצאָלן"...

הערמאַן האָט באַשטימט ווי אַם שנעלסטן צוריקצופאָרן קיין וואַרשע. עס איז איצט געווען אַ שאָד יעדן טאָג...

# אין דעם משוגעים־אַנשטאַלט

שרעקלעך איז געווען לעאָנס איבערלעבונג, ווען ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער געפינט זיך אין אַ משוגעים־הויז. ער איז טאַקע געלאָפן ווי אַ משוגענער, איבער דעם צימער און געריסן זיך די האָר פון קאָפּ. הייסע טרערן זענען געפלאָסן פון זיינע אויגן, ער האָט געפילט, ווי זיין האַרץ שמערצט.

— פאַרוואָס?! — האָט ער אויסגערופן מיט ווייטאָק. — גאָט מיינער, פאַרוואָס האָט מען מיר דאָס געטאָן? צי האָב איך דאָס פאַרדינט? וואָס האָב איך פאַרשולדיקט געגן די, וועלכע האָבן זיך באַגאַנגען מיט מיר אַזוי אומבאַרעמהערציק?

האָט ער דען רעגינען געטאָן עפּעס שלעכטס? פאַרקערט, זי האָט דאָך ביי אים געהאַט אַלעס: רייכטום, אַ פּאַלאַץ, אויטאָס. ער האָט זי נאָר נישט באַשאָנקען מיט ליבע, אָבער צוליב דעם האָט רעגינע נישט געהאַט קיין רעכט צו מאַכן אים פאַרוורפן. זי האָט גוט געוווסט, ווען זי איז געוואָרן זיין פרוי, אַז ער האָט זי נישט ליב, אַז ער פילט אַפילו נישט קיין פאַרלאַנג נאָך איר פרעכטיקן קערפּער.

ער האָט געמוזט צוגעבן, אַז פון איר שטאַנדפּונקט האָט רעגינע מאַכנדיק אַן איבערבליק איבער דער לעצטער פאַרגאַנגענהייט, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז ער האָט געפונען דעם שליסל צום רעטעניש.

ער האָט דאָך רעגינען געכאַפּט ביי איר פאַרראַט מיט דעם אַמעריקאַנער. רעגינע האָט, ווייזט אויס, מורא געהאַט פאַר זיין צוריקקערן צום געזונט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָסמאָל, וואָלט ער שוין רעאַגירט אַנדערש, ווי ביז איצט.

ער האָט געמוזט צוגעבן, אַאַז פון איר שטאַנדפּונקט האָט רעגינע געטאָן קלוג, וואָס זי האָט אים אַריינגעגעבן אין אַ משוגעים־הויז. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי עס איז איר געלונגען צו געווינען פאַר זיך דעם דאָקטאָר האַמבורגער, ער איז דאָך געווען אַן אַלטער פריינט פון דער פאַמיליע קייזערשטיין.

איין זאַך איז פאַר אים געווען העכסט פאַרשטענדלעך: רע־

גינע האָט באַוויזן צו איבערצייגן די דאָקטוירים אין דעם, אַז איר מאַן איז אַ משוגענער. אויב אַזוי — שטייט פאַר אים איצט די ערשטע אויפגאַבע: באַווייזן, אַז עס איז נישט אמת; אַז ער איז נאָרמאַל און געזונט.

אין דעם זעלבן מאָמענט, ווען לעאָן איז געקומען צו דעם אויספיר, האָט זיך דערהערט אַ דריי פון שליסל. די טיר האָט זיך געעפנט און אַ הויכער מאַן מיט אַ ברוטאַלן אויסזען איז אַריין אין צימער. ער האָט געבראַכט אויף אַ טאַץ עסן פאַר לעאָנען.

— אויפשטיין! — האָט ער געגעבן אַ געשריי צו לעאָנען, וועלכער איז גראַד געזעסן אויף זיין בעטל. — איך וועל צוואַרטן ביז עס וועט זיין אויפגעגעסן.

לעאָן האָט שוין געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער דעם סאַניטאַר, אַז ער זאָל זיך אַנדערש צו אים באַנעמען. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז יעדעס וואָרט, יעדער זשעסט קען עדות זאָגן קעגן אים אַלס אַ משוגענעם.

אַ חוץ דעם האָט ער דערפילט, אַז ער איז הונגעריק. ער איז אַלזאָ צוגעקומען צום טיש און דאָ האָט ער מיט פאַרווינדערונג דערזען, אַז דער לעפל און גאָפל זענען הילצערנע. קיין מעסער האָט מען אין גאַנצן נישט אַריינגעבראַכט — דאָס ברויט און פלייש זענען געווען צושניטן אויף קליינע שטיקלעך.

לעאָן האָט אָנגעקוקט דעם סאַניטאַר מיט אַ טרויעריקן שמייכל — און דער שמייכל האָט אויף דעם סאַניטאַר געמאַכט אַ ריזיקן איינדרוק. עס האָט זיך אים — בעת זיין לאַנגיאָריקער אַרבעט — נישט געטראָפן, אַז אַ משוגענער זאָל אַזוי שמייכלען, ווען ער טרעפט אָן דאָס ערשטע מאָל אויף די ברוטאַלע מנהגים פונעם שפּיטאָל.

— זאָל דאָס זיין אמת, וואָס מ׳שמועסט פעגן אים? — האָט געקלערט דער סאַניטאַר. — זאָל עס טאַקע זיין אַ געזונטער מענטש, וועלכן מען האָט דאָ אַריינגעזעצט צוליב פאַרשידענע טעמים.

דער סאַניטאַר, מיטן נאָמען בערקאָוויטש, האָט זיך דאָך נישט געלאָזט באַהערשן דורך אַזאַ געדאַנק.

— אויב עמעץ געפינט זיך דאָ — איז עס נישט אָן אַ פּאַר־וואָס. יעדער פון זיי שרייט, אַז ער איז נישט קיין משוגענער — איך האָב אָבער נישט געהערט וועגן אַ פאַל, אַז מען זאָל דאָ פאַרמאַכן אַ געזונטן מענטש.

לעאָן האָט אָנגעהויבן צו עסן — נישט אַזוי ווי מען וואָלט אים צוגעגעבן אין אַ משוגעים־הויז, נאָר אויף אַ קעניגלעכן הויף. דער סאַניטאַר בערקאָוויטש האָט געקוקט מיט באַוווּנדערונג, ווי לעאָן האָט זיך באַנומען — ווען ער וואָלט נישט געווען אַן אַלטער שפּיטאָל-אָנגעשטעלטער, וואָלט ער זיכער באַלד געוואָרן אַ סימ-פּאַטיקער פון לעאָנען.

בערקאָוויטש האָט זיך אָבער זייער שנעל דערמאָנט וועגן זיינע פליכטן. עס איז נישט געווען אַ לייכטע זאַך צו וועקן אין דעם מענטש מיטגעפיל. בלויז ביים ד"ר זילבער האָט ער געאַרבעט שוין צוועלף יאָר.

נאָך דעם טויט פון זיין פרוי האָט ער לויטן אויפטראָג פון ד"ר זילבער אויך אַהער געבראַכט אינעם אַנשטאַלט זיין טאָכטער, בעלא, אַ רייצנד שיין מיידל. היינט האָט זי שוין געהאַט 22 יאָר און אַלע מענער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין איר קרייז, זענען געווען אין איר פאַרליבט.

אין אָנערקענונג פאַר בערקאָוויטשעס טרייהייט האָט ד"ר זילבער געלאָזט לערנען בעלאַן אויף זיינע קאָסטן און דאָס שיינע מיידל האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן. צו 18 יאָר האָט זי געענדיקט גימנאַזיע. זי האָט אָבער ווייטער נישט געלערנט. דער פאָטער האָט זיך דערויף נישט געקענט דערלויבן און ד"ר זילבערס גוט האַרץ האָט זי שוין נישט געוואָלט מער אויסנוצן.

בעלא האָט אַלזאָ אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס קראַנקן־שוועס-טער אין ד"ר זילבערס אַנשטאַלט און איז אין אַ קורצער צייט געוואָרן באַליבט ביי דעם גאַנצן פּערסאָנאַל ווי אויך ביי די קראַנקע.

איר האַרץ איז געווען פריי. זי האָט נישט געהאַט פיל באַקאַנטע און צווישן די, וועלכע זי האָט ביז איצט געטראָפן אויף איר לעבנס־וועג, האָט קיינער נישט דערוועקט אין איר אַ ספּעציעלע פאַראינטערעסירונג.

די ערשטע טעג האָט לעאָן נישט געזען פאַר זיינע אויגן קיינעם אַ חוץ דעם סאַניטאַר. דעם צווייטן שליסל פון זיין צימער האָט געהאַט דער דאָקטאָר, אונטער וועמענס אויפזיכט לעאָן איז געוואָרן צוגעטיילט, אָבער ד״ר זילבער האָט פאַרבאָטן דעם דאָקטאָר אַריינצוגיין צו לעאָנען. ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט ברעכן לעאָנס ווידערשטאַנד, אַרויסקלאַפּן אים פון קאָפּ יעדע מחשבה וועגן פרייהייט.

ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך פּלוצלונג געעפנט די טיר פון לעאָנס צימער און עס איז אַריינגעקומען דער דאָקטאָר, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן כאַלאַט. זיין פּנים האָט געשמייכלט און האָט געמאַכט אַ זייער אָנגענעמען איינדרוק.

דער ד״ר גראַף — אַזוי האָט ער געהייסן — האָט זיך פאָר־געשטעלט פאַר לעאָנען, דערלאַנגנדיק אים די האַנט.

— זיצט, דאָקטאָר — האָט לעאָן אָנגעוויזן אַ שטול. — איך האָף, אַז איך וועל נאָך האָבן ווען עס איז אין לעבן די מעגלעכקייט אויפצונעמען אייך אין אָנגענעמערע באַדינגונגען.

— איך בין גאַנץ זיכער — האָט געענטפערט ד״ר גראַף, קלערנדיק אין דער זעלבער צייט, אַז דאָס וועט שוין קיינמאָל נישט פאָרקומען.

איידער ער איז אַריין צו לעאָנען האָט דער דאָקטאָר אָפּגע־האַלטן אַ לענגערע קאָנפערענץ מיט דעם דירעקטאָר זילבער, וועלכער האָט אים באַשריבן די קרענק פון דעם נייעם פּאַציענט, דערקלערנדיק זי אַלס אַן אומהיילבאַרע.

ד״ר גראַף איז אַלזאָ אַריינגעקומען מיט אַ פּאַרטיקער מיינונג, אַז לעאָן איז טאַקע אַ רואיקער משוגענער, אָבער אין יעדן מאָמענט האָט מען זיך געדאַרפט רעכענען מיט אַ שגעון־אָנפאַל, דעריבער טאַקע איז אין קאָרידאָר געווען פאַרבערייט הילף: דער אַלטער בערקאָוויטש און זיין טאָכטער בעלאַ. בערקאָוויטש האָט געהאַלטן אַ משוגעים-העמד...

בעלאַ איז געווען זייער נייגעריק אָנצוקוקן דעם נייעם פּאַציענט, וועגן וועלכן מען האָט זיך שוין אַ פּאָר טעג פריער געשעפּטשעט אויפן אויער פאַרשידענע געהיימניספולע מעשיות. זי האָט אַלזאָ איצט צוגעלייגט דאָס אויער צו דער טיר און אונטערגעהאָרכט

דאָס געשפּרעך. קיינער וואָלט איר דאָס נישט פאַרבאָטן — איר אויפגאַבע איצט איז געווען אונטערהערן און זיין גרייט אויף יעדן פאַל.

— קענט איר מיר איבערגעבן אַ פּאָר אינפאָרמאַציעס וועגן אייער פּערזאָן ? — האָט זי געהערט פרעגן דעם ד״ר גראַף.

— ביטע זייער, וואָס אינטערעסירט אייך, דאָקטאָר ? — האָט זיך דערהערט אַ טיפע מענער-שטימע.

— צי קענט איר מיר דערציילן אייער ביאָגראַפיע, אייער לעבנס־וועג ?

שטעלנדיק די פראַגע האָט ד״ר גראַף געמיינט צו דערגרייכן אַ דאָפּלטן ציל: ער האָט געוואָלט דערקענען די באַדינגונגען, אין וועלכע לעאָן איז אויסגעוואַקסן, כדי צו דערוויסן זיך צי דאַרף מען אפשר זוכן די סיבות פון דער קראַנקהייט אין זיינע יוגנט־איבערלעבונגען.

דאַן האָט ער געוואָלט קאָנטראָלירן צי לעאָן הערשט איבער זיינע חושים און קען אין אַ לאָגישער פאָרם איבערגעבן זיין לעבנס-וועג.

לעאָנס דערציילונג האָט אים ערשטוינט. דער כלומערשט משו-גענער האָט אין אַזאַ לאָגישער און אינטערעסאַנטער פאָרם פאַר-געשטעלט זיין פאַרגאַנגענהייט, אַז ד״ר גראַף האָט מיט אַמאָל דערפילט אַ ספק אין דער ריכטיקייט פון ד״ר זילבערס דיאַגנאָזע.

לעאָן האָט דערציילט וועגן זיינע יוגנט־יאָרן, וועגן דעם רייכ־טום פון זיינע עלטערן, וועגן זיין בילדונג, קאָלעגן. זיינע ווערטער זענען געווען פול מיט ראָמאַנטיק, ווען ער איז צוגעקומען צו דער צייט, ווען ער האָט אויף זיין לעבנס־וועג געטראָפן סאַבינען.

— מיין לעבן האָט זיך געענדערט ווי אונטער דער השפּעה פון כישוף. די קורצע צייט, וואָס מיר זענען געווען צוזאַמען, איז די גליקלעכסטע פון מיין גאַנץ לעבן.

— פאַרוואָס רעדט איר וועגן אַ קורצער צייט ? ווי עס איז מיר באַקאַנט, זענט איר דאָך פאַרהייראַט !

— דאָס איז אמת, אָבער נישט מיט דער פרוי, וועלכער איך ליב ביזן היינטיקן טאָג.

— ווער איז, אַלזאָ, אייער פרוי ?

— ליבער דאָקטאָר. איר האָט באַרירט אַ זייער אַנגעווייטיקטן פּראָבלעם. מיין פרוי איז טאַקע די פּערזאָן, צוליב וועלכע איך געפין זיך היינט דאָ. עס האָט זיך מיר אין אָנפאַנג געדאַכט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען נאָר צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש. נאָך עטלעכע טעג אַריינקלערן בין איך אָבער געקומען צום באַשלוס, אַז עס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ נידערטרעכטיקער פאַר־שווערונג.

— באַזיצט איר דען באַווייזן דערויף? דאָס איז דאָך אַ שווע־רער פאָרוווּרף!

— איך ווייס דערפון און איך האַלט עס אונטער. היינט וועל איך עס אָבער נישט באַגרינדן. איר זענט געקומען צו מיר פול מיט אומצוטרוי. מיר קענען זיך ווייניק. מיר וועלן צוואַרטן ביז איר וועט מיר נענטער באַקענען און באַקומען מער צוטרוי צו מיר.

— איר זענט גערעכט. אייגנטלעך האָב איך געדאַרפט איבער־רייסן דאָס געשפּרעך. איך זענט אַוודאי מיד.

— עס גייט נישט וועגן מידקייט. מיר וועלן ווייטער פירן אינדזער געשפּרעך מאָרגן. אין מיינע איצטיקע באַדינגונגען איז נישט דאָ וואָס זיך צו איילן.

— איך שטים איין. אין יעדן פאַל וועט אייך אַוודאי אויסקומען צו בלייבן ביי אונדז אַ געוויסע צייט. איך קום אַלזאָ מאָרגן ווידער.

בעלאַ האָט מיט פּאַראינטערעסירונג אָבסערווירט דעם דאָקטאָר נאָך זיין אַרויסגיין פונעם צימער. זי האָט געהערט דאָס גאַנצע געשפּרעך און איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז לעאָן איז אַ נאָרמאַלער מענטש.

זי האָט צוגעדריקט אירע הענט צום האַרץ, ווען לעאָן האָט גערעדט וועגן זיין ליבע צו סאַבינען. אין זיינע ווערטער האָט זיך געהערט אַזוי פיל איבערגעגעבנהייט. עס האָט זיך געפילט אַזאַ ווייטיק אין זיינע ווערטער...

בעלאַ איז נאָכגעגאַנגען דעם ד״ר גראַף אין זיין קאַבינעט, וווּ דער דאָקטאָר האָט אָנגעהויבן שפּאַצירן אַהין און צוריק, רייבנ־דיק דעם שטערן. פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַר בעלאַן, געקוקט אויף איר אַ ווײַלע שווייגנדיק, דאַן האָט ער זיך אַנ־

גערופן:

— טייערע בעלא. איך שטיי פאַר אַ רעטעניש, איך מיין דערמיט דעם נייעם פּאַציענט. אין מיין לאַנגיאָריקער פּראַקטיק האָב איך נאָך נישט געהאַט אַזאַ פאַל. אויב מיין וויסן און מיין קענטניש פון דער מענטשן־פּסיכאָלאָגיע האָט עפּעס אַ ווערט — איז קייזערשטיין אַזאַ נאָרמאַלער מענטש, ווי דו און איך.

— וואָלט אַלזאָ געווען אמת דאָס וואָס מען דערציילט זיך דאָ אויפן אייער?

— איך יויל נישט אַרויסגעבן אַ צו פריען משפּט. איך וועל אַפילו נישט איבערגעבן קיין באַריכט דעם ד״ר זילבער. — איך בין אָבער זיכער, אַז אין דעם הייַנטיקן געשפּרעך האָט קייזערשטיין נישט אַרויסגעוויזן קיין שום שפּור פון משוגעת.

— עס איז מיר אַ שאָד געווען, ווען ער האָט איבערגעריסן זיין דערציילונג. זיין ליבע צו אַ געוויסער סאַבינע איז דאָך אַזוי רירנד.

— און איך בין געווען דערפרייט, ווען ער האָט דערקלערט, אַז ער וויל הייַנט מער נישט דערציילן. דאָס האָט מיך פאַרפעסטיקט אין מיין איבערצייגונג, אַז ער איז אַ געזונטער מענטש. נאָר אַ פולשטענדיקער נאָרמאַלער מענטש קען אַזוי הערשן איבער זיינע נערוון און מיט אַזאַ רואיקייט איבעררייסן אַ געשפּרעך.

— איר וועט אַלזאָ רעדן מיט אים ווייטער מאָרגן?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך. איך בין זייער נייגעריק צו הערן די פאָרטזעצונג. עס וועט דאָך דאָס מאָל זיין די רייד וועגן דעם שווערסטן אָפּשניט פון זיין לעבן, וועגן זיין איצטיקער פרוי. מאָרגן וועל איך וויסן באַשטימט, צי מיין מיינונג איז אַ ריכטיקע.

צומאָרגנס איז דער ד״ר גראַף — לויט דעם צוזאָג — אַריינגעקומען צו לעאָנען, בעלא און איר פאָטער זענען אַזוי ווי נעכטן געזעסן אין דרויסן, נעבן דער טיר.

לעאָן האָט אויפגענומען דעם דאָקטאָר מיט אַ הערצלעכן שמייכל. ער האָט דערפילט, אַז ער האָט געמאַכט אויף דעם דאָקטאָר אַ גוטן איינדרוק און האָט זיך דערמיט זייער געפרייט. ער האָט געוווסט, אַז עס דערוואַרט אים אַ שווערער קאַמף, כדי

צוריק צו קומען אין דער וועלט פון נאָרמאַלע מענטשן — און דער ערשטער שריט אין דעם קאַמף איז געווען דאָס געשפּרעך מיט דעם דאָקטאָר.

— צי ווילט איר ווייטער דערציילן אייערע איבערלעבונגען ? — האָט אָנגעהויבן דער דאָקטאָר. — צי פילט איר זיך בכוח דאָס צו טאָן ?

— ליבער דאָקטאָר. איין מאָל מוז עס דאָך געטאָן ווערן, איז דאָך בעסער צו דערציילן ווי אַמשנעלסטן. איך מוז אייך אָבער וואָרענען, אַז נישט איין זאַך וועט אייך אויסקומען אומגלויבלעך — אָבער אַזוי איז עס טאַקע געווען: כמעט אומגלויבלעך.

דעם דאָקטאָר האָט די איינלייטונג נישט געפעלן — ער האָט נישט געגלויבט אין „אומגלויבלעכע" פּאַרפאַלן. לעאָן האָט אָבער דערפילט דעם אומצוטרוי פונעם דאָקטאָר.

— איך וועל זיך נישט וווּנדערן, אויב נישט אין אַלעם וועט איר גלויבן. אין אַזאַ פאַל בעט איך אייך נאָכפאָרשן, צי איז אמת דאָס, וואָס איך דערצייל. נישט איין פאַל פון מיין לעבן איז געווען אויך באַשריבן אין די צייטונגען.

— שוין ביים אָנפאַנג פון מיין דערציילונג וועט איר זיך וווּנדערן, ווען איר וועט הערן, אַז אין אַ שיינעם העלן טאָג האָט מען אויף מיר געמאַכט אַן אָנפאַל בעת אַן אויטאָ-רייזע און עמעץ האָט צו מיר געשאָסן פון אַ רעוואָלווער.

— באמת נישט קיין טאָג־טעגלעכער פּאַרפאַל. וואָס איז געווען די סיבה פונעם אָנפאַל און ווער איז געווען דער פאַרברעכער ?

— ביזן היינטיקן טאָג איז עס געבליבן אַ סוד. נאָכן אַטענ־טאַט האָב איך אַ לענגערער צייט געקעמפט מיטן טויט. אין דער צייט האָט מיין קוזינע אַנגאַזשירט צו מיר אַ קראַנקן־שוועסטער — און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז צופעליק איז עס מיין געליבטע סאַבינע.

— וואָס הייסט צופעליק ? אייער סאַבינע האָט דאָך אַוודאי געוווּסט, אַז מען האָט אויף אייך געשאָסן.

— זי האָט נישט געקאָנט וויסן, ווייל זי האָט נישט געקענט מיין אמתן נאָמען.

— איר האָט איר אַלזאָ נישט דערציילט ווער איר זענט ?

פאַרוואָס האָט איר זיך געשפּילט אין סודות?

— דאָס איז נישט געווען קיין שפּיל. סאַבינע איז געווען אַן אָרעם, עלנד מיידל, וועלכע איך האָב געליבט פון גאַנצן האַרץ. איך האָב מורא געהאַט, אַז איך קען זי פאַרלירן, אויב איך וועל אַנטדעקן פאַר איר, אַז איך בין רייך און פון אַ אַריסטאָקראַטישע משפּחה. זי וואָלט דאַן מיך חושד געווען, אַ זאַיך וויל זיך נאָך שפּילן

— על איז טאַקע געווען אַ זייער שיינער זשעסט פון אייער מיט איר, ווי עס איז דער שטייגער פון דער „גאָלדענער יוגנט". זייט. איר זאָגט דאָך אָבער, אַז אַ דאַנק דעם אַטענטאַט האָט איר זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן — פאַרוואָס אַלזאָ האָט איר נישט חתונה געהאַט מיט איר נאָך דעם צוריקקערן צום געזונט?

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 95

— מיין קוזינע, וועלכע איז איצט מיין פרוי, האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו ווערן מיין פרוי, כדי אַזוי אַרום באַהערשן מיין רייכ־טום.

— איר באַשלוס איז דאָך נישט געווען געגוגנד — האָט זיך אָנגערופן דער דאָקטאָר. — איר האָט דאָך געהאַט נעבן זיך אייער געליבטע — האָט דאָך אייער קוזינע גאָרנישט געקענט אויפטאָן.

— איר קענט נישט רעגינען, מיין פרוי, און אויך איך האָב זי נאָך דעמאָלט נישט געקענט. איר דער אמתן האָב איך זי נאָך דעמאָלט נישט באַקענט. אין דער אמתן האָב איך זי גענצלעך פאַרשטאַנען דאָ, אין דעם משוגעים-הויז.

— אויב איר קענט רעדן מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש וועגן אַזעלכע אָנגעוויטיקטע זאַכן, איז עס אַ גוטער סימן וועגן אייער געזונט־צושטאַנד. דערציילט אַלזאָ ווייטער, איך בין נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי מען פירט אַדורך פּלענער קעגן דעם ווילן פון מענטשן, פון וועלכע די פּלענער זענען אנבאַלאַנגט.

— דער ענטפער איז אַ פּשוטער: מען מאַכט עס אויפן וועג פון פאַרברעכן.

— דערציילט פּרטים דערפון.

— רעגינע האָט פּשוט געגעבן איר קעגנערין צו טרינקען סם.

— איר ווילט דערמיט זאָגן, אַז זי האָט געטויטעט אייער גע־ליבטע.

— יאָ און ניין...

דער דאָקטאָר האָט אָנגעקוקט לעאָנען מיט פאַרוואונדערונג. אין דרויסן האָט בעלע פאַרהאַלטן דעם אָטעם, כדי נישט צו פאַרלירן אפילו אַ וואָרט.

— איך זע, אַז איר גלויבט מיר נישט — האָט זיך אָנגערופן לעאָן. — איך האָב עס פאַרגעזען און שוין אין אָנפאַנג האָב איך אייך געזאָגט, אַז פאַרשידענע טיילן פון מיין דערציילונג קענט איר נאָכפאָרשן אין די צייטונגען. דאָס איז טאַקע אַזאַ פּרט.

— סאַבינע, מיין געליבטע, איז טאַקע געוואָרן פאַרסמט און דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט,, אַז זי איז טויט. די נעקראָ־לאָגן קאָנט איר איבערלייענען אין די צייטונגען. רעגינע האָט דאָן אַרויסגעוויזן צו מיר פיל מיטלייד, איך בין געבליבן איינזאַם אַז

סאַבינען, האָב איך אַלזאָ חתונה געהאַט, מיט רעגינען.

— איך זע אין דעם גאָרנישט אויסערגעוויינלעכעס. אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך אָפּט. די כלה שטאַרבט, האָט דער חתן חתונה מיט אַן אַנדערער.

— אויף אייער פראַגע, צי האָט מען סאַבינען געטויטעט, האָב איך אייך געענטפערט: יאָ און ניין. איך האָב אייך ערשט דערציילט וועגן דעם "יאָ", און איצט קומט דער "ניין". סאַבינע איז טאַקע אָפּגעפירט געוואָרן צו אייביקער רו, זי האָט אָבער געלעבט...

— אויף וועגן דעם קען איך לייענען אין די צייטונגען? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט איראָניש.

— ביז איצט נישט, איך האָף אָבער, אַז אַמאָל יאָ, ווען די גאַנצע זאַך וועט ווערן אויפגעקלערט, וועט זי אוודאי באַשריבן ווערן אין דער פרעסע. עס איז אָבער דאָ אַ וויכטיקער עדות: דער זעלבער דאָקטאָר, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט סאַבינעס טויט, האָט זי שפּעטער געזען לעבעדיק.

— האָט אייך דאָס געזאָגט דער דאָקטאָר אַליין? דאָס איז באמת אַ וויכטיקער באַווייז?

— מיר נישט, ער האָט גערעדט דערפון מיט מיין נאָענטן פריינט הענריק זאַלצבערג, און האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז סאַבינע איז נישט געווען טויט, נאָר געפאַלן אין אַ צושטאַנד, וואָס רופט זיך הינער-פלעט.

— יאָ, עס טרעפן זיך אַזעלכע זאַכן, אָבער איך גלויב, אַז נאָך דעם ווי סאַבינע איז פון דעם צושטאַנד אויפגעקומען, האָט זי זיך באַלד געוויזן פאַר אייך.

— דאָס איז טאַקע דאָס טרויעריקסטע און אומפאַרשטענדלעכע — סאַבינע איז צו מיר נישט געקומען. אָבער באַלד, אַ מאָמענט! איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז ערשט דאָ, אין משוגעים־הויז הויב איך אָן צו פאַרשטיין פאַרשידענע זאַכן. דאַכט זיך, אַז איך האָב אויך אויף אייער פראַגע געפונען אַן ענטפער: סאַבינע איז אוודאי יאָ געקומען צו מיר, אָבער רעגינע האָט איר געשטערט דאָס צוזאַמענטרעפן זיך מיט מיר.

ער האָט זיך איצט דערמאָנט, אַז סאַבינע איז טאַקע געקומען

צו אים אין זיין חופה-טאָג, זי איז אָבער דעמאָלט פאַרשלאָסן געוואָרן דורך סאַמועל קייזערשטיין אין דער חורבה. ער האָט דאָס אַלעס דערציילט דעם דאָקטאָר און באַשרייבנדיק רעגינען, האָט ער זיך געהיטן פאַר באַנוצן צו שוואַרצע פאַרבן, כדי נישט אַרויסרופן קיין חשד אין זיין אָביעקטיוויטעט.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום מאָמענט פון רעגינעס כאַראַט. דאָ האָט ער געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל דאָס האָט דאָך געזאָלט זיין — לויט די באַשרייבונג, וואָס דער דאָקטאָר גראַף האָט באַקומען — די פאַרפאָלגונגס־מאַניע פון לעאָנען.

לעאָן האָט דעם טייל פון זיינע איבערלעבונגען איבערגעגעבן מיט אַזוי פיל טאַקט, אָן איבערטרייבונג — אַז דער דאָקטאָר איז געוואָרן איבערצייגט, אַז עס איז נישטאָ קיין שום רייד וועגן אַ מאַניע.

דעם דאָקטאָר איז טאַקע נישט געווען אַזוי לייכט אַנצונעמען, אַז אַ פרוי קען זיין אַזוי שלעכט, כדי צו פאַרמאַכן פאַר אירע פלענער דעם מאַן אין משוגעים־הויז. דאָס האָט ער געוואָלט קאָנטראָלירן אין א פערזענלעך געשפּרעך מיט רעגינען.

מיט פרייד האָט בעלע דערוואַרטעט דעם דאָקטאָר, ווען ער האָט פאַרלאָזט לעאָנס צימער. אין דעם קאַבינעט האָבן זיי ביידע נאָך אַ מאָל איבערגעשמועסט אַלע איינצלהייטן און פּלוצלונג האָט זיך דער דאָקטאָר אָנגערופן:

— מיר האָבן נישט דאָס רעכט אַזוי רואיק צו רעדן דאָ וועגן דעם, ווען דאָרט שמאַכטעט אַן אומשולדיקער מענטש. איך גיי שוין צום דירעקטאָר זילבער. איך וועל אים איבערגעבן מיינע איינדרוקן און איך גלויב, אַז קייזערשטיין וועט נאָך מיין געשפּרעך מיט דעם דאָקטאָר קענען גיין אַ היים אַ פרייער.

בעלע האָט זיך דערפרייט, ווי אַ קינד.

— איר וועט אים מיר ווייזן פאַר זיין אוועקגיין? איך בין זייער נייגעריק אים אָנצוקוקן...

— נישט בלויז איך וועל דיר אים ווייזן, נאָר אויף מיין באַפעל וועסט דו זיך פון היינט אָן פאַרנעמען מיט קייזערשטיינען, ווי לאַנג ער וועט נאָך דאָ בלייבן...

— אַ הערצלעכן דאַנק! איך האָב דערפון געטרוימט, האָב אָבער נישט געוואַגט דאָס אייך פאַרצולייגן.

— פאַרנעם זיך מיט אים, איך גיב אים איבער אין דיינע הענט, ווייל קייזערשטיין גויטיקט זיך מער אין אַ וואַרעם האַרץ, ווי אין אַ דאָקטאָר-אויפזיכט. מען דאַרף פשוט היילן די ווונדן פון זיין נשמה און דאָס גיב איך דיר איבער.

## רעגינע רוט נישט

ד"ר זילבער איז זיך געזעסן רואיק אין זיין קאַבינעט און געגלעט זיין פרעכטיקע באָרד. שוין פון יאָרן האָט ער זיך נישט פאַרנומען מיט די קראַנקע. זיי האָבן אים אינטערעסירט נאָר אַלס מענטשן, וואָס ברענגען אַריין פאַרדינסטן אין זיין טאַש אַריין. דער פאַציענט קייזערשטיין האָט אים געפרייט אַלס רייכער מענטש און וואָס לענגער ער וועט בלייבן אין דעם אַנשטאַלט, דאָס בעסער איז פאַר ד"ר זילבער...

עס האָט אָנגעקלאַפּט דער ד"ר גראַף און באַלד נאָך זיין אַ־ אַריינקומען איז ער איבערגעגאַנגען צום עיקר.

— איך בין געקומען צו אייך, פּראָפעסאָר, אין דעם ענין פון קייזערשטיין.

— וואָס איז, ער האָט שוין באַקומען א שגעון־אָנפאַל ? בינדט אים מיט שטריק — ביי מיר מאַכט מען נישט קיין שום אונטער־ שיד צווישן קראַנקע.

— ניין, פּראָפעסאָר. עס איז פונקט דער קעגנטייל : נאָך צוויי לאַנגע געשפּרעכן מיט קייזערשטיין בין איך געקומען צו דער אי- בערצייגונג, אַז ער איז נאָרמאַל און געזונט. עס איז אפילו נישט דאָ קיין רייד וועגן עפּעס אַ מאַניע.

— איר זאָגט דאָס שוין נאָך צוויי געשפּרעכן ?

— איך טו עס אויף מיין פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איך האָב שוין לאַנגע יאָרן פּראַקטיק.

— אַ גליק נאָך, אַז נישט איר זענט דער איינציקער, וואָס דעצידירט אין דעם פאַל. עס זענען דאָ נאָך אַנדערע פּסיכיאַטרן אין דעם אַנשטאַלט, וואָס קענען זיך אויס נישט ערגער פון אייך.

דער דאָקטאָר גראַף האָט זיך געפילט באַליידיקט.

— אפשר האָבן זיי אַמאָל עפּעס געקענט — האָט ער זיך אָנגערופן און בייסיק צוגעגעבן: — זיי האָבן אָבער מיט דער צייט פאַרגעסן זייערע קענטענישן בעת דעם נאָכקאָנטראָלירן די פרייזן פון איינגעקויפטער פוטער...

ד״ר זילבערט איז געוועזן רויט. אין ערשטן מאָמענט האָט ער שוין געוואָלט אָפּזאָגן דעם דאָקטאָר גראַף. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז דאָס איז דער בעסטער דאָקטער אינעם אַנשטאַלט.

— איר דאַרפט זיך נישט באַלד באַליידיקן — האָט ער זיך אָנגערופן — איך האָב נאָר געמיינט צו זאָגן, אַז נאָך עמעצער וואָלט געדאַרפט זען דעם פּאַציענט, דער פאַל איז דאָך זייער אַן ערנסטער.

— איך שטים איין און בין זיכער, אַז יעדער דאָקטאָר וועט זיין מיט דער זעלבער מיינונג.

— זענען מיר אַלזאָ געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג. מיר וועלן בעטן איינעם פון אייערע קאָלעגן, אַז ער זאָל אים אויך אונטערזוכן.

— ביטע זייער. מיין פּאַציענט איז גרייט. ער איז אַזוי נאָרמאַל, אַז איך דאַרף נישט קיין שום פאַרבאַרייטונגען. ווען איר וועט צו אים אַריינגיין און אָנהויבן אַ געשפּרעך, וועט עס זיין גאַנץ נאָרמאַל, אפילו אויב עס וועט זיין פאַרבונדן מיט אַן ענין, וועלכער וועט אים ווי טאָן.

— איך וואָלט אָבער געוואָלט פאַר דעם אַדורכפירן צוויי אַנדערע געשפּרעכן — האָט זיך אָנגערופן ד״ר זילבער. — מיט דעם הויז־דאָקטאָר, וועלכער האָט געשטעלט די דיאַגנאָזע און מיט דעם פּאַציענטס פרוי.

דאָס געשפּרעך מיט דעם דאָקטאָר וועט אייך נישט ברענגען קיין נוצן, ווייל דער דאָקטאָר האַמבורגער האָט אונדז איבער־

געגעבן דאָס וואָס מען האָט אים געזאָגט אין קייזערשטיינס היים. דאָס געשפּרעך מיט דער פרוי קייזערשטיין איז טאַקע אַן אינ-טערעסאַנטער מאַטעריאַל פאַר אונדז — איך וואָלט טאַקע גע-וואָלט אַנטייל נעמען אין דעם געשפּרעך.

— איך האָב גאָר אַנדערש נישט געמיינט — האָט געזאָגט ד"ר זילבער גאַנץ ערנסט. ער האָט נישט געגלויבט אין ד"ר גראָף'ס דיאַגנאָזע און איז געווען זיכער, אַז נאָך דעם געשפּרעך מיט דער פרוי קייזערשטיין וועט אויך דער דאָקטאָר גראָף ענ־דערן זיין מיינונג.

ער האָט אַלזאָ אָנגעקלונגען צו רעגינען, וועלכע איז גראָד געווען ביים טעלעפאָן. זי האָט דערקלערט, אַז זי איז די גאַנ־צע צייט נישט געקומען, ווייל זי קען נישט איבערטראָגן דעם שמערץ פון איר מאַנס קראַנקהייט.

זי האָט צוגעזאָגט צו קומען אין אַנשטאַלט נאָך דעם זעלבן טאָג, נאָך מיטאָג.



אין דער אמתן האָט רעגינע גאַנץ לייכט פאַרטראָגן לע־אַנס „קראַנקהייט". פון דעם דאָזיקן טאָג אָן ווי מען האָט אים אָוועקגעפירט אין אַנשטאַלט איז זי טאָג טעגלעך געווען אַ גאַסט ביי דזשייקאָבן און פאַרברענגט לאַנגע שעהן אין זיינע אָרעמס.

רעגינע האָט ערשט איצט אויפגעלעבט. זי האָט זיך דער־מאָנט די אַלטע צייטן, ווען אין לאָדזש איז זי געווען שטאַרק באַקאַנט אין די יוגנט-קרייזן, אַלס די וונדערשיינע „הייסע רע־גינע".

איר ברוויזנדן טעמפּעראַמענט האָט זי געירשנט פון איר פאָטער, וועלכער איז אַ מאָל געווען אַ באַרימטער דאָן־זשואַן. ער האָט פאַראומגליקט נישט איין מיידל, פאַרפירט זי און דאַן מער זיך נישט אינטערעסירט נישט מיטן גורל פון דער מוטער,

נישט פון דעם געבוירענעם קינד...

רעגינע האָט איצט אַלזאָ אויסגענוצט די פרייהייט און גע־זעטיקט דעם אייביקן דורשט פון איר לייב אין דזשייקאָבס אָרעמס. זי האָט נישט געזען זיין פּראָסטקייט, זיין חוצפּה, עס האָט זי נישט געאַרט, וואָס ער האָט זי אָפּט „אָנגעצויגן" אויף גרויסע סומעס געלט — זי האָט נאָר געזען אין אים די מענלעכקייט, די ברוטאַליטעט, וועלכע האָט איר אַזוי געפעלט זינט זי איז געוואָרן לעאָנס פרוי.

דער פאָטער האָט איר נישט געשטערט. ער האָט פון איר באַקומען „טאַשן-געלט", וועלכעס ער האָט שנעל איבערגעלאָזט אין קאָרטן־קלובן און ביי פריילעכע ווייבלעך....

— — — — —

אין לעאָנס פּראַכטפולן אויטאָ איז רעגינע אָנגעקומען אין ד"ר זילבערס אַנשטאַלט. דער פּראָפעסאָר איז גראָד געשטאַנען ביים פענצטער און ווען ער האָט דערזען די שלאַנקע און עלעגאַנטע רעגינע האָבן זיינע אויגן אויפגעבליצט פאַר פרייד.

— איך האָב אוודאי דאָס פאַרגעניגן צו זען ביי מיר די פרוי קייזערשטיין, נישט אמת? — האָט ער זיך אָנגערופן, ווען רעגינע איז אַריין אין זיין קאַבינעט.

— יאָ, דאָס בין איך, איך פריי מיך זייער האָבנדיק די מעגלעכקייט אייך צו באַקענען — האָט זיך אָנגערופן רעגינע מיט אַ שמייכל. — וואָס מאַכט מיין טייערער מאַן? — האָט זי דאַן געפרעגט, מאַכנדיק אַ טרויעריקע מינע.

— ער פילט זיך אויסגעצייכנט, רוט זיך אָפּ און באַרואיקט זיינע נערוון.

— גאָט זיי דאַנק! — האָט זיך אָנגערופן רעגינע. — איך בין געווען אַזוי אומרואיק. איך האָב נישט געוווּסט, ווי אַזוי מיין מאַן וועט זיך צוגעוווינען צו די נייע באַדינגונגען. צו ווייסט ער, ווו ער געפינט זיך?

— ער האָט נישט קיין אַנונג — האָט געלייקנט דער ד"ר

זילבער — ער גלויבט, אַז ער איז אין אַ סאַנאַטאָריע. ווען ער וואָלט געוווסט דעם אמת, וואָלט ער דאָך אוודאי צעהאַקט די מעבל אין זיין צימער, נישט אמת? האָט ער אין דער היים באַקומען אָפּטע אָנפאַלן פון שגעון?

— נאָר צוויי מאָל, אָבער ביידע זייער ערנסטע. יעדעס מאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס שטייט פאַר אים אַ שונא און ער האָט דעם שונא געוואָלט אַראָפּרוימען פון דער וועלט.

— איז דאָס נאָר געווען אַן איינרעדעניש?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך. אין ביידע פאַלן איז אין צימער קיינער, חוץ אונדז ביידע, נישט געווען, אָבער מיין מאַן האָט זיך איינגערעדט, אַז עס געפינט זיך אין צימער אַ מאַנספּערזאָן, מיט וועלכן איך בין אין אינטימע באַציאונגען...

אויב אַזוי זענען דאָך דאָס געווען אָנפאַלן פון איינגע־רעדטער אייפערזוכט.

— יאָ, אַזוי איז עס. עס איז מיר זייער אומאָנגענעם דערפון צו ריידן — עס זענען דאָך אינטימע זאַכן — אָבער איך פאַרזי־כער אייך, פּראָפעסאָר, אַז זיינע פאַרדאַכטן האָבן נישט געהאַט קיין שום גרונט. מיר זענען דאָך אַ יונג פּאָר פאָלק און אַ חוץ מיין מאַן האָב איך קיין מאַנספּערזאָן נישט געזען פאַר מיינע אויגן.

— ליבע פרוי קייזערשטיין. עס איז מיין פליכט אייך מודיע צו זיין, אַז דער דאָקטאָר גראַף, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט אייער מאַן, האָט אָפּגעהאַלטן מיט אים עטלעכע געשפּרעכן, און איז געקומען צום אויספיר, אַז אייער מאַן איז פולשטענדיק גע־זונט.

רעגינע איז בלאַס געוואָרן. זי האָט געפילט, אַז עס איז איר מיט אַמאָל שלעכט געוואָרן. אויף איר שטערן זענען אַרויס טראָפּן שווייס.

באַלד איז זי אָבער געקומען צו זיך און האָט זיך אָנגערופן, ווי נישט מיט איר שטימע:

— איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, אַז איך בין דערשטוינט און אַנטוישט פון אייער דערקלערונג. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט גאָר עפּעס אַנדערש, הערנדיק וועגן אייער אַנשטאַלט.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך געפילט באַליידיקט.

— איך האָב געמיינט, אַז עס געפינען זיך ביי אייך בעסערע דאָקטוירים, ווי דער, וועגן וועלכן איר האָט ערשט דערציילט. — האָט גערעדט ווייטער רעגינע. איך קען אים נישט, און וויל אים נישט קענען. עס גענוגט מיר זיין דיאַגנאָזע. איך בין טאַקע נישט קיין דאָקטאָר. איך ווייס אָבער, אַז אַ קראַנקער אויף אַ פאַרפאַלגונגס־מאַניע ענדערט זיך אין גאָרנישט פון אַ געזונטן מענטש. אויב אַזוי, ווי אַרום האָט דאָס ד״ר גראַף פעסטגעשטעלט, אַז מיין מאַן איז נישט קראַנק? צי האָט ער דען בייגעוווינט זיינס אַ שגעון־אָנפאַל און געהערט וואָס מיין מאַן רעדט אויס אין אַזאַ פאַל?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז נישט. איך האָב טאַקע נישט איינגעשטימט מיט זיין דיאַגנאָזע — האָט זיך אָנגערופן ד״ר זילבער. — ד״ר גראַף האָט זיך אָבער געהאַלטן פעסט ביי זיין מיינונג און וויל זיך זען מיט אייך, כדי איבערצורעדן די זאַך.

— ניין — האָט אויסגעשריגן רעגינע. — איך וויל מיט אים נישטריידן. צי מיינט זיך אפשר דער דאָקטאָר, אַז ער איז מיין מאַנס אַ בעסערער פריינט, ווי איך?

— באַרואיקט אייך, פרוי קייזערשטיין, קיינער שטעלט נישט אונטער אַ פראַגע־צייכן אייער איבערגעגעבנקייט צו אייער מאַן. פונקט פאַרקערט. אייער אויפרעגונג באַווייזט, ווי זייער איר ליבט אים.

— אַזוי איז טאַקע. גאָר נישט איז פאַר מיר צו טייער, כדי איך זאָל נאָר זען מיין מאַן געזונט. אָט האָט איר דאָ, דאָקטאָר, דערווייל טויזנט זלאָטעס און איך גיב אייך צו וויסן, אַז אפילו ווען מיין מאַן זאָל מוזן דאָ בלייבן אַ פאָר יאָר — בין איך גרייט צו דעקן אייך די גרעסטע אויסגאַבן, אַבי ער זאָל נאָר אַמאָל געזונט ווערן.

— איר מוזט מיר נישט איינצאָלן מיט אַמאָל אַזאַ גרויסע סומע.

— איך האָב אייך טאַקע געוואָלט זאָגן, אַז איך פאָר אין קורצן אַוועק קיין אויסלאַנד. איך טו עס צוליב מיין מאַן — אפשר וועט ער שנעלער געזונט ווערן אויב איך וועל זיין ווייט פון אים. איך וועל צוריקקומען ווען ער וועט אָפּסגיי האָבן

דעם גלויבן אין מיר און וועט האָבן די מעגלעכקייט אָפּצושאַצן מיין ליבע צו אים און מיין איבערגעגעבנקייט.

ביי די ווערטער האָט רעגינע צוגעלייגט צו אירע אויגן אַ טיכעלע, ווי ווישנדיק טרערן. דער אמת איז, אַז רעגינע האָט זיך געגרייט צו אַ רייזע קיין אויסלאַנד, אָבער נישט צוליב לעאָנס געזונט, נאָר צוליב איר אייגן פאַרגעניגן. צוזאַמען מיט דזשייקאָבן האָבן זיי באַשלאָסן צו פאָרן אין דעם שיינעם רוּאיקן קור־אָרט סאַן־רעמאָ.

נאָכן איבערגעבן דעם ד״ר זילבער אַ טשעק אויף טויזנט זלאָטעס, האָט זיך רעגינע אויפגעהויבן פון איר פּלאַץ.

אין דעם מאָמענט האָט זיך אויך אויפגעשטעלט דער דירעק־טאָר און זיך אָנגערופן:

— איך זע אייך, פרוי קייזערשטיין, אַז איר האָט רעכט, אייער צוזאַמענטרעף מיט דעם ד״ר גראַף איז גאָר אומנויטיק.

— איך פריי זיך זייער, אַז איר זענט דערזעלבער מיינונג — האָט זי געענטפערט און האָט אָנגעהויבן זיך צו איילן. זי האָט נעמלעך מורא געהאַט, אַז זי קען זיך נאָך צופעליק צוזאַמענ־טרעפן מיטן דאָקטאָר גראַף. זי האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז פון דער זייט פון דעם ד״ר גראַף דראָט איר אַ געפאַר.

זי האָט זיך שנעל געזעגנט מיטן פּראָפעסאָר זילבער און פאַרלאָזט דעם קאַבינעט.

עס איז נישט פאַרביי קיין פינף מינוט ווי אין קאַבינעט איז אַריינגעקומען ד״ר גראַף — ער האָט דאָך געוווסט, אַז די פרוי קייזערשטיין דאַרף דאָ היינט זיין.

זעענדיק דעם דאָקטאָר האָט זיך זילבער אָנגערופן:

— איר האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז איך וועל אייך רופן? די פרוי קייזערשטיין איז שוין דאָ געווען און איז שוין אַוועק.

— וואָס הייסט אַוועק? איר האָט דאָך מיר געזאָלט רופן, כדי איך זאָל מיט איר איבערריידן די זאַך פון איר מאַן. — האָט אויסגערופן בייז דער דאָקטאָר גראַף.

— איך אַליין האָב מיט איר גערעדט און איך האַלט עס פאַר גענוגנד. איך האָב טאַקע פערזענלעך נישט גערעדט מיט קייזער־

שטיינצן, אָבער פֿון אייער דערציילונג האָב איך אַלעס געוווּסט און ווייס מער אפילו ווי איר...

דער דאָקטאָר האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט אויף זיינע ליפּן. ער האָט דערפֿילט, אַז עפּעס אומריינעס האָט דאָ געמוזט פּאַרקומען. ער האָט אַלזאָ דעצידירט נישט צו לאָזן זיך פּראָוואָצירן — ווייל זיין איינציקער ציל איז געווען דער ווייל פֿון קייזערשטיינען און נישט זיין פּערזענלעכע אַמביציע.

ער האָט זיך רואיק אַוועקגעזעצט ביים פּראָפֿעסאָרס שרייבטיש און געמאַכט זיך אויסהערן מיט אַכטונג, ווי אַזוי דער פּראָפֿעסאָר האָט אים געלערנט ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט קייזערשטיינען במשך פֿון די נאָענטסטע צוויי, דריי יאָר...

## דער אומגעריכטער עדות

סאַבינע האָט זיך פֿאַר דעם רעסטירן זי, אַזוי האַרציק איבערגעגעבן דער פֿרוי איזאַבעלאַ, אַז די קראַנקע איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און האָט אָנגעהויבן אַרומצושפּאַצירן.

זי איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אַרומגעגאַנגען אַליין, ווייל מיט פּעלייצען — וועלכע האָט זיך געגנצלעך אויסקורירט פֿון דעם פּאַרסמען — האָט זי נישט געוואָלט האָבן קיין שום געמיינזאַמעס.

איזאַבעלאַ האָט נישט געקאָנט פֿאַרגעסן וועגן סאַבינען. עס האָט איר אָנגעטאָן פֿיל שמערץ, אַז זי האָט נישט געקענט עפּעס העלפֿן כדי צו לינדערן דעם ביטערן גורל פֿון דער אָרעמער קראַנקןשוועסטער.

אַלעקסאַנדער האָט מיט אַלע כוחות געפּרוּווט איבערצייגן זיין פֿרוי, אַז סאַבינע איז נישט ווערט מען זאָל זיך מיט איר פֿאַרנעמען, זענדיק, אַז עס העלפֿט גאָרנישט האָט ער זאָגאַר דערציילט איזאַבעלאַן, אַז סאַבינע האָט זיך אים אָנגעוואָרפֿן מיט ליבעסאויסדרוקן.

— זי האָט זיך איינגערעדט, אַז איך וויל זי נישט, ווייל מיר געפֿעלט פּעליציע — און צוליב דעם האָט זי געפּרוּווט פֿאַרסמען די אָרעמע פּעליציע.

איזאַבעלאַ האָט אָבער נישט געגלויבט אין דער רכילות. זי האָט געוווּסט, אַז סאַבינען דראָט אַ פּאָר יאָר געפענגעניש און דאָס האָט איר נישט געלאָזט רוען. העינריק זאַלצבערג האָט טאָקע איבערגעגעבן די זאַך איינעם פון די בעסטע אַדוואָקאַטן אין וואַרשע — אָבער עס איז דאָך געווען אַ ספק צי סאַבינע וועט פרייגעלאָזט ווערן.

איין טאָג, בעת דעם שפּאַציר אין גאָרטן, האָט זיך איזאַבעלאַ געטראָפן מיט וואַצלאַוו. דורך דעם פענצטער פון זיין פאַבריק־ביוראָ, האָט ער געזען איזאבעלען שפּאַצירן יעדן טאָג אין די זעלבע שעהן און היינט איז ער אַרויס כדי מיט איר פּערזענלעך צו ריידן.

— ווי גליקלעך איך בין, ווען איך זע אייך ווידער געזונט — האָט ער זיך אָנגערופן.

— איך דאַנק אייך הערצלעך פאַר אייער פאַראינטערעסירונג פאַר מיין פּערזאָן. סאַבינע האָט מיר איבערגעגעבן פון אייך אַ פּאָר גרוסן. יעדער באַווייז פון סימפּאַטיע איז מיר זייער טייער — הויפּטזעכלעך איצט, ווען מען האָט פון מיר צוגערויבט מיין ליבע סאַבינע.

— ווי שטעלט איר זיך פאָר די זאַך אין איצטיקן מאָמענט? זענען עפּעס פאַראַן גוטע אויסזיכטן פאַר איר? — האָט זיך פאַראינטערעסירט וואַצלאַוו.

— עס זענען נישט פאַראַן קיין שום אויסזיכטן. מיין מאַן און פּאָליציע באַשולדיקן זי אין דעם, אַז זי האָט געוואָלט באַזייטיקן פּעליציען פון דער וועלט אויס אייפערזוכט...

— איך גלויב אָבער נישט דעם פרויליין זינגמאַן — האָט זיך אָנגערופן וואַצלאַוו — ספּעציעל פון דעם טאָג אָן, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פאָרפאַל. איך האָב דעמאָלט געזען ווי פּעליציע האָט אַרומגעטאַנצט אַרום סאַבינען און דאָס איז מיר זייער נישט געפעלן געוואָרן.

— איר האָט זיי געזען דעם זעלבן טאָג — האָט אויסגערופן איזאַבעלאַ מיט פאַרווּנדערונג.

— יאָ. איך האָב גראָד אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען סאַבינען, ווי זי האָט אָבסערווירט עראָפּלאַנען. איך בין

אַרויס אין גאָרטן, כדי צו פרעגן זי אויף אייער געזונט. צוקומענדיק צום פּאַרקאַן האָב איך געזען סאַבינען ווי זי האָט צוגעדרייט עפּעס שרויפלעך צום וועראַנדע טיש.

— **צוליב וואָס האָט זי דאָס געטאָן?**

— דאָס ווייס איך נישט. איך האָב נאָר געזען, אַז אויף דעם טיש זענען געשטאַנען צוויי גלעזער טיי און ביים צושרויפן דעם טיש, וועלכער האָט זיך געוואַקלט, האָט סאַבינע אויסגעדרייט דעם בלאַט פונם טיש. איך האָב איר געוואָלט העלפן, אָבער... וואָס איז אייך? איר פילט זיך שלעכט?

— ניין, ניין, דערציילט ווייטער — האָט געזאָגט איזאַבעלאַ און איר פּנים איז געוואָרן ווייס, ווי קרייד.

וואַצלאַוו האָט דערציילט, ווי אַלעס איז פאָרגעקומען.

— פאַרוואָס אינטערעסירט איר זיך אַזוי דערמיט? — האָט ער געפרעגט. — האָט דאָס עפּעס אַ באַדייטונג?

— ווער ווייס צי דאָס איז נישט אַ דעצידירנדיקע אינפאָרמאַציע. איר ווייסט גאָרנישט, ווי וויכטיק איז דאָס, וואָס איר האָט געזען. פון דעם וואָס איר דערציילט קומט אַרויס, אַז ביי דעם איבערדרוקן דעם בלאַט פון דעם טיש — האָבן זיך אויך די גלעזער טיי געפונען נישט אויף די זעלבע פלעצער, ווי פריער.

— נו איז וואָס?

— דאָס הייסט פשוט, אַז סאַבינע האָט אויסגעטרונקען די טיי, וואָס איז געווען פאַרגעברייט פאַר פעליציען און פאַרקערט: פעליציעס טיי איז געווען פאַרגעברייט פאַר סאַבינען...

— באמת אַ וויכטיקע זאַך. אינטערעסאַנט איז אָבער פאַרוואָס סאַבינע האָט וועגן דעם גאָרנישט דערציילט בעת דער אויספאָרשונג. צי וויל זי נישט זאָגן דעם אמת?

— אפשר האָט זי וועגן דעם אין גאַנצן פאַרגעסן. איצט בלייבט נאָך איין זאַך אומפאַרשטענדלעך: ווי אַזוי האָט זיך געפונען אין סאַבינעס בייטל אַ פלעשעלע מיט סם.

— וואַצלאַוו! — האָט אויסגערופן איזאַבעלאַ — איר מוזט ווי אַמשנעלסטן גיין צום אַדוואָקאַט און איבערגעבן אים אייער נאָכריכט.

— איך וועל עס באַלד טאָן. איך וויל העלפן סאַבינען און אויך פאַר אייך טאָן אַלעס, וואָס איך קען.

— — —

דער אַדוואָקאַט האָט באַלד אויפגענומען וואַצלאַוון און אויסהערנ־דיק אים האָט ער זיך זייער דערפרייט.

— דאָס איז אַ העכסט וויכטיקע זאַך. היינט איז שוין צו שפּעט צו גיין צום אויספאָרשונגס־ריכטער. איר מוזט קומען מאָרגן פרי, גלייך אין געריכט־בנין.

ווען דער ריכטער האָט צומאָרגנס אויסגעהערט וואַצלאַוו׳ס אויסזאָג, האָט עס אויף אים געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. — ער האָט באַשלאָסן זאָפאָרט אויסצופאָרשן נאָכאַמאָל סאַבינען און באַלד געקליגגעט אין די תפיסה־קאַנצעלאַריע מען זאָל אַהערשיקן סאַבינען.

סאַבינע איז געווען דערשלאָגן אין דער תפיסה־קאַמער. פון צייט צו צייט איז געקומען צו איר הענריק זאַלצבערג, וועלכער האָט זיך דערוווסט וועגן דעם פאַל פון די צייטונגען.

ער האָט אין אָנפאַנג נישט געוואָלט גלויבן, אַז עס גייט וועגן דערזעלבער סאַבינע, וועלכע ער האָט געקענט. נאָך סאַבינען איז פאַרלוירן געגאַנגען יעדער שפּאָר און הענריק האָט אפילו נישט געוווסט, אַז זי געפינט זיך אין וואַרשע.

ער האָט זיך געווענדעט צו וואָרמאַנען, וועלכן ער האָט גע־קענט אַלס אייגנטימער פון אַ גאַרבערײַ. און דאָרט האָט ער זיך דערוווסט, אַז עס איז טאַקע דיזעלבע סאַבינע. ער האָט אפילו נישט אויסגעהערט ביז ענדע וואָרמאַנס רכילות און באַלד אַוועק צו אַ באַרימטן אַדוואָקאַט.

הענריק האָט דאָך געוווסט, אַז סאַבינע איז עלענד — נאָך דערצו איצט, ווען לעאָן איז געווען אין אַ משוגעים־הויז. ער איז אַלזאָ געווען דער איינציקער מענטש, וועלכער האָט געהאַט די פליכט און דאָס פאַרשטענדעניש צו פאַרנעמען זיך מיט סאַבינעס גורל. הענריק האָט אויך געהאַט אַ באַקאַנטן יונגן פּראָקוראָר, זיינס

אַ שול־קאָלעגע, און פון אים האָט ער אויך לייכט באַקומען אַ דער־לויבעניש צו זעען זיך מיט סאַבינען.

רירנד איז געווען זייער ערשטער צוזאַמענטרעף. סאַבינע איז געשטאַנען, אויסגעמאַטערט, אויסגעדאַרט, אָנגעטאָן אין אַרעשטאַנטן־קליידל און געקוקט מיט פאַרווונדערונג אויף הענריקן.

אַ לענגערע צייט האָט זי נישט געקאָנט אַרויסריידן קיין וואָרט. דאַן האָט זי אָנגעהויבן ספּאַזמאַטיש צו וויינען, ווי אַ קליין קינד, וועלכעס מען האָט אומשולדיק באַשטראָפט.

אין קורצע ווערטער האָט הענריק דערציילט ווי אַזוי ער האָט זיך דערוווסט וועגן איר און סאַבינע האָט אויף זיין ביטע דער־ציילט אים וועגן אַלעם, וואָס איז מיט איר פאָרגעקומען, פון דעם טאָג, ווען זיי האָבן זיך לעצטנס געזען אינם הויז פון די ווינשטיינס.

הענריק איז נאָך פיל מאָל געקומען צו סאַבינען. ער האָט אויך באַקומען אַ דערלויבניש איבערצושיקן איר אָפּט פעקלעך מיט עסנוואַרג און ביכער. דאָס אַלץ האָט אָבער סאַבינען נישט געפרייט. פון טאָג צו טאָג איז זי געוואָרן אַלץ מער אַפּאַטיש — עס איז זי גאָרנישט אָנגעגאַנגען, איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט שוין קיינמאָל נישט זען די פרייע וועלט פאַר אירע אויגן.

— — —

אין אַזאַ צושטאַנד איז סאַבינע געזעסן אויף איר בעטל אין דער קאַמער, ווען מען האָט זי גערופן צום אויספאָרשונגס־ריכטער.

# סאבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 96

— וואָס ווילן זיי פון מיר? מען וועט מיך ווידער אַמאָל פאַרהערן. צי קען איך זיך דען מודה זיין אין אַ טאַט, וועלכן איך בין נישט באַגאַנגען?

אַריינקומענדיק אָבער אין דעם ריכטערס־קאַבינעט האָט זי מיט פרייד געעפנט ברייט די אויגן: זי האָט דערזען פאַר זיך וואַצלאַוו'ן

— דאָס איז געווען אַ ליבער לעבעדיקער גרוס פון איזאַבעלע'ן.

— פרוילײן רייכמאַן! — האָט זיך אָנגערופן דער ריכטער. — איך וועל אייך בעטן אָנשטרענגען אייער געדעכעניש און דערציילן מיר נאָך אַ מאָל, אַ פּרט נאָך אַ פּרט, ווי אַזוי איז אַדורכגעגאַנגען דער פאַטאַלער טאָג, ווען דאָס פריילײן זינגמאַן איז געוואָרן פאַרסמט.

סאַבינע האָט אָנגעקוקט דעם ריכטער מיט פאַרוווּנדערונג. זי האָט דאָך שוין נישט איין מאָל דערציילט דאָס זעלבע. נאָך אַ ווײלע שטילשווייגן האָט זיך ווידער אַ מאָל אָנגערופן דער ריכטער:

— איר זענט אַרויס פון דער אַלטאַנע, כדי צו אָבסערווירן אַעראָפּלאַנען. אמת? דאַן זענט איר צוריק אַריין — וואָס האָט איר דעמאָלט געטאָן?

— איך האָב צוזאַמען מיט פעליציען געטרונקען טיי.

— אָבער פאַר דעם נאָך. איר זענט דאָך אַ צייט געווען אין דער אַלטאַנע אַליין, נישט אמת?

— יאָ, פעליציע איז אויף אַ ווײלע אַרויסגעגאַנגען.

— וואָס האָט איר געטאָן אין דער צייט ביז פעליציע איז צוריק־געקומען?

— איך געדענק נישט.

— שטרענגט אָן אייער מוח. צי איז דאָס טישל, צום ביישפּיל, געווען אין אָרדנונג?

— דאָס טישל? — די אויגן פון דעם מיידל האָבן מיט אַ מאָל אויפגעבליצט. — יאָ, איך געדענק שוין. איך האָב עס באמת ביז איצט גענצלעך פאַרגעסן. דער בלאַט פון טישל איז פלוצלונג לויז געוואָרן און איך האָב אים געמוזט צושרויפן.

וואַצלאַוו האָט טיף אָפּגעאָטעמט, ווען ער האָט דערהערט די ווערטער. דער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט בייגעוווינט די אויס־

פאַרשונג האָט זיך ברייט צעשמייכלט.

— קענט איר עס אונדז ווייזן ווי אַזוי איר האָט עס געטאָן — האָט געפרעגט דער ריכטער.

סאַבינע איז צוגעגאַנגען צו אַ קליין טישל מיט פּאַפּירן און האָט געוויזן ווי אַזוי זי האָט אויסגעדרייט דעם בלאַט, אַזוי, אַז די פּאַפּירן האָבן זיך איצט געפונען אין אַן אַנדער אָרט.

— צי איז מעגלעך — האָט ווייטער געפרעגט דער ריכטער — אַז בעת דעם פּאַרפּעסטיקן האָבן די גלעזער מיט טיי געענדערט זייער פּלאַץ?

— נישט נאָר מעגלעך, נאָר עס איז טאַקע אַזוי געווען — האָט געענטפערט סאַבינע. — איך האָב אויסגעטרונקען די טיי, וואָס איז געווען פאַרגעברייט פאַר פּעליציען און זי האָט אויסגעטרונקען מיינע. דאָס האָט דאָך אָבער נישט קיין באַדייטונג.

— דאָס האָט אַ גרויסע באַדייטונג — האָט זיך אָנגערופן דער אַדוואָקאַט — עס הייסט, אַז נישט איר האָט געוואָלט פאַרסמען דאָס פריילין זינגמאַן נאָר זי אייך, און זי האָט עס טאַקע פאַרברייטעט דעם סם אין אייער גלאָז.

— געערטער הער אַדוואָקאַט — האָט אים איבערגעריסן דער ריכטער. — עס איז נאָך נישט אַזוי ווי איר שטעלט עס פאָר. עס בלייבט נאָך אַ פּונקט, וועלכן מיר מוזן נאָך אויספאָרשן און נאָר דעמאָלט קענען מיר זאָגן עפּעס ענטגילטיקעס. מיר מוזן באַקומען דעם ענטפער אויף דער פראַגע: ווי אַזוי קומט דאָס פלעשעלע מיטן סם אין דעם בייטל פון דער באַשולדיקטער.

— איך בין איבערצייגט, אַז דאָס האָט אונטערגעוואָרפן דאָס פריילין זינגמאַן — האָט געענטפערט דער אַדוואָקאַט.

— איך נעם אָן אויף אַ ווײַלע, אַז איר זענט גערעכט — האָט געזאָגט דער ריכטער — איר האָט אָבער אויף דעם נישט קיין באַווייז. אפשר קענט איר מיר כאָטש זאָגן פאַרוואָס האָט פריילין זינגמאַן געוואָלט באַגיין דעם טאַט. קיין שום פאַרברעכן ווערט נישט געטאָן אָן אַ סיבה.

— פריילין רייכמאַן — האָט ער זיך געווענדעט צו סאַבינען — צי קענט איר מיר פאַרשטעלן אַ באַווייז, פאַרוואָס פריילין זינגמאַן האָט געקענט וועלן אייך פאַרסמען? איר האָט דאָך אַמאָל

געזאָגט, אַז זי האָט אייך געהאַסט. פאַרוואָס איז דאָס געווען?
סאַבינע האָט אַ ווײַלע געשוויגן. דאַן האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען. אַ פּאָר מאָל האָבן זיך באַוויגן אירע ליפּן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי וויל עפּעס זאָגן — עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט אָבער פאַרמאַכט איר מויל.
דער ריכטער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ ליגט דער שליסל צום געהיימניש און האָט מיט דער הילף פונם אדוואָקאַט פּראָבירט באַאיינפלוסן סאַבינען, זי זאָל דערציילן אַלעס — עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער אַדוואָקאַט האָט געדראָט, אַז ער וועט זי ווייטער נישט פאַרטיידיקן — עס האָט אויך נישט געהאָלפן.
— קיין שום פּרייז אויף דער וועלט וועל איך נישט ברעכן מיין שווייגן — האָט געזאָגט סאַבינע.
— מוזט איר אַלזאָ צוריקגיין אין אייער קאַמער. דאָרט אין דער שטיל, ווייט פון דער וועלט, וועט איר אפשר קומען צום באַשלוס, אַז איר מוזט דערציילן דעם גאַנצן אמת.
— איך גיב איבער מיין גורל אין די הענט פון גאָט — האָט געזאָגט סאַבינע. און פאַרלאָזט דאָס צימער.

— — —

גלייך פונם ריכטער איז וואַצלאַוו געקומען צו איזאַבעלע'ן און דערציילט איר דעם גאַנצן פאַרלויף פון דעם פאַרהער. איזאַבעלא האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג.
— ציי זענט איר ביי דער מיינונג, אַז סאַבינע האַלט עפּעס אַ סוד, וואָס קען ענדערן איר ווייטערן גורל און וויל דעם סוד נישט אויסזאָגן? וואָס וואָלט דאָס געקאָנט זיין? וואָס קען זי צווינגען צו דעם?
וואַצלאַוו האָט נישט געקאָנט געפונען קיין ענטפער. לאַנג זענען זיי נאָך געזעסן, ביז וואַצלאַוו האָט זיך געזעגנט בעטנדיק איזאַבעלע'ן, אַז זי זאָל זיך באַנוצן מיט זיין פּערזאָן אין יעדן מאָמענט, ווייל ער איז גרייט צו טאָן פאַר איר אַלץ.
נאָך זיין אַוועקגיין האָט איזאַבעלע נישט געקענט געפונען

קיין רו. זי האָט אַלץ געקלערט, וואָס האָט געקאָנט זיין סאַבינעס סוד. איזאַבעלע האָט נישט געגלויבט אין אַלעקסאַנדערס ווערטער, אַז סאַבינע זאָל זיין אין אים פאַרליבט. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלץ, מעגלעך פונקט פאַרקערט, אַז אַלעקסאַנדער האָט אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס פאַר סאַבינען און דאָס האָט אַרויסגערופן פעליציעס אייפערזוכט.

עס איז איר איינגעפאַלן, אַז ווען איר מאַן וואָלט געוואָלט וואָלט ער געקאָנט אויפדעקן דאָס געהיימניש. „איך וועל אַריינגיין צו אים און פרעגן אָפן. איך בין דאָך זיין פרוי! פאַרוואָס זאָל ער מיר נישט וועלן דערציילן דעם גאַנצן אמת?"

זי האָט זיך אָבער איצט דערמאָנט, אַז זייער לאַנג איז זי שוין נישט געווען אין איר מאַנס שלאָפצימער... ווען זי וואָלט איצט שפּעט ביינאַכט, אַריינגעקומען צו אים, וואָלט ער געמיינט, אַז זי איז געקומען אין גאָר אַן אַנדערן ציל...

זי האָט באַשטימט צו ריידן מיט אים צו מאָרגנס. זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז ביי טאָג טרעט אים נישט אָפּ אויף אַ טריט דאָס פריילין פעליציע. נאָר איצט איז ער אַליין און מען קען מיט אים ריידן אומגעשטערט.

זי האָט זיך אויך געטראַכט, אַז אויב איר געשפּרעך וועט זיך ענדיקן מיט עפּעס אַנדערש, מיט עפּעס אינטימערעס... — איז אויך נישט קיין אומגליק. זי האָט דאָך אַלעקסאַנדערן אַ מאָל אַזוי ליב געהאַט — ער האָט אין איר דערוועקט, דאָס, וואָס איז פאַרבאָרגן אין דעם פרויען־קערפּער און קומט צום אויסדרוק נאָר אונטער דער השפּעה פון דעם מאַנספּערזאָן...

זי האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און האָט דערזען ליכט אין זיין צימער. זי האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ זיידענעם שלאָפראָק, אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אין שפּיגל און אַרויס פון צימער.

זי האָט זיך שוין געפונען פאַר דער טיר פון אַלעקסאַנדערס קאַבינעט, פון וואַנען עס האָט געפירט דער אַריינגאַנג אין זיין צימער, ווי זי האָט דערהערט אַן אָפּקלאַנג, ווי עמיצער וואָלט זיך געקושט...

זי האָט שטיל געעפנט די טיר פון קאַבינעט און אויף די שפּיץ־פינגער צוגעקומען צו דער טיר פון צימער, וועלכע איז נישט

געווען אײנגאַנצן צוגעמאַכט. זי האָט דערזען פּעליציען אַ האַלב־נאַקעטע, אויף אַלעקסאַנדערס שויס.

נעבן דער קאַנאַפּע, אויף וועלכער זיי זענען ביידע געזעסן, איז געשטאַנען אַ קלײן טישעלע און צויף אים אַ פלאַש קאָניאַק מיט גלעזלעך. דאָס פּאָר האָט זיך גראָד געקושט און נישט געהערט איזאַבעלעס טריט.

איזאַבעלאַ איז געשטאַנען ווי פאַרשטײנערט. אין אײן מינוט זענען חרוב געוואָרן אַלע חלומות. „צוליב אים האָב איך אַזוי פיל געליטן"! — האָט זי געטראַכט.

אין ערשטן מאָמענט האָט זי געוואָלט אַרײַן אין צימער און אָנשפּײען אין פּנים דעם פאַרברעכערישן פּאָרל — עס וואָלט אָבער געווען צופיל באַליידיקנד פאַר איר אַלײן. זי וואָלט גערן אַוועק פון דאַנען. זי האָט אָבער מורא געהאַט צו רירן זיך פון אָרט און אַזוי אַרום איז זי געווען אַ צופעליקער צוהערער פון דעם געשפּרעך, וועלכן ביידע האָבן איצט אָנגעהויבן צו פירן.

— דײַנע קושן זענען אַזוי זיס! קײנער קען נישט קושן אַזוי ווי דו — האָט אָנגעהויבן פּעליציע.

— אויב דו האָסט אַזוי גערן מײַנע צערטלעכקייטן, פאַרוואָס מוז איך דיך אַזוי בעטן אַז דו זאָלסט מיך באַשענקען מיט אַזאַ פּרעכטיקן אָוונט, ווי דער הײנטיקער?

— דו פאַרשטייסט עס באמת נישט? איך האָב דאָך אַלץ מורא, אַז דאָס איז נאָר אַ דורכגאַנגס־צײַט.

— גלויבסט נישט אַלזאָ, אין מײַן ליבע צו דיר — האָט גע־פרעגט וואַרמאַן.

— איך גלויב אין איר, איך האָב אָבער מורא, אַז מיט דער צײַט, ווען דײַן פרוי וועט צוריק געזונט ווערן, וועט זי קומען פאָדערן אירע רעכט. דו וועסט דעמאָלט נישט אָפּזאָגן און וועסט אפילו אײַנשטימען, אויב זי וועט פאַרלאַנגען מיך פאַר־טרײַבן פון דײַן הויז.

— פון וואַנען נעמסט דו דאָס?

— עס איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך. איזאַבעלאַ וועט דאָך אַמאָל דערזען וואָס מיר טוען אָפּ אונטער אירע פּלײצעס. וועט זי דען דערלויבן, אַז איר מאַן זאָל לעבן מיט אַן אַנדערער פרוי

אין אינטימע באַציאונגען אונטער איין דאַך?

— זי וועט מוזן דערלויבן — האָט אויסגערופן דער האַלבּ־שכורער אַלעקסאַנדער — זי וועט דען האָבן אַן אַנדערע ברירה? אויב זי וועט זיך נאָר אָנרופן צו דיר נישט ווי געהעריק — וועל איך זי אַרויסוואַרפן ווי אַ הונט!

טויט־בלאַס האָט איזאַבעלע אויסגעהערט די ווערטער, צו־דריקנדיק איר האַנט צו דער ברוסט.

— דאָס געפעלט מיר טאַקע פון דיין זייט — האָט זיך אָנגע־רופן פעליציע — דאָס איז מענעריש געזאָגט געוואָרן, דו פאַר־געסט אָבער, אַז דו וועסט נישט קאָנען פאַריאָגן דיין פרוי, ווייל לויט דער אינטערציזע געהערט די פאַבריק און דער פּאַלאַץ צו איר...

— דו האָסט רעכט. דאָ ליגט טאַקע די גאַנצע טראַגעדיע. אַ שאָד דו האָסט זי נישט אַראָפּגערוימט פון דער וועלט דעמאָלט ווען דו האָסט געהאַט די מעגלעכקייט!

— ווען מיינסטו איז געווען אַזאַ מעגלעכקייט?

— נו דעמאָלט ווען דו האָסט אַריינגעגאָסן סם אין סאַ־בינעס טיי...

איזאַבעלע האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. איצט איז אַלזאָ אַלץ גע־ווען אָפן און פאַרשטענדלעך: דאָס פּאָרל האָט צוזאַמען אויס־געקלערט דעם פּלאַן צו טויטן סאַבינען.

— דו ביסט נישט גערעכט — האָט זיך אָנגערופן פעליציע — דו פאַרגעסט נאָר, אַז איך האָב נישט געקענט צוקומען צו דיין פרוי. טאָג און נאַכט האָט די פאַרשאָלטענע סאַבינע נישט אָפּגעטרעטן פון איר. מען האָט קודם געמוזט אַראָפּרוימען זי פון וועג, גאָט צו דאַנק, איצט זענען מיר זי פטור געוואָרן.

— טאַקע, גאָט זיי דאַנק. עס האָט דאָך אונדז געדראָט, זי זאָל אויסגעבן וואָס עס טוט זיך צווישן אונדזביידע און וואָס מיר האָבן פּראָיעקטירט. זי האָט דאָך אַלץ אַליין געזען און אונטערגע־הערט.

— דו זעסט דאָך, אַז ביזן היינטיקן טאָג שווייגט זי, פון איר זייט דראָט אונדז גאָרנישט. ווען זי וואָלט דערציילט דעם אמת, וואָלט זי שוין לאַנג געווען פריי. זי געהערט צום סאָרט מענטשן,

וואָס טרעפן זיך וואָס אַמאָל ווייניקער אויף דער וועלט.

— דאָך וואָלט געווען בעסער ווען זי וואָלט דעם סם אויסגעטרונקען. איך קען נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן דעם מאָמענט ווי זי האָט אונדז אונטערגעהערט.

— האָב קיין מורא קינד מיינס — האָט זי באַרואיקט אַלעקסאַנדער. — ווען איך וואָלט היינט געכאַפּט עמעצן אין אַזאַ צושטאַנד וואָלט איך אים לעבעדיק נישט אַרויסגעלאָזט פון מיינע הענט.

— איך גלייב דיר. איך האָב געזען שוין דעמאָלט ווען דו האָסט צוגעשטעלט צו סאַבינעס ברוסט דעם רעוואָלווער און גענומען פון איר די הייליקע שבועה צו שווייגן — אַז דו האָסט זיך נישט געוויצלט.

— איך בין אפשר נישט אַזוי שלעכט — האָט אויסגעשעפּטשעט אַלעקסאַנדער — איך טו דאָס אַלעס פאַר דיר, אויס ליבע צו דיר.

און ווידער האָבן זיי זיך אַרומגענומען און אָנגעהויבן זיך קושן. איזאַבעלע האָט שוין אַלץ געוווסט, זי האָט אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען דאָס פּאָרל איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט זיך און האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון קאַבינעט.

זי איז אַריין צו זיך. אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ שטול און אָנגעהויבן צו קלערן. קיין איין טרער האָט זיך ביי איר נישט באַוויזן. זי האָט איצט אינגאַנצן נישט געקלערט וועגן זיך — נאָר וועגן דעם וואָס עס איז פאַר איר צופעליק אַנטפּלעקט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט סאַבינען.

אין דעם צופאַל און אין דער איבערלעבונג פון דער היינטיקער נאַכט האָט זי געזען גאָטס האַנט.

„איך מוז העלפן סאַבינען און טאָן אַלעס, כדי זי צו באַפרייען מיט דער הילף פון דעם ליבן וואַצלאַוו...“

# אַ נייע פריינטשאַפט

בעלע האָט איבערגענומען די אויפזיכט איבער לעאָנען. מיט שטאַרק האַרץ־קלאַפּן איז זי אַריין דאָס ערשטע מאָל אין זיין צימער. לעאָן איז געזעסן ביים טיש, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט און נישט געקוקט אין דער ריכטונג פון דער טיר.

ער האָט געהערט, אַז מען דרייט איבער דעם שליסל און עמעץ קומט אַריין. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט עמעץ אַנדערש ווי דער סאַניטאַר.

ער איז אַריינגעפאַלן אין אַן אומעט. ער האָט נישט געגלויבט אַזוי שנעל אַרויסצוקומען פון דאַנען. רעגינע איז געווען צו ביטרע, אַז זיין געפינען זיך אין משוגעים־הויז זאָל נישט זיין פעסט דערליידיקט. דערצו האָט איר נאָך אוודאי צוגעהאָלפן מיט פאַרשידענע עצות דער ליבער פעטער סאַמועל...

פלוצלונג האָט ער דערפילט אַ הייסן בליק אויף זיך. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען אַ שיינע, שלאַנקע פלע־גערין. ער האָט געקוקט אויף איר מיט פאַרוואונדערונג. נישט ווייניקער פאַרוואונדערט האָט געקוקט אויף אים בעלע.

דאָס איז אַלזאָ דער לעאָן קייזערשטיין? דאָס איז אַלזאָ דער ריטער, וועלכער היט אָפּ ווי אַ הייליקייט דעם אָנדענק פון זיין געליבעטער? אַ האַרציקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף בעלעס פּנים.

— ווי געפעלן אייך די וואונדער? פלוצלונג וואַקסט פאַר אייך אויס אַ פרויען־געשטאַלט? — האָט זי זיך אָנגערופן אין אַ לייכטן טאָן, כדי באַלד צו דערוועקן אין לעאָנען צוטרוי צו זיך.

— באמת, ווי אַ כישוף. וועמען האָב איך צו פאַרדאַנקען די אָנגענעמע ענדערונג?

— ערשטנס, זיך אַליין. און דאַן דעם ד״ר גראַף. איך מוז אָבער אַוועקשטעלן דאָס עסן אויפן טיש — איך פיל שוין נישט די האַנט.

— זייט מיר מוחל — האָט זיך אָנגערופן לעאָן. — איך בין געווען אַזוי איבערראַשט, אַז איך האָב אייך געלאָזט שטיין אַזוי לאַנג.

— נאָר דאָס ערשטע מאָל זענען מיר ביידע געווען אַזוי איבערראַשט, אין דער צוקונפט וועט עס שוין זיין גאַנץ אַנ־דערש.

— וואָס הייסט אין דער צוקונפט? וועל איך נאָך האָבן די מעגלעכקייט ווען עס איז אייך צו זען?

— גאַנץ אָפט. אפילו יעדן טאָג. דער ד״ר גראַף האָט, בעמלעך, איינגעזען, אַז פאַר אייך איז ווינטשנסווערט, איר זאָלט זיך געפינען אונטער אַ דעליקאַטער אויפזיכט פון אַ פרוי, איידער פון אַ מאַנספּאַרשוין.

— איך בעט אייך אויסצודריקן דעם ד״ר גראַף אַ הערצלעכן דאַנק דערפאַר.

דאָס געשפּרעך איז געווען העכסט אָנגענעם פאַר ביידע און בעלע האָט אומגערן פאַרלאָזט לעאָנס צימער — זי האָט געהאַט נאָך אַנדערע קראַנקע אונטער איר אויפזיכט.

פון טאָג צו טאָג זענען זיי זיך געוואָרן וואָס אַמאָל נענטער. לעאָן האָט פאַרגליכן בעלען מיט רעגינען און געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זיין פרוי איז געשטאַנען פיל נידעריקער אין אינ־טעליגענץ און וויסן פון דער קראַנקן־שוועסטער. ער האָט בעעלן פרובירט צו פאַרגלייכן מיט סאַבינען — אָבער צו סאַבינען האָט זיך, לויט אים, קיינע נישט געקאָנט גלייכן...

בעלע האָט די ערשטע דערציילט נאָר וועגן זיך אַליין... מיט דער צייט האָט אויך לעאָן אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיין לעבן און איבערלעבענישן. זי האָט אים דערציילט, אַז ד״ר גראַף האָט איר אַלעס דערציילט וועגן אים און אויסגעפרעגט ווייטערע פרטים.

בעלע האָט עס געטאָן נישט אויס נייגעריקייט. זי האָט פשוט נישט געקענט גלויבן, אַז עס זענען אויף דער וועלט פאַראַן אַזעלכע מענטשן, אַזעלכע נידעריקע בריות, ווי רעגינע און איר פאָטער. מיט דער צייט האָט זי אַזוי גוט געקענט לעאָנס אומגעבונג און אַלע זיינע נאָענטע פּערזאָנען, אַז זי האָט אים אַמאָל געזאָגט, אַז זי וואָלט יעדן פון זיי דערקענט אויף דער גאַס, ווען זי

טרעפט עמעצן — כאָטש זי האָט זיי קיינמאָל נישט געזען.

נאָך אַ קורצער צייט האָט בעלע געהאַט די מעגלעכקייט צו איבערצייגן זיך, אַז זי האָט געזאָגט לעאָנען דעם אמת. אין דער לעצטער וואָך, נעמלעך, יעדן טאָג ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פון דער אַרבעט, האָט זי געזען אויף דער צווייטער זייט גאַס אַ הויכן, שלאַנקן, שיינעם יונגערמאַן, עלעגאַנט געקליידעט.

אין די ערשטע טעג האָט זי נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם הער. איין מאָל האָט זי דערציילט לעאָנען וועגן דעם, און ווען זי האָט באַשריבן דעם אויסזען פון דעם הער האָט זיך לעאָן געפרעגט:

— צי קומט ער נישט אַמאָל פאָרן אין אַן אויטאָ?

אין דעם מאָמענט האָט בעלע אַ געשריי געגעבן:

— איך ווייס שוין, עס איז דאָך העניק זאַלצבערג, אייער פריינד.

ווען לעאָן האָט זי געפרעגט וועגן אויטאָ האָט זי זיך דערמאָנט, אַז עס שטייט טאַקע יעדעס מאָל אַ פּרעכטיקע לימוזינע ביים ברעג פון טראָטואַר און פאַרשטאַנען באַלד ווער דאָס איז.

לעאָן איז געוואָרן מוראדיק אומרואיק. ביידע האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקלערן וואָס ברענגט דאָ אַהער העניקן יעדן טאָג. באַלד האָט ער עס אויסגעטייטשט דערמיט, אַז נישט קענענדיק באַקומען אַ דערלויבעניש צו זען לעאָנען, וואַרט ער אויף אַ צופאַל — אפשר וועט ער זען זיין פריינד דורך אַ פענצטער.

בעלע האָט באַרגעלייגט לעאָנען, אַז זי וועט אָנקניפּן אַ פאַר־בינדונג מיט זיין פריינד און לעאָן האָט פון גרויס פרייד נישט געקענט אַרויסזאָגן קיין וואָרט.

ביי ענדע פון דער אַרבעט איז בעלע געוואָרן נערוועז. זי האָט שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם כאַלאַט און אָנגעטון איר באַשיידן קליידל אין וועלכן זי האָט אָבער אויסגעזען זייער שיין. זי האָט געוואָרפן אַ בליק אין שפיגל און שנעל אַרויס פון אַנשטאַלט.

העניק איז געווען אויפן אָרט ווי יעדן טאָג. בעלע איז צוגעגאַנגען צו אים מיט אַ ראַשן טריט, ווען זי האָט זיך אָבער געפונען האַרט נעבן אים האָט איר דער גאַנצער מוט פאַרלאָזט. העניק

איז געווען אַ בילד־שײנער מאַן און דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט בעלע דערפילט אַ שוידער קוקנדיק אויף אַ מאַנס־פּערזאָן.

אויך בעלע האָט אויף הענריקן געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. עס האָט אים זייער געפעלן די שלאַנקע פיגור, דאָס שיינע פנימל, די קלוגע אויגן פון דער אומבאַקאַנטער.

— צי זענט איר הער הענריק זאַלצבערג? — האָט בעלע געפרעגט.

— פונוואַנען ווייסט איר דאָס? — האָט געענטפערט הענריק מיט פאַרוואונדערונג, — מיר זענען דען באַקאַנטע?

— ניין, מיר קענען זיך נישט, אָבער עמיצער האָט מיר אייך אַזוי דייטלעך באַשריבן, אַז איך האָב אייך באַלד דערקענט.

— האָבן מיר, הייסט עס, בשותפותדיקע באַקאַנטע? — האָט זיך אָנגערופן הענריק מיט פרייד. — ווער איז עס דען?

— אויב איר ווילט באַקומען אַן ענטפער אויף דער פראַגע און אויך אויף פיל אַנדערע מוזן מיר ווי אַמשנעלסטן אַוועק פון דאַנען. דאָ טאָר מען אונדז נישט זען צוזאַמען.

הענריק האָט מיט מיט צופרידנקייט אָנגענומען בעלעס פאָרשלאַג. אין אַ ווילע אַרום זענען זיי ביידע געזעסן אין הענריקס „בויק" און דער אויטאָ האָט געיאָגט איבער די וואַרשעווער גאַסן. בעלע האָט געשוויגן. ערשט ווען הענריק איז אַרויסגעפאָרן אויף אַ רויִקער גאַס, האָט זי זיך אָנגערופן:

— לעאָן קייזערשטיין בעט אייך הערצלעך גריסן.

דער אויטאָ איז געבליבן שטיין ווי אונטער דער ליטונג פון אַ כישוף־שטעקעלע. אָבער נאָר אויף אַ ווײַלע. באַלד האָט זיך הענריק באַרואיקט און געפאָרן ווייטער. ער איז פאַרפאָרן צו אַ קאַפע־הויז, זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און ווען דער קעלנער האָט זיי דערלאַנגט געטראַנקען און אַרועקגעגאַנגען, האָט זיך הענריק אָנגערופן:

— ביטע, האַלט ימך נישט אַזוי לאַנג אין אָנשטרענגונג און אומרויסן. דערציילט, וואָס ווייסט איר וועגן לעאָנען?

בעלע האָט אָנגעהויבן דערציילן פון וואַנען זי קען לעאָנען. הענריק האָט נישט געקאָנט אָפרייסן פון איר זיין בליק. מיט אַ

פאַרכאַבּטן אָטעם האָט ער אויסגעהערט בעלעס דערציילונג.

— גאָט זײַ דאַנק, אַז איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו־זאַמענצוטרעפֿן זיך מיט אײַך. ווען איר ווייסט וויפל לײַדן, וויפל נישט דערשלאָפֿענע נעכט איך האָב איבערגעלעבט ביז דעם הײַנטיקן גליקלעכן מאָמענט...

— איך פֿאַרשטיי נישט וואָס איר מיינט.

— כ'וועל אײַך באַלד אַלעס דערציילן. ער שווערט מיר אַזוי — און הײַנט וועט מיר לײַכטער ווערן. פֿון דעם טאָג אָן, ווי לעאָן איז פֿאַרשווּנדן געוואָרן האָב איך נישט געהאַט מיט וועמען צו טיילן זיך מיט מײַן שמערץ. מײַן מוטער האָב איך נישט געוואָלט דערציילן דערפֿון.

בעלע האָט מיט אומעט אויסגעהערט, אַז הענריק האָט נישט קיין נאָענטן מענטש, פֿאַר וועלכן ער זאָל קאָנען אויסגיסן זײַן ווייטאָג. ווי גערן וואָלט זי אַ גלעט געטאָן איבער די האַנט פֿון דעם שיינעם מאַן, וואָס זיצט נעבן איר.

דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט בעלע דערפֿילט עפּעס אַזעלכעס. זי איז רויט געוואָרן ווי פֿײַער, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ איבער דעם גלאָז טיי און געשוויגן.

— אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן איז לעאָן פֿאַרשווּנדן געוואָרן — האָט הענריק אָנגעהויבן. — ווען איך בין געקומען אים באַזוכן, האָבן מיר די דינער געזאָגט, אַז „דער הער איז אַוועקגעפֿאָרן". וווּ אַהין — האָט קיינער נישט געוווּסט.

— איר האָט דאָך געקענט פֿרעגן זײַן פֿרוי.

— איך האָב טאַקע אַזוי געטאָן אויפֿן אַנדערן טאָג. רעגינע האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז ער איז אין אַ סאַנאַטאָריום — האָב איך בײַ איר געבעטן דעם אַדרעס.

— זי האָט אײַך אַלזאָ אויפֿגעגעבן דעם אַדרעס פֿון אונדזער אַנשטאַלט?

— מען זעט, אַז איר ווייסט נישט פֿריִלין, ווער דאָס איז רעגינע. זי האָט זיך ציניש צעלאַכט און מיר געענטפֿערט, אַז איר מאַן דאַרף נישט איצט קיין פֿרײַנט — ער האָט זיך געפֿונען אַן אַנדערע סביבה...

— עס האָבן מיר נישט געהאָלפֿן קיין שום ביטעס. רעגינע

האָט מיר נישט אויסגעגעבן דאָס אָרט, וווּ לעאָן געפינט זיך. איך האָב אַלזאָ אָפּגעוואַרט אויף דער גאַס איינעם פון די משרתים און פון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז לעאָן איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל־קאַרעטקע. איך בין דאַן אַרומגעפאָרן אין אַלע שפּיטאָלן און לעאָנען נישט געפונען.

— ווי אַזוי זענט איר אַלזאָ געקומען אויף זיין שפּור?

— נאָך אַ לענגערער צייט איז מיר ערשט איינגעפאַלן דאָס וואָס איך האָב געדאַרפט טון שוין אָנפאַנג: איך האָב זיך פון לעאָנס קאַמערדינער מאָוריצי, דערוווּסט דעם אַדרעס פון דעם הויז־דאָקטאָר, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט לעאָנען בעת זיין קרענק. נאָך אַ פּאָר שאַרפע ווערטער פון מיין זייט האָט ער מיר אַנטדעקט דאָס געהיימניס, אַז לעאָן האָט געוויזן סימנים פון שגעון און איז צוליב דעם אַוועקגעפירט געוואָרן אין משוגעים־אַנשטאַלט.

— איז טאַקע דער דאָקטאָר געווען ביי דער מיינונג אַז לעאָן איז נישט נאָרמאַל?

— יאָ. ער האָט אָבער צוגעגעבן, אַז ער איז נישט געווען זיכער אין זיין דיאַגנאָזע, אָבער דער פּראָפעסאָר זילבער, אַ גרויסער פּסיכיאַטער האָט באַשטעטיקט זיין מיינונג.

— דער דאָקטאָר זילבער האָט מיט אים כמעט נישט גערעדט, און ווען ער וואָלט עס אַפילו געטון...

— איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין שום פאַרדאַכט. עס האָט מיר נאָר נישט געגעבן קיין רו דאָס טייוולאָנישע געלעכטער פון רעגינע. עס האָט מיר אומהויפהערלעך געקלונגען אין די אויערן — און איך האָב באַשלאָסן אַז איך מוז זען לעאָנען און זיך אַליין איבערצייגן וועגן דעם אמתן צושטאַנד.

— דעם נאָמען פון אַנשטאַלט האָב איך אַרויסבאַקומען פון ד"ר האַמבורגער ערשט נאָך דעם, ווי איך האָב אים געדראָט מיט אַ סקאַנדאַל. דאַן בין איך גלייך אַוועק צום ד"ר זילבער. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ זייער הייס געשפּרעך. אין אָנפאַנג האָט ער געלייקנט, אַז לעאָן געפינט זיך ביי אים, דאַן אָבער האָט ער עס באַשטעטיקט — האָט מיר אָבער נישט דערלויבט צו זען זיך מיט לעאָנען.

— איך האָב זיך גאָר אַנדערש נישט פאָרגעשטעלט. ער דער־לויבט עס אַזוי אויך נישט — ווער שמועסט אין אַזאַ פאַרדעכטיקטן פאַל... — האָט געזאָגט בעלע.

— איך האָב זיך אָבער נישט באַרואיקט און איבערגעגעבן די זאַך אין די הענט פון דער פּאָליציי. עס איז פאָרגעקומען אַן אויספאָרשונג, וועלכע מען האָט אָבער שנעל פאַרענדיקט, ווען ד״ר זילבער, האָט אויסדריקלעך אַרויסגעזאָגט זיין אויטאָראַטיווע מיינונג, אַז לעאָן איז משוגע.

— ער האָט דאָך נישט געקאָנט שוין אַנדערש זאָגן, ער האָט זיך שוין געמוזט האַלטן ביי זיינעם.

— און ווי איז אייער מיינונג אין דער פראַגע — האָט געפרעגט הענריק, וואַרטנדיק מיט מורא אויף דעם ענטפער.

בעלע האָט אים איבערגעגעבן די מיינונג פון ד״ר גראַף און אויך איר אייגענע און אַ פרייד האָט זיך באַוויזן אין הענריקס אויגן.

— זעט איר אפשר עפּעס אַ מעגלעכקייט צו רעטן מיין פריינט? אפשר קען איך זיין באַהילפיק?

— איך קען אייך נישט געבן דערווייל קיין ענטפער. די פראַגע איז פאַר מיר אַ נייעס. איך האָב נאָך ביז איצט נישט געטראַכט וועגן דעם, איך האָב זיך ביז איצט באַגרענעצט צום דערלייכטערן לעאָנס שווערן גורל.

— קלערט עפּעס אויס און ווי אַמשנעלסטן. עס איז אַ שאָד יעדן טאָג.

— איך בין נישט ביי דער מיינונג אַז מען דאַרף זיך איילן. מען דאַרף ערשט גוט איבערקלערן פאַרשידענע מעגלעכקייטן און דאַן ערשט אונטערנעמען עפּעס קאָנקרעטעס.

דאָס כּאַרל האָט זיך זייער געפעלן און אומגערן האָבן זיי זיך געזעגנט, נאָכדעם ווי זיי האָבן אָפּגעשמועסט אַ צוזאַמענטרעף שוין אויף צומאָרגנס.

## דער פעטער און זיין טעכטערל

רעגינע האָט פאַרלאָזט זילבערס אַנשטאַלט דורכגעדרונגען מיט פרייד. זי האָט שוין געוואָלט ווי אַמשנעלסטן זיין אין דער היים,

כדי זיך קענען באַווייזן מיט איר חכמה פאַר איר פאָטער.

— נו, טאַטעשי, — האָט זי זיך אָנגערופן, ווען זיי האָבן זיך געזעצט צום טיש. — דו קענסט מיר גראַטולירן.

— וואָס איז, לעאָן איז געזונט געוואָרן?

— אַ גוטער וויץ. דו פאַרשטייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אין אַזאַ פאַל וואָלט איך נישט דערוואַרט קיין גראַטולאַציעס. עס איז פאָר־געקומען גראָד דאָס פאַרקערטע: איך האָב אַנטגילטיק דערליידיקט, אַז לעאָן זאָל שוין אַזוי שנעל נישט זען די פרייע וועלט. איצט בין איך געזעגנט פריי און גליקלעך.

— ווי איז עס דיר געלונגען? דערצייל!

— פשוט, איך האָב אַרויסבאַקומען פונעם ד"ר זילבער אַ צוזאָג, אַז לעאָן וועט בלייבן אין זיין אַנשטאַלט ביז ער וועט געזעג־לעך געזונט ווערן. פאַרשטייסט דאָך, אַז דאָס וועט אָנבאַלאַנגט זיין נאָר פון מיין ווילן און פון די סכומים געלט, וועלכע איך וועל איינצאָלן דעם ד"ר זילבער.

— איצט וועסטו אַוודאי אָנהייבן עפּעס צו טון, כדי אַרויס־צובאַקומען אַ היתר פון הונדערט רבנים און באַקומען פון לעאָנען אַ גט...

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 97

— אַ גט? צי ביסטו משוגע געוואָרן? וואָס טויג מיר אַ גט? דו ווערסט דאָך עפּעס נאַרישער פון טאָג צו טאָג? איך וואָלט שיין אויסגעזען, ווען איך וואָלט דיך געפאָלגט! ווי דו האָסט נאָר צוגעלייגט דיין האַנט האָט זיך די זאַך געענדיקט מיט אַ מפלה. אַזוי איז עס געווען ביים פאַרסמען סאַבינען, ביים דועל מיטן אַמעריקאַנער און ביים פאַרשליסן סאַבינען אין דער חורבה.

— איך בין דען געווען שולדיק אין דעם, אַז דאָס אַלץ האָט זיך נישט איינגעגעבן?

— איך ווייס נישט וואָס דיר צו ענטפערן. איך ווייס נאָר, אַז לעאָנס כלומערשטן שגעון האָב איך אַליין אויסגעקלערט און אַליין אויסגעפירט — און אָט זעסטו די רעזולטאַטן.

— עס איז טאַקע געווען אַ געניאַלער איינפאַל. אָבער אויף דעם ביזט דו דאָך עפּעס מיין טאָכטער, אַז דו זאָלסט האָבן גוטע איינפאַלן. נישט בלויז דאָס האָסטו ביי מיר געירשנט. דו האָסט אויך ליב געלט אַזוי ווי איך, און אויך פאַרשטייער פון אַנדערן מין...

— עס טרעפט אָבער אָפט, אַז קינדער ירשנען נישט דעם פאָטערס איינגנשאַפטן. אָפט גראָט אַריין דאָס קינד אין די מוטער און נעמט גאָרנישט איבער פונעם פאָטערס כאַראַקטער. איך גיב דיר אַלזאָ צו פאַרשטיין, אַז איך קלער אַפילו נישט וועגן גטן זיך מיט לעאָנען.

— ווי איז אַלזאָ די פרייהייט, וועגן וועלכער דו האָסט גערעדט ערשט כאַר אַ פּאָר מינוט?

— אין מיר אַליין איז זי — איך נעם זי מיר אַליין, איך וועל איצט טאָן וואָס מיר וועט גלוסטן און געפעלן.

— דאָס פּאַסט דאָך אָבער נישט פאַר מענטשן...

— דו האָסט אַמווייניקסטן רעכט צו מוסרן וואָס פּאַסט און וואָס פּאַסט נישט...

— ווי אַזוי רעדסטו דו צו אַ פאָטער?

— איך געדענק אויסגעצייכנט. איך געדענק אָבער אויך, אַז מיינע אַלע ידיעות וועגן פרייען לעבן האָב איך גענומען פון ברייוו, וואָס האָבן צו דיר געשריבן דיינע אומצאָליקע ליבהאָבער־רינס. איך האָב אַלס אַ יונג מיידל צוגעפּאַסט אַ שליסעלע צו דיין

שופלאַד און מײַן יעדע פרײַע מינוט האָב איך פאַרבריענגט לעזנדיק די הײַסע ליבעס־בריוו, וואָס האָבן גאָרנישט געלאָזט פאַרדעקט... נישט אײנמאָל בין איך רויט געוואָרן, לעזנדיק אַ בריוו — איי בײַזט געוועזן אַ פויגל, פּאָטער... וויפל ברידער אָדער שוועסטער מײַנע דרייען זיך אַרום אויף דער וועלט, האַ?

— קען זײַן אַז דו ביסט גערעכט. איך קען דען וויסן? זײַ אָבער רואיק, די ירושה נאָך מיר וועט געהערן צו דיר...

— אַ שיינע ירושה — בלויז חובות און אַפילו נישט קיין גוטער נאָמען. עס וואָלט אפשר בעסער געווען טאַקע האָבן געשוויסטער, עס זאָל אָבער זײַן, וואָס צו צײַלן פון דער ירושה.

— ס'איז בעסער אַזוי. בײַ דײַן געלט־דורשט וואָלסטו געווען גרייט אַלץ צו טון בכדי צו בלייבן דער אײנציקער יורש אויף דער וועלט...

— אַהאַ! דו הייבסט אָן מיך צו קריטיקירן? דו פאַרגעסט, אַז דו לעבסט פון מײַן חסד. טאָמער זאָגסט דו נאָך אַ וואָרט, וואָס געפעלט מיר נישט, בײַזט דו שוין אין דרויסן...

— איך ווייס דערפון. איך געדענק עס — דו דערמאָנסט עס מיר יעדן טאָג. דו האַלסט מיך אָבער אויס נישט פון דײַן גוט האַרץ אָדער פאָטער־ליבע.

— אמת, איך גיב דיר געלט ווײַל איך דאַרף דיך האָבן, ווײַל דו ווייסט צו פיל וועגן מיר. איך מוז עס אָבער טון, פונקט ווי איך מוז צאָלן גרויסע סכומים געלט פאַר לעאָנען, כאָטש עס פרייט מיך גאָרנישט.

— רעדסט אַזוי אָפן און ציניש וועגן מיר — האָסט גאָרנישט קיין מורא, אַז דו קענסט איבערציען די סטרונע און איך וועל דיך אויסגעבן?

— איך בין גאַנץ זיכער. דו האָסט אַזוי מורא, ווי איך. דו ביסט דאָך מיטשולדיק אין יעדער טאַט מײַנע. אויב דו וועסט מיר אויסגעבן — איז עס אויך דײַן סוף.

— דו קענסט מיך נאָך איבערציען, מיט דײַן צינישן צוגאַנג צו יעדער זאַך. אַזוי איז אויך דײַן צוגאַנג צו דזשייקאָבן. עס אַרט דיך נישט, אַז דו גיסט געלט אַזאַ אוממענטש. — אויך דאָס לוינט זיך דיר אַוודאי?

— אַזוי איז עס טאַקע. אָבער וועגן דעם וועלן מיר בעסער נישט ריידן. איך בין אויך רואיק, אַז איך וועל צוריקבאַקומען מיין געלט. ער האָט טאַקע זייער אַ פּראָסטן אויסזען און שלעכטע מאַניערן — דאָך איז ער נישט אַבי ווער: ער האָט דאָך אייגענע גיטער נעבן ווילנע און אויך אַ ריזן־רייכטום אין אַמעריקע.

— איך גלויב נישט אין זיין רייכטום און אויך נישט אין זיין איינקונפט.

— איך וועל אין קורצן האָבן די מעגלעכקייט צו וויסן דעם אמת — מיר פאָרן דאָך ביידע קיין אַמעריקע. נישט גלייך דאָרט אַהין — מיר פאָרן ערשט קיין סאַן־רעמאָ, מיר האָבן שוין טעלע־גראַפיש באַשטעלט אַן אַפּאַרטאַמענט אין אַ לוקסוס האָטעל...

סאַמואל קייזערשטיין האָט זיך אַ ווײַלע פאַרקלערט. דאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— רעגינע, דו וועסט בייז זיין אויף מיר און אפשר אויך שרייען. אָבער איך מוז אויספירן מיין פליכט: איך וויל דיך בעטן, אַז דו זאָלסט די רייזע אָפּרופן...

— אויסגעשלאָסן. וואָס האָסט דו מורא, אַז דו וועסט נישט האָבן קיין געלט אין דער צייט אין מיין אָפּוועזנהייט? איך וועל דיר עפענען אַ קאָנטאָ אין באַנק און דו וועסט קענען יעדן חודש אַרויסנעמען 500 זלאָטעס. דאָס וועט גענוג זיין אויף דייַנע קאָרטן און פאַר די פריילעכע ווייבלעך.

— נישט דאָס האָב איך געמיינט. אין איצטיקער סיטואַציע מיט לעאָנען — דאַרפסט דו נישט אַוועקפאָרן מיט אַן אַנדערן גאַנסעפערזאָן. איך קאָן דיר נישט אויסטייטשן דאָס גאַנץ גענוי — דו וועסט אַוודאי לאַכן: איך האָב פשוט אַ פאָרגעפיל, אַז די רייזע וועט דיר נישט ברענגען קיין פרייד און אפשר גאָר דעם היפוך.

רעגינע האָט נישט געוואָלט מער אויסהערן איר פאָטערס רייד ביז האָט זי פאַרלאָזט דאָס עס צימער און אַריין אין איר בודואַר. דאָ האָט זי זיך שנעל איבערגעטון און אַרויס פון פּאַלאַץ. זי האָט נישט גענומען איר אייגענעם אויטאָ נאָר געדינגען אַ טאַקסי, און געהייסן זיך פירן אין דזשייקאָבס דירה.

נאָך דעם שטילן דעם ערשטן ליבעס־דורשט האָט רעגינע

דערציילט דזשייקאָבן וועגן דער וויזיט ביי זילבערן און וועגן דער פרישער מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד.

דזשייקאָב איז געווען צופרידן פון דער מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן. ער האָט שוין מורא געהאַט ווייטער צו זיצן אין וואַרשע, עס זאָל זיך נישט אויסגעבן די גאַנצע אויסגעקלערטע מעשה מיט זיינע נישט עקזיסטירנדע קוילן־גרובן.

זיי האָבן באַשלאָסן נישט פאָרן צוזאַמען, נאָר יעדער באַזונדער און צוזאַמענטרעפן זיך ערשט אין צוג אויף יענער זייט גרענעץ.

רעגינע איז אַהיים געקומען ערשט צומאָרגנס אין מיטן טאָג. מיד, אויסגעשעפט, נישט אויסגעשלאָפן — האָט זי זיך קוים דערשלעפט אין איר שלאָפצימער און געפאַלן אויפן בעט.

— — — —

דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען אין דערזעלבער צייט, ווען העניק האָט אונטערגענומען זיינע טריט, כדי אויסצוגעפינען זיין פריינט. אין דער זעלבער צייט ווען רעגינע האָט זיך געגרייט צו דער רייזע, האָט זיך צו איר געווענדעט העניק, פרעגנדיק אויף לעאָנען.

זי האָט, ווי מיר ווייסן, אויסגעלאַכט העניקן און געמיינט, אַז דערמיט איז זי אים פּטור געוואָרן. זי איז טאַקע אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרווונדערונג, ווען זי האָט דערזען פאַר זיך אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר. זי האָט זיך מאָמענטאַל אָריענטירט אין דער סיטואַציע און געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ צעבראָכענע פרוי.

זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען באַלד נאָך די ערשטע פאָר ווערטער.

— איך קען זיך נישט באַהערשן — האָט זי געזאָגט — איך האָב דאָך אים אַזוי ליב.

דער קאָמיסאַר איז געווען זייער איבערגענומען.

— איך בעט אייך פאַרצייאונג — האָט ער געשטאַמלט — איך מוז אָבער אויספירן מיין פליכט.

— טוט אַלץ, וואָס צו אייך געהערט — האָט געזאָגט רעגינע שלוכצנדיק — איך בין ריין און אומשולדיק. איך פאַרשטיי דאָך

ווער עס האָט מיך באַשולדיקט. דאָס איז אײנער פון די פּיל מענער, וואָס וואָלטן גערן אויסגענוצט מײַן אײנזאַמקײט. ווען זײ האָבן אָבער אָנגעטראָפן אויף מײַן ווידערשטאַנד, זוכן זײ נקמה, און באַשולדיקן מיך אין פאַרשידענע אויסגעטראַכטע מעשׂים.

— דאָס איז דאָך אַ נידריקע טאַט. דער הער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַלס גוטער פרײַנט פון אײער מאַן. דערװײַל הער איך פון אײַך דעם גאַנצן אמת. איך דערמאָן זיך איצט, אַז זײַן אויסזען האָט מיר באַלד ניט געפעלן.

— איך זע, הער קאָמענדאַנט, אַז איך לײען אין מענטשן־געזיכטער, ווי אין אַן אָפן בוך.

דער קאָמיסאַר איז געווען איבערגליקלעך. ער האָט פאָרגעלײגט רעגינען צו פאַרמאַכן די אויספאָרשונג שוין אויפן סמך פון איר אויסזאָג. רעגינע האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָלט געווען נאָר אַ האַלבע אַרבעט.

— נײן! — האָט זי געזאָגט — איך וויל ניט איך זאָלט גלויבן נאָר מיר. ביטע, גײט צום באַרימטן פּראָפעסאָר זילבער, ווו מײַן מאַן געפינט זיך, און הערט אויס זײַן פאַכמענישע מײנונג.

דער קאָמיסאַר האָט העפלעך באַדאַנקט רעגינען פאַר איר גוטן ראַט און איז טאַקע באַלד אַוועק צו זילבערן. דער פּראָפעסאָר האָט פאַר אים געהאַלטן אַ לאַנגן רעפעראַט און באַוויזן, אַז קײזערשטײן איז אַ שווער קראַנקער משוגענער.

אַזוי אַרום האָט זיך די אויספאָרשונג געענדיקט. זילבער האָט איר באַלד טעלעפאָניש מיטגעטײלט וועגן דעם און רעגינע האָט זיך ווידער גענומען צו די רײזע־פאַרבערײטונגען.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זי פאַרלאָזט פוילן. אין אײן וואַגאָן פון דעם עקספּרעס־צוג האָט זיך געפונען רעגינע, אין אַן אַנדערן — דזשײקאָב. נאָך צוויי טעג רײזע זענען זײ אָנגעקומען קײן סאַן־רעמאָ און פאַרפאָרן אין אַ פּרעכטיקן האָטעל, וווּ עס האָט אויף זײ געוואַרט אַ לוקסוס אַפּאַרטאַמענט.

אויף דער אײנוווינער־ליסטע האָבן זײ פיגורירט אַלס דזשײקאָב קוויקלסאָן פון אַמעריקע און זײַן פרוי רעגינע. פאַר דער וועלט זענען זײ געווען מאַן און ווײַב, און אויך אַזוי האָבן זײ געלעבט אין די פיר ווענט פון זײער צימער...

# דער אומדערוואַרטענער צוזאַמענטרעף

אין דער זעלבער צייט, ווען רעגינע און דזשייקאָב האָבן זיך געגרייט, צו זייער רייזע, האָבן אין אַן אַנדער טייל פון פוילן אָנגענומען דעם זעלבן באַשלוס צוויי פרויען. זיי האָבן אויך באַשלאָסן אַרויסצופאָרן בערך אין דער זעלבער צייט און זענען צום סוף אויך אָנגעקומען קיין סאַן־רעמאָ.

דאָס זענען געווען צוויי פרויען: אַננאַ נאָראָצקאָ און איר טאַנטע וואָלעלסקאַ. זיי האָבן געוווינט אויף די ווילנער קרעסן, אין דעם גוט וועלכעס געהערט איצט צו דער יונגער אַננאַ, דאָס איז געווען די זעלבע אַננאַ אין וועלכער עס האָט זיך פאַרליבט אין זייער צייט, דער אמתער יעקב מיכלסון. אַננאָ איז געווען אַ קריסטין, איר פאָטערס גוט איז געלעגן אין שכנות מיט דער גיטער פון די מיכלסונס.

די צוויי יונגע מענטשן האָבן זיך געקענט פון די קינדער־יאָרן, און ווען זיי זענען עלטער געוואָרן — ביידע אַלס סטודענטן פונעם ווילנער אוניווערסיטעט — האָבן זיי זיך שטערבלעך פאַר־ליבט אין זיך.

דער אַלטער נאָוראַצקי האָט גאַנץ גערן געהאַט יעקבן און אָפט אים געגעבן פאַרשידענע עצות ווען יעקב איז געוואָרן — נאָך דעם טויט פון זיינע עלטערן — דער איינציקער אייגנטימער פון דעם גוט. ווען ער האָט אָבער דערזען, אַז זיין שיינע טאָכטער — דער איינציקער טרייסט, וואָס איז אים געבליבן נאָך דעם טויט פון זיין פרוי — איז פאַרליבט אין אַ ייד, האָט ער יעקבן פאַרבאָטן אַריינצוקומען אין זיין הויז און טרעפן זיך מיט אַננאַן.

אַננאַ האָט אָבער נישט געקאָנט איינשטימען מיט איר פאָטערס גזירה. זי האָט צו שטאַרק געליבט דעם קלוגן, אינטעליגענטן, כאָטש נישט זייער שיינעם יעקב. זי האָט אַלזאָ באַשלאָסן צו קעמפן, כדי צו דערגרייכן איר גליק. זי האָט זיך פעסט אָקעגנגעשטעלט דעם ווילן פון איר פאָטער.

נאָוראַצקין האָט דער טאָכטערס קאַמף שווער געטראָפן. ער האָט בשום אופן נישט געקענט פועלן ביי זיך, אַז זיין טאָכטער זאָל ווערן אַ פרוי פון אַ ייד. ער האָט געזוכט פאַרשידענע וועגן

איבערצוצייגן אַננאַן — עס האָט אָבער נישט געהאָלפן.

ער האָט דעמאָלט אַרויסגערופן צו זיך די שוועסטער פון זיין געשטאָרבענער פרוי, די טאַנטע וואַוועלסקי, גלויבנדיק, אַז אפשר וועט זי געפונען אַ וועג באַאיינפלוסן אַננאַן. אָבער אויך זי האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד.

כאָטש זי האָט פאַרגעשטעלט אַננאַן איר צוקונפט מיט אַ ייִד, די פאַרשידנהייטן, וואָס טיילן זיי אָפּ פון זיך, אַננאַ איז געבליבן ביי אירס: זי זעט איר גליק אין לעבן נאָר אַלס פרוי פון יעקבן אַז זי וועט פון דעם נישט אָפּטרעטן.

יעקב איז טאַקע נישט אַהינגעקומען צו די נאַוראָצקיס, האָט אָבער אויך ווייטער זיך געטראָפן פון צייט צו צייט מיט אַננאַן. זיי האָבן זיך געשריבן ליבעס־בריוו און דער בריוו־טרעגער איז געווען מיכלסונס קלוגער משרת — מישאַ געלמאַן.

מישאַ האָט געקאָנט אַריינשלייכן זיך אין גאָרטן פון די נאַוו־ראָצקיס, ווו ער האָט אָפּגעוואַרט אַננאַן. דאָ האָט ער איר איבער־געגעבן זיין הערס בריוו און געוואַרט תמיד אויף ענטפער. אַננאַ האָט אים אַלזאָ זייער גוט געקענט, זי האָט אָבער אויף אים — אַלס אויף משרת — נישט געלייגט קיין אַכט.

די אַטמאָספערע אין נאַוראָצקיס הויז איז געווען וואָס אַמאָל שווערער, ווען יעקב האָט געזען, ווי שרעקלעך זיין געליבטע ליידט צוליב איר ליבע צו אים — האָט ער פאַרקויפט זיין פאַרמעגן און פאַרלאָזט דאָס אָרט. ער האָט מיטגענומען מיט זיך זיין משרת — מישאַ — און זיך געלאָזט פאָרן אין ווייטע לענדער, כדי צו פאַר־געסן דעם שמערץ פון צעשיידונג מיט אַננאַ און כדי צו געבן איר די מעגלעכקייט אים צו פאַרגעסן.

אַננאַ האָט אָבער נישט פאַרגעסן איר געליבטן. נאָך זיין אַוועקפאָרן האָט זיך איר אויסגעזען ווי די זון וואָלט אונטערגעגאַנגען. זי איז געוואָרן אומעטיק, מיט קיינעם נישט גערעדט, דערווייטערט זיך אין גאַנצן פון איר פאָטער. זי האָט פשוט אָנגעהויבן אים צו האַסן.

נאַוורעצקי האָט עס דערפילט. דער אַלטער שלייכציק האָט אָבער נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן. איין פרימאָרגן האָט ער זיך נישט אויפגעוועקט פון שלאָף...

נאָך דעם טויט פון איר פּאָטער איז אַננאַ נאָך מער טריב געוואָרן. זי האָט געקלערט אַפילו — אַריין אין אַ קלויסטער און אָפּזינדערן זיך פון דער וועלט. די טאַנטע וואַוועלסקי האָט נישט געוווּסט קיין עצה, ווי אַזוי צו רעטן אַננאַן פון איר מרה־שחורה. ביז עס איז איר איינגעפאַלן פאָרצולייגן אַננאַן די רייזע קיין אויסלאַנד כדי אויפצוזוכן יעקבן.

עס איז איר נישט לייכט געווען איינצושטימען דערמיט, אַז אַננאַ זאָל נאָכיאָגן אויף דער וועלט אַ יידישן יונגערמאַן. אָבער ווען זי האָט דערזען די פרייד אין אַננאַס אויגן, ווען זי האָט איר פאָרגעלייגט דעם פּלאַן — איז זי אַליין אויך געוואָרן פול מיט פרייד.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען די צוויי פרויען שוין געפאָרן פון איין אייראָפּעאישן קוראָרט אין דעם אַנדערן און אומעטום געזוכט יעקב מיכלסון. פון צייט צו צייט האָט אַננאַ איבערגעלעבט אַ פריילעכן מאָמענט — דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען זי האָט אָנגעטראָפן אויף דעם נאָמען פון איר געליבטן אין די רשימות פון די קור־געסט. עס איז געווען אַ באַווייז, אַז יעקב איז דאָ פאַר אַ צייט געווען — אָבער ווו איז ער איצט?

זיי האָבן זיך נישט פאַרהאַלטן לאַנג אין קיין שום שטאָט. עס האָט זיי נישט אינטערעסירט די שיינהייט פון די ריוויערע — זיי האָבן געזוכט יעקבן. אַזוי זענען זיי אויך אָנגעקומען קיין סאַן־רעמאָ און באַלד נאָך דעם פאַרנעמען אַ האָטעל צימער האָט אַננאַ — ווי דער שטייגער איז געווען אומעטום — אויך דאָס מאָל גענומען אין די הענט די ליסטע פון די געסט, וואָס געפינען זיך אין קוראָרט.

זי האָט אַדורכגעקוקט די נעמען אונווילליק — אַזוי פיל מאָל האָט עס זיך שוין געענדיקט פאַר איר אַזוי טרויעריק. אָבער פּלוצלינג האָט איר האַרץ אַ שטאַרקן קלאַפּ געטון — זי האָט דערקענט דעם נאָמען מיכלסון און דערביי דעם נאָמען: דזשייקאָב. צי איז עס מעגלעך? זאָל זיך יעקב געפינען אָט דאָ, אין דעם זעלבן אָרט, אפשר נישט ווייט פון איר?

וואַוועלסקאַ האָט באַלד דערקענט אין אַננאַס פּנים, אַז עס איז פאָרגעקומען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. אין אַ מאָמענט

שפּעטער האָט איר אַנגאַ איבערגעגעבן די סיבה פון איר אויפרע־גונג: אין סאַן־רעמאָ געפינט זיך אַ דזשייקאָב מיכלסון אָבער פון אַמעריקע.

אויסער דעם האָט נאָך איין זאַך אַרויסגערופן טרערן ביי אַנגאַן: נעבן דעם נאָמען מיכלסון איז געווען צוגעשריבן: מיט זיין פרוי רעגינע...

אַנגאַ האָט זיך נישט געקענט באַרואיקן. אַלזאָ אַזוי ברוטאַל האָט זיך מיט איר געשפּילט דער גורל? דעמאָלט ווען איר לאַנג געיעג איבער גאַנץ אייראָפּע האָט זיך שוין געזאָלט ענדיקן מיט אַ נצחון — ווייזט זיך גאָר אַרויס אַז יעקב האָט אויף איר נישט געוואַרט? נישט געפילט פון דער ווייטן איר הייסע ליבע און חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער פרוי?

— טאַנטע! — האָט זיך אויסגערופן — מיר וועלן זיך אָפּרוען אַ פּאָר שעה און פאָרן אַ היים. מער האָב איך שוין נישט וואָס צו זוכן. אויב איך וועל נישט געפינען קיין רו אין מיין היים וועל וועל איך זי זוכן אין קלויסטער.

— אַנגאַ! — האָט זיך אָגערופן וואַוועלסקאַ. — עס האָט נישט קיין זין צו אַנטלויפן. ערשטנס, אפשר איז עס נישט דיין יעקב, אפשר נאָר זיינס אַ קרוב. צווייטנס — ווען אַפילו יאָ, האָט ער דען געקענט וויסן, אַז דיין פאָטער איז געשטאָרבן, אַז דו האָסט די פולע פרייהייט צו טון וואָס דיין האַרץ דיקטירט דיר און דו זוכסט אים אַרום איבער דער גאַנצער וועלט?

— פאַרוואָס איז זיין ליבע נישט געווען אַזוי שטאַרק ווי מיינע?

— האָט אַנגאַ געפרעגט דורך טרערן.

— אויך אַ ענטפער אויף די פראַגע קענסט דו באַקומען נאָר פון אים אויב דו וועסט פון דאַנען נישט אַנטלויפן.

— ניין, איך וועל אים נישט זען און וויל נישט שטעלן קיין שום פראַגעס.

— דו מוזט אים נישט זוכן, מוזט נישט מאַכן ספּעציעלע אָנ־שטרענגונגען כדי זיך מיט אים צוזאַמענטרעפן. לאָז איבער גאָט דעם לויף פון די געשעענישן. מיר זענען ביידע מיד פון דעם אומ־ענדלעכן אַרומפאָרן. יעצט איז געקומען אַ סוף צו די רייזעס. מיר וועלן זיך אַ ביסל אָפּרוען דאָ, נישט זוכן יעקבן, אָבער אויך נישט

אַנטלויפן פון אַ מעגלעכקייט אים צו זען.

— אַנטלויף נישט פאַר אים, אַננאַ — האָט צוגעגעבן וואַוועלס־קאַ, זעענדיק, אַז אַננע איז גרייט איינצושטימען — אויב עס איז נישט באַשערט פון גאָט וועט איר זיך נישט צוזאַמענטרעפן אפילו אין אַ קליין שטעטעלע. אויב עס איז אָבער יאָ באַשערט — וועט אייך גאָט צוזאַמענבינדן אפילו קעגן אלע אייערע טריט.

אַננאַ איז געווען אַ גלוביקע. די ווערטער פון וואַלעווסקאַ האָבן אויף איר טיף געווירקט. זי האָט איינגעשטימט צו בלייבן — עס איז באמת אַדורך עטלעכע טעג און עס איז איר נישט אויסגעקומען טרעפן זיך אין גאַס, קאַפע־הויז אָדער אויף דער פּלאַזשע מיט יעקבן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיינע, זוניקע טעג, און גאַנץ סאַן־רעמאָ איז אַרויס אויף דער פּרעכטיקער פּלאַזשע. אַננעס אויפ־מערקזאַמקייט האָט דאָ געצויגן אַ וואונדערלעכע שיינע פרוי אין אַ שרייענד־רויטן קאָסטיום. די פרוי איז געווען דער מיטל־פונקט פון פאַראינטערעסירונג פון אַלע מענער אויף דער פּלאַזשע. עס איז נישט שווער זיך משער צו זיין אַז דאָס איז געווען רעגינע קייזער־שטיין.

אויף דעם הייגטיקן טאָג — ווי אַלע מאָל — איז רעגינע געווען אַרומגערינגלט מיט אַ כאַמרע פון מענער. דזשייקאָב איז געווען פאַרקילט און איז נישט געגאַנגען אויפן ים־ברעג, אַ חוץ דעם האָט ער זיך אַ ביסל געשעמט צו ווייזן זיין נישט אַפּעטיט־לעכן קערפּער.

רעגינעס אויפפירן און קאָקעטעריע איז געווען אַזוי אויפ־פאַלנד, אַז אין אַ מאָמענט האָט וואַלעווסקאַ זיך געווענדעט צו אַננע, פרעגנדיק צו זי ווייסט נישט ווער עס איז די פרוי.

— לויט דעם לייבטן אויפפירן זעט זי אויס צו זיין אַן אַר־טיסטקע אָדער טענצערין.

פּלוצלונג האָט זיך אָנגערופן אַן אומבאַקאַנטער עלטערער הער, וואָס איז געלעגן נאָענט אויף דעם זאַמד.

— פאַרצייט מיר, אַז איך מיש מיך אַריין אין געשפּרעכן — כאָטש אומבאַקאַנט. די פרוי איז אָבער נישט קיין שום טענצערין — דאָס איז די פרוי פון אַ רייכן אַמעריקאַנער מיטן נאָמען מיכלסאָן.

איך האָב געהערט, אַז ער איז נישט געזונט און צוליב דעם געפינט ער זיך נישט אויף דער פּלאַזשע.

אַננאַ איז געוואָרן טויט־בלאַס. „אויף אַזאַ מין פרוי האָט אַלזאָ יעקב מיך אויסגעביטן?" — האָט זי געקלערט. עס איז דאָך העכסט אומנאַטירלעך אַזוי זיך אויפצופירן אויסנוצנדיק די אָפּוועזנהייט פון דעם מאַן. אויב ער איז ווירקלעך גליקלעך מיט אַזאַ קאָקעטע — איז בעסער, וואָס מיר האָבן זיך נישט צוזאַמענגעטראָפן פריער. מיר זענען סיי ווי סיי נישט געווען אַנטשפּרעכנט פאַר זיך".

די זעלבע מחשבות האָבן זיך אויך אויפגעוועקט אין מוח פון וואַלעווסקאַ. וואָס פאַר אַ פרוי האָט זיך דאָס אויסגעוויילט דער יעקב? עס איז דאָך גאָר נישט ענלעך צו זיינע אייגנשאַפטן. פּלוצלונג האָט זי אויסגערופן:

— אַננע! און אפשר איז דער מיכלסאָן גאָר נישט דיין יעקב?

אַננאַ האָט דערפילט אַ שוידער. זאָל זיך אַלזאָ אַלעס אָנהויבן אויפסניי? זי האָט עס שוין געהאַט גענוג. מאָרגן מוזן זיי פאַרלאָזן סאַן־רעמאָ און אויסמיידן אַזוי אַרום נייע קאָמפּליקאַציעס.

נאָך מיטאָג האָט זיך וואַלעווסקאַ געלייגט אַ ביסל שלאָפן און אַננאַ איז אַרויס אין שטעטל כדי זיך געזעגענען מיט אים, מיט זיינע געסלעך און אַלעען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אין אַן אַלעע, פאַרטיפט זיך אין אירע געדאַנקען און כמעט פאַרגעסן אין דער גאַנצער אומגעבונג. פּלוצלונג האָט זי דערפילט אַז עמעץ זעצט זיך נעבן איר אויף דער באַנק.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען נעבן זיך — רעגינען, — די כלומרשטע פרוי פון יעקבן. אין ערשטן מאָמענט האָט אַננאַ געוואָלט אַנטלויפן. עס האָט אָבער געזיגט אין איר די נייגעריקייט צו באַקענען פון דער נאָענט יעקבס פרוי. זי האָט אין דעם צופאַל געזען גאָטס האַנט.

די צוויי פרויען האָבן נישט גערעדט מיט זיך קיין וואָרט, פּלוצלונג אָבער איז אָנגעקומען אַ שטאַרקער ווינט און האָט פאַרכאַפּט דאָס בוך וואָס רעגינע האָט געלייענט — און דאָס בוך איז געפאַלן אויף אַננעס שויס. אַננע האָט עס איבערגעגעבן רעגינען, זאָגנדיק אויף פּויליש: — ביטע זייער...

עס האָט זיך פאַרבינדן אַ געשפּרעך, די ערשטע זאַך וואָס

אַננע האָט געפרעגט, איז געווען צי רעגינע וווינט אין אַמעריקע.

— ווי פאַלט איר אויס?

— מען זאָגט דאָ, אַז איר זענט אַן אַמעריקאַנערין.

— אַהאַ — האָט זיך רעגינע געכאַפּט. — מיין מאַן איז אַן אַמעריקאַנער. האָט דאָרט פאַבריקן און קוילן־גרובן, אָבער אויך ער שטאַמט פון פּוילן, אַזוי ווי איך. ער וווינט אין אַמעריקע נישט קיין לאַנגע צייט.

— צי האָט אייער מאַן נישט געוווינט איך דער געגנט פון ווילנע?

— דאַכט זיך, אַז יאָ. ער האָט עפּעס אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט דאָרט געהאַט אַ גוט. איר קענט דען מיין מאַן? — האָט רעגינע געפרעגט אומרואיק. — ווער זענט איר דען אייגנטלעך, אויב עס איז דערלויבט צו וויסן.

— מייַן נאָמען איז אַננאַ נאַוורעצקאַ, אייער מאַן דאַרף מיך קענען און געדענקען...

— מיין מאַן וועט זיך זייער דערפרייען ווען איך וועל אים דערפון דערציילן.

— ניין, ביטע דערציילט אים דערוויייל גאָר נישט. איך וואָלט געוואָלט מאַכן אים אַן איבעררשונג. איך בין אויך נישט זיכער צי ער געדענקט מיך. מיר האָבן זיך פּשוט צוזאַמענגעטראָפן אַלס שכנים. עס איז שוין אַריבער אַ צייט, איך האָב זיך זייער געענ־דערט. אגב, ווי לאַנג זייט איר נאָך דער חתונה?

— נישט לאַנג האָט געענטפערט רעגינע אַ צעמישטע. — נישט קיין האַלב יאָר אפילו.

זיי האָבן נאָך ביידע פאַרברענגט אַ צייט, דאַן האָט זיך רע־גינע געזעגנט, פאַרבעטנדיק אַננען צו זיך אין האָטעל. נאָך איר אַוועקגיין האָט אָבער אַננאַ באַשלאָסן זיך נישט זען מיט יעקבן און אַוועקפאָרן צומאָרגנס. אין מאָמענט אָבער ווי זי האָט גע־וואָלט אויפשטיין פון דער באַנק האָט זי באַמערקט אויף דער ערד עפּעס בלישצנדעס. זי האָט עס אויפגעהויבן. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן אַלס אַ פינגערל מיט אַ גרויסן ברילִיאַנט — באַשטימט פאַרלוירן דורך רעגינען.

נישט קוקנדיק אויף איר באַשלוס האָט אַננע נישט געקלערט

קיין ווילע און האָט זיך געלאָזט גיין צום האָטעל ווו רעגינע האָט געוווינט, כדי אָפּצוגעבן איר דעם רינג. זי האָט זיך באַלד געפונען אין האָלל פונעם האָטעל און זיך געוואָנדן צום פּאָרטיער כדי צו פרעגן אין וועלכן צימער רעגינע וווינט.

אין דעם זעלבן מאָמענט איז רעגינע אַראָפּגעקומען אין האָלל. זי האָט אין איר צימער דערזען אַז זי האָט פאַרלוירן דעם רינג און געוואָלט טאַקע צוריקגיין פאַמעלעך ביז דעם פּלאַץ ווו זי איז געזעסן מיט אַננען און זוכן דעם רינג.

דערקענענדיק אננען האָט זי באַלד פאַרשטאַנען, אַז אַננע האָט געפונען דעם רינג און האָט זיך זייער דערפרייט. זי האָט אָפּגענומען דעם רינג — האָט אָבער נישט געלאָזט אַננען אַוועקגיין.

— מיין כאַן איז טאַקע נישט דאָ איצט אין דער היים, אָבער איר וועט מיר נישט אָפּזאָגן אויסטרינקען מיט מיר אַ טאַסע קאַפע אויב איר זענט שוין דאָ.

אַננע האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. זי וואָלט גערן אָפּגעזאָגט — עס האָט אָבער נישט געפּאַסט. אַזוי ווי יעקב איז גראָד נישט דאָ אין דער היים — וועט זי אַריינגיין אויף אַ פּאָר מינוט.

אַריינקומענדיק אין רעגינעס צימער האָט אַננע געזוכט — אפשר וועט זי דערזען אַ בילד, אַ פאָטאָגראַפיע פון יעקבן — אָבער אַזעלכעס האָט זיך נישט געלאָזט באַמערקן. זי האָט אויסגעטרונקען דעם קאַפע, געדאַנקט און זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט כדי צו פאַרלאָזן רעגינעס צימער.

אין דעם מאָמענט אָבער האָט זיך געעפנט די טיר און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן יעקב מיכלסאָן...

## אַ געוואַגטער פּלאַן

בעלע האָט זיך געפונען אונטערן טיפן איינדרוק פון הענריקן, בעת דעם גאַנצן וועג אַ היים האָט זי אויף אַ מינוט נישט אויפגעהערט צו קלערן וועגן אים, וועגן זיין אינטערעסאנטער, מענלעכער געשטאַלט ווי אויך וועגן זיין ריטערלעכן כאַראַקטער און הייסער פריינטשאַפט צו לעאָנען. זי האָט אויך נישט געקאָנט פאַרגעסן וועגן הענריקס ווערטער, אַז מען דאַרף געפינען אַ וועג אַרויסצוהעלפן לעאָנען אין זיין אומגליק.

בעלע האָט באַשלאָסן וועגן דעם איינפּאַר דערציילן ערשטנס דעם ד״ר גראַף — זי איז געווען זיכער, אַז ער וועט אַרויסווייזן די גרעסטע הילף אין דעם הינזיכט. דאַן ערשט וועט זי אַלעס דערציילן לעאָנען. טראַכטנדיק איבער דעם אַלעם האָט זי זיך ענדלעך געפונען אין איר באַשיידן צימערל און זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן אוונט־ברויט פאַר זיך און פאַר דעם פאָטער.

דער אַלטער בערקאָוויטש, בעלעס פאָטער, איז חוץ סאַני־טאַר אויך געווען דער הויפּט־אויפזעער פון זילבערס אַנשטאַלט. נאָר צו אים האָט זילבער געהאַט דאָס פולע צוטרוי. דאָס היטן דעם אַנשטאַלט איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע מיסיע, עס איז אַלעמאָל געווען אַ סכּנה, אַז אַ פּאַציענט קען פּראָבירן אַנטלויפן. בערקאָוויטש האָט טאַקע אויסגעפילט זיינע פונקציעס ווי אָם בעסטן — אין דער צייט פון זיין אַרבעט האָט נאָך נישט געטראָפן קיין פאַל פון אַנטלויפן.

די גאַנצע וואָך האָט פערזענלעך דיזשורירט ביי נאַכט, נאָר איין טאָג אין דער וואָך, מיטוואָך, האָט ער געגעבן אין דער היים און עס האָט אים פאַרטרעטן איינער פון די עלטסטע נאַכט־וועכטער. בערקאָוויטש האָט אָבער אויך צו אים נישט געהאַט קיין צוטרוי און עס האָט אָפט געטראָפן אַז פּלוצלונג, אין דער נאַכט־פינצטערניש, האָט ער זיך באַוויזן אויף אַ קאָנטראָל.

היינט איז טאַקע געווען מיטוואָך, און בערקאָוויטש האָט גע־זאָלט באַלד אַהיימקומען. בעלע וואָלט גערן דערציילט איר פאָ־טער אַלעס וועגן לעאָנען, זי האָט אָבער גוט געוווסט, אַז זי טאָר עס נישט טאָן. אין בערקאָוויטשן האָט זיך שוין לאַנג פאַרלאָשן דער לעצטער פונק פון מיטלייד און מיטגעפיל. זיין טאָכטער האָט געוווסט, אַז אויב דערציילן אים וועגן לעאָנען וועט זי נאָר פאַר־ערגערן די סיטואַציע — זי האָט אַלזאָ באַשלאָסן אַלץ האַלטן פאַר אים בסוד.

זי האָט זיך קוים דערוואַרט דעם פרימאָרגן. זי איז באַלד אין דער פרי אַריין צום ד״ר גראַף און אים דערציילט וועגן איר צוזאַמענטרעף מיט העלנריקן און וועגן זיין גרייטקייט צו העלפן זיין פריינט.

ד״ר גראַף האָט געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער אַ

פרעג געטאָן:

— בעלאַ! דו ווילסט העלפן דעם מענטש?

— פון מיין גאַנצן האַרצן!

— ביסט דו פּאַרטיק אויך צו טאָן פאַר אים עפּעס, וואָס איז קעגן די פליכטן פון אַ קראַנקן־שוועסטער?

— איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איר וועט מיר הייסן טאָן

— איך וועל דיר גאָרנישט הייסן, איך וועל דיר נאָר געבן אַן עצה. מוזט שווייגן, ווייל אויב דו וועסט זיין דער אויס־פירער, וועט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט דאָך פאַלן אויף אונדז ביידע. אַלזאָ, צום עצם־ענין: איז די איצטיקע באַדינגונגען האָט קייזער־שטיין קיין שום האָפענונג אַרויסצובאַקומען זיך פון דאַנען אין אַ קורצער צייט, מיר מוזן נאָר אים אַלזאָ צוהעלפן, אַז דאָס זאָל יאָ פּאַרקומען — אָבער אין אַן אומלעגאַלער פאָרם — מיר מוזן אים דערלייכטערן ער זאָל קענען אַנטלויפן...

— ווי אַזוי זאָל עס געמאַכט ווערן? איך שטאַרב פאַר נייגער...

— קיין פּרטים קען איך דיר נאָך נישט געבן, איך מוז ערשט אַלעס גוט איבערקלערן און דאַן וועל איך עס דיר זאָגן.

— איך וואַרט אַלזאָ אויף אייערע אָנווייזונגען, דאָקטאָר, און איצט לויף איך צו קייזערשטיינען, וועלכער וואַרט אַזוי מיט אומ־געדולד אויף אַ גרוס פון זאַלצבערגן ער ווייסט דאָך, אַז איך האָב געזאָלט זען זיך מיט אים נעכטן.

לעאָן האָט טאַקע נישט געקענט שוין דערוואַרטן זיך בעלעס אָנקומען. מיט גרויס פּאַראינטערעסירונג האָט ער אויסגעהערט בע־לעס דערציילונג. זי האָט אים זעלבסטפאַרשטענדלעך איבערגע־געבן נאָר דאָס, וואָס האָט נישט געקענט אָנטאָן אים גרויסע עגמת־נפש. זי האָט אים, למשל, נישט דערציילט וועגן דער גאַנצער טראַ־גישער פּרשה מיט סאַבינען.

פאַרענדיקנדיק איר ערציילונג האָט זי געוואָלט אַריינפירן לע־אָנען אין אַ בעסערער שטימונג און האָט אים דערציילט אין גאָר אַלגעמיינע שטריכן, אַז מען פּראָיעקטירט אַראַנזשירן פאַר אים אַ מעגלעכקייט פון אַנטלויפן. לעאָן איז געווען גליקלעך הערנדיק, אַז עס האָבן זיך געפונען אַ פּאָר האַרציקע פריינט, וועלכע זענען גרייט אונטערנעמען פאַר אים אַזאַ ריזיקע.

# סאבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 98

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט ד"ר גראַף איבערגעגעבן בעלען זיין פּלאַן און זי האָט עס דאַן איבערגערעדט מיט הענריקן, ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. דער פּלאַן איז געווען גאַנץ פּשוט אָבער נישט לייכט אַדורכצופירן: לעאָן האָט געזאָלט אַנטלויפן אַ מיטוואָך־נאַכט, ווען דער אַלטער בערקאָוויטש איז געשלאָפן ביי זיך אין דער היים.

די פּאַראַגראַטוואָרטלעכסטע אַרבעט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף בעלען. זי האָט געזאָלט אַרויסגנבענען דעם שליסל פון לעאָנס צימער פון דער וועכטער־שטוב, עפענען לעאָנס טיר און צוריק־טראָגן דעם שליסל צו די וועכטער.

זי האָט אויך געוואָלט צובינדן אַ שטאַרקע שטריק צו די גראַ־טעס פון קאָרידאָר־פּענצטער נעבן לעאָנס צימער. לעאָן האָט זיך געזאָלט אַראָפּלאָזן אויף דעם שטריק און געפונענדיק זיך אויף דער ערד האָט ער געזאָלט אין דער פינצטער אַדורכגיין אַ קורצן שטח און אַנטרעפן אויף אַ קליין טירל אין דער מויער, וואָס איז געגאַנגען אַרום דעם אַנשטאַלט.

אויך דאָס טירל האָט געזאָלט עפענען בעלע. אויף דער צווייי־טער זייט, אויף דער גאַס האָט געזאָלט הענריק וואַרטן מיט זיין אויטאָ און אַוועקפירן לעאָנען.

הענריק איז געווען ענטציקט מיט דעם ד"ר גראַפ'ס פּלאַן מיט דער אויסרייד אַז מען מוז דעם פּלאַן גוט דורכשטודירן, האָבן הענ־ריק און בעלע באַשלאָסן צו טרעפן זיך יעדן טאָג ביז דעם טאָג פון לעאָנס אַנטלויפן.

זייערע געשפּרעכן זענען געווען וואָס אַ מאָל אינטימער. עס האָט צווישן זיי אויפגעבליט אַ פּרעכטיקע בלום פון ליבע. און אַזוי איז אַדורכגעגאַנגען די צייט ביז עס איז אָנגעקומען דער דעצי־דירנדער טאָג.

## לעאָן אַנטלויפט...

דער מיטוואָכדיקער טאָג איז אַדורך אין פיבערהאַפטע צוגריי־טונגען. בעלע האָט געטון אַלעס וואָס האָט געהערט צו איר מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. ווען עס איז שוין געווען פינצטער, האָט זי אַרויסגעצויגן פון אַ באַהעלטעניש אַ גראָבן לאַנגן שטריק, וועלכן זי האָט שוין פאַרבערייט געהאַט אַ פּאָר טעג צוריק, און

אים פעסט צוגעבונדן צו די גראַטעס פונעם פענצטער אויפן קאָ־
רידאָר, נעבן לעאָנס צימער.

דאָן איז זי אַריין אין די וועכטער־שטוב, וויצלנדיק זיך מיט
דעם אַלטן וועכטער האָט זי אים אויף אַ ווײַלע אַרויסגעפירט אויפן
הויף, צוריק אַריין אין שטוב און אויסגעזיכט די שליסל פון לעאָנס
צימער און פון דעם טירל אין מויער.

זי האָט ביידע טירן אויפגעשלאָסן און געלאָזט אָפן און נאָך
אַ ווײַלע האָבן שוין ביידע שליסלען געהאָנגען אויף דעם שליסל־
ברעט אין דער וועכטער־שטוב. דאָן ערשט איז בעלע אַריין צום
ד״ר גראַף אין הויז און געזאָגט:

— דאָקטאָר, איך האָב מיין אַרבעט אָפּגעטון, צי קען איך שוין
גיין אַ היים?

ד״ר גראַף האָט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. די דאָקטוירים
אין נעבן־צימער האָבן געהערט ווי ער האָט פריי געלאָזט די קראַנ־
קן־שוועסטער און זי איז אַרויס.

בעלע האָט זיך אויך געזעגנט מיט די שוועסטערס, וועלכע
זענען געבליבן אויף נאַכט אין אַנשטאַלט און אַרויס אויף דער
גאַס. זי האָט זיך געלאָזט גיין אַ היים, ווייל היינט האָט הענריק
נישט געזאָלט וואַרטן אויף איר ווי ער האָט עס געטון יעדן טאָג.
ווי נאָר זי איז אָבער אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, האָט זיך נעבן
איר פּלוצלינג אָפּגעשטעלט הענריקס לימוזינע. עס איז נישט געווען
קיין צייט צו קלערן — בעלע איז אַריין אין אויטאָ.

— איר האָט פאַרגעסן, וואָס מיר האָבן נעכטן אָפּגעשמועסט
— האָט זיך בעלע אָנגערופן.

— איך בין געקומען צוליב צוויי סיבות: די ערשטע איז גע־
ווען די, אַז איך האָב געוואָלט וויסן צי איז נישט פאָרגעקומען
עפּעס אויסער געוויינלעכס אין לעצטן מאָמענט.

— זייער שיין פון אייער זייט, און די צווייטע סיבה? וועט זי
זיין אַזוי פערנונפטיק ווי די ערשטע, וועל איך אייך אַרויסווייזן
מיין אַנערקענונג, אויב אָבער נישט — וועל איך אייך באַשטראָפן.

— טוט אַלזאָ, בעלע, וואָס איר ווילט: איך בין געקומען אייך
זען — איך האָב נישט געקענט געפונען קיין רו. ביז איך האָב
אייך נישט אָנגעקוקט אַזוי ווי יעדן טאָג לעצטנס. איר האָט דאָך

היינט ריזיקירט מיט אייער פּאָסטן, מיט אייער צוקונפט. ווי האָב איך געקענט נישט אַהערקומען און איבערצייגן זיך צו אייך האָט חס וחלילה עפּעס נישט פּאַסירט.

— איר וואָלט זיך דאָך סיי ווי סיי דערוווּסט, נאָר אַ ביסל שפּעטער.

— אַזוי וואָלט איך געקענט קלערן וועגן יעדן אַנדערן, אָבער נישט וועגן אייך, בעלע. איר זענט מיר צו נאָענט, אַז איך זאָל זיך אַזוי קאַלט פאַרהאַלטן קעגן אייך. פרייליך בעלע! צי פאַרשטייט איר, וואָס איך מיין, אָדער דאַרף מען נאָך ווייטערע ערקלערונגען?

בעלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. טרערן פון גליק האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן. זי האָט דאַן געוואָרפן אַ בליק אויף הענריקן און אַזוי ווי דער אויטאָמאָביל האָט זיך איצט געפונען אונטער דער שטאָט, האָט הענריק אים פאַרהאַלטן ביים ראַנד פון וועג. ער האָט זיך דאַן צוגערוקט צו בעלען און צוגעפאַלן מיט זיינע הייסע ליפּן צו איר האַלב געעפנטע פייכטע ליפּן.

לאַנג האָט געדויערט דער ליבעס־קוש. בעלע איז געווען די ערשטע, וואָס איז געקומען צו זיך.

— הער הענריק איך בעט אייך, פירט מיך ווי אַמשנעלסטן אַ היים. מיר טאָרן נישט פאַרלירן אַ מינוט.

הענריק האָט פאַרשטאַנען. פאַר זיינע אויגן האָט איצט אויפגעטויכט דאָס בילד פון זיין פריינט. אין אַ פּאָר מינוט איז בעלע אַריין אין איר צימער און מיט ציטערנדיקע הענט גענומען זיך פאַרבערייטן עסן פאַר איר פאָטער.

ער איז טאַקע באַלד אָנגעקומען און נישט האָבנדיק קיין שום חשד האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צום טיש. בעלע האָט ווייניק וואָס גערעדט. זי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט ווען דאָס אָונט־עסן וועט זיין צו ענדע און זי וועט קענען לייגן זיך שלאָפן. זי האָט שוין געוואָלט ווי אַמשנעלסטן בלייבן אַליין מיט אירע געדאַנקען, איבערלעבן נאָך אַ מאָל די פראַכטפולע מינוטן מיט הענריקן.

בערקאָוויטש איז אַלע מאָל געווען אַ שווייגנדיקער, איז טאַקע דאָס אָונט־ברויט אַדורך אָן אַ וואָרט. באַלד האָט ער זיך געלייגט

שלאָפן און אין אַ פּאָר מינוט האָט זיך דערהערט זיין כראָפּן. בעלע האָט זיך גענומען צום ווירטשאַפט. זי האָט אַלץ געזוכט עפּעס צו טאָן כדי אַוועקצוטרייבן די געדאַנקען וועלכע האָבן איר נישט געגעבן רו. — וואָס טוט זיך איצט אין אַנשטאַלט?

זי האָט געגעבן אַ קוק אויפן זייגער — עס איז שוין געווען באַלד עלף — דער פאָטער איז שוין געשלאָפן אַ שיינע צייט. בעלע האָט זיך שנעל אויסגעטון, געלייגט זיך אויפן געלעגער און אין אַ קורצער צייט אַרום איז זי שוין געשלאָפן — דערמאַטערט פון די איבערלעבונגען פון דעם גאַנצן טאָג.

דער אומרואיקסטער איז געווען דעם אָוונט לעאָן אַליין. נאָך דעם ווי ער האָט געהערט בעלען איבערדרייען דעם שליסל אין דער טיר האָט ער אויסגעלאָשן דאָס ליכט און געזעסן דאָרט ווי אין פיבער. פון צייט צו צייט האָט ער געקוקט אויף דעם לויכטנדן ציפערבלאַט פון זיין זייגערל. עס איז נאָך אָבער אַלץ געווען צו פרי אָנצוהייבן.

פלוצלינג האָבן זיך דערהערט שווערע טריט אינעם קאָרידאָר. בעלע האָט אים דערויף צוגעגרייט. דאָס איז געווען דער סאַניטאַר וועלכער האָט יעדע נאַכט אין די שעה געמאַכט דעם קאָנטראָל־שפּאַצירגאַנג. ווי נאָר זיינע טריט זענען אַנטשוויגן געוואָרן, איז לעאָן צו צו דער טיר און האָט זי שטילערהייט געעפנט. ער האָט זיך געפונען אין קאָרידאָר.

אין דער פינצטער האָט ער דערזען דעם אויסשניט פונעם פענצטער, מיט קאַצן־שריט איז ער דאָרט צוגעגאַנגען געעפנט דאָס פענצטער און דערטאַפּט די שטריק. ער האָט באַרירט די שטריק און דערפילט דריי גראָבע קנאָטן. איינעם נעבן דעם אַנדערן. ער האָט אַריבערגעוואָרפן די פיס איבערן פענצטער־ברעט און אָנגעהויבן פּאַמעלעך אַראָפּלאָזן זיך. אין אַ מינוט האָט ער דערפילט די ערד אונטער די פיס.

לויט בעלעס אָנווייזונג האָט ער זיך ערשט גלייכגעשטעלט צו דער וואַנט און דאַן אָנגעהויבן גיין פאַר זיך. אין דער ריכטונג פון דעם טירל אין מויער. אין דערזעלבער צייט זענען אין דער זעלבער ריכטונג געגאַנגען פון פאַרשידענע אויסגאַנגס־פּונקטן נאָך צוויי מענער: איינער פון זיי איז געווען הענריק, וואָס האָט נישט

לאַנג צוריק אַוועקגעשטעלט זיין אויטאָ אין אַ זייטיק געסל פונקט אין דער אָפּגערעדטער שעה.

ווען הענריק און לעאָן וואָלטן געגאַנגען אַ צוויי מינוט שפּעטער וואָלט אַלעס אַרויסגעקומען אַנדערש — אַזוי אָבער... דער דריטער מאַן וואָס איז געגאַנגען אַהער איז געווען — בערקאָוויטש. ער האָט זיך נישט לענגסט איבערגעוועקט און געזען אויף דעם זייגער, אַז עס איז קוים צוועלף. ער האָט פּראָבירט צוריקאיינשלאָפן — האָט אָבער נישט געקענט און באַלד אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן זילבערס אַנשטאַלט, ווייל עפּעס אַנדערש איז אים אין לעבן נישט אָנגעגאַנגען.

ער האָט מיט איין מאָל דערפילט אַ ווילן צו גיין דאָרט, אויפן אָרט. און זען צו איז אַלעס אין אָרדנונג. נישט קלערנדיק קיין סך האָט ער זיך אָנגעטון און אַרויס פון שטוב. ווען ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, האָט בעלע שווער אָפּגעזיפצט אין שלאָף און געשלאָפן ווייטער, בערקאָוויטש איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אַנשטאַלט.

הענריק האָט דערהערט אַז עמיץ דערנענטערט זיך און זיין שטערן האָט זיך באַדעקט מיט שווייס. צוויי מינוט אַרום דאַרף אַרויסקומען לעאָן. אַ מענער־געשטאַלט איז פּלוצלינג אַרויסגעוואַקסן פאַר הענריקן.

— עי, וואָס טוסטו דאָ, — האָט אַ פרעג געטאָן בערקאָוויטש.

— איך וואַרט דאָ אויף אַ מיידל, זי דאַרף באַלד אָנקומען.

— ס׳איז אַ ליגן. דאָ, אין דער סביבה, קומען נישט אַהער קיין שום מיידלעך. וואָס זוכסטו דאָ? דו ווייסט ווי די געפינסט זיך?

— איך ווייס נישט און עס גייט מיך נישט אָן. מיין מיידל האָט מיר געהייסן דאָ וואַרטן — וואַרט איך.

די ווערטער האָט גערעדט לעאָן, ווען ער האָט זיך געפונען שוין ביים טירל. ער האָט זיך דערפרייט הערנדיק הענריקס שטימע, געעפנט מיט אַ ציטערנדיקער האַנט דאָס טירל — און געפאַלן אין די אייזערנע אָרעמס פון בערקאָוויטש.

## אין די הענט פון אַ חיה

דאָס שיינע פריילין, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל

פון די הערשאַפט רעדאָ׳ס וווינונג אין מאַרסעל, איז געווען ליזע און צוריק אין פרויען־קליידער. לוסיל האָט זי נישט באַלד דער־קענט. אָבער ווי נאָר זי האָט זיך גוט איינגעקוקט און דערזען, ווער עס שטייט פאַר איר — איז זי געוואָרן רויט ווי פייער.

— הער דאָננעי, וואָס איז דאָס ווידער פאַר אַ מאַסקעראַדע?

ליזע האָט אין קורצע ווערטער דערציילט, אַז זי איז גאָר נישט קיין מאַנספערזאָן און דער הער רעדאָ האָט זיך ברייט צע־לאַכט אויסהערנדיק די גאַנצע מעשה. לוסיל אָבער איז געווען נאָך בייזער, ווי מיט אַ פּאָר טעג צוריק; עס איז איר געווען אַ שאַנדע, אַז זי האָט אַזאַ לאַנגע צייט זיך געליבט גאָר אין אַ פרוי...

— איך מוז אייך זאָגן, אַז איך באַוווּנדער אייער חוצפּה — האָט זי זיך אָנגערופן. — נישט ווייניק וואָס איר האָט במשך פון אַ לענגערער צייט געמאַכט פון אונדז נאַראָנים, אויפגעבנדיק זיך אַלס מאַן — קומט איר נאָך היינט צו אונדז אָפּשפּעטן פון אונדז?

ליזע האָט זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, אויך רעדאָ האָט אָנ־געהויבן באַרואיקן זיין פרוי. ער האָט איר דערמאָנט, אַז ליזע האָט זיך געראַטעוועט פון די הענט פון שכורע מאַטראָסן, אַז נישט זי האָט געוואָלט ביי זיי בלייבן — נאָר זיי האָבן זי כמעט גע־צוווּנגען דערצו.

לוסיל איז געוואָרן נאָך מער אויפגעברויזט.

— אַזוי ווי דו דערזעסט נאָר אַ שיין פּנימל ביסטו שוין פאַר־טיק זי צו פאַרטיידיקן. דו ווייסט דען נישט ווער עס דרייט זיך אין מאַרסעלער פּאָרט ביינאַכט — דאָרט ווו איך האָב זי גע־טראָפן?...

— אויך זי האָט דיך געטראָפן אויף דעם זעלבן אָרט און אין דער זעלבער צייט...

ליזע האָט זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט.

— איר באַשמוצט מיך, מאַדאַם, איך האָב עס אָבער נישט פאַרדינט. איך וווין ביי מיין גוטער פריינדין פון די שולע־יאָרן, ביי דער פרוי פון דעם רייכן אויבסט־סוחר פראַנק.

— עס ווייזט אויס, אַז די הערשאַפט פראַנק, וועלכע איך

קען צופעליק זייער גוט, ווייסן נאָך נישט מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן — האָט געזאָגט לוסיל, — וועל איך זיי באַלד אַלעס דערציילן וועגן אייך.

זי איז צוגעלאָפן צום טעלעפאָן, כדי אָנצוקלינגען צו אידען. רעדאָ איז אָבער צו צו איר. האָט זי געכאַפּט ביי דער האַנט און נישט געלאָזט טעלעפאָנירן. ליזע האָט זיך אַרומגעקוקט און פאַרשעמט פון דעם גאַנצן אויסגאַנג פון דער וויזיט, איז זי אַרויס, און באַלד געפונען זיך אין גאַס.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז לויסל וועט דאָך אָנקלינגען צו אידען און דערציילן ווער ווייסט וואָס — זי האָט דאָך דעם מאַן אויך דערציילט ליגן אין איר, ליזעס, געגנוואַרט. ליזע האָט זיך געשעמט צוריק אַהיים צו גיין, אידעס מאַן האָט זי דאָך געקענט ערשט אַ פּאָר טעג און וועט באַשטימט גלויבן, וואָס די מאַדאַם רעדאָ וועט אים דערציילן.

ליזע האָט נישט געהאַט ביי זיך קיין דאָקומענט און נישט אַפילו קיין געלט ערגעץ איבערצונעכטיקן. אין דער פרי — האָט זי געקלערט — ווען פראַנק וועט אַוועקגיין אין זיין געשעפט, וועט זי אַהיימגיין און דערציילן אידע ‎.דעם גאַנצן אמת וועגן לוסילס שינאה צו איר.

זי האָט זיך נישט געקענט אַוועקזעצן אויף אַ באַנק און איינשלאָפן, ווייל פּאָליציי וואָלט זי גענומען פאַר אַ גאַסן־פרוי. מען קען אויך צוליב דער זעלבער סיבה נישט שפּאַצירן אַ גאַנצע נאַכט איבער די גאַסן פון דער שטאָט. ליזע האָט אַלזאָ באַשלאָסן אַרויסגיין הינטער דער שטאָט.

זי האָט טאַקע אַזוי געטאָן. די צייט איז אָבער געגאַנגען, עס איז שוין געוואָרן זייער שפּעט, ליזע איז געווען הונגעריק און אויסגעמאַטערט. זי איז געקראָכן וואָס אַ מאָל פּאַמעלעכער, די פיס האָבן איר געשווערט וואָס אַ מאָל מער — די כוחות האָבן זי פאַרלאָזט און זי איז געפאַלן אַ פאַרחלשטע אויפן וועג.

גראָד איז אָנגעקומען אַ פּרעכטיקער אויטאָמאָביל און אינעווייניק איז געזעסן נישט קיין יונגער מענטש. דער שאָפער האָט פאַרהאַלטן דעם אויטאָ, דער עלעגאַנטער הער איז אַרויס און דערזעענדיק די פרוי אויף דער ערד, האָט ער זיך זייער

דערפרייט.

— דאָס ביסט דו, פייגעלע ? גאָט האָט דיך אָראָפּגעשיקט גלייך אין מיינע הענט אַריין.

דער עלעגאַנטער הער איז געווען לעאָן בוטאָן, דער זעלבער, וואָס האָט אָן דערפאָלג געפּרווט פאַרגוואַלטיקן ליזען אין דעם „אַנשטאַלט" פון דער מאַדאַם מאָרזשעט. מיט דער הילף פון אַן אויבסט - הענדלער, וואָס איז גראָד אַדורכגעפאָרן, פאָרנדיק אין שטאָט אַריין אויף זיין אייזעלע, האָט בוטאָן אַריינגעטראָגן ליזען אין אויטאָ. ער האָט דעם הענדלער געגעבן 50 פראַנק — אַ גרויסע סומע פאַר אַן אָרעמאַן — און אַוועקגעפאָרן צו זיך אין פּאַלאַץ.

דער אויבסט־הענדלער האָט גוט געוווסט, ווער עס איז געווען דער הער, וועלכער האָט אַוועקגעפירט די שיינע פרוי. בוטאָן איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער סביבה, פון מאַרסעל מיט זיין אויסגעלאַסנקייט, מען האָט געוווסט, אַז ווען אַ פרוי פאַלט אַריין אין זיינע הענט, גייט זי שוין נישט אַרויס ריין און אומשולדיק, ווי זי איז ביז דאַן געווען.

בוטאָן האָט דערווייל אָפּגעפירט ליזען צו זיך, אין זיין הערלעכן פּאַלאַץ אויף דער פאָרשטאָט פון מאַרסעל. ער האָט די פאַרחלשטע פרוי איבערגעגעבן אין די הענט פון לאָקאַיען און אַליין איז ער אַוועק אין די העל־באַלויכטענע זאַלן, ווו עס איז היינט פאָרגעקומען ביי אים אַ מאַסקן־באַל.

ווען ליזע האָט זיך אויפגעוועקט און דערזען אַרום זיך דעם לוקסוס און פּראַכט, האָט זי געמיינט, אַז עס איז אַ חלום. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי זי איז געקומען פון דעם פינצטערן שאָסיי אַריין אין דעם בודואַר פון קרישטאַל, מאַרמאָר און שפיגלען. פון דער ווייטנס האָבן זיך דערהערט טענער פון טאַנץ־מוזיק.

ליזע איז געלעגן אויף אַ ריזיק בעט, באַדעקט מיט זייד און אַטלאַס. זי האָט נאָך נישט באַוויזן גוט זיך אַרומצוקוקן, ווי עס האָבן זיך באַוויזן אין צימער צוויי שיין־געקליידעטע פרויען און נישט פרעגנדיק זי גאָרנישט האָבן זיי אָנגעטאָן ליזען אַ ציגיינערין־קאָסטיום. דערנאָך האָבן זיי ליזען גענומען מיט זיך און דורך

פיל צימערן און קאָרידאָרן אַריינגעפירט אין אַ גרויסן העלבאַ־לויכטענעם זאַל, פול מיט טאַנצנדיקע געסט.

ליזע האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געוווּסט ביי וועמען זי געפינט זיך. עס איז איר אָבער געגנוג געווען אָנצוקוקן די טיף־דעקאָלטירטע פרויען, די אויסגעלאַסנקייט פון זייער אויפפירונג, די פרעכטקייט פון די מענער — אַז זי זאָל דערפילן אַ שוידער און אַ פחד.

כאָטש קיינער האָט אויף איר נישט געלייגט קיין אַכט, האָט ליזע שטאַרק מורא געהאַט פאַר דעם, וואָס עס קען זי דאָ טרעפן. זי האָט געהאַט אַ שלעכט פאָרגעפיל. זי האָט געפרעגט די צוויי פרויען, ווער עס איז דער אייגנטימער פון דעם פאַלאַץ — זיי האָבן אָבער געענטפערט איר מיט אַ הילכיק געלעכטער, אַז דאָס איז אַשמדי, דער מלך פון די שדים.

— דער קעניג וועט באַלד אָנקומען און עס וועט פאָרקומען אַ וואַל פון דער קעניגין — האָבן זיי צוגעגעבן.

אין דער זעלבער מינוט האָבן זיך געלאָזט הערן טראָמפייטן, אין זאַל איז אַריין אַ גרופּע לאָקאַיען, וועלכע האָבן געטראָגן אויף אַ קעניג־שטול און אויף אים איז געזעסן אַ מאַן מיט אַ צוגעקלעפּ־טער ווייסער באָרד. מען האָט נישט געקאָנט דערקענען, אַז דער קעניג איז געווען בוטאָן.

מען איז באַלד צוגעטרעטן צום וואַל פון אַ קעניגין און ווי גרויס איז געווען ליזעס איבערראַשונג, ווען דער קעניג איז צוגע־גאַנגען צו איר, אָנגענומען זי ביי דער האַנט און פאַרשטעלנדיק זי פאַר אַלע געסט — געפרעגט צי געפעלט זיי די, וועלכע ער האָט אויסגעוויילט אַלס זיין פרוי?

דער זאַל האָט געהילכט פון אַפּלאָדיסמענטן, דער אָרקעס־טער האָט געשפּילט אַ מאַרש און דער „קעניג" האָט אַרויסגעפירט די „קעניגין" פון זאַל. ער האָט זי געפירט לאַנג, איבער פאַר־שידענע גאַלעריעס און זאַלן ביז זיי זענען אַריינגעקומען אין אַ צימער פול מיט אויסגעלאַסענע בילדער.

דאָ האָט ער זיך דערנענטערט צו ליזען און אָנגעהויבן זי גלעטן. ווען זי האָט זיך אָבער אָפּגערוקט פון אים מיט שרעק, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך פאַרשטיי, אַז אַן אַלטער מאַן געפעלט דיר נישט. אפשר וועט דיר אָבער געפעלן דער?

זאָגנדיק דאָס האָט ער אַראָפּגענומען פון קאָפּ דעם פערוק און די באָרד... פון ליזעס האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי — זי האָט דערקענט בוטאָנען.

בוטאָן האָט אָנגעהויבן צו לאַכן.

— כאַ־כאַ־כאַ! דאָ וועסטו מיר שוין נישט אַנטלויפן, קעצעלע, אַזוי ווי אין דער „רויטער הויז". קום אין די אָרעמס פון דיין קעניגלעכן געליבטן.

ליזע האָט זיך געלאָזט צו דער טיר.

— לאָזט מיך אַרויס! — האָט זי געשריגן.

— וווּ איילסטו דיך? מיר האָבן נאָך גאָרנישט אָנגעהויבן? הייבסטו שוין ווידער אָן, ווי דעמאָלט? איך בין רייך — עס וועט דיר ביי מיר גאָרנישט פעלן. דו דאַרפסט זיך האַלטן גרויס, אַז לעאָן בוטאָן האָט גראָד דיך אויסגעוויילט אויף דער היינטיקער נאַכט צווישן אַלע שיינע פרויען. איך מוז דיך האָבן!

— איך קען נישט קוקן אויף אייך! אייער רייכטום אימפּאָנירט מיר נישט! לאָזט מיך אַרויס פון דעם הויז!

אין בוטאָנס אויגן האָבן זיך באַוויזן ווילדע פייערלעך. ער האָט זיך דערנענטערט צו ליזען און זי אַרומגענומען...

## די אומשולד מוז זיגן

נאָכן אויסהערן דאָס נאַכט־געשפּרעך האָט איזאַבעלאַ באַשלאָסן באַלד אין דער פרי אונטערצונעמען שריט, כדי פריי צו מאַכן סאַבינען. דאָס נעכטיקע געשפּרעך פון איר מאַן האָט איזאַבעלען געגעבן געגנוג באַווייזן פון סאַבינעס אומשולד. איזאַבעלע איז דאָך נישט געווען געבונדן מיט קיין שום שבועה... אויך סאַבינע האָט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, געקענט ברעכן די שבועה, ווייל זי האָט זי געגעבן אונטער דעם דרוק פון רעוואָלווער.

ווען איזאַבעלע איז צומאָרגנס אין דער פרי אַריין אין דעם באָד־צימער, האָט זי דאָ געטראָפן דאָס דינסט־מיידל פאַרנומען מיט עפּעס ביי דעם אַפּטייק־שענקל. אויף דער פראַגע, וואָס זי טוט דאָ, האָט דאָס מיידל געענטפערט, אַז זי שטעלט אַריין דאָס

פלעשעלע מיט טראָפּן, וואָס זי האָט אַמאָל געפונען ביי פעליציען.

— וואָס פאַר אַ פּלעשעלע? — האָט איזאַבעלע אויסגעשריגן.

— ווען און ווו האָסטו עס געפונען?

— ווען פריילין פעליציע איז פאַרחלשט געוואָרן און איך בין געקומען צו הילף, האָב איך זי דעמאָלט אויפגעקנעפּלט און געפונען דאָס פלעשעלע מיטן אויפשריפט: „וואַלעריאַן־טראָפּן".

— ווו איז געווען דאָס פלעשעלע די גאַנצע צייט?

— איך האָב דערפון אינגאַנצן פאַרגעסן. היינט האָב איך עס געפונען אין אַן אַלטן פאַרטוך, האָב איך עס געוואָלט דאָ אַריינשטעלן.

— האָסט געטון אַ גרויס נאַרישקייט. סאַבינע וואָלט איבער־געלעבט אַ סך ווייניקער צרות, ווען דו גיסט איבער דאָס פלעשעלע פריער. נאָר אויך היינט איז נישט צו שפּעט. עס וועט נאָך היינט אַפּשפּילן אַ באַדייטנדע ראָל.

איזאַבעלע האָט דאַן אָנגעקלונגען צו וואַצלאַוון און געבעטן אים, אַז ער זאָל באַלד אַרויפקומען נאָך איר — וועלן זיי ביידע פאָרן צום אויספאָרשונגס־ריכטער. וואַצלאַוו איז טאַקע באַלד גע־קומען און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט ער אויסגעהאָרכט איזאַ־בעלעס דערציילונג וועגן דער סצענע, וואָס זי איז נעכטן געווען אַן עדות. זי האָט אים דאַן דערציילט וועגן פלעשעלע — און ער האָט זיך זייער דערפרייט.

— ווי גוט איז, אַז פונקט היינט האָט זיך דאָס פלעשעלע אָפּגע־פונען. אייערע עדות־זאָגן וואָלטן באַשטימט געהאַט ביים ריכטער אַ גרויסע באַדייטונג — דאָך וואָלט ער אפשר געהאַט אַ חשד, צי אַלס אָפּגענאַרטע פרוי דערציילט איר נישט אַמאָל נישט דעם גאַנצן אמת. אפשר ווילט איר זיך נוקם זיין אין אייער מאַן. דאָס פלעשעלע אָבער רוקט אָפּ אין אַ זייט יעדן פאַרדאַכט.

זיי זענען באַלד אַוועקגעפאָרן צום אַדוואָקאַט און אים דער־ציילט אַלע געשעענישן. זיי האָבן אַפילו מיטגענומען מיט זיך דאָס דינסט־מיידל, כדי זי זאָל קענען אויפן אָרט אַלעס באַשטעטיקן און דאַן זענען אַלע צוזאַמען מיט דעם אַדוואָקאַט אַוועקגעפאָרן צום ריכטער.

דער ריכטער האָט אָנגעקוקט דעם אַדוואָקאַט מיט פאַרוווּנ־

דערונג. ערשט נעכטן איז ער דאָ געווען — וואָס טוט ער היינט ווידער דאָ? ווען אָבער דער אַדוואָקאַט האָט אים איין קורצן איבערגעגעבן די דעציִדירנדע ווענדונג, וואָס איז איינגעטרעטן אין סאַבינעס גורל פון נעכטן אָן — האָט זיך אויך דער ריכטער דערפרייט.

— גיט מיר שנעל אַהער די עדות — האָט ער אויסגערופן.

דער ריכטער האָט אַפילו מיט אַ וואָרט נישט איבערגעריסן איזאַבעלעס עדות־זאָגן. ער האָט זי אָבסערווירט און געזען, ווי שווער עס קומט אָן דער איידעלער פרוי דערציילן פאַר אומבאַקאַנטע מענטשן די אינטימסטע איינצלהייטן פון איר אומגליקלעך משפּחה־לעבן. זי האָט זיך אָבער באַקעמפט און דערציילט דעם גאַנצן אמת — אַוועקוואַרפנדיק די גאַנצע שאַנדע — אַבי נאָר ראַטעווען סאַבינען.

— האָבן מיר הייסט עס צו טאָן מיט נאָך איין פאַל, ווו דער פאַרברעכער גיט זיך אַליין אויס צוליב זיין אייגענער אומפאַרזיכטיקייט — האָט זיך אָנגערופן דער ריכטער ווען איזאַבעלע האָט געענדיקט. — איצט קומט מיר אויס אויפן סמך פון דעם וואָס איך האָב ערשט געהערט — אָנהויבן אַ נייע אויספאָרשונג קעגן אַלעקסאַנדער וואַרמאַן און פעליציע זינגמאַן פאַר אַ פּרווו צו פאַרסמען סאַבינע רייזמאַן. פרוי וואַרמאַן צי זענט איר גרייט אָפּצוגעבן אייער עדות־אויסזאָג קעגן אייער מאַן פאַר דעם געריכט? איר האָט דאָס רעכט אָפּצוזאָגן, אייער ווונטש, אַלס פרוי פון דעם באַשולדיקטן, איז הייליק.

איזאַבעלע האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרקלערט. פאַר אירע אויגן האָט זיך באַוויזן די געשטאַלט פון איר פאַררעטערישן מאַן — און באַלד דערנאָך די אומגליקלעכע אומשולדיק געפּייניקטע סאַבינע. דער באַשלוס איז געקומען מאָמענטאַל:

— איך וויל זיין אַן עדות קעגן מיין מאַן. איך גיב מיין איינשטימונג דערויף אָפּגעבנדיק זיך אַ רעכענונג וואָס פאַר אַ קאָנסעקווענצן דאָס קען ציען....

— איצט וואָלטן מיר שוין געקענט פריילאָזן די קראַנקן־שוועסטער, ווען נישט נאָך אַ לעצטע קלייניקייט: דאָס באַרימטע פלעשעלע מיט סם... — האָט זיך אָנגערופן דער ריכטער.

— אַך, ריכטער — האָט אויסגערופן דער אַדוואָקאַט. — איך האָב דאָך גאָר פאַרגעסן צו זאָגן וועגן דעם. דאָס פלעשעלע האָט זיך דאָך געפונען.. .

— אויב איר זענט אַזאַ כישוף־מאַכער — טאָ ווייזט עס אַהער — האָט געזאָגט דער ריכטער, נישט גלייבנדיק די ווערטער פונעם אַדוואָקאַט.

אַזוי ווי איזאַבעלע האָט דערלאַנגט דאָס פלעשעלע דעם ריכ־טער, האָט ער באַלד אַריינגערופן דאָס מיידל צום פאַרהער. נאָך דעם האָט ער אַרויסגענומען פון צווישן די זאַכלעכע באַווייזן דאָס פלעשעלע, וועלכעס מען האָט געפונען אין סאַבינעס בייטל און האָט פאַרגלייכט ביידע פלעשלעך — זיי זענען געווען פונקט די זעלבע גרויס, אויף ביידע איז אויך צוגעקלעבט געווען אַ צעטעלע מיטן אויפשריפט: „וואַלער־אַן־טראָפּן”.

דער ריכטער האָט געדרייט מיטן קאָפּ, ווייל דאָס ענלעכקייט פון די פלעשעלעך איז געווען שטויגענד. ווען נישט דאָס, אַז אויף איינעם איז געווען אויפגעשריבן דער נומער פון די געריכטס־אַקטן — וואָלט מען שוין נישט געקענט אונטערשיידן, וועלכעס איז היינט געברענגט געוואָרן.

דער אַדוואָקאַט האָט גענומען די פלעשעלעך אין דער האַנט אַריין און נאָך אַ פּאָר מינוט צוקוקן זיך צו ביידע אויפשריפטן האָט ער זיך פּלוצלינג געוואָנדן צו איזאַבעלען:

— צי ווייסט איר נישט אַ מאָל צי די פריילין פּעליציע איז פון וואַרשע אָדער פון אַ אַנדערער שטאָט?

— זי איז פון קוטנע — האָט געענטפערט איזאַבעלע.

— אויב אַזוי איז דאָס לעצטע רעטעניש געלייזט — האָט כ־יט אַ טריאומף־שמייכל אויסגערופן דער אַדוואָקאַט. — קוקט ביטע, הער ריכטער, אָט האָט איר אויף דעם פלעשעלע, וואָס מען האָט היינט געבראַכט, מיט קליינע אותיאותלעך אויפגעדרוקט דער נאָ־מען פון דער אַפּטייק: א. קורפיין, קוטנע. הייסט עס, אַז דאָס פלע־שעלע האָט געהערט צו פּעליציע.

דער ריכטער האָט זאָפאָרט צוגעגעבן, אַז דער אַדוואָקאַט האָט געהאַט רעכט און האָט אים געדריקט די האַנט פון אַנערקענונג. איצט האָט שוין דער ריכטער אָנגעהויבן זיך צו איילן. ער האָט

אַנטעלעפּאָנירט אין תּפיסה־געבײַדע מען זאָל זאָפאָרט אַהערשיקן סאַבינע רייזמאַן מיט אַלע אירע זאַכן.

דאַן האָט דער ריכטער אַרויסגעגעבן דעם פּאָליציי קאָמיסאַריאַט אַ באַפעל אַרעסטירן ווארמאַנען און פּעליציען און נאָך דעם האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן שרייבן די באַפרייאונגס־דעציזיע פאַר סאַבינען.

ווען די תּפיסה־וועכטערין איז אַריין אין סאַבינעס קאַמער האָט סאַבינע שטילערהייט געשעפּטשעט אַ תּפילה צו גאָט און געבעטן דערבאַרונג. זי האָט געוווסט, אַז ווען זי וואָלט דעם ריכטער דער־ציילט אַלס וואָס זי ווייס, וואָלט זי שוין לאַנג פרייגעשפּראָכן גע־וואָרן. זי האָט אָבער געגעבן אַלעקסאַנדערן אַ שבועה אויף די הייליקע ביינער פון איר מוטער — און אונטער קיין שום באַדינ־גונגען וואָלט זי די שבועה נישט געבראָכן.

אומגערן איז זי מיטגעגאַנגען מיט אַ פּאָליציאַנט צום ריכטער. צו וואָס טויג עס? זי וועט דאָך סיי ווי סיי גאָרנישט זאָגן — וואָס קען זיך אַלזאָ ענדערן אין איר פינצטערן גורל? ווי פאַרוווּנדערט איז זי אָבער געווען ווען זי האָט אין ריכטער־קאַבינעט דערזען איזאַבעלען? אַ לאַנגע צייט האָבן זיי זיך ביידע געהאַלטן צוגע־דריקט צו זיך און נישט אַרויסגעזאָגט קיין וואָרט.

— סאַבינע רייזמאַן! — האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן דער ריכטער. — איך וויל אייך איבערגעבן, אַז עס איז באַוויזן געוואָרן אייער פולקאָמענע אומשולד און פון איצט אָן זענט איר פריי ווי יעדער פון אונדז. נישט איר האָט געוואָלט פאַרסמען די זינגמאַן, נאָר זי אייך — און געהאָלפן האָט איר אין דעם וואַרמאַן. מיר דאַרפן שוין נישט פון אייך קיין איין וואָרט מער, ווייל מיר ווייסן שוין אויך פאַרוואָס איר האָט געשוויגן די גאַנצע צייט.

סאַבינע איז געוואָרן בלאַסער פון מינוט צו מינוט. מיט ברייט־געעפנטע אויגן האָט זי געקוקט אויף דעם ריכטער, דאַן אויף אַלע אַרומיקע. ענדלעך האָט דער אויסגעפּייניקטער קערפּער נישט אויס־געהאַלטן און זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמערדיק געוויין — וועלכעס איז אָבער געווען אַ געוויין פון גליק.

איזאַבעלע האָט זי אַרומגענומען, געגלעט איר פּנים און גע־טרייסט מיט ליבע ווערטער.

— ווייַן נישט סאַבינע, איצט וועל איך דיך נעמען צו מיר. קיינער וועט אונדז נישט שטערן צו לעבן רואיק. מיין מאַן און פעליציע זענען שוין אוודאי איצט אַרעסטירט. דו וועסט קענען זיך אָפּרוען נאָך די שווערע איבערלעבונגען פון דער לעצטער צייט.

— איך דאַנק אייך הערצלעך. איך נעם אָן אייער איינלאַדונג, איך וועל אָבער מיט אייך נישט מיטגיין. איך מוז ערשטנס גיין אויף דעם קבר פון מיין מוטער, דאַנקען איר פאַר די אונערוואַרטעטע רעטונג.

— איך וואַרט אָבער אויף אייך. אַלס וועט זיין פאַר אייך פאַרבערייט.

סאַבינע איז אַרויס אַ פרייע פון ריכטער־קאַבינעט. זי איז אַריין אין אַ צווייט צימער, ווי זי האָט מיט פרייד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די תּפיסה־קליידער און אָנגעטון איר באַשיידן קליידל. זי האָט זיך אָבער אין דעם אייגענעם קליידל אירס געפילט אומענדלעך גליקלעך.

מיט אַ לייכטן טריט האָט זי פאַרלאָזט די געריכטס־געביידע.

## דאָס פאַרברעכערישע פּאָרל

— ווי קען זיין אַזוי לאַנג איזאַבעלע? — האָט זיך געקלערט אַלעקסאַנדער. ער האָט אָנגעקלונגען — אָבער אָנשטאָט דער דינסט איז אַריינגעקומען פעליציע.

— דו ווייסט נישט אַ מאָל, ווי מיין פרוי איז אַזוי לאַנג? — האָט ער זי געפרעגט.

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויסן? איך האָב נאָר נישט געוואָלט דיר דערציילן ביז איצט, דיין ווייבעלע טרעפט זיך זייער אָפט מיט דיין פאַרטרעטער וואַצלאַוו און אויף היינט איז זי אַרויס צוזאַמען מיט אים.

— איך האָב נישט דערפון קיין עגמת־נפש. — איך וואָלט זיי נאָר געוואָלט געכאַפּט אין דער הייסער מינוט. דעמאָלט וואָלט איך געקענט איזאַבעלען באַווייזן אַז זי פאַראַט מיך. איך וואָלט לייכט באַקומען אַ גט און אַלעס וואָלט דאַן געבליבן פאַר אונדז ביידע.

# סאבינע

2



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 99

— איך וועל דיר נישט דערלויבן אוועקגיין פון דאַנען. דו ביזט דאָ די הערשערין פון הויז און אין קורצן וועסט אויך זיין מיין פרוי.

— איך דאַנק דיר ליבער. אויב דו זאָגסט אַזוי וועל איך פון דיר נישט אַוועק. איך וואָלט דיר אָבער געראָטן אַרויסוואַרפן דעם וואַצלאַוון פון דער פאַבריק. דו קענסט דיר נישט געבן קיין עצה אָן אים?

— ביזט גערעכט, איך וועל עס נאָך היינט טון.

פלוצלינג האָט זיך געלאָזט הערן אַ סיגנאַל פון אַ אויטאָ, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר וואַרמאַנס ווילע. זיי האָבן געמיינט אַז איזאַבעלאַ איז צוזאַמען מיט וואַצלאַוון אַהיים געקומען מיט אַ טאַקסי. אין דעם מאָמענט איז אָבער אַריינגעקומען דאָס דינסט־מיידל און אַנאָנסירט, אַז עס זענען אָנגעקומען עטלעכע אומבאַקאַנטע מענער און ווילן רעדן מיטן הער.

— ווער זענען זיי? זיי האָבן אויפגעגעבן זייערע נעמען?

— ניין — האָט געענטפערט דאָס מיידל. — אָבער מיר דאַכט זיך, אַז זיי זענען פון דער פּאָליציי.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן! ווי קאָנסט דו אונדז דער־ציילן אַזעלכע מעשה׳לעך?

— זיי זענען טאַקע אָנגעטון אין ציוויל־קליידונג, אָבער נעבן דעם שאָפער זיצן צוויי פּאָליציאַנטן מיט געווער.

אַלעקסאַנדער איז בלאַס געוואָרן ווי קרייד. וואָס קען דאָס זיין? מען קען זיי נישט לאָזן לאַנג וואַרטן — דאָס קען זיי נאָך פאַרדעכטיקן — ער האָט אַלזאָ געהייסן זיי אַריינבעטן אין סאַלאָן ווו ער וועט אויך באַלד אַריינקומען.

אַלעקסאַנדער האָט אָנגעקוקט פעליציען און זעענדיק ווי זי טרייסלט פאַר שרעק, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— וואָס איז מיט דיר? באַרויק זיך — באַשטימט איז עפּעס נישט קיין וויכטיקע זאַך.

— ניין, עס איז נישט קיין קליינקייט. איך האָב אַ פאָרגעפיל. אַז דאָס האָט אַ פאַרבינדונג מיט סאַבינען.

— און אויב אפילו! — ווייסן מיר דען נישט וואָס צו זאָגן?

— ווען מיר וואָלטן נאָר געדאַרפט עפּעס זאָגן, וואָלט מען יאָך אונדז נישט געשיקט קיין באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן. איך האָב זייער מורא צו האָט נישט אַ מאָל סאַבינע געבראָכן איר שבועה...

— ווען מיר זאָגן, אַז אַלס איז אַ ליגן — אויסגעטראַכט. עס איז דאָך קיינער אַ חוץ אונדז נישט געווען דעמאָלס אין ציי־נ.ער. דו פאַרשטייסט דאָך פּעליציע, אויב פון איין זייט וועט דער ריכטער האָבן צו טון מיט עפּעס אַ קראַנקן־שוועסטער און פון דער צווייטער זייט מיט אַ רייכן פאַבריקאַנט — וועט ער דאָך מיר גלויבן — נישט איר.

אַ ביסל באַרואיקט פון די ווערטער, זענען זיי ביידע אַריין אין סאַלאָן, ווו עס האָבן זיך אַרומגעדרייט דריי מענער אין שטיוול. ווען אַלעקסאַנדער האָט זיי פאַרגעלייגט זיי זאָלן זיך זעצן האָבן זיי אָפּגעזאָגט.

ווילנדיק פאַרכאַפּן די פּאָזיציע, האָט זיך אַלזאָ אַלעקסאַנדער אָנגערופן:

— צי זענען די הערן נישט אַ מאָל געקומען אין דער אָנגעלע־גנהייט פון דער אַרעסטאַנטקע סאַבינע רייזמאַן?

— טאַקע אין דער אָנגעלעגנהייט, אָבער זי איז שוין איצט נישט קיין אַרעסטאַנטקע. זי געפינט זיך שוין אויף דער פריי.

— וואָס איז געשען? — האָט אויסגערופן אַלעקסאַנדער. אפשר האָט זיך מיט אַ מאָל אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אומשולדיק.

— אַזוי ווי האָט דערביי געווען. עס זענען אַרויסגעשוומען נייע באַווייזן, לויט וועלכע נישט זי האָט געוואָלט פאַרסמען די פריילין וואָס שטייט נעבן אייך, נאָר פאַרקערט, און איר האָט צו דעם מיטגעהאָלפן...

אַלעקסאַנדער און פּעליציע זענען געוואָרן בלאַס און אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע.

— דאָס איז עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש — האָט זיך ענד־לעך אָפּגערופן. — די פריילין רייזמאַן האָט געוואָלט עמיצן סמען און דערזוייל האָט זי זיך אַליין פערסמט? ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך?

— ווייל זי האָט צופעליק אויסגעטרונקען נישט איר גלאָז טיי. פּעליציע האָט געפילט, ווי די כוחות לאָזן זי אָפּ. זי האָט זיך

אַוועקגעזעצט, כדי נישט אומצופאַלן.

— פריילין פעליציע, זאָגט עפּעס — האָט אַלעקסאַנדער געשריגן היסטעריש. — איר מוזט זיך דאָך ווערן קעגן אַזאַ בלבול.

— איך ווייס נאָר, אַז איך בין אומשולדיק. מען האָט דאָך ביי סאַבינען געפונען אַ פלעשעלע מיט סם...

— מען האָט אָבער אויך געפונען אַן ענלעכעס — האָט געענטפערט דער קאָמיסאַר — וואָס שטאַמט פון אַן אַפּטייק אין קוטנע...

פעליציע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שווער געאָטעמט.

— איר גלויבט זע איך אין מעשה'לעך וואָס האָט אייך אָנדערציילט סאַבינע, וואָס איז בייז אויף מיר, אַז איך האָב אָפּגעוואָרפן איר ליבע — האָט זיך אָנגערופן וואַרמאַן.

— נישט אמת. נישט פון איר קומען די נאַכריכטן, נאָר פון אייך אַליין. אַזוי ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן טעלעפאָניש דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט איר פּערזענלעך געבראַכט די פולע אינפאָרמאַציע. איר האָט נעמלעך געפירט מיט אָט דער פריילין אַ געשפּרעך אין אייער קאַבינעט און עמעצער האָט געהערט אַלץ.

— איך ראָט אייך, ווי אַ פריינד, זייט זיך מודה — וועט אויך די שטראָף זיין לייכטער. דאָס זעלבע ראָט איך אויך דעם פריילין זינגמאַן. איר זענט ביידע אַרעסטירט, קומט מיט אונדז.

— איך בין אומשולדיק! — האָט אויסגערופן פעליציע. — איך האָב קיין מאָל נישט געקלערט אַפילו אָנצוטון עמיצן עפּעס שלעכטס. אָט דער אויסוווּרף האָט מיך דערצו צוגערעדט. — האָט זי געוויזן אויף אַלעקסאַנדערן. — איך בין דאָ אַריינגעקומען אַלס אַ אומשולדיק מיידל, ער האָט מיר אָבער נישט געגעבן קיין רו. ער האָט מיך איינגערעדט, אַז ער וועט מיט מיר חתונה האָבן — ער האָט אָבער געוואָלט, אַז איך זאָל סמען זיין פרוי. ער האָט מיר געגעבן דעם סם.

— דו גאַסן מויד! — האָט אָנגעהויבן צו שרייען אַלעקסאַנדער. — גלויבט נישט, וואָס זי דערציילט אייך. דאָס איז אַ ראַפּינירטע שלאַנג. איך האָב זייער געליבט מיין פרוי ביז זי איז אַריינגעקומען אין אונדזער שטוב. זי האָט מיך געלאָקט ביז וואַנען איך האָב זיך שוין נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן. זי האָט אויך נישט געמיינט מיך, נאָר מיין געלט. זי איז אין אַלעם שולדיק, זי האָט

געוואַלט אומברענגען מיין פרוי.

— נו גענוג — האָט זיך אָנגערופן דער קאָמיסאַר. — איר האָט שוין גענוג דערציילט, כאָטש דאָס אַלעס האָבן מיר געוווּסט אויך פאַר דעם. אין נאָמען פון רעכט — זענט איר ביידע אַרעסטירט!

אַלעקסאַנדער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, ער האָט עפּעס געקלערט, דאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— פריילין פעליציע! זאָגט עפּעס! — האָט אַלעקסאַנדער געשריגן היסטעריש. — איר מוזט זיך דאָך וווערן קעגן אַזאַ בלבול.

— איך ווייס נאָר, אַז איך בין אומשולדיק. מען האָט דאָך ביי סאַבינען געפונען אַ פלעשעלע מיט סם...

— מען האָט אָבער אויך געפונען אַן ענלעכעס — האָט געענטפערט דער קאָמיסאַר — וואָס שטאַמט פון אַן אַפּטייק אין קוטנע...

פעליציע האָט אָראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שווער געאָטעמט.

— איר גלויבט, זע איך, אין מעשה׳לעך וואָס האָט אייך דערציילט סאַבינע, וואָס איז ביין אויף מיר, אַז איך האָב אָפּגעוואָרפן איר ליבע — האָט זיך אָנגערופן וואַרטמאַן.

— נישט אמת. נישט פון איר קומען די נאַכריכטן, נאָר פון אייך אַליין. אַזוי ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן טעלעפאָניש דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט איר פערזענלעך געבראַכט די פולע אינפורמאַציע, איר האָט נעמלעך געפירט מיט דער פריילין אַ געשפרעך אין אייער קאַבינעט און עמיצער האָט געהערט דאָס אַלץ.

— איך בעט אייך, ווי אַ פריינט, זייט זיך מודה — וועט אויך די שטראָף זיין אַ לייכטע. דאָס זעלבע ראָט איך אויך דער פריילין זינגמאַן. איר זענט ביידע אַרעסטירט. קומט מיט אונדז.

— איך בין אומשולדיק! — האָט אויסגערופן פעליציע. — איך האָב קיין מאָל נישט געקלערט אַפילו אָנצוטון עמיצן עפּעס שלעכטס. אָט דער אויסוווּרף האָט מיך דערצו צוגעגרייט — האָט זי געוויזן אויף אַלעקסאַנדערן. — איך בין דאָ אַריינגעקומען אַלס אַן אומשולדיק מיידל, ער האָט מיר אָבער נישט געגעבן קיין רו. ער האָט מיר איינגערעדט, אַז ער וועט מיט מיר חתונה האָבן — ער האָט אָבער געוואָלט, אַז איך זאָל סמען זיין פרוי. ער האָט מיר גע־

געבן דעם כח.

— דו גאַסן מויד! — האָט אָנגעהויבן צו שרייען אַלעקסאַנדער.

— גלויבט איר נישט, וואָס זי דערציילט אייך. דאָס איז אַ ראַפּי־נירטע שלאַנג. איך האָב זייער געליבט מיין פרוי ביז זי איז אַ־ריינגעקומען אין אונדזער שטוב. זי האָט מיך געלאָקט, ביז איך האָב זיך שוין נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן. זי האָט אויך נישט געמיינט מיך, נאָר מיין געלט. זי איז אין אַלעם שולדיק. זי האָט געוואָלט אומברענגען מיין פרוי.

— נו, גענוג — האָט זיך אָנגערופן דער קאָמיסאַר. — איר האָט שוין גענוג דערציילט. כאָטש דאָס אַלץ האָבן מיר געוווּסט אויך פאַר דעם. אין נאָמען פון געזעץ — זענט איר ביידע אַרעס־טירט!

אַלעקסאַנדער האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער האָט עפּעס געקלערט, דאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך וויל אייך בעטן, הער קאָמיסאַר, — איר זאָלט מיר דער־לויבן פאַר מיין אַוועקגיין אויף אַ לענגערע צייט מאַכן אַן אָרדנונג אין מיינע דאָקומענטן און פּאַפּירן.

דער קאָמיסאַר האָט איינגעשטימט. ער האָט אָבער געגעבן אַ פּאָליציאַנט אַ צייכן, אַז ער זאָל היטן וואַרמאַנען. אַלעקסאַנדער האָט עס דערזען און נישט געווען דערפון צופרידן. ווייל אין אמתן געזאָגט האָט ער געוואָלט אַנטלויפן.

ער איז אָבער אַריין אין זיין קאַבינעט און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. דער פּאָליציאַנט איז געבליבן שטיין אין דרויסן און געוואַרט. געפינענדיק זיך אַליין האָט אַלעקסאַנדער זיך אַרומגע־קוקט, ווי אַזוי איז דאָך מעגלעך צו אַנטלויפן. די פענצטער זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דעם גאָרטן, האַרט נעבן דעם אייזערנעם פּאַר־קאַן. פון דאַנען איז שוין געווען לייכט אַרויס אין אַ שטיל געסל און אַנטלויפן.

אַלעקסאַנדער האָט אָנגעפילט די קעשענעס מיט געלט, דאַן האָט ער מיט אַ שער אָפּגעשניטן די שנורן פון די פּאָרטיערן, צוזאַמענגעבונדן זיי און פאַרטשעפּעט זיי ביי דער פענצטער־ראַם. ער האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּגליטשן אויף דער שנור און האָט זיך

שוין געפונען אַ פּאָר מעטער פון דער ערד.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעך געשריי. דער פּאַ־ליציאַנט, וואָס האָט געהיטן די טיר האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז געשען אַן אומגליק. ער איז אַריין אין קאַבינעט און נישט געפו־נענגדיק וואַרטמאַנען, האָט ער זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַ שרעקלעך בילד...

## דער אומדערוואַרטער צוזאמענטרעף

ווען דזשייקאָב איז צוריקגעקומען אין האָטעל, האָט ער ביי דער טיר פון זיין אַפּאַרטאַמענט דערהערט אַ פרויען־שטימע. ער איז אַריין אין צימער. און דערזען אַ פרויען־געשטאַלט, וועלכע איז אים געווען זייער באַקאַנט.

— ווי גוט אַז דו ביזט שוין צוריקגעקומען — האָט אויסגערופן רעגינע — עס דערוואַרט דיך דיין אַלטע באַקאַנטע, אַננאַ נאַוורעצקאַ.

דזשייקאָבן איז געוואָרן פינצטער אין די אויגן. איצט האָט ער פאַרשטאַנען, ווער זי איז. צי האָט פאַר זיך. וויפל מאָל האָט ער איר געברענגט בריוו און בלומען...

ווען אַננאַ האָט אים דערזען, איז זי געבליבן שטיין ווי פאַר־גליווערט. אין צימער האָט געהערשט אַ שטילקייט. רעגינע האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס עס איז געשען.

— פאַרוואָס באַגריסט איר נישט איינער דעם אַנדערן? — האָט זי געפרעגט.

— פאַרצייַ מיר, ליבסטע, — האָט זיך נאָך אַ ווײַלע אָנגע־רופן דזשייקאָב — עס איז דאָ פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש. איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן דעם נאָמען און קען נישט די דאַמע, וועגן וועלכער דו רעדסט.

— איך אָבער קען אייך זייער גוט — האָט אויסגערופן אַננאַ. — אָבער דאָס איז דאָך אַוודאי נישט אייער מאַן. דאָס איז דאָך נישט יעקב מיכלסאָן, נאָר זיין משרת, מישאַ געלמאַן.

רעגינע איז געפאַלן אויף אַ שטול און געקוקט מיט אויפ־געריסענע אויגן אויף אַננאַן. דזשייקאָב איז געוואָרן בלאַס, ווי די וואַנט.

— ס'איז אַ ליגן! — האָט ער געגעבן אַ געשריי. — ווער

האָט אײַך געגעבן דאָס רעכט צו באַליידיקן מיך און אָנרופן מיך אַ משרת?

— מישאַ, באַרואיקט אײַך — האָט געענטפערט אַננאַ, וועלכע האָט זיך נישט איבערגענומען מיט דזשייקאָבס אַרויסטריט. — איר האָט שוין באמת פאַרגעסן וויפל מאָל איר האָט פון מיר באַקומען טרינקגעלט, ווען איר האָט געבראַנגט אַ בריוו פון אייער הער? ווו איז ער איצט?

— עס איז אַן אומגעהערטע זאַך! — האָט אויסגערופן רעגינע.

— פאַרוואָס ווערסט דו דיך נישט? פאַרוואָס לאָזט דו זיך באַליידיקן? דאָס קען דאָך נישט זיין, אַז דו זאָלסט זיין אַ פּראָסטער משרת...

— אַזוי ווי איך פאַרשטיי — האָט זיך אָנגערופן אַננאַ — זענט איר געפאַלן אַ קרבן פון אַ שענדלעכער אַפערע. איר באַנוצט זיך אַן רעכט מיט דעם נאָמען פון אייער הער — האָט זי זיך דאַן געווענדעט צו דזשייקאָבן — אָבער דאָס אינטערעסירט מיך ווייניק — איך וויל נאָר וויסן, ווו עס געפינט זיך דער אמתער יעקב מיכלסאָן. איך זוך אים אַ לענגערע צייט און קאָן אים ליידער נישט געפונען.

— איך פאַרשטיי נישט וואָס איר רעדט — האָט געענטפערט דזשייקאָב, כלומרשט גאַנץ רואיק. — איך הייס יעקב מיכלסאָן. איך האָב אָבער קיינמאָל נישט געהאַט קיין משרת מיטן נאָמען מישאַ געלמאַן. איך מיין, אַז איר זענט נישט אין גאַנצן געזונט גייסטיק...

אַננאַ האָט אָנגעקוקט דזשייקאָבן — זי האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ חוצפה.

— ווערטע מאַדאַם — האָט זי געזאָגט צו רעגינען — איך וויל אײַך וואָרענען פאַר דעם פאַרשוין. — ער איז אַזוי ווי איך זע, פשוט אַ פאַרברעכער. איך ראָט אײַך ווענדן זיך צו דער פאָליציי...

— איך גלויב מיין מאַן און נישט אײַך! אויב עס געפעלט אײַך — גייט איר צו דער פאָליציי. און אַלערערשט — פאַרלאָזט ווי אַמשנעלסטן מיין צימער!

רעגינעס ווערטער האָבן צוגעגעבן דזשייקאָבן מוט.

— פון אַ פּאָר מינוט באַוווּנדער איך דיין איידלקייט, רעגינע
— האָט ער זיך אָנגערופן — דו זעסט דאָך, אַז דאָס איז אַ
שאַנטאַזשיסטקע, וואָס וויל פון אונדז אויספּרעסן געלט. עס וועט
זיך אייך נישט איינגעבן — עס וועט זיך פּאַר אייך זייער שלעכט
ענדיקן.
אויפגערעגט — האָט ער אויפגעהויבן אויף אַנגאַן אַ האַנט.
— איצט זע איך, אַז איך בין זיך נישט טועה — לויט אייער
אויפפירן זיך — זעט מען דאָך אַז איר זענט אַ לאָקאַי! דער אמתער
יעקב מיכלסאָן וואָלט נישט אויפגעהויבן אַ האַנט אויף אַ פרוי —
האָט זי געזאָגט און פאַרלאָזט דאָס צימער.
— שרעקלעך — האָט געזעדט צו זיך רעגינע, נאָך אַנגאַס אַרויס־
גיין. — נאָר דאָס האָט געפעלט, אַז רעגינע קייזערשטיין זאָל ווערן
אַרעסטירט, אַלס מיטהעלפערין פון אַ פאַרברעכער — אַ משרת...
רעד, פאַרוואָס שווייגסטו דו?
— גלויב נישט דער פרוי, זי זאָגט נישט קיין וואָרט אמת.
דערצייל מיר אָבער פון וואַנען קענסט דו זי?
— אַהאַ, זעסטו שוין — האָט ער אויסגערופן מיט טריאומף,
ווען רעגינע האָט אים דערציילט דעם פאַל מיט דעם רינג. —
כלומרשט איז זי געקומען מיטן רינג און געמיינט האָט זי אויפּ־
פרעסן געלט, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז מיר זענען רייך.
— איך האָב אַזוי מורא פאַר אַ סקאַנדאַל — האָט זיך אָנגערופן
רעגינע — עס זאָל איר נאָר נישט איינפאַלן גיין צו דער פּאָליציי.
עס וואָלט זיך דעמאָלט אויסגעגעבן, אַז איך בין גאָר נישט דיין
פרוי. שטעל דיר פאָר, וואָס פאַר אַ קאָמפּראָמיטאַציע דאָס וואָלט
פאַר מיר געווען...
— איך מיין אַז עס וואָלט אויך בעסער געווען, אַז איך זאָל
זיין דער ערשטער, וואָס וועט אַריינטראָגן אַן אָנקלאַגע אויף דער
פּאָליציי.
— אַן אויסגעצייכנטער איינפאַל — האָט איינגעשטימט רעגינע.
דזשייקאָב האָט אַלזאָ פאַרלאָזט דאָס צימער און רעגינע האָט זיך
אַ ביסל באַרואיקט — ווען ער וואָלט געווען אַ פאַרברעכער —
וואָלט ער דאָך נישט געהאַט דעם מוט אַליין צו גיין צו דער פּאָליציי
— האָט זי געקלערט.

קומענדיק אין קאָמיסאַריאַט־בנין האָט דזשייקאָב דערקלערט דעם קאָמיסאַר, אַז אַ קור־גאַסט מיטן נאָמען אַננאַ נאַוורעצקאַ באַרנעמט זיך מיט שאַנטאַזשירן די געסט. זי האָט נעמלעך פאַר־בינדן אַ באַקאַנטשאַפט מיט זייַן פרוי און אַזוי אַרום אָן אומגע־בעטענע געקומען צו זיי אַלס גאַסט. וועלנדיק אויספרעסן געלט, האָט זי אויסגעקלערט אַ מעשה׳לע אַז דזשייקאָב איז נישט דער, פאַר וועמען ער גיט זיך אויס.

— זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט יעדן דערציילן, אַז איך בין נישט קיין אַמעריקאַנער פאַבריקאַנט, נאָר אַ פאַרמאַסקירטער לאָקאַי.

דער קאָמיסאַר האָט אַרויסגעוויזן גרויס פאַרשטענדעניש פאַר דזשייקאָבס רייד און באַלד אַרויסגעשיקט פּאָליציי צו אַרעסטירן די פאַרברעכערין...

— — — —

אַננאַ איז געווען אויפגעבראַכט, ווען זי איז צוריק אַהיימגעקו־מען. אָטעמנדיק שווער האָט זי דערציילט דער טאַנטע, אַז מיכלסאָן מיט זייַן פרוי — עס איז אָבער נישט איר יעקב, נאָר זייַן משרת — מישאַ געלמאַן.

וואַוולעסקאַ האָט אויך גוט געדענקט מישאַן. זי האָט אָבער נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ ציל האָט ער געקאָנט האָבן, אויסגעבנדיק זיך פאַר זייַן הער.

— אפשר איז עס נישט קיין ריינע זאַך? — האָט זי געפרעגט

— וואַרשיינלעך האָט ער יעקבן צוגעגנבעט געלט און אויך זייַנע דאָקומענטן. און וואָס זאָגסטו וועגן זייַן פרוי?

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז ער גענאַרט אויך זי.

וואַוולעסקאַס השערה האָט אָבער אַננאַן אַרייַנגעפירט אין אַן אומרואיקן צושטאַנד.

— אויב ער באַנוצט זיך אַזוי אָפן מיט דעם נאָמען פון יעקבן — ווער ווייסט צו ער האָט אים נישט געטון עפּעס שלעכטס און צוליב דעם האָט ער קיין שום מורא נישט? איך וואָלט איבער־געגעבן די זאַך אויפצוקלערן דער פּאָליציי. איך האָב אָבער מורא פאַר דעם, וואָס עס קאָן אַנטדעקט ווערן. טאַנטע! לאָמיר ווי אַמ־שנעלסטן פאַרלאָזן סאַן־רעמאָ!

— נײן, קינד מײנס! — האָט געענטפערט װאַװעלסקאַ. — אויב דו װילסט עס נישט טון, װעל איך זיך דערמיט פאַרנעמען. אויב דו האָסט רעכט און מישאַ האָט יעקבן אויף זײן געװיסן — מוז ער װערן דערפאַר באַשטראָפט. שוין דאָס װאָס ער גיט זיך אויף אַלס יעקב איז פאַר מיר אַ גענוגענדער באַװײז, — איך װעל נישט שװײגן!

— גוט — האָט אין אַ װײַלע אַרום געזאָגט אַננאַ. — איך גײ מיט דיר צו דער פּאָליצײ.

זײ האָבן זיך געװאָלט אָנטון און אַרויסגײן, אין דער זעלבער מינוט אָבער האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און אויף דער שװעל האָט זיך באַװיזן אַ פּאָליציאַנט.

— דאָ װוינט אַננאַ נאַװורעצקאַ?

— יאָ, װאָס װינטשט איר זיך?

— איך האָב דעם אויפטראָג צו פאַרבעטן אײך אינעם קאָמי־סאַריאַט מיט אײערע קרובים — עס געפינט זיך דאָרט אַ הער מיטן נאָמען מיכלסאָן.

— אויסגעצײכנט! — האָט אויפגערופן װאַװעלסקאַ. — ער איז שוין אַרעסטירט, דער פאַרברעכער. מען רופט אונדז אַוודאי אַלס עדות. — מיר גײען שוין.

אַרײַנקומענדיק אין קאָמיסאַריאַט האָט װאַװעלסקאַ אין אויגנבליק דערקענט מישאַן. — און עס איז שוין פון איצט אָן נישט געװען אין איר קײן ספק, אַז דאָ איז פאַרבאָרגן עפּעס געהײמניספולעס.

אַננאַ װידער האָט לויט דער אַטמאָספערע, װאָס האָט געהערשט אין קאָמיסאַריאַט־ביוראָ, לויט דער פרײַהײט מיט װעלכער מישאַ איז זיך געזעסן — האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט אַלעס אַזוי װי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט.

— אײער נאָמען? — האָט געפרעגט דער קאָמיסאַר נישט בעטשנדיק זי אַפילו זיצן.

בײדע פרויען האָבן געענטפערט אויף אַ רײ פראַגן, דאַן האָט דער קאָמיסאַר זי געפרעגט מיט װאָס זײ פאַרנעמען זיך אין סאַן־רעמאָ. די פראַגע האָט זײ אויפגערעגט, װײַל עס איז געװען אַ באַלײדיקונג צו פרעגן קור־געסט װאָס זענען געקומען אויסרוען זיך — מיט װאָס זײ פאַרנעמען זיך.

— צי פאַרנעמט איר זיך נישט אַ מאָל מיט אויספּרעסן געלט פון קור־געסט? — האָט געפרעגט מיט אַ שמייכל דער קאָמיסאַר.

— דאָס איז אַ באַליידיקונג! — האָט אויסגערופן וואַוועלסקאַ — איר ווילט פון אונדז מאַכן פאַרברעכער, אין דער צייט ווען נעבן אייך זיצט אַן אמתער פאַרברעכער...

— איר הערט העד קאָמיסאַר — האָט זיך אָנגערופן מישאַ. — איר זעט ווי ווייט עס דערגרייכט די חוצפה פון די צוויי ראַפינירטע שאַנטאַזשיסטקעס?!

— איך שווער ביי גאָט — האָט געזאָגט אַננאַ — אַז דער פאַר־שוין באַנוצט זיך מיט זיין הערס נאָמען, ווּעמען ער האָט אַוודאי צוגעגנבעט די פּערזענלעכע פּאַפּירן.

— עס איז אַ ליגן — האָט געענטפערט דער קאָמיסאַר. — איך האָב ערשט וואָס קאָנטראָלירט די דאָקומענטן פון דעם מיסטער מיכלסאָן און כ׳געפין זיי אין בעסט אָרדענונג. מאַכט זיך נישט אומ־שולדיק און דערציילט בעסער, ווי אַזוי איר האָט זיך אַריינגעקריגן אין דעם אַפּאַרטאַמענט פון די הערשאַפט מיכלסאָן.

דער קאָמיסאַר האָט אויסגעהערט אַננאַס דערציילונג. ער האָט איר אָבער נישט געגלויבט און באַפוילן דזשייקאָבן דערציילן, ווי אַזוי האָט לויט אים אויסגעזען דער גאַנג פון די געשעענישן.

לויט דזשייקאָבס נוסח האָט נאַווּרעצקאַ זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַ רייכער אַמעריקאַנער און האָט אַלזאָ באַשלאָסן, אַז ער זאָל דאָס מאָל זיין דער קרבן פון איר שאַנטאַזש. שוין פון אַ פּאָר טעג איז זי נאָכגעגאַנגען טריט נאָך טריט זיין פרוי — און געוואַרט ביז זיין פרוי וועט זיין אַליין: איר פּלאַן איז נעמלעך געווען דערציילן דער פרוי זיינער אַז ער איז עפּעס אַ משרת און אונטער דראָאונג צו דערציילן וועגן דעם עפּנטלעך האָט זי גערעכנט אויספּרעסן געלט פון זיין פרוי.

היינט איז איר געלונגען, ווען זיין פרוי איז געווען אַליין — ווייל זי האָט אונטערגעהערט זיין געשפּרעך מיט זיין פרוי. זי האָט זיך אַזוי אַרום דערוווּסט, אַז די פרוי מיכלסאָן גייט שפּאַצירן אין די אַלעען. זי האָט זי דאָרט אָפּגעוואַרט און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער זעלבער באַנק.

— אַ לענגערע צייט האָבן זיי געפירט אַ געשפּרעך. ווען מיין

פרוי האָט זיך אָבער געפונען אינעם האָטעל, האָט זי באַמערקט, אַז זי האָט נישט איר רינג. זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז די אומבאַקאַנטע פרוי האָט איר צוגעגנבעט...

אַננאַס פּנים איז געוואָרן רויט ווי פייער. אומבאַהאָלפן האָט זי זיך אַרומגעקוקט זוכנדיק הילף קעגן דעם שרעקלעכן פאַרוואורף.

— מיין פרוי איז באַלד אַרויס פון צימער מודיע זיין דער פּאָליציי וועגן דער גנבה. ביים טעלעפאָן האָט זי אָבער שוין גע־טראָפן די גנבטע.

— ווי טייטשט איר אויס דעם פאַקט, אַז זי איז געקומען אַליין אָפּגעבן דעם רינג? — האָט געפרעגט דער קאָמיסאַר.

— זייער פשוט. דער רינג איז נאָר געווען אַן אויסרייד, אַ מיטל צוצוקומען צו אונדז. נאַוורעצקאַ האָט גערעכנט אויף אַ פּיל גרעסערן פאַרדינסט. ווי דער ווערט פון רינג. מיין פרוי — אַזוי ווי אַלע פרויען — האָט געגלויבט אין דער אויפריכטיקייט פון דער פאַר־ברעכערין, און פון גרויס פרייד האָט זי פאַרבעטן די נאַרוואַצקאַ צו זיך אין צימער — ווי נאַאיוו איז זי אָבער געווען — האָט דזשייקאָב געזאָגט. — נאַרוואַצקאַ האָט נאָר געוואַרט אויף דעם מאָמענט, געפינענדיק זיך מיט מיין פרוי אין איר צימער איז זי באַלד צוגעטרעטן צום אויספירן אין פּלאַן, דאָ אָבער האָט שוין מיין פרוי פאַרשטאַנען מיט וועמען זי האָט צו טאָן און נישט וועלנדיק אַרויסלאָזן די פאַרברעכערין, האָט זי ספּעציעל געצויגן דאָס געשפּרעך ביז איך בין אַהיים געקומען.

אַננאַ האָט געקוקט אויף דזשייקאָבן און באַוווּנדערט ווי שנעל ער האָט באַוויזן צונויפצושטעלן אַ ליגן, וועלכער איז געווען באמת גאַנץ לאָגיש געבויט. — עס האָט דער דערציילונג געפעלט נאָר איין זאַך: זי זאָל זיין אמת...

— נאַרוואַצקאַ האָט געדראָט מיין פרוי מיט אַ סקאַנדאַל. זי וועט, — האָט זי געזאָגט — דערציילן אַלע, אַז איך בין אין דער אמתן נאָר אַ לאָקיי. ווען זי האָט אָבער מיך דערזען, האָט זי אָנגעווענדעט איר — ווייזט אויס — אַלטע מעטאָדע און געדראָט מיט פּאָליציי...

— דאָ האָב איך שוין מער נישט געוואָלט וואַרטן — האָט פאַרענדיקט דזשייקאָב. — איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף

צו דער טעטיקייט פון די צוויי פאַרברעכעריגס און בין געקומען צו' אייך, הער קאָמיסאַר.

— וואָס זאָגט איר אויף דעם אַלעם? — האָט זיך געווענדעט דער קאָמיסאַר צו די צוויי פרויען.

— מיר האָבן באַשלאָסן נישט געבן אייך אַפילו קיין שום ענטפער — האָט געזאָגט וואַלעווסקאַ.

— ווי איר ווילט. איך פאַרזיכער אייך אָבער, אַז עס וועלן אייך נישט העלפן קיין שום שיינע ווערטער, אָדער אַ שפּיל פון כלומרשט באַליידיקטע. עס דראָט אייך אַ יאָר תפיסה. מאָרגן וועל איך אייך אָפּשיקן צום אויספאָרשונגס־ריכטער. היינט ווערט איר בלייבן אַרעסטירט.

— איר ווילט אונדז אַרעסטירן אויפן סמך פון אַ פאַלשער באַשולדיקונג פון דעם פאַלשן מיכלסאָן? צי זענט איר איבער־צייגט, אַז מיר זענען שולדיק? איר וועט עס אין קורצן באַדויערן

— דערווייל בין איך איבערצייגט אין אייער שולד. איר קענט דען באַווייזן, אַז עס איז נישט אַזוי? ביטע זייער — אפשר האָט איר דאָקומענטן דערויף, אפשר האָט איר עדות, וואָס קענען באַווייזן, ווער עס זאָגט אמת...

— איר דאַרפט עדות? — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ קול פון נעבן דער טיר. — אָט איז דאָ אַן עדות!

די אויגן פון אַלע האָבן זיך געווענדעט אין דער ריכטונג פון וואַנען עס האָט זיך געלאָזט הערן דער קול — דזשייקאָב איז געוואָרן טויט־בלאַס, פון אַננעס ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַן אויסרוף פון פרייד.

## גערעטעט דורך אַ נס

אין די אַנדן־בערג, אין אַמעריקע, האָט אַ פּאַסטוך געפּאַשעט צו סטאַדע ציגן. אייך יונג ציגעלע האָט פאַרבלאָנדזשעט און דער פּאַסטוך האָט עס געפונען נישט ווייט פון אַן אָפּגרונט. ער האָט שוין געוואָלט צוריקפירן דאָס ציגעלע צו דער סטאַדע — ער האָט אָבער דערזען עפּעס וואָס האָט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאמ־קייט.

אויף דער צווייטער זייט פון דעם אָפּגרונט האָט געוואַקסן אַ ריזיקער בוים. ער האָט זיך געפונען מיט אַ שיינע פּאָר מעטער

נידעריקער ווי די אויבערפלאַך פון די בערג. דאָרט איז געגאַנגען אַ וועג פאַר טוריסטן און טאַקע אונטער דעם וועג האָט געוואַקסן דער בוים.

דאָס פּאַסטוכל האָט דעם איינזאַמען בוים גוט געקענט — צו־ליב דעם טאַקע האָט ער זיך אים היינט גוט צוגעקוקט. ער האָט דערזען עפּעס אויסטערלישעס: צווישן די ריזיקע צווייגן האָט געהאָנגען אַ מענטשן־געשטאַלט.

דאָס ייִנגל האָט נישט לאַנג געקלערט. ער איז ווי אַ שנעלסטן צוריקגעלאָפן אין דאָרף און האָט אַלאַרמירט דאָרט אַלע איינ־וווינער. אין אַ קורצער צייט איז כמעט דאָס גאַנצע דאָרף אַרויס צום בוים כדי צו ראַטעווען דעם מענטש, וועלכער — ווייזט אויס — פאַלנדיק אין אַן אָפּגרונט, האָט זיך פאַרטשעפּעט אין די צווייגן פון דעם בוים.

אויף דעם בוים האָט טאַקע געהאָנגען אַ מענטש — און עס איז געווען יעקב מיכלסאָן. מיט זיין משרת, מישאַ געלמאַן, האָט ער זיך געלאָזט אין די אַנדן בערג און דאָ האָט אים מישאַ אַראָפּ־געשליידערט אין אָפּגרונט, נאָך דעם ווי ער האָט אים אַוועקגערויבט זיינע דאָקומענטן, דאָס טשעק־ביכל און געלט.

מישאַ האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך געגלויבט, אַז ער איז פּטור געוואָרן פון זיין הער — דער צופאַל האָט אָבער געוואָלט אַנדערש: פאַלנדיק האָט יעקב זיך פאַרטשעפּעט אין די צווייגן פון בוים און געבליבן הענגען.

שווערע מאָמענטן האָט ער איבערגעלעבט, הענגענדיק צווישן די צווייגן. ער האָט זיך נישט געקענט אפילו אַ ריר געבן, ווייל עס האָט אים געדראָט אַ געפאַר אַראָפּצופאַלן אין טיפן אָפּגרונט אַריין. אונטער די גליענדע שטראַלן פון דער זון, אויסגעמאַטערט פון דורשט, איז ער געפאַלן אין אָנמאַכט.

פאַר זיינע אויגן האָט דורכגעשוועבט זיין גאַנץ לעבן. ער האָט אַלץ געחלומט אַז אַננאַ, זיין ליבע אַננאַ, ראַטעוועט אים פון זיכערן טויט. אָן כוחות איז ער געווען, ווען די דאָרפס איינוווינער האָבן אים אַרויסגעצויגן מיט דער שטריק אויף די פעלזן.

ער האָט נישט געקענט ענטפערן אויף קיין שום פראַגע. די רעטער פון זייער זייט האָבן נישט געקענט וויסן, ווער עס איז

דער מענטש, ווייל ער האָט ביי זיך נישט געהאַט קיין שום דאָ־קומענטן. די דאָרפס־איינוווינער, וועלכע האָבן געוווינט אין די בערג זייער גאַנץ לעבן, האָבן נאָר איין זאַך פעסטגעשטעלט אָן אַ שום ספק: אויפן וועג, אויף די בערג, איבער דעם בוים, האָט מען געקענט דייטלעך זען טריט פון צוויי מענער און פון דעם אָרט ווידער האָבן שוין געפירט טריט נאָר פון איין מענטש. אויך די שטיינער זענען אין דעם אָרט געווען אָפּגעריסן.

זיי זענען געקומען צום אויספיר, אַז עס איז דאָ פאָרגעקומען אַן אומגעלונגענער פרווו פון אַ מאָרד. זיי האָבן פון יעקבן אָבער גאָרנישט געקענט אַרויסבאַקומען. ער איז נאָך אַלץ געווען אָן באַוווסטזיין. ערשט אין שפּיטאָל איז ער אַ בסיל געקומען צו זיך און נאָך אַ לענגערער צייט — נאָך אַ מוח־אָנטצינדונג — האָט ער אָנגעהויבן פּאַמעלעך צוריקצוקומען צום געזונט.

אָבער אויך דאַן האָט מען נישט געקענט זיך דערוויסן ווער ער איז, ווייל ער האָט פאַרלוירן דאָס געדעכעניש. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווער ער איז און וואָס מיט אים איז געשען. אויף דעם קאָסט פון דער שטאָט האָט מען אים אַלזאָ איבערגעגעבן אין אַ הייל־אַנשטאַלט, וו מען האָט אים גערופן „אומבאַקאַנטער".

איינמאָל נאָר האָט זיך אין אים אויף אַ מאָמענט דערוועקט עפּעס אַ געפיל, ווען עס איז אין אַנשטאַלט אָנגעקומען אַ נייע קראַנקן־שוועסטער און עמעץ האָט זי גערופן מיט איר נאָמען: אַננאַ!

די דאָקטוירים האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם פאַל. זיי האָבן אָבער נישט געקענט געפונען קיין שום עצה. ענדלעך, נאָך לאַנגע מאָנאַטן, איז איינגעפאַלן איינעם, אַ גאָר יונגן דאָקטאָר, צו מאַכן אַן אָריגינעלן פרווו.

אויף דעם אויפטראג פונעם דאָקטאָר האָט מען דעם „אומ־באַקאַנטן" יעדן טאָג געבראַכט צייטונגען אין אַלע שפּראַכן, כדי אַזוי אַרום אָבסערווירן, וועלכע איז זיין מוטער שפּראַך. פון יעקבס ענגלישן אַקצענט האָט מען געזען, אַז ער איז נישט קיין אַמעריקאַנער.



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „התקוה"

# סאבינע



ראמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 100

עס איז אַדורך אַ צייט אָן דערפאָלג. אָבער איין טאָג האָט מען יעקבן דערלאַנגט דאָס ערשטע מאָל אַ פּוילישע צייטונג — און דערזעענדיק די רעאַקציע פון דעם קראַנקן האָט זיך דער יונגער דאָקטאָר דערפרייט. דערזעענדיק נעמלעך די פּוילישע צייטונג האָט יעקב אָנגעהויבן רייבן זיך דעם שטערן און דאַן האָבן זיך טרערן באַוויזן אין זיינע אויגן.

פון דעם טאָג אָן האָט יעקב באַקומען יעדן טאָג די פּוילישע פּרעסע און איין מאָל האָט די מעטאָדע טאַקע געבערענגט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. יעקב האָט אָנגעהויבן צו לייענען די צייטונג און פּלוצלונג האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ פעטע אויפשריפט:

„אַ פּוילישער בירגער איז געפאַלן אַ קרבן פון אַן אומגליקס־צופאַל אין די אַמעריקאַנער אַנדן־בערג".

„אין די ווילנער קרייזן האָט אַרויסגערופן אַ שוידערלעכן אָפּקלאַנג דער פּריצייטיקער טויט פון דעם באַקאַנטן רייכן גוט־אייגנטימער יעקב מיכלסאָן"...

— יעקב מיכלסאָן? דאָס בין איך דאָך. — האָט אַרויסגעשעפּ־טשעט יעקב און אויף זיין שטערן האָבן זיך באַוויזן גרויסע טראָפּן פון שווייס.

„מיר האָבן שוין פאַר אַ צייט — האָט ער ווייטער געלייענט — געשריבן וועגן יעקב מיכלסאָן. דער געבילדעטער און אינטעליגענטער יונגער מענטש איז אַ גבור פון אַ סענסאַ־ציאָנעלן ליבעס ראָמאַן. עס האָט זיך אין אים פאַרליבט אַ הערלעך שיינע טאָכטער פון אַ ווילנער גוט־באַזיצער, — אַננאַ נאַרוואַצקאַ..."

יעקב איז האַסטיק אויפגעשטאַנען פון שטול און אַ ווילע געשטאַנען ווי פאַרגליווערט. „אַננאַ נאַרזוואַצקאַ? דאָס איז דאָך מיין געליבטע! ווי האָב איך זי געקענט פאַרגעסן?"

משוגע פון פרייד איז ער אַרויס אויפן קאָרידאָר און אָנגעהויבן צו שרייען: „ווו זענען די דאָקטוירים? איך ווייס שוין ווער איך בין!".

דער פאַל איז געוואָרן באַוווסט פאַר אַלע אין אַנשטאַלט

במשך פון אַ פּאָר מינוט. יעקב האָט פּלוצלונג געדענקט שוין אַלעס פון זיין פאַרגאַנגענהייט ביז דעם מאָמענט, ווען מישאַ האָט אים אַראָפּגעשליידערט אין אָפּגרונט. דאָס איז אָבער שוין באַוווּסט די דאָקטוירים, וועלכע האָבן אים דערציילט די ווייטערדיקע איינצלהייטן.

אַ פּאָר טעג האָט געהערשט אין אַנשטאַלט אַ גרויסע אַלגעמיינע פרייד — אָבער באַלד איז געקומען דער מאָמענט, ווען יעקב האָט דעציסדירט ווי אַם שנעלסטן אָפּפאָרן קיין אייראָפּע, אויפזוכן זיין געליבטע אַננאַ און אויך נקמה נעמען אין זיין משרת.

יעקב האָט אָבער נישט געהאַט קיין פּערזענלעכע דאָקומענטן און אויך קיין געלט, ווייל ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן האָט מישאַ אויפן סמך פון יעקבס דאָקומענטן אָפּגענומען דאָס גאַנצע געלט, וועלכעס ער האָט געהאַט אין די בענק. יעקב האָט אָבער מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געקויפט אין ארץ ישראל עטלעכע פּרדסים, מיט וועלכע עס האָט פאַרוואַלטעט זיין קוזין, ברוך מיגדאַל.

יעקב האָט אַלזאָ אָנגעשריבן צו אים און נאָך אַ גאַנץ קורצער צייט האָט ער שוין געהאַט די גענוגנדע סומע געלט כדי אונטערצונעמען די רייזע.

## די פאַרדינטע שטראָף

— הער קאָמיסאַר! עס איז פאָרגעקומען אַן אומגליקס־פאַל!

דער קאָמיסאַר, וועלכער האָט געוואַרט איגעם סאַלאָן איז אַריין אין וואַרמאַנס קאַבינעט און געזוכט מיט די אויגן דעם פאַרברעכער, וועלכן ער איז געקומען אַרעסטירן. ער האָט דערזען דעם פּאָליציאַנט ביי דעם אָפענעם פענצטער און האָט פאַרשטאַנען, אַז וואַרמאַן איז אַנטלאָפן.

די פּאָליציאַנטן זענען שנעל אַראָפּ פון די שטיגן און אַרויס אין גאָרטן און דאָ האָבן זיי דערזען אַ שרעקלעך בילד. אַלעקסאַנדער האָט ווייזט אויס איילנדיק זיך — נישט צוזאַמענגעבונדן פעסט די שטריק, וועלכע האָט זיך אונטער זיין לאַסט צעריסן — און אַזוי איז ער געפאַלן אויף די שפּיצן פון די אייזערנע שטאַכעטן אַרום דעם הויז. ער האָט געהאָנגען אויף אַ שטאַכעט מיט אַן אָפענעם ברוסט־קאַסטן...

זיין געשריי האָט אַהערגעבראַכט אַלע פאַבריקס־אַרבעטער און באַאַמטע. עס האָט זיך געהערט אַ היסטערישע געוויין פון די אַרבעטערינס. פּאָליציע, וועלכע איז אין דער צייט אָנגעקומען, האָט אָנגעהויבן יאָמערדיק צו וויינען.

מיט דער הילף פון די אַרבעטער האָט מען אַלעקסאַנדערן אַראָפּגענומען פון די שטאַכעטן און אָפּגעפירט אין אַ הילפסלאָזן צושטאַנד אין שפּיטאָל. באַלד נאָך דעם האָט מען אויך אָפּגעפירט פּאָליציען אין תּפיסה, וווּ זי האָט געזאָלט בלייבן ביז צום פּראָ־צעס.

— — — — —

דערפרייט פון דעם גליקלעכן אויסגאַנג פון סאַבינעס פּאַל האָבן איזאַבעלאַ און וואַצלאַוו זיך באַגעבן אַ היים. זיי האָבן געוווּסט, אַז אין דער זעלבער צייט אַרעסטירט מען אַלעקסאַנדערן און פּאָליציען. דעריבער האָבן זיי זיך נישט געוווּנדערט, דער־זעענדיק פאַר דעם הויז אַ מענגע מענטשן.

שווייגנד האָט מען זי דורכגעלאָזט אין פּאַלאַץ. און דאָ ערשט האָט זי זיך דערוווּסט וועגן דעם טראַגישן אמת. זי איז געווען טיף דערשיטערט. זי האָט געוואָלט זיך נוקם זיין אין די, וועלכע האָבן צעשטערט איר גליק — אָבער זי האָט זיך נישט פאַר־געשטעלט, אַזאַ גרויזאַמע נקמה.

וואַצלאַוו האָט מיט קיין וואָרט נישט איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן, ביז וואַנען אין צימער איז אַריין דאָס שטוב־מיידל מיט דער נאַכריכט, אַז די קראַנקן־שוועסטער פון תּפיסה־שפּיטאָל איז געקומען אין אַלעקסאַנדערס נאָמען און בעט, אַז איזאַבעלאַ זאָל צו אים קומען — ער וויל זי זען פאַר דעם טויט.

אָן אַ וואָרט האָט זיך איזאַבעלאַ אויפגעהויבן פון איר פּלאַץ און נאָך אַ קורצער צייט איז זי געשטאַנען נעבן דעם בעט פון איר מאַן.

— מיין ליבער — האָט זי זיך אָנגערופן — איך זע, אַז דיר טוט וויי, לאָמיר האָפן, אַז עס וועט דיר באַלד בעסער ווערן.

— יאָ, — האָט געענטפערט אַלעקסאַנדער — עס וועט מיר ווערן בעסער אויף אייביק. איך האָב עס פאַרדינט. אַזוי יונג צו גיין פון דער וועלט. איך האָב דיך זייער באַעוולט, איך בעט

דיך איזאַבעלע, זיי מיר מוחל!

— איך בין דיר מוחל. דו האָסט שווער געזינדיקט קעגן מיר, אָבער אויך דיין שטראָף איז שווער, קיינער פון אונדז איז נישט קיין מלאך, נאָר גאָט האָט דאָס רעכט אונדז צו משפטן.

—איך דאַנק דיר, לעב גליקלעך — האָט ארויסגעשעפּטשעט אַלעקסאַנדער און אין דעם זעלבן מאָמענט אויסגעהויכט די נשמה.

וואַצלאַוו האָט דערוואַרטעט איזאַבעלען מיט אומגעדולד און אַנקוקנדיק זי, נאָך איר צוריקקומען, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען.

— איך וויל אייך איצט נישט שטערן — האָט ער שטיל געזאָגט — איצט ווילט איר אוודאי בלייבן אַליין. איך וויל אייך נאָר זאָגן, אַז איך שטיי תמיד צו אייער פאַרפיגונג, און בין גרייט גיין פאַר אייך אין פייער.

— איך ווייס וואַצלאַוו, און איך דאַנק אייך דערפאַר. אויך איך האָב אייך זייער גערן. און אפשר פיל מער נאָך. פאַרנעמט זיך דערווייל מיט דער פאַבריק און היט זי אַזוי, ווי זי וואָלט געווען אייער אייגנטום...

וואַצלאַוו איז צוגעפאַלן צו איזאַבעלעס האַנט און באַדעקט זי מיט קושן.

## דער נישט געלונגענער פּרווו

— אָט האָב איך דיך, גנב איינער! — האָט אויסגעשריגן בערקאָוויטש, האַלטנדיק לעאָנען פעסט אין זיינע אָרעמס. ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט אַנדערש, נאָר אַז ער האָט געכאַפּט אַ גנב, אויף וועלכן עס האָט אין דרויסן געוואַרט זיין שותף. ער וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז אַ פּאַציענט וועט פּראָבירן אַנטלויפן פון אַנשטאַלט און אַז עס קען אים געלונגען אַרויסצוגייך פון אַ פאַרמאַכט צימער און צוקומען צום טירל אין דער מויער.

לעאָן האָט געקעמפט מיט אַלע כוחות. העגריק האָט אין דער ערשטער סעקונדע נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס עס קומט פאָר. אָבער נאָך אַ ווײַלע, האָט ער זיך געוואָרפן אויף בערקאָוויטשן. בערקאָוויטש איז אָבער געווען זייער שטאַרק. ער האָט לעאָנען גענומען אין אַ קלעם פון זיינע אָרעמס, און אים כמעט דער־שטיקט. דאָך איז געקומען צו אַ מאָמענט, ווען ביידע יונגע

מענטשן האָבן שוין כמעט געוווּנען דעם קאַמף...

בערקאָוויטש — זעענדיק, אַז עס קאָן זיך ענדיקן פֿאַר אים מיט אַ מפּלה, האָט פּריי געלאָזט הענריקן, אַרויסגעצויגן פֿון טאַש אַ פּייפֿערל און געגעבן אַ לאַנגן פֿייף נאָך הילף. די סיטואַציע איז געוואָרן אַ טראַגישע. הענריק איז אַלזאָ צוגעפֿאַלן צו בערקאָוויטשן און זיך איינגעביסן אין זיין האַנט, כדי אַזוי אַרום דערגרייכן, אַז דער וועכטער זאָל פֿריילאָזן לעאָנען.

דאָס איז טאַקע געשען — אָבער מיט דער פֿרייער האַנט האָט בערקאָוויטש דערלאַנגט הענריקן אַזאַ קלאַפּ, אין קאָפּ, אַז דער יונגער מענטש איז געפֿאַלן אויף דער ערד. אין דער צייט האָט מען טאַקע אין אַנשטאַלט דערהערט בערקאָוויטש'ס פּייפֿן. דער נאַכט־וועכטער האָט געגעבן אַ קוועטש אויפֿן אַלאַרם־גלאָק און פֿון אַלע זייטן זענען אָנגעקומען צו לויפֿן סאַניטאַרן און אַרויס אויף דער גאַס.

הערנדיק, אַז עס קומט אָן הילף האָט בערקאָוויטש אָנגעהויבן צו שרייען און די מענטשן פֿון אַנשטאַלט האָבן זיך געלאָזט לויפֿן אין זיין ריכטונג. זיין געשריי האָט אָבער אויפֿגעוועקט הענריקן פֿון זיין צושטאַנד און זעענדיק וואָס עס גרייט זיך, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און פֿאַרשוווּנדן אין דער פֿינצ־טערניש פֿון דער נאַכט. באַלד האָט זיך געלאָזט הערן דער מאָטאָר פֿון זיין אויטאָ.

לעאָן האָט געוואָלט אין דער זעלבער צייט אויסנוצן די גע־לעגנהייט און אַנטלויפֿן. ער האָט זיך טאַקע אַרויסגעריסן פֿון די הענט פֿון דעם אָפּגעשוואַכטן בערקאָוויטש — עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. מען האָט אים נאָכגעיאָגט לויט דעם קלאַנג פֿון זיינע שריט, אַריינגעפֿירט אין דעם וועכטער־צימער און דאָ ערשט האָט בערקאָוויטש דערזען וועמען ער האָט געכאַפּט.

עס האָט אים גאָרנישט געפֿרייט, אַז ער האָט געכאַפּט דעם פּאַציענט. ער האָט זיך נישט געקענט שענקן, אַז עס איז געווען אַ מעגלעכקייט פֿאַר אַ פּאַציענט צו אַנטלויפֿן פֿונעם אַנשטאַלט. ווען נישט דער צופֿאַל, אַז בערקאָוויטש איז פּונקט אָנגעקומען, וואָלט דאָך קייזערשטיין באַשטימט אַנטלאָפֿן.

„וואָס וועט זיין אַן אַנדער מאָל? און אויב איך וועל זיך

אַ מאָל פּאַרשפּעקטיקן? וועט מען טאַקע קענען פון דאַנען אַנטלויפן? ניין, דאָס טאָר מער נישט פּאַרק׳מען! איך וועל אַליין פון הײַנט אָן היטן דעם אַנשטאַלט און וועל שוין מער נישט נעכטיקן אין דער היים!"

ווי ווײַזט מען זיך אָבער דעם דאָקטאָר זילבער, די דאָקטוירים, דעם פּערסאָנאַל? ווי וועט ער קענען קוקן זיי אין די אויגן? בערקאָוויטש האָט נישט געקענט פאַרשטיין, אַז אַ פּאַציענט זאָל פון דאַנען אַנטלויפן? עס האָט זיך געפונען עמיץ, וואָס האָט אים געקאָנט אָפּנאַרן? מען האָט דעם פּאַציענט געעפנט די טיר פון צימער, דאָס טירל אין מויער און געוואַרט אויף אים מיט אַן אויטאָ?!

ער איז אַרויס אין גאָרטן און באַלויכטן אים מיט אַ האַנטלאָמפּ. אַרומגייענדיק אַרום דעם הויז און זוכנדיק שפּורן האָט ער פּלוצלינג דערזען אַ שטריק, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון פענצטער ביז צו דער ערד.

ער האָט פון דעם אַרויסגעצויגן די מסקנה, אַז קייזערשטייגען האָט צוגעהאָלפן עמיצער פון פּערסאָנאַל. די זעלבע פּערזאָן האָט אַוודאי אויך צוגעבונדן די שטריק. ער איז שנעל אַרויף צום פענצטער און באַקוקט די שנור. ער האָט זי גענומען אין דער האַנט און באַלד האָט ער אָנגעטראָפן אויף דרײַ קנאָטן, איינעם נעבן דעם אַנדערן.

ער האָט באַשלאָסן נישט אָפּצובינדן די שנור, נאָר איבערלאָזן זי ביז מאָרגן און ווײַזן זי דעם ד"ר זילבער, אַלס באַווײַז אַז קייזערשטייגען האָט אַ שותף צווישן דעם פּערסאָנאַל.

אין אַנשטאַלט איז מען שוין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. מען האָט געהאַלטן אין איין אַרײַנקלערן וועր האָט עס געקאָנט זײַן דער מענטש, וואָס האָט קייזערשטייגען אַרויסגעוויזן די הילף, וועגן בעלען האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך קיינער נישט געטראַכט.

לעאָן איז אָן ווידערשטאַנד געוואָרן אַרײַנגעפירט צוריק אין זײַן צימער. ער האָט פאַרשאָלטן זײַן בייז מזל און מיט גרויסע סימפּאַטיע געקלערט וועגן בעלען און דעם ד"ר גראַף, וועלכע האָבן אים אַרויסגעוויזן אַזוי פיל האַרץ — עס האָט אָבער נישט געבראַכט דעם געווונטשטן רעזולטאַט.

# צומאָרגנס

בעלע איז רואיק געשלאָפן די גאַנצע נאַכט. זי האָט זיך אויפגעוועקט מיט אַ שעה פריער ווי יעדן טאָג. עס האָט זי עפּעס נישט געלאָזט ווייטער רוען. זי איז שנעל אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און דעמאָלט האָט זי דערזען, אַז דעם פּאָטערס בעט איז ליידיק.

דערפילנדיק עפּעס אַ אומרו, האָט זי זיך שנעל געוואַשן און אָנגעטון — און געפונען זיך פאַר דעם טויער פון אַנשטאַלט, ווען עס איז נאָך געווען גוט פינצטער. דער וועכטער האָט איר באַלד דערציילט וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען ביי נאַכט.

בעלעס האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי די פליגל פון אַ געפאַנגענעם פויגל. עס איז איר נישט געווען אַ שאָד, אַז איר גאַנצער אויפטו און ד״ר גראַפּ׳ס פּלאַן איז צעשמעטערט געוואָרן. עס האָט איר נאָר ווייי געטון דער פאַקט, אַז דער גורל האָט געוואָלט, אַז גראָדע איר פאָטער זאָל זיין דער, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף דעם וועג פון לעאָנס פרייהייט.

זי האָט אָבער באַלד דערמאָנט, אַז זי טאָר נישט שטיין און אַריינקלערן. ווי לאַנג עס איז נאָך פינצטער מוז זי אויסנוצן די געלעגנהייט און באַזייטיקן די שנור, וועלכע הענגט נאָך אַוודאי ביים פענצטער. זי איז אַריין שנעל אין אַנשטאַלט אַראָפּגע־וואָרפן פון די פיס די שיך און געלאָפן אויף די שטיגן און דורך די קאָרידאָרן באָרוועס.

זי איז צו צום פענצטער, אָנגעכאַפּט פאַר דער שנור, שנעל זי אָפּגעבונדן און אַוועקגעטראָגן אין די באַהעלטעניש. דאָ האָט זי די שנור געלאָזט אויף דערווייל, פאַרנאַכט האָט זי באַשלאָסן זי אַהיים צו נעמען, זי האָט דאָך די שנור געבראַכט דאָ אַהער פון דער היים.

ערשט איצט האָט בעלע פריי אָפּגעאָטעמט. מיט פרייד האָט זי דערהערט דעם קלאַנג פון ד״ר גראַפּ׳ס קאַבינעט, וועלכער האָט זי גערופן צו זיך. דער פּערסאָנאַל האָט פאַרשטאַנען, אַז אָט הייבט אָן דער דאָקטאָר די אויספאָרשונג אין דעם ענין קייזערשטיין.

די קראַנקן־שוועסטער האָבן זיך טאַקע אַוועקגעשטעלט אונטער דער טיר פונעם קאַבינעט כדי אויסצוהערן דאָס געשפּרעך. ווען זיי

האָבן אָבער דערהערט בעלעס געוויין, האָבן זיי זיך דיסקרעט אַוועקגעשאַרט פון דער טיר, פאַרשטייענדיק, אַז דאָס שרייט אַזוי אַוודאי דער דאָקטאָר אויף בעלען.

אַ לענגערע צייט האָט זיך טאַקע אין צימער געהערט נאָר בעלעס געוויין. ערשט נאָך אַ צייט האָט זיך אָנגערופן דער דאָקטאָר:

— קינד, באַרואיק זיך! מיר האָבן ביידע געטון, וואָס נאָר מיר האָבן געקאָנט. אַ חוץ אונדזערע פּאָסטנס האָבן מיר ריזיקירט אַפילו מיט אונדזער פרייהייט — מיר האָבן דאָך אייגנטלעך געטון אַ פאַרברעכן: מיר האָבן באַוויזן הילף אַ משוגענעם, אַז ער זאָל קענען אַנטלויפן פון משוגעים־אַנשטאַלט.

— גלויבט מיר דאָקטאָר, אַז איך וואָלט גערן געגאַנגען אין תפיסה, ווען איך וואָלט געווען זיכער, אַז קייזערשטיין געפינט זיך אויף דער פריי. איר קענט אייך נישט פאַרשטעלן, ווי גערן איך האָב באַקומען דעם העכסט אָרענטלעכן און ערלעכן מענטש.

— ביזט נישט אַמאָל פאַרליבט אין אים?

— ניין, דאָקטאָר. מיין האַרץ געהערט צו אַן אַנדערן.

דער ד״ר גראַף איז געווען אַ גוטער פּסיכאָלאָג, אָנשטאָט אַן ענטפער — האָט ער בעלען געשטעלט די פראַגע:

— דו זעסט דיך אָפּט מיט דעם הער זאַלצבערג?

בעלע איז רויט געוואָרן ווי פייער.

— נו, גוט. איך וועל שוין מער דערפון נישט ריידן. איצט איז וויכטיק נאָר קייזערשטיין. מיר מוזן קודם כל טון אַלץ, אַז מען זאָל אונדז נישט חושד זיין. צוליב דעם מוז איך דיך באַשטראָפן: עס איז אַנטלאָפן דיין פּאַציענט — פון היינט אָן אַלזאָ, דערלויב איך דיר נישט צו באַדינען קייזערשטיינען. דאָס איז אַ שטראָף אויף אַ קורצן צייט, אפשר וועסטו צוריק באַקומען דאָס רעכט אים צו פלעגן — אָבער דערווייל מוז עס אַזוי זיין.

— עס וועט אויך זיין אַ שטראָף פאַר קייזערשטיינען.

— עס איז אָבער בעסער, אַז די שטראָף זאָל קומען פון מיר, ווי פון ד״ר זילבער. דו מוזט שפּילן די ראָלע פון אַן אומשולדיק באַעוולטע. דו וועסט דערציילן אַלע, אַז איך האָב דיך אַפילו נישט געוואָלט אויסהערן. איך האָב דיך פּשוט אַרויסגעוואָרפן פונעם

קאַבינעט. אַנקוקנדיק דײַנע פּאַרווײַנטע אויגן וועט דיר יעדער גלויבן.

בעלע איז טאַקע גלײַך פון גראַפס קאַבינעט אַרײַן אין קראַנקן־שוועסטער צימער און דאָ ערשט אָנגעהויבן אויפסיי צו וויינען. אַלע האָבן זי באַרואיקט, אַז מען ווייס דאָך, אַז זי איז אומשולדיק אָבער דעם ד״ר גראַף גייט דאָס גאָרנישט אָן — ער האָט זי געמוזט באַשטראָפן.

ווען בעלע האָט זיך דערציילט, אַז גראַף איז זי חושד, אַז זי האָט פאַרגעסן צו פאַרשליסן קייזערשטיינס טיר — האָבן די שוועסטערן איר באַוויזן, אַז עס איז אַן אומזין.

— דו זעסט דאָך — האָבן זיי געזאָגט — אַז עס איז נישט געווען קיין צופאַל, ווייל עמיץ האָט צוגעבונדן אַ שנור און אַן אַנ־דערער האָט אויף געעפנט דאָס טירל אין דער מויער. אויף דער גאַס האָט אויף קייזערשטיינען געוואַרט אַ באַנדיט — אַ ריז.

בעלע איז געווען גרייט אויסצודראַפּען די אויגן דער חברטע. וועלכע האָט אָנגערופן איר העלדיקן — באַנדיט. זי האָט עס אָבער נישט געטאָרט און געוואַגט אויספירן. ווי די שוועסטערן האָבן זי באַרואיקט, אַז מען וועט אַוודאי שנעל כאַפּן דעם שולדיקן און זי וועט רעאַביליטירט ווערן.

ווען בעלע האָט געזאָגט, אַז זי האָט מורא מען זאָל זי נישט אָפּזאָגן אין גאַנצן פון דער אַרבעט, האָבן די אויפגערעגטע שוועס־טערן באַשלאָסן צו גיין מיט אַ דעלעגאַציע צום ד״ר גראַף און גע־בן אים צו פאַרשטיין, אַז קיין שום פרוי האָט נישט געקאָנט זײַן קייזערשטיינס שותף.

— וואָלט דען אַ פרויען האַנט געקאָנט אַלץ פאַרבערייטן? אויסגעפונען אין גאַס עפּעס אַ ווילן יונג און אָפּמאַכן מיט אים ער זאָל וואַרטן אויף קייזערשטיינען מיט אַן אויטאָ?

ד״ר גראַף האָט אויסגעהערט די דעלעגאַציע און צוגעזאָגט איי־בערגעבן דעם שטאַנדפּונקט פון די שוועסטערן דעם דירעקטאָר. ער איז טאַקע באַלד דערנאָך אַרײַן צו אים און איבערגעגעבן אים אַלע פּרטים וועלכע עס האָט אים געטויגט צו דערציילן.

זילבער האָט געוואָלט ווייזן זײַן אויבערהאַנט אַלס דירעקטאָר און זיך אָפּגערופן:

— אייערע אונטערזוכונג איז נישט קיין גענוגנדע, דאָקטאָר. מען מוז דורכפירן אַ שטרענגע אונטערזוכונג און געפונען דעם שולדיקן כדי אַזאַ זאַך זאָל מער נישט פּאַרקומען אין מײַן אַנשטאַלט.

גראַף האָט נאָר געוואַרט אויף דעם.

— איך בין אויך דער זעלבער מיינונג — האָט ער געענטפערט.

— די זאַך איז זייער אַ ערנסטע און צוליב דעם דאַרף טאַקע די פּאָליציי אַדורכפירן די אונטערזוכונג...

הערנדיק דאָס וואָרט פּאָליציי, האָט זילבער אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול.

— ניין! דאָס קיינמאָל נישט; מיר וועלן דעם פאַרברעכער אַליין געפונען!

זילבער האָט זיך אין דעם מאָמענט געקלערט, אַז דער ד״ר גראַף איז אַ נאַרישער מענטש: ווי לאָזט עפּעס אַריין פּאָליציי אין דעם אַנשטאַלט? כדי די צייטונגען זאָלן שרייבן וועגן דער גאַנצער זאַך? די פרוי קייזערשטיין וואָלט דאָך באַלד צוגענומען איר מאַן און אים איבערגעגעבן אין אַן אַנדערן אַנשטאַלט.

זילבער האָט געוואָלט באַווייזן גראַפן, אַז מען קען זיך באַגיין אָן פּאָליציי און האָט טעלעפאָניש געגעבן אַ באַפעל, אַז בערקאָוויטש זאָל באַלד אַריינקומען. דער וועכטער האָט דערויף געוואַרט שוין פון דער פרי אָן. איצט האָט ער דערציילט דעם גאַנצן פאַל מיט אַלע פּרטים און אין ענדע האָט ער פאַרגעלייגט די דאָקטוירים, אַז זיי זאָלן מיט אים מיטגיין, וועט ער זיי ווייזן דעם שטריק וועלכן מען האָט קייזערשטיינען צוגעבונדן צום פענצטער.

גראַף איז בייז געווען אויף זיך, אַז ער האָט נישט דערמאָנט בעלען, זי זאָל אַראָפּנעמען און באַהאַלטן די שטריק און איז צוליב דעם אומוויליק נאָכגעגאַנגען בערקאָוויטשן, וועלכער איז געגאַנגען פאָרויס, ווי אַ גבור.

זיי זענען צוגעקומען צום פענצטער — די שנור איז אָבער נישט געווען אויפן אָרט... בערקאָוויטש האָט געקוקט פאַרוווּנדערט, דאָס בלוט איז אים געקומען אין פּנים. עס האָט אים פּשוט אויסגעפעלט אָטעם.

איצט איז שוין געווען אָפנבאַר פאַר אַלע, אַז אין אַנשטאַלט האָט זיך געפונען עמיצער, וועלכער האָט אויסגעהאָלפן קייזער־

שטיינען. בערקאָוויטש איז אַריינגעפאַלן אין אַ שגעון. ער האָט איבערגעלאָזט ביים פענצטערביידע דאָקטוירים און אַליין אָנגע־הויבן צו לויפן אַהין און צוריק און זוכן די שנור.

דערווייל האָט דער ד״ר גראַף איבערגעגעבן דעם דירעקטאָר, אַז ער האָט באַשטראָפט בעלען און פון זיין זייט פאַרגעלייגט מען זאָל זי אין גאַנצן באַזייטיקן פון דער אַרבעט.

ער האָט גוט געוווסט, וואָס ער טוט. אַזוי ווי דער פאָרשלאַג איז אַרויסגעקומען פון דער זייט פון ד״ר גראַף — האָט שוין זיל־בער נישט איינגעשטימט.

דערצו האָט ער זייער גערן געהאַט די טאָכטער פון זיין טרייען וועכטער — ער האָט אַלזאָ אָנגעהויבן צו שרייען אויף גראַפן, אַז ער זוכט זיך פשוט אויס אַן אומשולדיקן קרבן — זאָל ער בעסער זוכן דעם אמתן שולדיקן...

גראַף האָט זיך געזעגנט מיט זילבערן, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז ער איז זייער באַליידיקט פון דעם שטאַרקן אָנגריף אויף זיין פערזאָן. זילבער איז אָבער דערפון געוועזן זייער צופרידן.

דער טאָג איז אַריבער פאַר אַלע אין גרויסער אויפרעגונג. — בערקאָוויטש איז אַרומגעגאַנגען און געזוכט דעם שנור. אַלע האָבן דערוואַרט נייע אַנטדעקונגען. דער איינציק רואיקער מענטש איז געווען לעאָן אַליין. קיינער וואָלט נישט דערקענט אין אים, וואָס ער לעבט איבער. נאָר אינעווייניק אין זיין האַרץ האָט זיך אָפּגע־שפּילט אַ דראַמע.

די איינציקע זאַך וועלכע האָט אים ווייטיק געטון איז געווען די, אַז ווידער איז אָפּגעלייגט געוואָרן זיין צוזאַמענטרעף מיט סאַבינען. נאָר זי האָט ער איצט געהאַט פאַר די אויגן, נאָר וועגן אַ צוזאַמענלעבן מיט איר האָט ער געקלערט. נישט צוליב נקמה בעמען אין רעגינען האָט ער געוואָלט זיך געפונען אויף דער פריי־הייט, נאָר כדי צו קענען ענדלעך לעבן גליקלעך — און דאָס איז לויט לעאָנען געווען מעגלעך צו דערגרייכן נאָר צוזאַמען מיט סאַבינען.

בעלע איז געווען דערשיטערט. די מיטאַרבעטער האָבן זי נישט געקענט בשום אופן באַרואיקן. זי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט פון צוזאַמענטרעף מיט הענריקן. ענד־

לעך האָט זי זיך דערמאָנט די צייט און איז איילעך אַרויס פונעם אַנשטאַלט. אַזוי ווי זי האָט העבריקן נישט דערזען אויף דער גאַס האָט זי אָנגעהויבן צו גיין אין דער ריכטונג פון דער שטאָט, מיי־נענדיק, אַז ער האָט זיך אפשר, פאַרשפעטיקט.

פלוצלינג איז אויסגעוואַקסן נעבן איר אַ הער, אָנגעטון אין אַ לעדערנער מאַרינאַרקע און היטל, אַראָפּגעצויגן אויף די אויגן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געווען העבריק. אין דעם אויטאָ, וועלכער איז געשטאַנען נישט ווייט, האָט ער זיך איבער־געטון.

אויף בעלעס פראַגע, וואָס איז די סיבה פון זיין מאַסקאַראַדע־קליידונג האָט העבריק געענטפערט, אַז ער האָט נישט געוואָלט, אַז עס זאָל אים דערקענען דער „אַלטער טייוול”, וועלכער האָט נעכטן נישט דערלאָזט, אַז לעאָן זאָל אַנטלויפן. העבריק האָט זעלבסט־פאַרשטענדלעך נישט געוווסט, אַז דער „אַלטער טייוול” איז זיין בעלעס פאָטער.

ווי נאָר דער אויטאָ האָט גערירט פון פּלאַץ און זיך געפונען אין אַ רואיקערער סביבה, האָט בעלע נישט געקענט מער איינהאַלטן אירע נערוון און אויסגעבראָכן מיט אַ הערצלעך געוויין. העבריק איז אַלזאָ פאַרפאָרן אין אַ זייטיק געסל און דאָ אַריין מיט בעלען אין אַ שטיל, קליין קאַפע־הויז. דאָ ערשט האָט ער איר אָנגעהויבן דערציילן ווי אַזוי אַלעס איז פאָרגעקומען.

ער האָט מורא געהאַט, אַז בעלע וועט אים אָננעמען אַלס אַ פּחדן ווייל ער האָט איבערגעלאָזט דעם פריינט אין די הענט פון דעם ברוטאַלן וועכטער. ער האָט איר אַלזאָ אויפגעוויזן, אַז די סי־טואַציע איז געווען אַ האָפנונגסלאָזע. ווען ער וואָלט געקעמפט ביזן סוף, וואָלט מען אויך אים געכאַפּט און דעמאָלט וואָלט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אַלץ איז געווען פון פאָרויס פלאַנירט.

נאָך אַ לענגערן געשפּרעך בעת וועלכן זיי האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן ביי די הענט, האָט בעלע ענדלעך געשטעלט די פראַגע: „וואָס טוט מען ווייטער?”

— איך אַ קורצע צייט מוזן מיר אָפּלייגן אַלע פּלענער, ווייל איצט וועט מען דאָך לעאָנען באַשטימט פעסטער היטן. דאָס וועט אָבער נישט לאַנג דויערן. ווי נאָר עס וועט זיך אַ ביסל באַרואיקן

וועל איך אונטערנעמען די שריט, וועלכע איך האָב ביז איצט נישט געוואָלט אונטערנעמען נאָר צוליב לעאָנען.

— וועגן וואָס פאַראַ שריט רעדט איר און פאַרוואָס טאַקע האָט איר זיי ביז איצט נישט אָנגעווענדעט ?

— דאָס איז דער אָפיציעלער וועג. דער וועג פון אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל, מיט דער הילף פון דער פרעסע. דאָס מוז דערפירן צו אַ עפנטלעכער אונטערזוכונג און דער אמת וואָלט געוואָרן דעמאָלט אַנטפּלעקט פאַר אַלע. איך האָב עס אָבער נישט געטון, כדי נישט צו ברענגען אַ שאָדן לעאָנען. אויף אייביק וואָלט געבליבן אויף אים דער פלעק פון אַ מענטש, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ משוגעים־הויז. מענטשן וואָלטן נישט געגלויבט, אַז ער איז געווען אַן אומשולדיקער קרבן פון זיין געמיינער פרוי. עס וואָלט אויף אים געבליבן אַ חשד... וואָס מער לעאָן וואָלט פראָבירט איבערצוצייגן עמיצן וועגן זיין אומשולד — וואָלטן די מענטשן געהאַט נאָך מער ספקות.

בעלע האָט איינגעזען, אַז העבריק איז גערעכט: זיי האָבן אַלזאָ באַשלאָסן דערווייל נישט אונטערנעמען קיין נייע שריט און די גאַנצע צייט אונטערהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דעם ד״ר גראַף. אין אַ ענטשפּרעכנדן מאָמענט — האָבן זיי געזאָלט צוטרעטן צו נייע טאַטן.

## אין קאַמף פאַר אומשולד

ליזע האָט צונויפגענומען אַלע אירע כוחות און אָוועקגעשליידערט פון זיך בוטאָנען. ער האָט פראָבירט אומצוואַרפן זי, אָבער זעענדיק, אַז ער קען זיך נישט קיין עצה געבן האָט ער געגעבן אַ קוועטש איף אַ גלאָק און באַלד האָבן זיך אין צימער באַוויזן צוויי לאָקאַיען. אויף דעם באַפעל פון זייער הער האָבן זיי גענומען ליזע און אָוועקגעטראָגן אין אַן אַנדער צימער, וועלכעס ער האָט אָנגערופן „געפענגעניש״.

מיט פרייד האָט זי דערזען, אַז זי געפינט זיך אין דעם בודואַר, ווי זי האָט זיך אויפגעוועקט נאָך דעם חלשן — דאָס מאָל אָבער איז זי נישט געווען אַליין, עס האָט זי געהיטן עפעס אַ אַלטע ברוי, וועלכע האָט נישט אַראָפּגעלאָזט פון איר קיין אויג.

זי האָט אָנגעהויבן צו שמועסן מיט דער אַלטיטשקער און עס

האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די אַלטע, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ מכשפה, האָט טאַקע זייער ליב צו ריידן. נאָך אַ קורצער צייט האָט ליזע געוווּסט, אַז די אַלטע פירט אויס גאַנץ אָפט די אויפּגאַבע פון אַ וועכטערין איבער שיינע פרויען, וועלכע בוטאָן פאַנגט אין זיין נעץ. פון צייט צו צייט האָט די אַלטע אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די קליידער אַ פלאַש קאָניאַק, צוגעלייגט זי צום מויל און אויסגעטרונקען אַ שפּאָר ביסל.

ליזען איז איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף אויסנוצן די ליבע צו אַ ביסעלע בראָנפן, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַנעט, אַזוי האָט די אַלטע געהייסן. נאָך אַ קורצער צייט האָט אַלזאָ ליזע געבעטן די אַלטע, אַז זי זאָל זי אַרויסלאָזן פון צימער, ווייל זי וויל כאַפּן אַ טרינק. אַנעט האָט בשום אופן נישט איינגעשטימט אַרויסצולאָזן ליזען, זי האָט אָבער פאַרגעלייגט, אַז זי וועט אַליין גיין און אַריינבּרענגען עפּעס צו טרינקען.

ליזע האָט איינגעשטימט און דאַן האָט אַנעט אַרויסגענומען פון איר טאַש דעם שליסל, איז אַרויספון צימער און נאָך אַ קורצער צייט איז זי צוריקגעקומען מיט אַ פלאַש קאָניאַק און אַ בלאַש שאַמפּאַניע. די צוויי פרויען האָבן אָנגעהויבן צו טרינקען — דאָס הייסט געטרונקען האָט נאָר אַנעט און ליזע האָט נאָר געמאַכט דעם אָנשטעל. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די אַלטע איז געווען טויט שיכור. ליזע האָט שוין אַרויסגענבעט דעם שליסל פון דער אַלטערס טאַש — ווען פלוצלינג האָט זי דערזען אַז דאָס גרויסע בעט, אויף וועלכע עס איז יעצט געלעגן אַנעט, האָט זיך גערירט פונעם אָרט און אָנגעהויבן פאַרן אין דער הויך. ליזע האָט געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג, ווי דאָס בעט, וועלכעס האָט זיך נישט געענדערט מיט זיין אויסזען פון יעדן אַנדערן, האָט אָנגעהויבן אַרויפצופאָרן צום סופיט. דאָ האָט זיך פלוצלינג באַוויזן אַ עפּענונג און דאָס בעט — צוזאַמען מיט אַנעט — איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

די עפּענונג האָט זיך צוריק פאַרמאַכט און ליזע איז געזעסן אויף איר שטול אָן אָטעם. וואָס פאַר אַ גליק איז געווען, אַז אַ קורצע צייט פריער איז זי אַראָפּ פונעם בעט — ווען נישט וואָלט זי זיך יעצט געפונען אין בוטאָנס אָרעמס, וועלכער האָט אַ דאַנק

דעם געהיימען מעכאַניזם אַרויפגעשלעפּט צו זיך זיינע קרבנות און געטון מיט זיי וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט.

ליזע איז צוגעלאָפן צו דער טיר, אויפגעשלאָסן זי און אַרויס פון פּאַלאַץ. אין אַ פּאָר מינוט האָט זי זיך געפונען אין ריזיקן פּאַרק. אין דער זעלבער צייט האָט זיך בוטאָן געכאַפּט, אַז אויף דעם אָרט פון דער שיינער און יוגנטלעכע ליזע ליגט אין בעט די אַלטע העסלעכע אַנעט.

ער האָט שוין געוואָלט די אַלטע אַרויסוואַרפן פונעם פּאַלאַץ, ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז זי ווייסט צו פיל וועגן דעם, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ. ער האָט זיך אַלזאָ אַ ביסל באַרואיקט, ער האָט אָבער נישט געקאָנט אַרויסצובאַקומען פון דער שכורער אַנעט, וואָס איז געשען.

ער האָט איבערגעלאָזט די שנאָרכנדיקע אַנעט און אַליין איז ער אַרויס אין ליזעס צימער, גלויבנדיק אַז זי געפינט זיך נאָך דאָרט. ליזע האָט זיך שוין אָבער אין דער צייט אַרומגעדרייט אין פּאַרק און געזוכט ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון דאַנען. עס איז נאָך געווען נאַכט — אין דער פינצטערניש איז ליזע אַרומגעגאַנגען און געזוכט אַן אַרויסגאַנג.

פון צייט צו צייט האָבן זיך צו איר געטשעפּעט שכורע מענער, וועלכע האָבן געמיינט, אַז זי איז איינע פון די פרויען, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין מאַסקן־באַל. עס האָט זיך איר אָבער יעדעס מאָל איינגעגעבן צו אַנטלויפן און פאַרשווינדן אין דער פינצטערניש. איינער פון די מענער האָט אָבער נישט געוואָלט אָפּטרעטן. ליזע האָט פּראָבירט אַנטלויפן פון אים און פּלוצלינג האָט זי זיך געפונען פאַר אַ קליין הייזל. זי איז אריין אין דעם הייזל און פאַרקלאַפּט אונטער זיך די טיר.

דער מאַנספּערזאָן האָט זי נאָך אַ ווײַלע אַרומגעזוכט, דאַן איז ער אָבער אַוועק שעלטנדיק. ערשט דאַמאָלס האָט ליזע אָנגעהויבן צו טאַפּן אַרום אין דער פינצטער און האָט זיך איבערצייגט אַז זי געפינט זיך אין אַ שטיבל, אין וועלכן עס זענען געלעגן לאָפּאַטעס און פאַרשידן גאָרטן־געצייג.

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 101

ליזע האָט געקלערט דאָ איבערצונעכטיקן און אין דער פרי אַנטלויפן פון בוטאָנס פּאַלאַץ. זי איז איינגעשלאָפן זיצנדיק און ווען זי האָט זיך אויפגעוועקט איז שוין געווען טאָג. זי איז צו צו דער טיר און געוואָלט זי עפענען — עס איז אָבער נישט געגאַנגען: די טיר איז געווען פאַרמאַכט אויף אַ קלאַפּ־שלאָס און האָט זיך נישט אונטערגעגעבן ליזעס רייסן. דאָס איינציקע קליינע פענצטערל איז געווען פאַרקראַטעוועט.

זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען. עס איז געווען קאַלט, זי איז געווען הונגעריק — זי האָט אָבער אויף דעם אַלעם נישט געהאַט קיין עצה. זי האָט געמוזט זיצן רואיק און וואַרטן וואָס די צוקונפט וועט ברענגען. ערשט אין אַ פּאָר שעה אַרום האָבן זיך געלאָזט הערן שריט, עמיצער איז צוגעקומען צום הייזל און געעפנט די טיר. עס איז געווען אַ יונגער גערטנער.

ליזע האָט אים דערציילט אין וואָס פאַר אַ אומשטענדן זי איז דאָ אַריין און געבעטן אים, אַז ער זאָל זי אַרויספירן און ווייזן דעם וועג זי זאָל קענען פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ. דער גערטנער האָט זיך אָבער צעלאַכט —עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי בוטאָנען קענען אַלע זיינע אָנגעשטעלטע געווען ברודיקע חיות.

דער גערטנער האָט אַלזאָ פּאָרגעלייגט ליזען, אַז ער וועט זי אַרויספירן פון דאַנען, אָבער נאָר פאַר איין פּרייז — זי מוז זיך אים איבערגעבן... ער האָט געמיינט, אַזוי ווי אַלע מענער ביז יעצט, אַז ליזע איז איינע פון די פריילעכע מיידלעך — איז פאַרוואָס זאָל ער אויך נישט געניסן?

— איך האָב געמיינט, אַז כאָטש איר זענט דאָ דער איינציקער מענטש — האָט געזאָגט ליזע. — דערווייל זענט איר נישט בעסער פון אייער הער.

— אַזוי? איצט פאַרשטיי איך שוין ווער איר זענט, פריילין.

— האָט זיך אָנגערופן דער גערטנער — לויט אייערע רייד זע איך,

אַז איר זענט די פרוי, וועלכע איז נעכטן אַנטלאָפן פון הער בור־טאַנס בודואַר. מיין שעף וועט זיך זייער פרייען ווען איך וועל אים אייך איבערגעבן — ער וועט מיר אויך צוגעבן אַ גאַנץ שיינע מתנה.

ער איז אַרויס פון הייזל און פאַרהאַקט די טיר. ליזע האָט ווידער אָנגעהויבן צו וויינען. יעצט איז זי געווען פאַרלוירן. אין אַ פאָר מינוט האָט זי טאַקע דערהערט אַז עס דערנענטערט זיך צום הייזל אַ גרופע מענטשן. די טיר האָט זיך געעפנט און אין מיטן פון באַנדע לאַקאַיען איז געשטאַנען בוטאָן.

— דאָ ביזט דו גאָר, פייגעלע מיינס? — האָט ער געפרעגט מיט אַ ציניש געלעכטער. — דאָ איז דיר געווען אָנגענעמער צו שלאָפן ווי מיט מיר? איך מיין, אַז נאָך אַזאַ נאַכט וועסט דו זיין אַ ביסל קלוגער — יעצט וועסט דו גיין מיט מיר, נישט אמת?

— אַ לעבעדיקע וועט איר מיך נישט נעמען — האָט געענט־פערט ליזע.

— וועל איך דיך נעמען מיט כוח. יינגלעך! נעמט זי אויף די הענט און טראָגט אַרויף אין מיין שלאָף־צימער.

עס האָט נישט געהאָלפן ליזעס געוויין — די לאַקייען האָבן זי אַרויפגעטראָגן אין בוטאָנס שלאָף־צימער און אויף אַ ווינק פון זייער הער האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס צימער.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך בוטאָן צעלאַכט — אויף דיין אָרט האָסטו מיר אַרויפגעשיקט די אַלטע אַנעט? האָסט געוואָלט מאַכן פון מיר אַ געלעכטער? דו גלויבסט, אַז איך וועל דיר דאָס מוחל זיין? איצט וועט דיר גאָרנישט העלפן — מיט גוטן, צי מיט שלעכ־טן — מוזטו זיין מיינע.

— איך וועל אייך איבערגעבן אין די הענט פונעם פראָ־קוראָר!

— דו ביסט נישט די ערשטע, וועלכע דראָט מיר דערמיט. ווער וועט דיר דען גלויבן, אַז דו ביסט אַריין אין מיין פּאַלאַץ געגן דיין ווילן, ווען אַזוי פיל פרויען קומען דאָ אַהער מיט דער גרעסטער פרייד. אויב מען וועט באַדאַרפן, וועל איך שוין געפינען עדות, וועלכע וועלן באַשטעטיקן, אַז דו ביסט אַ פרוי פון מיט לייכטער אויפפירונג...

— צי שעמט איר אייך נישט מיט אייער נידערטרעכטיקייט?

— שעמען זיך? איך וואָלט זיך געשעמט צו זיין אַן אַנשטענ־דיקער אידיאָט. אויב עס געפעלט מיר נאָר אַ פרוי — בין איך גרייט צו באַגיין אַ פאַרברעכן, כדי זי צו האָבן פאַר זיך...

— בינט מיר כאָטש אויף די שנורן, מיט וועלכע אייערע משרתים האָבן מיך געבונדן — עס טוט מיך וויי.

— ביטע זייער, דאָס וועל איך טאָן, כדי דו זאָלסט קענען צו־דריקן מיך מיט דיינע הענט צו דיין האַרץ.

דאָס זאָגנדיק האָט בוטאָן אַראָפּגענומען פון דער וואַנט אַ זיל־בערנעם שטילעט און איבערגעשניטן מיט אים די שנורן. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט ליזע אַרויסגעריסן דעם שטילעט פון זיין האַנט און אויפגעהויבן אים דער הויך.

— אויב איר וועט זיך דערלויבן צורירן צו מיר א האַנט, וועל איך באַגיין זעבסטמאָרד!

נישט קוקנדיק אויף ליזעס דראָונג האָט זיך בוטאָן געוואָרפן אויף איר. זעענדיק, אַז דער שטאַרקערער בוטאָן קען איר אַרויס־רייסן דעם שטילעט פון דער האַנט — איז ליזע אין איין אויגנ־בליק אַרויפגעשפרינגען אויף דעם פענצטער און געזאָגט אויפ־גערעגט:

— איצט באַהערש איך די לאַגע. אויב איר וועט מיך אָנ־רירן — שפרינג איך אַראָפּ פון פענצטער און די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר מיין טויט וועט פאַלן אויף אייך!

בוטאָן האָט זיך אויף אַן אמת דערשראָקן. נאָך דאָס האָט אים נאָך געפעלט, אַז די צייטונגען זאָלן אַרויס מיט אַ סענסאַציע, אַז אַ פרוי איז אין זיין פּאַלאַץ באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. ער האָט אַלזאָ אָנגעהויבן בעטן ליזען, אַז זי זאָל אַראָפּגיין פון פענצטער און צוגעזאָגט איר, אַז ער וועט זיך אויפפירן אָנשטענדיק.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט ליזע דערהערט עפּעס אַ גע־רויש אונטן, אין פּאַרק, און זי האָט אויף אַ ווײַלע אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פון בוטאָנען. ער אָבער האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט: ער האָט אַראָפּגעשלעפּט ליזען פון פענצטער, אַרויפגעוואָרפן זי אויפן בעט און אָנגעהויבן אַראָפּרייסן פון איר די קליידער.

האַלב נאַקעטע האָט ליזע געקעמפּט מיט דעם אָנפאַלער. די כוחות האָבן זי פאַרלאָזט און נאָך איין מינוט וואָלט זי געפאַלן אַ קורבן פון בוטאָנס תאווה.

פלוצלונג אָבער האָט עמיצער האַסטיק אויפגעפּראַלט די טיר. עס האָבן זיך געלאָזט הערן הילכיקע געשרייען און אין צימער האָט זיך באַוויזן אַ מענער־געשטאַלט...

## דער אומדערוואַרטעטער עדות

נאָך דעם באַקומען פון מיגדאַלן אַ גרעסערן סכום געלט, האָט יעקב מיכלסאָן נאָך אַלץ נישט געקענט אונטערנעמען די רייזע קיין איראָפּע ווייל, ער האָט נישט געהאַט קיין פּערזענלעכע דאָקו־מענטן. ער האָט זיך אַלזאָ באַגעבן אין פּוילישן קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק, כדי צו זוכן דאָ הילף.

עס האָט אים ערוואַרט נישט קיין לייכטע אויפגאַבע: ער האָט דאָך נישט געהאַט קיין שום באַווייזן, אַז טאַקע ער איז יעקב מיכלסאָן. די צייכענישן פון שפּיטאָל און פון אַנשטאַלט זענען ווייט נישט געווען גענוגנד. יעקב האָט אַפילו מורא געהאַט, אַז זיי קאָ־נען אים ברענגען שאָדן — אַ צייכעניש פון אַ הייל־אַנשטאַלט ?...

ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין עצה און מיט האַרצקלאַפּן איז ער אַריין אין ביוראָ פון פּוילישן קאָנסול.

— עדוואַרד, דאָס ביסטו ? — האָט ער אָבער אויסגערופן, אָנ־קוקנדיק דעם קאָנסול.

— צי זע איך טאַקע פאַר מיינע אויגן מיין פריינט יעקב מי־כלסאָן ? — האָט געפרעגט דער קאָנסול.

דער קאָנסול, עדוואַרד דאָבזשאַנסקי, איז געווען יעקבס שול־און אוניווערסיטעטס־חבר. זייערע עלטערן האָבן געהאַט שכנות־דיקע גוטער און די צוויי יונגעלייט האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען כמ־עט אַלע פעריען.

מיט פאַרוווּנדערונג האָט עדוואַרד אויסגעהערט די אומגלויב־לעכע דערציילונג פון יעקבס איבערלעבונגען. עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז דאָס אַלעס איז נישט אויסגעטראַכט, נאָר איז טאַקע פאָרגעקומען אין דערווירקלעכקייט.

— איך בין געקומען אין קאָנסולאַט מיט צוויי בקשות — האָט פאַרענדיקט יעקב זיין דערציילונג.

— איך וועל פּרוּוון טרעפן וועגן וואָס עס גייט דיר — האָט געזאָגט עדוואַרד. — דו ביסט געבליבן אָן געלט און אָן דאָקו־מענטן — איז דאָך לייכט צו טרעפן, וואָס דיר איז נויטיק. איך וועל פאַר דיר טאָן אַלץ וואָס ווועט נאָר זיין מעגלעך.

— דו האָסט געטראָפן נאָר טיילווייז. געלט האָב איך גענוג — מען האָט מיר געשיקט פון מיינע הכנסות פון מיין אייגנטום אין ארץ־ישראל.

— אויב עס גייט אַלזאָ אין אַ פּוילישן פּאַס, וועסטו אים באַלד באַקומען — האָט געזאָגט עדוואַרד און אַרויסגעגעבן זיין סעקרע־טאַר די נויטיקע אָנווייזונגען. — וואָס איז אַלזאָ די צווייטע ביטע?

— זי איז אַ העכסט פּריוואַטע, אָבער נאָר דו — אַ דאַנק דיין אָפיציעלע שטעלונג — קענסטו מיר בייהילפיק זיין. דו גע־דענקסט ווער דאָס איז אַננאַ נאַוורעצקאַ?

— אַוודאי געדענק איך. דאָס איז דאָך די שיינע אַננאַ, מיט וועלכער מיר האָבן צוזאַמען שטודירט. דו ביסט דאָך געווען פאַר־ליבט אין איר ביז איבער די אויערן.

— יאָ, עס איז טאַקע די זעלבע. אויך זי האָט מיך שטאַרק געליבט, איר פאָטער האָט אָבער נישט דערלאָזט, אַז מיר זאָלן זיך אַפילו טרעפן פון צייט צו צייט. איך האָב דאָס נישט געקענט פאַרטראָגן און איך האָב פאַרלאָזט מיין היים און פון דעמאָלט אָן פאָר איך אַרום איבער דער וועלט.

— דו קאָרעספּאָנדירסט אַוודאי די גאַנצע צייט מיט אַנאַן?

— דאָס איז טאַקע די גאַנצע זאַך, אַז איך האָב פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט איר. איך ווייס גאָרנישט וועגן איר. איך ווייס נישט ווי זי האָט פאַרטראָגן מיין פאַרשווונדן — צי האָט עס איר אָנגעטון שמערצן, צי האָט זי עס גאָר גענומען לייכט און אפשר התונה געהאַט מיט אַן אַנדערן.

— מיין שטאַרקער ווילן, איצט נאָך מיין צוריקקערן צום גע־זונט — איז צוריקפאָרן קיין פוילן און אַפילו קעגן דעם ווילן פון אַלטן נאַוורעצקי, חתונה האָבן מיט אַננאַן — האָט ער צוגעגעבן.

— פאַרוואָס טוסטו נישט אַזוי?

— ווייל איך בין נישט זיכער צי אַננאַ איז נאָך פריי. איך וואָלט גערן אָנגעקניפּט מיט איר אַ קאָנטאַקט.

— איצט פאַרשטיי איך שוין — האָט געזאָגט עדוואַרד. — דו ווילסט, אַז איך זאָל דיר העלפן באַקומען עפּעס אַ ידיעה פון איר?

— דאָס איז טאַקע מיין ביטע. דיין דיפּלאָמאַטישע שטעלונג און דיינע מעגלעכקייטן קענען מיר זיין זייער בייהילפיק.

— איך וועל עס טאָן מיט דער גרעסטער פרייד. איך בין זיכער, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך דיר קענען אַלעס גרינטלעך איבערגעבן.

אין צימער איז איצט אַריין דער סעקרעטאַר און האָט איבערגעגעבן יעקבן דעם נייעם פּאַס. יעקב האָט זיך הערצלעך געזעגנט מיט זיין קאָלעגע און אַלס זיין ערשטע אויפגאַבע האָט ער געהאַלטן אַריבערפאָרן אין דעם דערפל, ווו מען האָט אים געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

ער איז טאַקע צוזאָמענגעס דאָרט אַהינגעפאָרן און מיט אַ ברייטער האַנט צעטיילט געלט צווישן אַלע, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דער רעטונגס־עקספּעדיציע. דעם פאָטער פונעם יונגן פּאַסטוכל האָט ער געשאָנקען אַ באַזונדער גרויסע סומע געלט, אַ דאַנק וועלכער דאָס יינגל האָט שוין מער נישט געמוזט פּאַשען קיין ציגן, נאָר געקענט לערנען זיך אין אַ שולע און ווערן אַ ווערטפולער מענטש.

צופרידן איז יעקב צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אַ נאַכריכט וועגן אַננאַ. עדוואַרד האָט געהאַלטן וואָרט און דורך דער דיפּלאָמאַטישער פּאָסט האָט ער זיך געוואָנדן אין וואַרשעווער מיניסטעריום, פאָדערנדיק צענויפזאַמלען גענויע אינפאָרמאַציעס וועגן אַננאַ נאַוורעצקאַ.

דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען בערך אין דער זעלבער צייט ווען אַננאַ מיט איר טאַנטע האָבן געררייזט איבער אייראָפּע. די גאַנצע צייט זענען זיי געווען אין אַ שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט דעם פאַרוואַלטער פון זייערע גיטער און אַזוי אַרום האָט ער געוווסט יעדעס מאָל ווי די צוויי פרויען געפינען זיך — ער האָט דאָך זיי פון צייט צו צייט איבערגעוויזן געלט־סומעס.

ווען עס האָט זיך אַלזאָ אין איין העלן טאָג צום פּאַרוואַלטער
געמאָלדן דער אָרטלעכער פּאָליציי־קאָמיסאַר, וועלכער האָט פונעם
אויסערן־מיניסטעריום באַקומען דעם אויפטראָג אויפצונעמען אינ־
פאָרמאַציעס וועגן אַננאַ נאַוורעצקאַ, האָט ער זיך דערוווּסט אַלעס
נויטיקע. צומאָרגנס איז שוין קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען אַ דעפּעשע:
„דער אַלטער נאַוורעצקי געשטאָרבן; אַננאַ אומפּאַרהייראַט;
רייזט איבער אייראָפּע; זוכט יעקב מיכלסאָן; געפינט זיך איצט
אין סאַן־רעמאָ”.

עדוואַרד האָט די נאַכריכט דעם זעלבן טאָג איבערגעגעבן
יעקבן, וועלכער האָט זי אויסגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.
ער האָט קוים באַהערשט זיין פרייד, הערנדיק, אַז אַננאַ האָט אים
נישט פאַרגעסן און זוכט אים איבער דערוועלט. ער האָט מיט
איינמאָל מורא געקריגן, אַז גראָד איצט וועט זי אויפהערן צו
זוכן אים — ער איז אַלזאָ אָפּגעפאָרן מיט דעם ערשטן דאַמפּפער
קיין איטאַליע און אין אַ טאָג אַרום איז ער אָנגעקומען קיין סאַן־
רעמאָ.

אין אַנדרעס־ביוראָ האָט מען אים געגעבן די אַדרעס פון אַננאַ
און אין אַ פערטל שעה האָט ער מיט ציטערנדיקע הענט געקלינגען
ביי דער טיר פון דער וווינונג, וועלכע אַננאַ האָט פאַרנומען. ווי
גרויס איז אָבער געווען זיין עגמת־נפש ווען די אייגנטימערין פונעם
פּענסיאָנאַט האָט אים געזאָגט, אַז פריילין נאַוורעצקאַ מיט איר
טאַנטע זענען נישטאָ אין דער היים און פאַרלאָזן מאָרגן סאַן־רעמאָ.

די פרוי האָט דערקענט אין יעקבס אויסזען ווי די נאַכריכט
האָט אים געטראָפן, זי האָט זיך אַלזאָ אָנגערופן:

— אויב איר ווילט זייער טרעפן זיך ווי אַמשנעלסטן מיט דער
פריילין נאַוורעצקאַ קען איך אייך אין דעם בייהילפיק זיין. זיי זענען
ביידע געגאַנגען צו דער פאָליציי, און אַזוי ווי איך זע, אַז איר
זענט ערשט אַהערגעקומען און קענט נישט די שטאָט, וועט מיין
טעכטערל אייך דאָרט אַהינפירן.

אַ דערפרייטער איז יעקב געגאַנגען נעבן דעם יונגן מיידעלע
דורך די גאַסן פונעם שטעטל, אָבער נאָך גרעסער איז געווען די
פרייד, ווען דאָס מיידעלע האָט אים געזאָגט אַז זי קען אים, ווייל
זיין בילד געפינט זיך אויף דעם טישל פון דער פריילין אַננאַ.

און צוריקגעגאַנגען. יעקב איז אַרײַן אינעווייניק. ער האָט אַרומ־
געזוכט אין קאָרידאָר ווי אַרײַנצוגיין. פּלוצלינג האָט ער דורך
אַ האַלב־אָפענער טיר דערהערט עטלעכע שטימען און ער האָט
דערקענט אויך אַננאַס שטימע. ער האָט זיך דערנענטערט צו דער
טיר, דאָס איז געווען גראָד אין דעם מאָמענט, ווען דער קאָמיסאַר
האָט פאָרגעלייגט אַננאַן, אַז זי זאָל צושטעלן דאָקומענטן אָדער עדות,
אַז אירע באַשולדיקונגען קעגן מישאַ געלמאַן זענען אמת.

ווען דער קאָמיסאַר האָט מיט שפּאָט געפרעגט: — אפשר האָט
איר עדות — ביטע ברענגט זיי אַהער — האָט זיך פון דער טיר
דערהערט יעקבס שטימע: — ביטע זייער, אָט איז דאָ אַן עדות!

ער האָט זיך גוט אײַנגעקוקט אין דעם מאַנספּערזאָן וועלכער
איז געזעסן אין צימער און מאָמענטאַל דערקענט זײַן משרת. אין
דער זעלבער רגע איז צוגעלאָפן צו אים אַננאַ און געפאַלן אים
אויפן האַלדז, ווייִנענדיק פון גליק.

— יעקב, יעקב מײַנער!

— מײַן טײַערסטע אַננאַ!

זיי האָבן זיך אַרומגענומען און געקוקט זיך בײדע אין די
אויגן מיט טיפער פרייד.

— גאָט האָט אײך אַהערגעבראַכט! — האָט זיך אָנגערופן
וואַרוועלסקאַ. איך האָב באַלד געזאָגט, אַז די גערעכטיקייט מוז זיגן.

מישאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זײַן אָרט און געקוקט מיט
ברייט צעעפנטע אויגן אויף זײַן הער, וועלכן ער האָט דאָך
אַליין אַראָפּגעשליידערט אין אַ אָפּגרונד... ער האָט נישט געגלויבט
זײַנע אייגענע אויגן. ער האָט אָבער באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז
נישט קיין תחית־המתים — נאָר פּשוט, יעקב איז אָפּגעראַטעוועט
געוואָרן.

ווען יעקב האָט זיך א ביסל באַרואיקט און געפרעגט דעם
קאָמיסאַר, וואָס אײגנטלעך טוט דאָ זײַן משרת, מישאַ געלמאַן —
איז מישאַ געפאַלן צוריק אויף זײַן שטול. יעצט איז שוין לײכט
געווען דעם קאָמיסאַר צו טרעפן ווער פון די צוויי מענער איז דער
אמתער יעקב מיכלסאָן.

ער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט באַלד אונטערגעבן אין

געהייסן יעקבן ער זאָל אים ווייזן זיינע דאָקומענטן. ער האָט זיי אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג — ווי אַזוי האָט אַלזאָ מישאַ געקאָנט אויך האָבן דאָקומענטן אויף דעם זעלבן נאָמען?

יעקב האָט ערשט יעצט אויפגעדעקט דעם גאַנצן אמת און דערציילט וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען. אַננאַ האָט אויסגעהערט זיין דערציילונג מיט טרערן אין די אויגן.

— איך באַשולדיק דעם אַבוועזנדן דאָ מישאַ געלמאַן אין אונ־טערנעמען אַ פּרוּוו מיך צו דערמאָרדן, ווי אויך צוגנבענען מיר מיינע דאָקומענטן און מיין גאַנץ באַרעס געלט אין צורויבן מיינע באַנק־דעפּאָזיטן.

אין דעם זעלבן מאָמענט איז פאָרגעקומען עפּעס אונערוואַר־טעטעס. זעענדיק, אַז די סיטואַציע ווערט וואָס אַמאָל געפערלעכער — האָט זיך מישאַ פלוצלונג אַ וואָרף געטון אין דער ריכטונג פון דער טיר און אַנטלאָפן פונעם צימער.

עס וואָלט אים אפשר געלונגען צו אַנטלויפן ווען נישט איין זאַך, וועלכע ער האָט נישט גענומען אין אַכט: עס איז געווען נעמ־לעך די נייגעריקייט פון די פּאַליציאַנטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער געביידע.

אַזוי ווי זיי האָט אינטריגירט דאָס געשפּרעך, וועלכעס איז פאָרגעקומען אין צימער פונעם קאָמיסאַר, זענען זיי אַלע געראָד געשטאַנען אונטער דער טיר און אויסגעהערט אַלץ. אַזוי ווי זיי האָבן דערזען דעם אַנטלויפנדן מישאַ, האָבן זיי אָנגעהויבן אים נאָך צו יאָגן און אין אַ קורצער צייט איז מישאַ געוואָרן צוריקגעבראַכט צום קאָמיסאַר, געשלאָסן אין קייטן.

וואַוועלסקאַ האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן איר פרייד פון דעם, אַז מען האָט מישאַן געכאַפּט און אַז ער ווערט אַרעסטירט. עס איז איר אָבער געווען ווייניק.

— הער קאָמיסאַר — האָט זי זיך אָנגערופן — אויף דער פריי געפינט זיך נאָך די שותּפטע פון דעם באַנדיט — מען מוז זי אַרעסט־טירן.

דער קאָמיסאַר האָט זיך פאַרהאַלטן, אַזוי ווי וואַוועלסקאַ וואָלט געוועזן זיין באַפעל־געבער. ער האָט טאַקע געשיקט צוויי פּאָלי־ציאַנטן אין דעם האָטעל מיט אַ באַפעל צו אַרעסטירן רעגינען.

# דער לעצטער טאַנץ

מאַרילע מאָרגענטאַל איז פּאַמעלעך צוריק צום לעבן. דאָס אַלעס, וואָס זי האָט נישט לאַנג איבערגעלעבט, האָט אין איר אויסגעלאָשן דעם ווילן צום לעבן. אָבער אין דער רואיקער אַטמאָספערע פון אַדאָלפס הויז — האָט זי זיך שנעל באַרואיקט.

אַדאָלף האָט מיט זיין פרוי גאָרנישט געהאַט קיין געמיינזאַמס. זיי האָבן נישט געלעבט ווי מאַן און פרוי. מאַרילען האָט עס זייער געשמערצט. זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אירע געוועזענע ליבהאָבער: לעאָן קייזערשטיין, הערמאַן גרינפעלד — יעצט האָט זי נאָר געוואָלט צוריק געווינען פאַר זיך אַדאָלפן.

זי האָט אין דער לעצטער צייט פיל אַריינגעקלערט אין דעם, ווי אַזוי צוציען זיין אויפמערקזאַמקייט. זי האָט אָבער נישט געפונען קיין אויסוועג. איין מאָל, גאַנץ צופעליק, שטייענדיק פאַר דעם שפּיגל, האָט זי אָנגעהויבן צו באַוועגן די פיס אין אַ טאַנץ־טעמפּאָ — און זי האָט דערפילט, אַז עס וועקט זיך אין איר צוריק די טאַנץ־פעאיקייט.

עס האָט זי אַרומגענומען אַ פרייד. אפשר וועט דאָס זיין דער וועג צוריק צו געווינען אַדאָלפן? ער האָט זיך דאָך אַ מאָל פאַרליבט אין איר און אין איר פראַכטפולן טאַנץ...

זי איז אַרויס פון שטוב, אַריין אין אַ טאַקסי און אָפּגעפאָרן אין דער געביידע פון דער אָפּערע. אַ מאָל איז זי דאָך געווען אַ טענצערין אין אָפּערן־באַלעט. ווען זי איז אַריין הינטער די קוליסן, איז גראָד פאָרגעקומען אַ באַלעט־פּראָבע. זי האָט זיך אַרויסגערוקט אַ ביסל פאָרויס און פלוצלינג האָט זי באַמערקט דער באַלעט־מייסטער.

— מאַרילאַ! מאַרילאַ איז דאָ! — האָט זיך געהערט פון אַלע זייטן. אַלע טענצערינס האָבן זיך געוואָרפן אין איר ריכטונג און

הערצלעך באַגריסט. מיט טרערן אין די אויגן האָט מאַרילע זיך געקושט מיט אירע פריינדינס פון אַ מאָל.

— שטיל, קינדער — האָט זיך ענדלעך אָנגערופן דער באַלעט־מייסטער. — מאַרילע, דו קערסט זיך אום צום טאַנץ?

— איך האָב גרויס חשק, איך ווייס אָבער נישט צי איך וועל עס קענען באַווייזן.

— איך בין גאַנץ זיכער, אַז אין אַ גאַנץ קורצער צייט וועסט דו ווידער טאַנצן ווי אַ מאָל. שנעל, צו דער אַרבעט.

מאַרילע האָט נאָך דעם זעלבן טאָג אָנגעהויבן די פּראָבעס און אין אַ קורצער צייט איז געקומען אַ מעגלעכקייט פון אַ עפנטלעכן אויפטריט — אויף אַ פילאַנטראָפּישן־באַל. מען האָט זי פאַרבעטן זי זאָל אויפטרעטן און מאַרילע האָט אָנגענומען די איינלאַדונג, נישט זאָגנדיק וועגן דעם אַדאָלפן קיין וואָרט.

מאַרילע איז געווען פּראַכטפול אָנגעטון אויף דעם באַל, אין אַ קלייד פון זעלבערנער לאַמע מיט אַ בריליאַנטענעם דיאַדעם אויפן קאָפּ. דער גאַנצער זאַל האָט זי אָנגעקוקט מיט ענטציקונג. זי האָט אויך זייער געפעלן אַדאָלפן — ער האָט אָבער נישט געקענט אויס־דריקן איר דאָס אין אַ וואַרעמער פאָרם — זיין ליבע צו מאַרילע איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

אַ וואַרעמען געפיל האָט נאָר דערוועקט אין אים דאָס אָנדענקען וועגן ליזען. אַפילו יעצט אויפן באַל האָט ער נעבן דער קעניגלעכער געשטאַלט פון מאַרילע געזען די באַשיידענע ליזע, פול מיט חן.

אַדאָלף האָט לעצטנס אַ סך געדאַנקען און צייט געשאַנקען ליזען. ערשט היינט איז ער געווען ביי דער פרוי שוואַרץ, גענומען פון איר דעם אַדרעס פון דעם הער רעדאָ אין מאַרסעל. ער האָט באַ־שלאָסן, אַז ער מוז צוריקברענגען ליזען קיין פּוילן און פאַרגיטיקן איר די עוולה.

היינט האָט ער טאַקע אָוועקגעשיקט צו ליזען אַ בריוו און אויף דעם באַל איז ער נאָך אַלץ געווען אונטער דעם איינדרוק פון די ווערטער, וועלכע ער האָט געשריבן צו ליזען. מאַרילע האָט דערפילט מיט איר פרויען־אינסטינקט, אַז אַדאָלף איז נישט אין גאַנצן פאַר־אינטערעסירט אין איר פּערזאָן. דער לעצטער פרווו האָט נאָך

געזאָלט זיין דער טאַנץ — אויב אויך דאָס וועט איר נישט העלפן צוריק צו געווונען אַדאָלפּס האַרץ — איז זי פאַרלוירן.

מיט פאַרוווּנדערונג האָט אַדאָלף דערהערט פון דער סצענע, אַז דער נעכסטער נאָמען פון פּראָגראַם איז דער טאַנץ־אויפטריט פון מאַרילע מאָרגענטאַל. איידער ער האָט געהאַט צייט צו פאַרשטיין, אַז דאָס רעדט מען טאַקע וועגן זיין מאַרילע, האָט זי זיך שוין באַוויזן אויף דער בינע און אָנגעהויבן צו טאַנצן אַ מזרח־טאַנץ.

עס איז געווען די העכסטע גראַד פון קונסט — און האָט טאַקע אַרויסגערופן אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטן. די פאַרזאַמלטע האָבן נישט געהאַט גענוג ווערטער איבערצוגעבן זייער התפעלות. אַדאָלף איז אויך געווען באַגייסטערט פונעם טאַנץ — ער האָט זיך אָבער געקלערט, אַז עס איז שוין אַלעס צו שפּעט. די ווונד — וועלכע זי האָט אין זיין האַרץ אַריינגעבראַכט — איז שוין נישט געווען צום אויסהיילן.

אַראָפּקומענדיק צוריק אין זאַל האָט מאַרילע באַלד דערזען, אַז זי האָט אין אַדאָלפן נישט דערוועקט מער ווי באַוווּנדערונג. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע האָפענונג האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר נישט. זי האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז דער טאַנץ־אויפטריט וועט איר ברענגען אַ פיל שרעקלעכן אויסגאַנג.

וועגן דעם טאַנץ־אויפטריט האָט זיך טאַקע הערמאַן דערוווּסט פון אַ פראַנצויזישער צייטונג. ער האָט פאַרריבן די הענט מיט צופרידנהייט: עס איז דאָ פון וועמען אַרויסצופרעסן געלט. עס וועט גענוג זיין, אַז ער זאָל דראָען מאַרילען מיט איבערגעבן דער פרעסע, אַז די פרוי פון באַנקיר מאָרגענטאַל, די באַרימטע טענצערין, איז זיינער צייט אַנטלאָפן פון איר מאַן קיין אַמעריקע מיט אַ געליבטן.

„מען וועט מיך באַשיטן מיט גאָלד — האָט זיך הערמאַן פאַר־געשטעלט — און מיט דעם באַשלוס האָט ער פאַרלאָזט פראַנקרייך און אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע.

אין דער צווישנצייט איז מאַרילע געקומען צום באַשלוס, אַז עס איז אַן אומזין בלייבן ווייטער ביים טאַנצן, אויב דאָס האָט איר נישט צוריקגעגעבן די ליבע פון איר מאַן. זי האָט געפילט אַז די סיבה דערפון קען נישט זיין בלויז די שנאה צו איר —אַדאָלף האָט נישט געקענט לאַנג געדענקען אַן עוולה. דאָ האָט געמוזט זיין עפּעס

טיפערס — אפשר פאַראינטערעסירונג פאַר אַן אַנדערע פרוי?

איינמאָל, ווען זיי זענען ביידע געזעסן אין פאָטעלן, נאָך אָזונט־עסן, האָט אים מאַרילע גאַנץ אָפּט געפרעגט וואָס איז די סיבה פון זיין באַנעמען זיך צו איר.

— איז עס דען אַ ווונדער? — האָט געפרעגט אַדאָלף. — אָט, קוק אָן די שיינע וואַזע אויפן קרעדענס: זי זעט אויס ווי ניי און אומבאַרירט, דו געדענקסט אָבער אוודאי, אַז זי איז געפּלאַנצט און אויפסניי צוזאַמענגעקלעפּט. אַזוי איז אויך אונדזער צוזאַמענלעבן. עס האַלט זיך ווי צוזאַמענגעקלעפּט — דאַכט זיך, אַז דו קענסט מיר נישט פאַרוואַרפן, אַז איך בין נישט פאַר דיר דזשענטעלמעניש.

— דאָס איז טאַקע די צרה. אין דעם הינזיכט קען איך דיר גאָר נישט פאַרוואַרפן, אָבער דאָס גענוגט מיר נישט אַלס דיין פרוי. איך בין נאָך גענוג יונג און מיין יונגער קערפּער האָט זיינע רעכט, אָבער אויך דאָס איז נישט אַלעס. איך פיל פּשוט, אַז דו ביזט מיר פרעמד, אַז דו געהערסט נישט מיר. איך האָב מורא, אַז דו געהערסט אפשר צו עמעצן אַנדערש.

איך וועל זיין מיט דיר גאַנץ אויפריכטיק — האָט זיך אָנגערופן אַדאָלף. — דו ביזט זיך נישט טועה — איך געהער נישט צו דיר. איך ווייס אָבער נישט צו איך געהער צו עמעצן אַנדערש...

אַדאָלף האָט איצט מאַרילען דערציילט אַלעס וועגן זיינע איבער־לעבונגען מיט ליזען. צום סוף האָט ער איר אויך געזאָגט דעם אמת, אַז ער האָט געשריבן צו ליזען — ווייל ער האָט נישט קיין מינוט רו: ער איז נישט זיכער צי ליזע וועט אים מוחל זיין די גרויסע עוולה, וועלכע ער האָט איר אָנגעטאָן.

מאַרילע האָט איצט פאַרשטאַנען, אַז די ווירקלעכקייט איז נאָך ערגער ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. אין דעם צושטאַנד וועט זי שוין קיין מאָל נישט זיין אַדאָלפס פרוי, זי קען נאָר פירן זיין הויז און נישט מער.

— ליזעס שטילשווייגן לאָזט מיר נישט רוען — האָט געזאָגט אַדאָלף. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין מאַרסעיל, אַליין אויפזוכן ליי־זען און אַריבערברענגען זי אַהער. אויב דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן היינט דערפון רעדן און דו ווייסט שוין אַלעס — וויל איך נישט אָפּלייגן די רייזע. איך פאָר מאָרגן קיין מאַרסעיל.

אַזוי איז עס טאַקע געווען — אַדאָלף איז דעם אַנדערן טאָג אָפּגעפאָרן קיין פראַנקרייך.

אין דער זעלבער צייט איז הערמאַן אָנגעקומען קיין וואַרשע. זיין מאַטעריעלע סיטואַציע איז געווען גאָר נישט קיין פריילעכע, ער האָט זיך אַלזאָ באַלד פּאַראינטערעסירט, וואָס הערט זיך ביי די מאָרגענטאַלס.

מיט פרייד האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אַדאָלף איז אַוועקגעפאָרן — ס'האָט גראָד אַנטשפּרעכט הערמאַנס פּלענער. ר'האָט באַשלאָסן צו רעדן מיט מאַרילען אין פיר אויגן. גוט אָנשרעקן זי און דאַן ערשט אַרויס מיט זיין געלט־פאָדערונג.

— דער הער איז נישט דאָ אין וואַרשע האָט אים געזאָגט דאָס דינסטמיידל, ווען ער האָט אָנגעקלונגען צו מאָרגענטאַלס דירה.

— איך ווייס דערפון, איך וויל רעדן מיט דער מאַדאַם — האָט ער געזאָגט און איבערגעגעבן דעם מיידל זיין וויזיט־קאַרטע.

מאַרילעס פנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ טויטלעכער בלאַסקייט, ווען זי האָט דערזען די וויזיט־קאַרטע. זי האָט נאָך אַלזאָ נישט אויס־געטרונקען ביזן סוף דעם בעכער פונעם ביטערן גורל?

זי האָט נישט געוווּסט פון וואַנען הערמאַן נעמט זיך אין וואַרשע און אויך נישט פאַרשטאַנען וואָס קען זיין דער ציל פון זיין וויזיט. זי האָט געקלערט נישט אַריינלאָזן אים אין איר שטוב — זי האָט דערזען פאַר אירע אויגן הערמאַנס בליק פול מיט שנאה אין דעם ניו־יאָרקער טעאַטער.

עס האָט זיך אָבער אין איר דערוועקט איר אַמאָליקע ענערגיע. זי האָט שוין סיי ווי סיי נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן — איר לעבן האָט פאַר איר נישט געהאַט קיין גרויסן ווערט פון דעם טאָג ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אַדאָלף ליבט אַן אַנדערע:

זי האָט געהייסן אַריינפירן הערמאַנען אין איר צימער און אין אַ פּאָר סעקונדן שפּעטער איז הערמאַן געשטאַנען פאַר איר — שוין נישט דער עלעגאַנט פון אַ מאָל.

אין ערשטן מאָמענט האָט ער זיך אַ ביסל פאַרלוירן, באַלד איז ער אָבער געקומען צו זיך און אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך ערשט נעכטן געזעגנט אַלס פריינט — האָט ער זיך אָנגערופן:

— וואָס מאַכסטו דו, ליבע?

— איר האָט אַ שוואַכ זכרון, הער גרינפעלד. מיר זענען דען אַ מאָל געווען אויף „דו"? איך געדענק עס נישט.

הערמאַן האָט זיך אָבער נישט איבערגענומען מיט מאַרילעס טאָן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, פאַרלייגט איין פוס אויפן אַנדערן, פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און געזאָגט:

— זייט מיר מוחל אויב איך האָב זיך טועה געווען! אין דער לעצטער צייט האָב איך געהאַלטן אין מיינע אָרעמס אַזוי פיל פרויען, אַז איך קען פּשוט נישט געדענקען מיט וועלכער פרוי איך בין געווען אויף „דו" און מיט וועלכער נישט...

הערמאַנס ענטפער האָט טיף געטראָפן מאַרילען, זי האָט אָבער נישט געגעבן דאָס צו דערקענען.

— אויב איר האָט אין זיך כאָטש עפּעס פון דעם, וואָס הייסט דזשענטלמען, בעט איך אייך איר זאָלט לאָזן צו רו די פאַרגאַנגענ־הייט, וואָס ברענגט אייך היינט אַהער צו מיר?

— עס ברענגט מיך טאַקע אַהער די פאַרגאַנגענהייט, וועלכע איר וואָלט געוואָלט פאַרגעסן. איך וויל נעמלעך אַרויסברענגען אויף די ליכטיקע שיין אַ פּאָר אָנגענעמע דערינערונגען, דאָס וואָס איר האָט איבערגעלעבט אין מיינע אָרעמס...

— דאָס זענען שוין פאַרגעסענע זאַכן — צו וואָס איז עס אייך נויטיק? איר דאַרפט דאָך פאַרשטיין, אַז צוליב די דערינערונגען טאַקע ווער איך רויט פאַר שאַנדע...

— אויב אַזוי — איז נאָך בעסער!

— ווי אַזוי קען דאָס זיין פאַר אייך אזוי אָנגענעם אויב איך אַליין זאָג אייך, אַז די דערינערונגען פון דעם, וואָס איך האָב מיט אייך איבערגעלעבט, רופן ביי מיר אַרויס עקל.

# סאַבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 102

— איר וועט אַלץ פאַרשטיין אײדער איך וועל פאַרלאָזן אײער הויז — האָט געזאָגט הערמאַן מיט אַן אַנגרײפנדיקן טאָן. — איך האָב די גאַנצע צײט געבענקט נאָך אײך. כ'האָב געחלומט וועגן דעם מאָמענט ווען איך וועל אײך זען, און האָבן ווידער די מעגלעכקייט צודריקן אײך צו מײן האַרץ.

— שווײַגט, נידעריקע בריאה! אויב איר וועט ווײַטער פירן דאָס געשפּרעך אין דעם טאָן, וועל איך אײך אַרויס־וואַרפן פון דאַנען.

— רואיק, זיסינקע מײנע, רואיק. צו ווילסט טאָקע נישט איבער־לעבן נאָך אַמאָל די זיסע נעכט, ווי אַמאָל? נו, אויב דו ווילסט נישט וועל איך דיר נישט נײטן. איך שענק דיר מײן ליבע, אויב דו ווילסט זי נישט אָננעמען — איז פאַרפאַלן. איך וועל לײכט געפינען אַן אַנדערע פרוי.

— איך האָב גאָרנישט דאַקעגן. גײט אַרויס פונדאַנען ווי אַמשנעלסטן. עס איז פּשוט אַ שאָד אײער צײַט — איר קענט די צײט בעסער און אָנגענעמער פאַרווענדן מיט אַן אַנדערע פרוי.

— אָ, נײן! אַזוי שנעל וועט איר מיך נישט פּטור ווערן. ווילט איר מיך נישט ליב האָבן — איז עס אײער זאַך, איך אָבער — פון מײן זײט — וועל זיך אײך אָפּט דערמאָנען. איך וועל פּשוט קומען צו אײך ווי צו אַ געליבטע און איך וועל זיך זײער פרײען אויב איך וועל בײ דער געלעגנהײט צוזאַמענטרעפן זיך מיט אײער געערטן מאַן...

דאָס בלוט איז געקומען מאַרילען אין פּנים אַרײן. איצט ערשט האָט זי פאַרשטאַנען צו וואָס הערמאַן האָט געצילט: ער האָט זי געוואָלט קאָמפּראָמעטירן אין אַדאָלפס אויגן אַלס זײן געליבטע... גראָד איצט — ווען ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק, ווען זי האָט געבעטן אַדאָלפן ער זאָל איר אַרויסווײזן מער האַרץ, ווען דער קאַמף צוריקצוגעווינען אַדאָלפס ליבע קומט נאָך פאָר און איז אפשר נאָך נישט אין גאַנצן פאַרשפּילט — וועט קומען הערמאַן און ווידער אויפלעבן פאַר אַדאָלפן די אָנגעווײטיקטע פּרשה פון איר געמײנעם פאַרראַט?

„אפשר אונטערגעבן זיך הערמאַנס ווילן און צוריק ווערן זיין געליבטע אַבי נאָר אויסמיידן די שאַנדע אין אַדאָלפּס אויגן?"

אין דעם מאָמענט האָט זי אָבער פאַרשטאַנען, אַז הערמאַן איז גאָר נישט אויסן איר ליבע. זיין בענקשאַפט נאָך די רייצן פון איר קערפּער איז נישט מער ווי אַ ליגן — אייגנטלעך איז עס נאָר אַ שאַנטאַזש. ווען זי האָט אים איצט נאָך אַמאָל אָנגעקוקט, האָט זי ערשט דערזען, אַז זיין אָנצוג איז אַן אַלטער, אַן אָפּגעריבענער — עס איז ניטש געווען קיין צווייפל: הערמאַן האָט געדאַרפט געלט און צו דעם צוועק האָט ער זי אויסגעוויילט אַלס קרבן.

הערמאַן האָט געזען, אַז מאַרילע האָט ענדלעך פאַרשטאַנען דעם ציל פון זיין וויזיט און האָט שוין געמאַכט חשבונות וואָס ער וועט מאַכן מיט דעם געלט.

— ניין! — האָט ער אָבער דערהערט מאַרילעס אויסרוף. — איר וועט נישט באַקומען קיין גראָשן. עס וועט אייך נישט געלונגען אייער מנוולדיקער פּלאַן.

מאַרילע האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אויב זי וועט נאָר איין מאָל אַרויסווייזן שרעק און וועט געבן הערמאַנען אפילו די קלענסטע סומע — איז זי אַ פאַרלוירענע. זיין אַפּעטיט וועט וואַקסן, זי וועט נישט בכוח זיין באַצאָלן אים פאַר זיין שווייגן און צום סוף וועט זי שטיין פאַר דער זעלבער ברירה, פאַר וועלכע זי שטייט היינט.

אַ חוץ דעם — האָט דאָך אייגנטלעך אַדאָלף אַלעס געוווּסט — וואָס האָט זי אַלזאָ מורא? זי האָט דאָך אים שוין אַלעס דערציילט, גאָר נישט פאַרבאָרגן פאַר אים — אין אַ פּאָר פּיקאַנטע פּרטים, וועלכע הערמאַן וועט אפשר וועלן אים דערציילן, וועלן אים באַש־טימט נישט אינטערעסירן.

— און איך זאָג אייך, אַז איך וועל יאָ באַקומען — האָט זיך אָנגערופן הערמאַן. — איך האָב פאַר אייער מאַן אַ פּאָר אינטערע־סאַנטע פּרטים, פאַר וועלכע ער וועט מיר שיין באַצאָלן.

— איר זענט זיך טועה, מיין מאַן ווייסט אַלעס. ער האָט מיר אַלץ מוחל געווען.

דאָס האָט זי שוין צוגעגעבן פון זיך, כאָטש עס איז נישט אין גאַנצן געווען אמת. הערמאַן איז אָבער געווען צוגעגרייט צום קאַמף

און האָט געהאַט איין רעזערוו נאָך איין געווער, וועלכעס ער האָט איבערגעלאָזט אויפֿן לעצטן פֿאַל. זעענדיק, אַז די ביז איצטיקע דראַאונגען האָבן נישט פֿיל געהאָלפֿן האָט ער באַשלאָסן צו באַנוצן זיך מיט דעם לעצטן אַרגומענט.

— איר זאָגט, אַז אייער מאַן ווייסט אַלץ — איך האָב אָבער אַ גרויסן ספֿק, צי עס איז אמת. און ווען איך וואָלט אים דערציילט פֿון איין זאַך, וועלכע וואָלט פֿאַראינטערעסירט נישט בלויז אים נאָר אויך די פּאָליציי?

מאַרילע האָט אים אָנגעקוקט מיט פֿאַרווונדערונג. פּאָליציי? וועגן וואָס רעדט דער מענטש? פּלוצלונג... איז איר געוואָרן פֿינצ־טער פֿאַר די אויגן.

„זאָל ער מיינען דאָס? צי איז ער באמת אַזוי נידערטרעכטיק. אַז ער וויל אויסנוצן דאָס, וואָס איך האָב אים דערציילט אין אַ העכסט אינטימען מאָמענט? דאָס וואָס ער האָט זיך צופֿעליק דער־ וווּסט פֿון מיר, ווען מיין קאָפּ איז געלעגן אויף זיין נאַקעטער ברוסט?"

זי האָט אים דערציילט אַ סוד פֿון איר לעבן דעמאָלט, ווען זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז הערמאַן וועט בלייבן נעבן איר דאָס גאַנצע לעבן. צי האָט זי געקאָנט וויסן דעמאָלט, אויף דער שיף קיין אַמעריקע, אַז דעם סוד וועט הערמאַן אַמאָל אויסנוצן קעגן איר?

— אַזוי ווי איך זע ווייסט איר שוין וואָס איך מיין — האָט זיך אָנגערופֿן הערמאַן מיט שפּאָט — עס זאָל אָבער נישט זיין קיין מיספֿאַרשטענדעניש ווען איך עס איבערחזרן: עס גייט וועגן דעם מערדער, וועלכער האָט געשאָסן צו לעאָן קייזערשטיין צוליב איי־ פֿערזוכט...

יאָ, דאָס איז טאַקע געווען דער סוד! לעאָן האָט יענער צייט אַוועקגעוואָרפֿן מאַרילען און זי האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק אַריבערגיין איבער דעם. זי האָט געגלויבט, אַז לעאָן וועט זיך דאָך אומקערן צו איר — אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער גע־ טראָפֿן אויף זיין לעבנסוועג סאַבינען...

מאַרילע האָט באַשלאָסן צו נעמען נקמה און האָט אַ לאַנגע צייט געזוכט עמעצן, וועלכער זאָל זיך נוקם זיין אין איר נאָמען. זי האָט עס זיינער צייט פֿאָרגעלייגט אויך הערמאַנען — זאָגנדיק

אים, אַז זי וויל זיך נוקם זיין אין דעם, וועלכער האָט זי געשענדעט אַלס יונג מיידל...

הערמאַן האָט דעמאָלט אָפּגעזאָגט. ערשט אַ סך שפּעטער, ווען ביידע זענען געפאָרן קיין אַמעריקע, האָט אים מאַרילע, בעת אַ ליבעס־נאַכט אין דער קאַיוטע, דערציילט דעם ווייטערדיקן גאַנג פון די געשעענישן. נישט קענענדיק געפונען אַ נאָענטע פּערזאָן, האָט זי מורא געהאַט צו דינגען אַ מערדער — איז זי דעם טאַט באַגאַנגען אַליין!

זי האָט זיך איבערגעטאָן אַלס מאַנספּערזאָן, צוגעקלעפּט צום פּנים אַ בלאָנד בערדל און נאָכן אונטערהערן צופעליק אַ טעלעפאָן־געשפּרעך פון ווּעלכן זי האָט זיך דערוווּסט, אַז לעאָן פאָרט אַרויס אין וועג מיט זיין אויטאָ, האָט זי אים דערוואַרט אויפן וועג און אויסגעשאָסן אין זיין ברוסט.

דאָס אַלעס האָט איר איצט הערמאַן דערמאָנט און גאַנץ אָפן דערקלערט, אַז ער, אַז ער וויל אויסנוצן דעם פאַל פאַר זיינע צוועקן, כּדי אַרויסצובאַקומען פון מאַרגענטאַלן וואָס מער געלט אַלס פּרייז פאַר זיין שווייגן.

— איך זאָג אייך אָפן: ווען איך באַקומען געלט — ווען איך שווייגן. און אויב נישט — פאַרשטייט איר דאָך, וואָס עס דערוואַרט אייך...

— ווי הויך איז אייער פאָדערונג?

— איך פאָדער, אַז איר זאָלט עפענען אויף מיין נאָמען אַ באַנק־קאָנטע, פון ווּעלכן איך זאָל קענען יעדן חודש אַרויסנעמען 500 זלאָטעס. דאָס דאַרף דויערן אַזוי לאַנג ביז איך וועל אייך זאָגן, אַז עס איז גענוג, אַז איך האָב מיר געפונען אַ בעסערע און אַ שענערע פּרנסה. איך אַליין בין אויך נישט אַנטציקט פון אַזאַ מין פאַרדינסט, אָבער מען מוז דאָך לעבן, נישט אמת?

מאַרילע האָט געמיינט, אַז הערמאַן וועט פאָדערן אַן איינמאָליקע, נישט קיין גרויסע סומע, און צוליב דעם האָט זי אים געפרעגט וויפל ער וויל. זי וואָלט אפשר געמאַכט די אָנשטרענגונגען און געגעבן הערמאַנען דאָס געפאָדערטע געלט, אַבי אַדאָלף זאָל זיך נישט דערוויסן, אַז זי האָט דאָך פאַרבאָרגן פאַר אים עפּעס פון איר פאַרגאַנגענהייט.

„אפשר וועט ליזע, נאָך איר צוריק קומען פון מאַרסעיל, נישט וועלן מוחל זיין אַדאָלפן די עוולה, וועלכע זי האָט באמת נישט פאַרדינט?" — האָט זיך מאַרילע געטראַכט. — אָבער אויך אין דעם פאַל, ווען אַדאָלף וואָלט אַוועקגעגאַנגען צו ליזען — וואָלט זי, מאַרילע אויך געוואָלט, אַז אַדאָלף זאָל זיך נישט דערוויסן, אַז אַ חוץ פאַרשיידענע חטאים ליגט נאָך אויף איר דער חטא פון וועלן דער־הרגענען אַ מענטש. הערמאַן האָט אָבער געוואָלט צופיל געלט און מאַרילע האָט עס אים אָפּן געזאָגט.

— עס שאַדט נישט — האָט הערמאַן געענטפערט. — פאַר אייך איז עס צופיל, אָבער נישט פאַר אייער מאַן. ער וועט באַשטימט נאָכקומען מיין פאַרלאַנג, אַבי איך זאָל נאָר האַלטן ס'מויל. איר שטעלט אייך פאָר וואָס פאַר אַ סענסאַציע דאָס וואָלט געווען פאַר דער גאַנצער פרעסע? די באַרימטע טענצערין, מאַרילע מאַרגענ־טאַל, די שיינע פרוי פון דעם רייכן באַנקיר, אַרעסטירט אַלס מער־דערין פון איר געליבטן, וועלכער האָט זי אַוועקגעוואָרפן און נישט געוואָלט מער קענען?

מאַרילע איז אויפגעשפרונגען פון שטול און זיך געוואָרפן אויף הערמאַנען ווי אַ ווילדע חיה.

ער האָט זי אָבער אָנגענומען פעסט פאַר די הענט און אַריינגעצ־שעפּטשעט אין איר אויער:

— טויזנטער מענטשן וועלן שטיין פאַר דער געריכטס־געביידע אויף מיאַדאָווע גאַס. גאַנץ וואַרשע וועט וועלן אָנקוקן די שיינע טענצערין אין איר לעצטן מערדער־טאַנץ...

מאַרילע איז געפאַלן אויפן שטול, איר קערפּער האָט זיך גע־וואָרפן פון ספּאַזמען. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן הערמאַנס נאָענטקייט און נאָר געוויזן אים די טיר מיט דער האַנט.

הערמאַן האָט פאַרשטאַנען. אַז ער האָט דערגרייכט זיין ציל. ער האָט שוין דערוועקט אין מאַרילעס האַרץ אַ מורא, איצט האָט ער שוין גאַקאָנט אַוועקגיין. די פרוכט וועט שוין אַליין אויסוואַקסן. שטיל, אויף די שפּיץ פינגער האָט ער פאַרלאָזט מאַרילעס הויז.

נאָך אַ לענגערע צייט פון שטילקייט האָט מאַרילע געעפנט די אויגן און געזען, אַז זי איז אַליין. ווען זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ האָט מען געקענט זען, ווי אין אַ פּאָר מינוט איז זי פאַרעלטערט

געוואָרן.

עס האָט זי אָנגענומען אַ געפיל פון יאוש. צו וואָס טויג דאָס אַלעס? זי האָט געזוכט אַ וועג צוריקצוגיין צום אָרנטלעכן אַרט פון לעבן. פון טיפן האַרץ האָט זי געוואָלט צוריקגעווינען די ליבע פון איר מאַן. אַלעס האָט זיך אָבער געווענדעט קעגן איר.

„עס איז נישטאָ מער קיין פּלאַץ פאַר מיר אין דעם הויז — אין דעם איז נישטאָ קיין שום ספק — האָט זי געטראַכט. — עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז עס איז נישטאָ אויך קיין פּלאַץ פאַר מיר ערגעץ אַנדערש־ווו אונטער גאָטס זון".

„איך וועל נישט דערלויבן, אַז דער גוטער און ווירדיקער אַדאָלף זאָל צוליב מיר פאַלן אַ קרבן פון אַ סקאַנדאַל. ער האָט זיך מיט זיין אויפטרעטן קעגן מיר פאַרדינט, אַז איך זאָל דאָס אויסמיידן".

„זאָל ער לעבן גליקלעך מיט ליזען! זאָל ער ביי איר געפינען די גייסטיקע רו, די צוגעבונדנקייט און די טרייִשאַפט, וועלכע ער האָט ביי מיר נישט געפונען. עס איז צייט אַוועקצוגיין, אפשר וועט גאָט אויפנעמען מיין זינדיקן קערפּער מיט רחמנות!"

זי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט, אַריינגעגאַנגען צום שטוב־מיידל און איר פאָרגעלייגט זי זאָל גיין אין קינאָ. דאָס מיידל האָט זיך זייער דערפרייט און אין אַ קורצער צייט אַרום איז מאַרילע געווען אַליין אין שטוב.

זי האָט פעסט צוגעמאַכט אַלע טירן און פענצטער, אַראָפּגעלאָזט די פאָרהאַנגען און דאַן אַריינגעגאַנגען אין קיך און אויפגעמאַכט דעם גאַז. עס האָט זיך דערהערט דער כאַראַקטעריסטישער גערויש און אין דער ווייניגער האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן דער גערוך פון גאַז.

מאַרילע האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש, אַוועקגעלייגט פאַר זיך שרייב־פּאַפּיר, גענומען אַ פעדער אין די האַנט און געקוקט ערגעץ אין דער ווייטן. פון אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן טריפן טרערן, די האַנט האָט זיך באַוועגט. אויף דעם פּאַפּיר האָבן זיך באַוויזן ערשט אותיות, דאַן ווערטער, געדאַנקען...

„מיין טייערער, ליבער אַדאָלף!

שווער איז מיין זינד קעגן דיר. איך האָב פון דיר צוגערויבט

דעם גרעסטן אוצר, אויף וועלכן עס שפּאַרט זיך דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטשן — דאָס פּאַרטרויען, צוליב מיין זינד האָסטו פאַרלוירן דאָס פיירטרויען אויך צו אַנדערע מענטשן, אַפילו צו דער פרוי, וועלכע דו האָסט ליב באַקומען. אויב אַזוי איז נאָך שווערער מיין זינד. היינט זע איך ערשט איין, ווי נאַריש איך בין געגאַנגען אין דעם לעבן. מיין איינציקן ציל האָב איך געזען נאָר אין דער קערפּערלעכער ליבע. היינט ערשט זע איך, אַז זי איז נאָר אַ טייל פון אַ גאַנצקייט. צוזאַמען מיט איבערגעגעבנהייט, מיט בשותּפותדיקער פרייד, מיט בשותּפותדיקע שמערצן און דאגות — שטעלט זיך צונויף דאָס, וואָס מען רופט אָן גליק אין צוזאַמענלעבן.

דאָס, וואָס איז געבויט נאָר אויף ליבעס־תּאווה האָט נישט קיין קיום און לאָזט אויך נישט איבער נאָך זיך אפילו קיין פריינט־שאַפטס־געפיל. איך האָב עס היינט איינגעזען".

מאַרילעס האַנט האָט זיך באַרירט וואָס אַמאָל פאַמעלעכער. מען האָט וואָס אַ מאָל מער געפילט דעם גאַז.

„אַדאָלף, ליבער! איך גיי אַוועק פון דיר. נאָר פון דיר, ווייל די וועלט אינטערעסירט מיך נישט מער.

איך בעט דיך נישט דו זאָלסט מיר מוחל זיין, איך האָב עס נישט פאַרדינט. נאָר איינס גלויב מיר: נאָך דעם צוריקקומען צו דיר האָב איך דיך אויפריכטיק געליבט, איך האָב מיטן גאַנצן האַרץ געשטרעבט, אַז דו זאָלסט צוריק געפינען דיין אוצר: דעם גלויבן אין מענטש...

איך האָב נישט געהאַט דאָס גליק דאָס צו דערגרייכן.

זיי גליקלעך, דו ביזט עס ווערט!

אוי, ווי דומפּיק מיר איז! דער קאָפּ פּלאַצט מיר...

איך זע דיין געשטאַלט...

מאַר..."

די האַנט איז אַנמעכטיק אַראָפּגעפאַלן. מאַרילע האָט אויסגעהויכט איר נשמה.

## באַפרייט פון דער חיהס הענט

אַדאָלף איז אָנגעקומען קיין מאַרסעל מיט דעם פריי־טוג און געהייסן דעם טאַקסי־שאָפער פאָרן צו די הערשאַפט רעדא. עס איז

פונקט געווען צומאַרגנס, נאָך דער נישט געלונגענער דאַנק־וויזיט פון ליזע.

לוסיל איז נישט געווען אין דער היים. נעכטן אָוונט נאָך ליזעס אַנטלויפן, איז זי אַוועק צו אַ „פריינדין" און געבליבן ביי איר אויף נאַכט. ביים פרישטיק איז אַלזאָ געזעסן רעדא אַליין און הערנדיק וועמען ער האָט פאַר זיך האָט ער זיך זייער דערפרייט.

ער האָט אַדאָלפן געגעבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס ליזע האָט זיך אָנגערופן זשאַק דובעי און אינפאָרמירט אים, אַז ליזע אַרבעט שוין נישט ביי אים, זי וווינט איצט ביי איר שול־פריינדין, די פרוי פון אַ רייכן סוחר מיטן נאָמען פראַנק.

רעדא האָט אויפגעזוכט דעם טעלעפאָן־נומער פון די פראַנקס און באַלד האָט ער גערעדט מיט אידען. ווי גרויס איז אָבער געווען זיין פאַרווונדערונג ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז ליזע איז נישט צוריקגעקומען נעכטן אַ היים.

אידא ווייטער, וויסנדיק אַז ליזע איז געגאַנגען צו די רעדאס, איז געווען זיכער אַז ליזע נעכטיקט ביי זיי. הערנדיק, אַז קיין מאַרסעיל איז אָנגעקומען דער הער מאָרגענטאַל, וועגן וועלכן ליזע האָט איר אַזוי פיל דערציילט, האָט זי געבעטן אַז דער גאַסט זאָל באַלד קומען צו איר.

רעדא האָט אַוועקגעפירט אין זיין אויטאָ אַדאָלפן און בעת דעם פאָרן האָט ער אים אַלץ באַרואיקט אַז ליזען איז אוודאי גאָרנישט געשען. אויך אידע האָט געלייגט מער אַכט אויף אַרויסצווייזן גאַסטפריינטלעכקייט אַדאָלפן איידער צו באַרואיקן זיך מיט ליזעס פאַרשווונדן.

ווען עס איז אָבער ווייטער אַריבער אַ צייט און ליזע האָט זיך נישט באַוויזן, האָט אויך אידע אָנגעהויבן צו קלערן, זי האָט געקענט מאַרסעל און געוווסט וואָס ס'קאָן אין דער פאָרט־שטאָט באַדייטן דאָס פאַרשווינדן פון אַ יונגער שיינער פרוי.

אַדאָלפס אומרואיקקייט איז געווען וואָס אַמאָל גרעסער. און צום סוף האָט ער פאָרגעלייגט צו וויסן צו געבן דער פאָליציי. אידע האָט איינגעשטימט, זיי האָבן אָבער באַשלאָסן צו באַראטן זיך פאַר דעם מיט איר מאַן, אַ געבוירענעם אין מאַרסעיל.

— ער קען דאָך פערזענלעך אַ סך מענטשן, אויך הויכגעשטעלטע

פערזאָנען, אפשר וועט ער אונדז געבן אַן עצה — האָט זי געזאָגט.
פראַנק איז געווען איינער פון די רייכסטע הורט־סוחרים פון מאַרסעיל. זיין אויבסט־לאַגער האָט פאַרנומען אַ ריזיקן שטח. אידע האָט פאַרגעשטעלט איר ,מאַן אַדאָלפן און דאַן דערציילט אים, אַז ליזע איז פון נעכטן אָונט פאַרשווונדן געוואָרן.
— איך האָב אַ פאַרדאַכט, אַז עס איז פאָרגעקומען עפּעס אויס־טערלישעס. ווען ליזע וואָלט געהאַט די מעגלעכקייט אונדז צו וויסן צו געבן ווי זי געפינט זיך, וואָלט זי עס באַשטימט געטאָן. אויב זי האָט עס נישט געטאָן איז דערפון צו זען, אַז זי געפינט זיך אין אַזעלכע אומשטענדן, וועלכע דערמעגלעכן איר נישט זיך צו פאַר־בינדן מיט דער אויסערלעכער וועלט.
— וואָס טוט מען אַלזאָ? — האָט געפרעגט אַדאָלף מיט אַ ציטערדיקן קול. — צי זענט איר אויך אין דער מיינונג, אַז מען דאַרף מודיע זיין די פּאָליציי?
— זעלבסטפאַרשטענדלעך. מיר וועלן עס טאָקע באַלד טאָן — האָט געענטפערט פראַנק. אין א קורצער צייט זענען זיי אַלע דריי נעגאַנגען פון ביוראָ צום אַרויסגאַנג, דער וועג האָט געפירט דורך אַ ריזיקן זאַל אין וועלכן פראַנקס אָנגעשטעלטע האָבן אָפּגעקויפט פרוכטן פון די ארומיקע פויערן.
גייענדיק דורך דעם זאַל האָט פראַנק באַמערקט, אַז אין איין אָרט שטייט צונויפגעזאַמלט אַ גרעסערע גרופּע מענטשן, וועלכע הערן זיך צו, ווי עמעץ דערציילט עפּעס אַ מעשה. פון צייט צו צייט האָבן זיך פון דאָרט דערהערט געלעכטער.
פראַנקן האָט די זאַך נישט געפעלן. ער האָט גערן געהאַט רו אין זיין געשעפט. ער האָט זיך אַלזאָ דערנענטערט צו די פאַרזאַמלטע כדי צו מאַכן די אויפמערקזאַמקייט אַז זיי זאָלן זיך צעגיין. פּלוצלונג האָט ער אָבער דערהערט ווי אַ באַקאַנטער פויער פון דער סביבה האָט געזאָגט:
— פאַר אַריינטראָגן די שיינינקע פּרוי אין אויטאָ האָט ער מיר געגעבן אַ גאַנץ שיינעם סכום. איך וואָלט אים אָבער מוחל געווען דאָס געלט, ווען ער דערלויבט מיר כאָטש אַ קוש געבן דער גע־פונענער פּרוי.
פראַנק האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן די פאַרזאַמלטע און

זיך אָנגערופן:

— געגוג דערציילט רכילות, זאַן! — האָט ער זיך געוואָנדן צום דערציילער — קום באַרייך צו מיר אין ביוראָ.

זאַן איז טאַקע געווען דערזעלבער פויער, וועלכער האָט בוד טאָנען צוגעהאָלפן אַריינטראָגן ליזען אינעם אויטאָ פונעם אַלטן בעל־תאווהניק.

פראַנק איז צוזאַמען מיט אַדאָלפן, אידען און זאנען צוריק אַריין אין ביוראָ און דאָ האָט דער פויער נאָכאַמאָל דערציילט די גאַנצע געשיכטע. ווען ער האָט באַשריבן דאָס אויסזען פון דער פרוי און אויך איר אַנטועכץ — איז שוין נישט געווען קיין שום ספק, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ליזען.

— הער אויס, זאַן — האָט זיך פראַנק אָנגערופן. — די פרוי, וועלכע דו האָסט די נאַכט געפונען אויף דעם שאָסע איז מיינע אַ באַקאַנטע. דו וועסט ווערן גוט באַלוינט פאַר דיינע אינ־פאָרמאַציעס — דו קענסט אָבער באַקומען פיל מער, ווען דו וואָלסט אונדז געקאָנט זאָגן דעם נומער פון אויטאָ...

— וואָס דאַרפט איר דעם נומער — האָט אויסגערופן זאַן. — איך קאָן דאָך דעם הער, וועלכער האָט די פרוי אַוועקגעפירט: דאָס איז דאָך געווען דער באַרימטער הער בוטאָן!

פראַנק איז דערציטערט געוואָרן. ער האָט גוט געקאָנט דעם הולטאַי און פרױיען־יעגער. איצט איז פאַר אים געווען גאַנץ בולט, אַז ליזען דראָט דאָס גרעסטע געפאַר, וואָס קאָן דראָען אַן אָרנט־לעכער פרוי.

— איר פאַרשטייט אַוודאי אַלעס - האָט זיך אָנגערופן זאַן. — ער האָט זי, ווייזט אויס, אַוועקגעפירט אין זיין באַרימטער ווילע — און איר ווייסט דאָך אַז פון דאָרט גייט שוין אַ פרוי נישט אַרויס אומבאַרירט.

אין אַדאָלפן איז דאָס האַרץ אָפּגעשטאָרבן פון שרעק. זאָל ער האָבן געקומען צו שפּעט? זיין האַרץ האָט דאָך אים געזאָגט אַז ליזען דראָט אַ געפאַר — פאַרוואָס איז נישט געקומען פריער?

אויף אַדאָלפס פראַגע, ווער עס איז דער בוטאָן, האָט זאַן אָנגעהויבן צו דערציילן דאָס, וואָס גאַנץ מאַרסעיל האָט פון לאַנג געוווסט: די פּראַכטפולע ווילע, די אויסגעלאַסענע אָרגיעס, וואָס

קומען דאָרט פּאַר, די אומצאָלבאַרע פרויען קרבנות פון זיין תאווה.

— און דאָס אַלעס גייט אים אַזוי אָן אָן אַ שטראָף? — האָט געפרעגט אידא מיט עמפערונג.

— בוטאַן איז שטיין רייך און איז אַ גוטער פריינט פון אַלע העכסטע פערזענלעכקייטן אין מאַרסעיל, און ספּעציעל מיט דעם הויפּט־דירעקטאָר פון דער פּאָליציי. מען האָט פּאַר אים מורא. ריזיקירט אַלזאָ קיין שום פּדוי נישט אָנצוגעבן קעגן אים אַ תביעה. אויב עס טרעפט אַמאָל אַ פּאַל — גיט זיך בוטאַן אַן עצה: אָדער ער קויפט איבער די פּאָליציי אָדער ער פאַרבעט דעם, וואָס מען דאַרף, צו זיך אויף אַן אויסגעלאַסענעם אָוונט — און די זאַך ווערט דערליידיקט ווי אַם בעסטן.

— מיר מוזן ווי אַמשנעלסטן פאָרן צו דער פּאָליציי, אפשר איז נאָך דאָ אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען ליזען. ס׳איז אַ שאָד יעדע מינוט! — האָט געזאָגט אַדאָלף.

— ניין — האָט זיך אָנגערופן זאַן — גייט נישט צו דער פּאָליציי, ווייל דערמיט וועט איר קאַליע מאַכן. בוטאַן האָט די גאַנצע פּאָליציי ביי זיך אין טאַש. מען וועט אים פון דאָרט באַלד צו וויסן געבן וועגן דעם געפאַר — דעמאָלט וועט ער באַלד באַהאַלטן זייער באַקאַנטע, אַזוי אַז קיינער וועט זי נישט קענען געפינען. ער האָט ביי זיך געגוג העלפערס.

— מיר וועלן זיך אַריינרייסן אין פּאַלאַץ פּלוצלונג — האָט געזאָגט אַדאָלף.

— עס איז נישט אַזוי לייכט ווי אייך דאַכט זיך. דער טויער איז טאָג און נאַכט פאַרמאַכט און ספּעציעלע היטער שטייען דאָרט און לאָזן נישט קיינעם צו. די הויכע מויער אַרום האָט אויף זיך געהאַקט גלאָז.

— איך האָב אַן אויסוועג — האָט זיך אָנגערופן פראַנק — איינער פון די היגע פּאָליציי־קאָמיסאַרן איז מיינס אַ שול־קאָלעגע. צופעליק ווייס איך, אַז ער לעבט נישט בשלום מיט דעם פּאָליציי־דירעקטאָר. ער וועט מיר זיין דאַנקבאַר, אויב איך וועל אים צושטעלן אַ מעגלעכקייט אַדורכצופירן אַ שטיקל אַרבעט, וואָס קען קאָמפּראָמעטירן און אָנטאָן עגמת־נפש דעם דירעקטאָר.

— מיין פריינט ווייסט גוט, אַז דער דירעקטאָר דעקט בוטאַנס

פאַרברעכנס — ער וועט זיך אַלזאָ פרייען ווען איך וועל אים בעטן הילף קעגן בוטאַנען.

דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן און נאָך אַ קורצער צייט האָט דער פּאָליציי־קאָמיסאַר אויסגעהערט צוליב וואָס פראַנק איז צו אים געקומען. נאָכן אויסהערן די אינפאָרמאַציעס האָט זיך דער קאָמיסאַר דערפרייט.

— איך וועל זיך שעצן גליקלעך אויב עס וועט אונדז געלינגען צו באַקומען באַשולדיקונגס־מאַטעריאַל קעגן דעם אַלטן בעל־עבי־רהניק, וועלכער געפינט זיך אויף דער פריי, נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער רוקט אונטער מיין שעף וואָס אַמאָל פרישע מיידלעך.

לויט אַ טעלעפאָנישן באַפעל זענען אין אַ רגע פאַרפאָרן פאַר דער פּאָליציי־געביידע צוויי אויטאָס מיט פּאָליציאַנטן און אין אַ פערטל שעה שפעטער זענען זיי פאַרפאָרן נישט ווייט פון בוטאַנס ווילע. דאָס האָט זאַן אַן עצה געגעבן אָפּצושטעלן זיך פון דער ווייטנס און צו גיין נענטער צו פוס.

אַלעס האָט זיך אויפן אָרט אַרויסגעוויזן אַזוי ווי זאַן האָט עס באַשריבן —זענען טאַקע אַלע געשטאַנען הינטער דער מויער און געקלערט וואָס עס איז דאָ צו טאָן. פלוצלונג האָט זיך זאַן געגעבן אַ קלאַפּ אין שטערן.

— איך האָב דאָך גאָר פאַרגעסן — עס איז דאָ אויך אַ קליין טירל אין מויער. דאָרט אַרום לאָזט מען אַריין אַלע פרוכטן־פאַר־קויפער, מילך־טרעגער, אפשר קען עמעץ פון אייך עפענען אַ שלאָס?

צווישן די פּאָליציאַנטן איז געווען איינער אַ מעכאַניק וועל־כער האָט אָן גרויסער מי געעפנט דאָס טירל. די „אָנפאַלער" האָבן זיך אַריינגעשלייכט אין פאַרק און זענען שוין געווען נאָענט פון בוטאַנס ווילע, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעך געשריי פון אַ פרוי.

אַדאָלף האָט דערקענט ליזעס שטימע. ער האָט זיך געלאָזט לויפן פאָרויס און ווען ער איז צוגעקומען צו דער ווילע האָט ער זי דערזען אויפן פענצטער, גרייט אַראָפּצושפרינגען. אין דעם מאָ־מענט האָט זי אַ מענער־האַנט אַראָפּגעשלעפט פונעם פענצטער. עס האָט זיך ווידער געלאָזט הערן אַ האַרצרייסנד געשריי.

אַדאָלף איז אַרויף אויף די פּאַלאַץ־טרעפּן. ווילד איז ער גע־

לעאָן ברענגען הילף זיין געליבטער. ער האָט מיט אַזאַ כוח אַוועק־געשטופּט צוויי לאַקייען, וועלכע האָבן אים פאַרשטעלט דעם וועג, אַז זיי זענען ביידע געפאַלן אויף דער ערד.

ביז וואַנען זיי האָבן זיך אויפגעהויבן איז אַדאָלף שוין געווען אויף דעם ערשטן שטאָק און געלאָפן אין דער ריכטונג, פון וואַנען עס האָבן זיך דערהערט ליזעס געשרייען. ער איז צו צו דער טיר און מיט זיין גאַנצן כוח געוואָרפן זיך אויף איר, אַזוי אַז די טיר האָט געפּלאַצט.

אַדאָלף איז אַריין אין צימער און דאָ האָט ער דערזען, ווי ליזע האַלב נאַקעט, אין אַ צעריסן קלייד, קעמפט מיט די לעצטע כוחות און ווערט זיך קעגן דעם ברוטאַלן אָנפאַלער. מיט איין שפּרונג האָט זיך אַדאָלף געפונען נעבן בוטאָן און האָט אים געגעבן מיט דער פויסט אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, אַז דער אַלטער איז אַוועקגעפאַלן באַגאָסן מיט בלוט. אַדאָלף איז געווען אַזוי ווילד, אַז ער האָט זיך אין גאַנצן פאַרגעסן — ער האָט זיך פּשוט אַוועק־געזעצט אויף בוטאָנען און געשלאָגן אים מיט די פויסטן איבערן פּנים, אַז מען האָט שוין דעם אַלטן קוים דערקענט.

ליזע איז געשטאַנען אין אַ זייט און האָט מיט ברייט געעפנטע אויגן געקוקט אויף די סצענע נישט גלויבנדיק זיך אַליין. צי איז דאָס אמת? ערשט מיט אַ מינוט צוריק איז זי געווען אין אַזאַ געפערלעכע לאַגע און איצט איז זי פריי און איר אָנפאַלער קריגט קלעפּ, אַז ער ליגט אין חלשות!

און וואָס איז דאָס וויכטיקסטע — דער רעטער איז אַדאָלף! עס איז דאָך פּשוט אַ נס?

אין דער זעלבער מינוט האָט זיך ערשט אַדאָלף באַזינען און אַרומגעקוקט זיך אין צימער. דערזעענדיק ליזען האָט ער פאַרלאָזט זיין קרבן און צוגעלאָפן צו איר.

— ליזע! ליבסטע מיינע! צי האָט מען דיר געטאָן עפּעס שלעכטס?

— מיין איינציקער אַדאָלף! זיי רואיק — איך האָב מיט אַלע מיינע כוחות געשיצט מיין פרויען־ווירדע!

זיי זענען זיך ביידע געפאַלן אין די אָרעמס. זייער גליק האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. שוין די נאָענטקייט אַליין האָט זי אַריינ־

געבראַכט אין גרעסטן עקסטאַז. די ליבע־סצענע האָט איבערגע־ריסן דאָס אַריינקומען פון די פּאָליציאַנטן מיט דעם קאָמיסאַר און פראַנק בראש.

בוטאָן איז דערווייל אויפגעשטאַנען פון דער ערד, ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט אויגן פאַרגאָסענע פון בלוט און זיך אָנגע־רופן:

הער קאָמיסאַר! וואָס זאָל דאָס באַדייטן? מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר זיך אַריינגעריסן אין מיין פריוואַטן הויז? פאַר־וואָס אַרעסטירט איר נישט דעם מענטש, וועלכער איז מיך באַפאַלן און צעשלאָגן? פאַרוואָס טוט איר נישט דאָס, וואָס עס הייסט אייך דאָס רעכט?

— איר זייט אָם ווייניקסטן קאָמפּעטענט צו רעדן וועגן רעכט. אין נאָמען פון רעכט בין איך געקומען אייך אַרעסטירן!

— מיך אַרעסטירן? איר מאַכט זיך אוודאי אַ געלעכטער? איר פאַרגעסט צו וועמען איר רעדט! אפשר ווילט איר אַרעסטירן דעם מענטש, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסן אין מיין הויז?

— ער האָט זיך טאַקע דאָ אַריינגעריסן, אָבער מיט דעם ציל צו ראַטעווען זיין כלה פון אייערע שמוציקע הענט. איר האָט זי דאָך פאַרכאַפּט ווי אַ שקלאַפין.

— דאָס איז אַלזאָ דער גאַנצער פאָרוואורף קעגן מיר? — האָט זיך בוטאָן צעלאַכט. — איר זענט גאָר געקומען אַהער שיצן די ווירדע פון דער פרוי? איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז די פּאָליציי האָט די אויפגאַבע צו שיצן גאַסן־פרויען...

— הער בוטאָן! איך פאַרווער אייך באַליידיקן די פרוי.

— איך האָב דערצו דאָס פולע רעכט! צי ווייסט איר, אַז זי איז געווען אַ צייט איינע פון די פריילעכע מיידלעך אין דער „רויטער רויז" פון דער מאַדאַם מאַרזשעט?

אַדאָלף, וועלכער האָט שוין געקענט דעם גאַנצן אמת פון די דערציילונגען פון הער רעדא, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין בוטאָנס ריכטונג.

— דו געמיינער הונט! איך קען דעם אמת וועגן דער מאַדאַם מאַרזשעט. אויב דו וועסט וועגן דער פרוי זאָגן נאָך איין באַליידי־קונגס וואָרט, וועסטו נישט אַרויס פון מיינע הענט קיין לעבעדיקער.

— זייט רואיק, העד מאָרגענטאַל — האָט זיך אָנגערופן דער קאָמיסאַר. — מיר וועלן זיך שוין אַן עצה געבן מיט דעם בעל־עבריהניק. מיר קענען אים נישט פון הײנט.

דער קאָמיסאַר האָט זיך דאַן געווענדעט צו ליזען און זי האָט דערציילט דעם פאַרלויף פון די געשעענישן, אַזוי ווי עס איז אין אמתן געווען. איר יעדעס וואָרט איז געוואָרן פאַרפּראָטאָקאָלירט. ווען דער קאָמיסאַר האָט זיך דאַן געווענדעט צו בוטאָנען, האָט דער אַלטער אַלעס פאַרלייקנט.

אַלע האָבן זיך דאַן באַגעבן אין פּאַלאַץ, און דאָ האָבן זיך אַלע איבערצייגט, אַז אַלעס וואָס ליזע האָט איבערגעגעבן איז געווען אמת. די אומשולדיקע קרבנות פון בוטאָן האָבן זיך געלייגט שלאָפן און ביינאַכט האָבן זיי זיך פּלוצלונג אויפגעוועקט אין זיינע אָרעמס, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט...

ווען די משרתים האָבן געזען, אַז זייער העד איז לסוף אַריינגעפאַלן, האָבן זיי שוין אויך אָנגעהויבן צו דערציילן דעם אמת, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם פּאַלאַץ. לייכט איז זיך פאָרצושטעלן בוטאָנס אויפרעגונג, ווען ער האָט דערזען, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו זיינע שענדלעכע מעשים.

— איצט אַלזאָ קומט מיט אונדז העד בוטאָן. ענדלעך וועט איר געפינען אַן אָרט, דאָרט ווו איר האָט שוין פון לאַנג געדאַרפט צו זיין — איך מיין אַ תפיסה...

— איר ווילט מיך באמת אַרעסטירן? — האָט זיך געוווּנדערט בוטאָן. — לאָמיר אָננעמען אַז דאָס אַלעס איז טאַקע אמת — קענט איר זיך פאָרשטעלן וואָס עס דערוואַרט אייך ווען עס וועט זיך דער־ווּיסן דער פּאָליצײ־דירעקטאָר?

— איך שטעל מיר פאָר און דאָך אַרעסטיר איך אייך. די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט נעם איך אויף מיר.

בוטאָן האָט געזען, אַז עס איז נישט דאָ פאַר אים קיין רעטונג, האָט ער נאָך פּרובירט דאָס לעצטע.

# סאבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 103

— וואָס וועט איר האָבן דערפון אַז איך וועל זיצן אין תפיסה — האָט ער שטיל געזאָגט צום קאָמיסאַר. — איר קענט אפילו צוליב מיר פאַרלירן אייער פּאָסטן. לאָזט בעסער צו רו די גאַנצע זאַך און איך וועל שוין וויסן ווי אייך דערפאַר צו באַלוינען. איך שטעל צו אייער דיספּאָזיציע אַ סומע פון הונדערט טויזנט פראַנק, געננג?

— הער קאָמיסאַר — האָט ווייטער גערעדט שטילערהייט

— הער קאָמיסאַר — האָ ווייטער גערעדט שטילערהייט בוטאָן. — איר זענט דאָך אַ יונגער מענטש. איך פאַרבעט אייך אין מיין ווילע אויף דעם נאָענטסטן באַל. איר וועט ביי מיר טרעפן די שענסטע מיידלעך און ווייבלעך פון מאַרסעיל.

— הער בוטאָן צי פאַרשטייט איר נישט, אַז איר פאַרער־גערט אַליין אייער סיטואַציע מיט אייערע נאַרישע פאָרשלאַגן. איר ווילט, אַז איך זאָל אייך אַ חוץ אַלעם באַשולדיקן אין וועלן איבערקויפן די פאָליציי?

צו בוטאָנען זענען צוגעטראָטן צוויי פּאָליציאַנטן, און אַזוי ווי ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ, האָט מען אים געשמידט אין קייטן און אַזוי האָט מען דעם רייכן גוט־באַזיצער און אַריסטאָקראַט אָפּגעפירט אין תפיסה ווי אַ געוויינלעכן איינבר־עכער.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אין מאַרסעליער געריכט פאָר־געקומען דער משפט קעגן בוטאָנען. עס האָבן אַלס עדות אַרויס־געטראָטן די אַלע יונגע מיידלעך, וועלכע זענען דורך אים און זיינע פריינט געשענדעט געוואָרן. ביז איצט האָבן זיי געשוויגן, ווייל זיי האָבן געוווסט, אַז בוטאָנען קען מען קיין שלעכטס נישט טאָן. איצט האָבן זיי אַלע דערציילט זייערע איבערלעבונגען.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען ביי פאַרמאַכטע טירן, ווייל אַפילו פאַר מאַרסעיל זענען די אַנטפּלעקטע פּרטים געווען צו פּי־קאַנט, אַז מען זאָל קענען צולאָזן דעם פּובליקום.

בוטאָן האָט באַקומען דריי יאָר תפיסה און מען האָט אים אויך צוגענומען זיינע ציוויל־רעכט. איך רעזולטאַט פונעם פּראָצעס און פאַרשידענע באַווייזן האָט דער פּאָליציי־דירעקטאָר פאַרלוירן זיין פּאָסטן. זיין אָרט האָט פאַרנומען דער יונגער פּאָליציי־קאָמי־סאַר, וועלכער האָט ליקווידירט די שמוציקע נעסט אין בוטאָנס ווילע.

# דער וועג צום נייעם גליק

נאָך דעם, ווי מען האָט בוטאָנען אָפּגעפּירט אין תפיסה, האָבן אַדאָלף, ליזע און פראַנק פאַרלאָזט דעם מאַגנאַטס פּאַלאַץ. זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען אויך זאנען, וועלכער האָט נישט געקאָנט באַהערשן זיין פרייד, ווען אַדאָלף האָט אים צוגעזאָגט אַזאַ באַלוינונג, וועלכער וועט אים דערמעגלעכן עפענען אַ פּרוכט־געשעפט.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן אידעס פרייד, ווען זי האָט דערזען ליזען אויף דער שוועל פון איר הויז. זי האָט געוויינט פון שמחה, דערזעענדיק איר פריינדין. באַלד זענען אַלע געזעסן ביים טיש און ווען די משרתים האָבן דערלאַנגט צום טיש האָט אידע אָנגעקלונגען צו די רעדאָס, איבערגעבנדיק זיי די נאַכריכט וועגן דעם אָפּגעפונען פון ליזען, אידע האָט געבעטן דעם הער רעדאָ, אַז ער זאָל אָנטייל נעמען אין אָוונט־ברויט לכבוד איר באַפרייטער פריינדין.

— זייער גערן — האָט געענטפערט רעדאָ, — אָבער אונטער איין באַדינג: אַז איר וועט מיך אויפנעמען מיט מיין פרוי צוזאַמען.

— איך וועל זיך זייער פרייען, אויב איך וועל האָבן דעם כבוד צו באַגריסן אויך אייער פרוי. איך האָב אָבער געמיינט, אַז זי וויל זיך נישט זען מיט ליזען — נאָך דעם, וואָס עס איז צווישן זיי פאָרגעקומען...

— נאָך אַ געשפּרעך מיט איר האָט מיין פרוי איינגעזען איר פעלער און שטרעבט צו זען ליזען כדי איבערבעטן זי פאַר אַלע אומאָנגענעמלעכקייטן, וועלכע זי האָט איבערגעלעבט אין אונדזער הויז.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען די רעדאָס אָנגעקומען אין דעם עלעגאַנט איינגעאָרדנטן סאַלאָן פון די פראַנקס. אַלץ איז געווען פול מיט פרייד. לוסיל האָט נאָר געוואָלט זיצן נעבן ליזען און יעדע פאָר מינוט האָבן זיי ביידע אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט די פאַרגאַנגענהייט און ספּעציעל דאָס, ווי לוסיל איז געוואָרן שטערבלעך אייפערזיכטיק, זעענדיק, אַז ליזע

קושט זיך מיט אידען...

אין דער זעלבער צייט האָט אָבער לוסיל אומבאַמערקטערהייט געוואָרפן אַ בליק אויף אַדאָלפן און דאָס מאָל איז זי שוין באמת אייפערזוכטיק געווען — דער שיינער, שלאַנקער וואַרשעווער באַנקיר איז איר זייער געפעלן.

עס האָט זיך געפירט אַן אַלגעמיינער געשפּרעך, מען האָט געלאַכט געוויצלט זיך — נאָר איין אַדאָלף האָט געקוקט אָן אויפהער אויף זיין ליזען. ער האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן פון איר זיין בליק. דאָס האָט דערזען אידע, זי האָט אַלזאָ פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל אַדאָלפן און ליזען געבן די מעגלעכקייט צו בלייבן מיט זיך אַליין.

— נאָך אַזאַ לאַנגע צייט, ווי זיי האָבן זיך נישט געזען איינער דעם אַנדערן, שטעלן מיר זיך פאָר, וויפל זיי האָבן זיך צו דערציילן.

ליזע און אַדאָלף האָבן דעם פאָרשלאַג אָנגענומען מיט פרייד און אַריבערגעגאַנגען אין אַ צווייטן צימער. ווי נאָר עס האָט זיך פאַרמאַכט די טיר פונעם סאַלאָן, איז אַדאָלף געפאַלן אויף די קני פאַר ליזען.

— טייערסטע מיינע, זיי מיר מוחל — האָט ער געזאָגט מיט געבעט. — היינט ווייס איך שוין, אַז צוליב מיין שולד האָסטו דורכגעלעבט אַזעלכע שווערע מאָמענטן. איך האָב זייער אומריכטיק געהאַנדלט קעגן דיר בשעת דער באַרימטער נאַכט אין מאָנטע־קאַרלאָ.

ליזע האָט זיך ביטער צעוויינט, ווען זי האָט זיך דערמאָנט יענע נאַכט און דאָס אַלעס, וואָס די נאַכט האָט מיט זיך מיטגעבראַכט. דורך טרערן האָט זי געפרעגט אַדאָלפן:

— ווי אזוי האָסטו מיך געפונען? פון וואַנען האָסטו געוווסט, אַז איך בין אין מאַרסעיל? פון וואַנען ווייסטו, אַז דיין פאַרדאַכט דעמאָלט איז געווען אומבאַגרינדעט?

אין קורצע ווערטער האָט איר אַדאָלף דערציילט וועגן זיין צוזאַמענטרעף מיט פאָלע בערמאַן און ווי זי האָט אים דערציילט וועגן ליזעס אומשולד.

— פון דאַן אָן האָב איך נישט געהאַט קיין רו. איך האָב

דיך געמוזט זען. פון דער פרוי שוואַרץ האָב איך באַקומען דיין אַדרעס און נישט דערהאַלטנדיק קיין אַנטוואָרט אויף מיין בריוו בין איך געקומען קיין מאַרסעיל.

נאָך דעם, ווי ער האָט איר אויך דערציילט, ווי אַ גליקלעכער צופאַל האָט געהאָלפן אַרויסצוראַטעווען זי פון די הענט פון דעם נידערטרעכטיקן בוטאַן, האָט זיך אַדאָלף ווידער געווענדעט צו ליזען, בעטנדיק, זי זאָל אים פאַרצייען זיין טאַט.

— ליבסטער מיינער! — האָט זיך אָנגערופן ליזע — אפילו אין די טראַגישסטע מאָמענטן פון מיין לעבן האָב איך נישט געטראַכט שלעכטס וועגן דיר. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עמעץ האָט דיך געמוזט אַריינפירן אין אַ טעות. איך ליב דיך צו שטאַרק, אַז איך זאָל נאָך ווייטער געדענקען די עוולות.

אַדאָלף האָט מיט דאַנקבאַרקייט באַדעקט מיט קושן ליזעס פנימל. ער האָט זיך איצט געפילט גליקלעך. אָבער אין דער זעל־בער צייט האָט ער געפילט אַ שטאַרקן שמערץ. זיין גליק איז נישט געווען צו באַשרייבן פון דעם מאָמענט אָן, ווי ער האָט געהערט פון ליזען, אַז זי געהערט ווידער צו אים. עס האָט אים אָבער געמאַטערט דער געדאַנק אַז ער וועט זיך נישט קענען מיט איר פאַרבינדן אויף אייביק — אין דער היים האָט ער דאָך איי־בערגעלאָזט זיין פרוי — מאַרילען.

מאַרילע איז טאַקע נאָר פאָרמעל זיין פרוי, אָבער נאָך דעם לעצטן געשפרעך צווישן זיי האָט ער ערשט נישט געהאַט דעם מוט אַרויסצוואַרפן זי פון זיין הויז. זאָל ליזע אין דער גליקלעכער מינוט ווידער אַמאָל פאַרלירן איר איינציקן אָנשפאַר אין לעבן, ווי ער איז עס פאַר איר געווען? זיין ערלעכקייט האָט נישט גע־קענט איינשטימען דערמיט.

מיט גרויס האַרץ־ווייטיק האָט ער ליזען דערציילט דעם ביטערן אמת. ווען ליזע האָט זיך דערוווסט, אַז מאַרילע איז צוריק נעבן איר מאַן, האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען.

— גאָט! פאַרוואָס שטראָפסטו מיך אַזוי שווער? פאַר וועלכע זינד? — האָט זי געשעפטשעט. — איך פאַרצייַ דיר אָבער אַדאָלף. דו האָסט דעמאָלט נישט געקאָנט אַנדערש האַנדלען קעגן דיין פרוי. איך דאַנק דיר פאַר דיין אויפריכטיקייט. דו האָסט דער־

מיט נאָך אַ מאָל באַוויזן דיין גרויסמוטיקייט. פאַר מיר ביזטו זי־כער פאַרלוירן אויף אייביק...

— פאַרוואָס פאַרלוירן? — האָט געפרעגט אַדאָלף. — צי קענען מיר דען נישט זיין נעבן זיך?

— ניין! אויב עס איז מיר נישט באַשערט צו זיין דיין פרוי, מוזן מיר זיך שיידן ווי אַמשנעלסטן איך וויל נישט צונעמען דיך דיין פרוי. איך וויל נישט בויען מיין גליק אויף דעם אומגליק פון אַן אַנדערער פרוי.

— אָבער מאַרילע איז דאָך מיין פרוי נישט מער, ווי פאַר דער וועלט.. זי וווינט מיט מיר, אָבער צווישן אונדז איז פון דער צייט ווי זי איז פון מיר אַוועק — נישט פאָרגעקומען קיין שום דערנענטערונג.

ליזע האָט אָבער נישט אָפּגעטרעטן פון איר שטאַנדפונקט. אַדאָלף האָט איר דאַן פאָרגעלייגט, אַז זיי קענען דאָך בלייבן כאָטש נאָענטע פריינט.

— דו האָסט פאַרדינט ביי מיר מער ווי נאָר פריינטשאַפט־געפילן. אָבער דאָס קאָן דערפירן צו אַ דערנענטערונג, וועלכע מען מוז אויסמיידן. בלויזע פריינטשאַפט, אָפטע צוזאַמענטרעפן, וועט אונדז פאַרשאַפן נאָר ווייטיק. די אומפאַרהיילטע וווּנד פון אונדזערע הערצער וועט זיך יעדעס מאָל עפענען אויפסניי.

ליזע האָט אָבער איינגעשטימט, אַז זיי וועלן צוריקפאָרן קיין וואַרשע צוזאַמען. דאַן זענען זיי צוריק אַריין אין סאַלאָן, ווו מען האָט זיי אויפגענומען מיט פרייד־אויסרופן. זיי האָבן זעלבסט־פאַרשטענדלעך נישט געגעבן קיינעם צו דערקענען, וואָס פאַר אַ שווערן מאָמענט זיי האָבן ערשט איבערגעלעבט.

מיט טרויער האָבן די פראַנקס און רעדאס אויפגענומען די נאָכ־ריכט, אַז ליזע און אַדאָלף פאָרן שוין אין דער פרי אַוועק קיין וואַרשע. די פראָווינציעלע משפחות האָבן געוואָלט נאָך פאַרברענגען אַ פּאָר טעג צוזאַמען מיט זייערע ליבע געסט. ליזע האָט אָבער ווי אַמשנעלסטן געוואָלט זען איר קינד, פון וועלכן זי האָט ערשט באַקומען אַ דערפרייענדיקן גרוס.

צונאָרגנס האָבן זיך אַלע צוזאַמענגעטראָפן אויפן וואָקזאַל, לעצטע שמייכלען, טרערן — און ליזע מיט אַדאָלפן זענען פאַר־

שוונדן פון די אויגן פון זייערע פריינט, וואָס זענען געבליבן אויף דעם מאַרסעלער וואָקזאַל.

— — — — —

אַדאָלף האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געוווסט, וואָס עס איז איןֹ זיין אָפּוועזנהייט פאָרגעקומען מיט מאַרילען. צוריק־קומענדיק פונעם קינאָ האָט דאָס שטוב־מיידל געעפנט די קיך־טיר מיט איר שליסל און האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם שרעקלעכן גערוך פון גאַז.

„צי האָב איך פאַרגעסן צו פאַרדרייען דעם גאַז? — האָט זי געטראַכט — „מען דאַרף אים קודם כל פאַרמאַכן". עס איז אָבער אוממעגלעך געווען אַריינצוגיין אין קיך. זי האָט אָנגעקלאַפּט צו די שכנים. עס האָט זיך געמאַכט אַן אַלאַרם — דאָס גאַנצע הויז איז געווען אויף איין אָרט.

איין מוטיקער מאַנספאַרשוין איז אַריין אין קיך, האָט אָבער באַלד פאַרשטאַנען, אַז נישט דאָס מיידל האָט פאַרגעסן צו פאַר־מאַכן דעם גאַז, ווייל אַלע עפענונגען זענען געווען אויפגעדרייט,

מען האָט געעפנט ברייט די פענצטער און אָנגעהויבן צו לויפן איבער דער גרויסער דירה. אין איינעם פון די צימערן האָט מען געפונען מאַרילען אויף דער ערד אָן סימנים פון לעבן. אַלע אָנשטרענגונגען זענען געווען צו שפּעט.

מען האָט באַלד געמאָלדן דעם פּאָליצײ־קאָמיסאַריאַט, ווי אויך מאָרגענטאַלס באַנק. אין דער אָפּוועזנייט פון זייער שעף, האָבן זיך די הויכע באַנק־באַאַמטע פאַרנומען מיט דער לויה. דעם בריוו, וועלכן מאַרילע האָט אָנגעשריבן, האָט מען פאַרמאַכט אין דער אייזערנער באַנק־קאַסע.

די פּאָליציי האָט דורכגעפירט אַן אויספאָרשונג, זי האָט אָבער גאָר נישט אויסגעפונען. — די סיבה פון מאַרילעס טויט איז געבליבן אַן אייביק געהיימניש.

צוריקקומענדיק קיין וואַרשע האָט אַדאָלף אָפּגעפירט ליזען אין אַ טאַקסי אַ היים. ער האָט זיך מיט איר געזעגנט ביים טויער און גלייך אַוועקגעפאָרן אין באַנק. זיין אַרבעטס־פּלאַן איז פאַר אים געווען וויכטיקער ווי זיין הויז.

זיין שטעל־פאַרטרעטער האָט אים אין אַ דעליקאַטער פאָרם

איבערגעגעבן וועגן דעם אומגליקלעכן פאַרפאַל. מען האָט אַדאָלפן איבערגעגעבן מאַרילעס בריוו און אַדאָלף האָט זיך פאַרמאַכט ביי זיך אין קאַבינעט.. דערציטערט האָט ער געלייענט מאַרילעס ווער־טער. פאַר זיינע אויגן האָט ער דערזען די פּרעכטיקע געשטאַלט פון דער מאַרילע, אין וועלכער ער האָט זיך אַמאָל פאַרליבט, וועלכער ער האָט אַמאָל אַזוי געגלויבט...

ער איז בייז געווען אויף זיך, פאַרוואָס ער האָט אָוועקפּאָרנ־דיק קיין פּראַנקרייך נישט אָפּגעגעבן אין באַנק זיין אַדרעס. צו־ליב דעם האָט מען אים נישט מודה געווען און באַגראָבן מאַרילען נישט וואַרטנדיק אויף זיין צוריקקומען.

ער איז אַוועק אויפן בית־עולם און אַ לענגערע צייט פאַר־ברענגט אויף דעם פרישן קבר פון זיין פרוי. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט שווערע טריט, האָט אַדאָלף פאַרלאָזט דעם בית־עולם. ערשט ווען ער האָט זיך געפונען אויף דער גאַס, האָט ער זיך דער־מאָנט אָן ליזען. ווי אַ בליץ איז אַ דורך אין זיין מוח אַ גע־דאַנק, אַז ערשט מיט איר טויט האָט אים מאַרילע געברענגט אַ דערלייכטערונג אין זיין לעבן. — האָט זי דאָס געטאָן צוריקגעבנדיק אים די פרייהייט.

ער האָט צוגעאיילט זיינע טריט. שנעל איז ער פאַרפאָרן אַ היים און זיך אַוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש. פון אונטער זיינע הענט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן ווערטער אויף אַ בייגעלע פּאַפּיר.

טייערע ליזע!

מיר האָבן נישט לאַנג גערעדט דערפון, אַז דער וועג צו אונדזער גליק איז פול מיט שטערונגען. איצט, דאַכט זיך, איז שוין נישטאָ מער קיין שטערונג — דאָס איז אָבער אַ דאַנק זייער טרויעריקע אומשטענדן.

נאָך מיין צוריקקומען אַ היים, האָב איך זיך דערוווסט, אַז מאַרילע האָט בעת מיין אָפּוועזנהייט באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד. ווען מיר וועלן זיך מיט דיר צוזאַמענטרעפן וועלן מיר רעדן וועגן די סיבות, וואָס האָבן זי דערצו באַוויגן.

דער פאַקט ווי טרויעריק ער זאָל נישט זיין, לאָזט זיך שוין נישט ענדערן. איך בין פריי! איצט שטייט מער גאָרנישט

אויפֿן וועג, אַז מיר זאָלן זיך פּאַראייניקן. מיט דער נאָכריכט וויל איך נישט וואַרטן אפילו אַ רגע, נישט קוקנדיק דערויף, אַז דער מאָמענט איז נישט פּאַסיק דערצו.

ווי פֿיל שמערצן מאַרילע האָט מיר אָנגעטאָן איז זי דאָך געווען מיין פֿרוי. דו ווייסט מיר אַלזאָ אוודאי נישט נעמען פֿאַר שלעכט, אַז איך וועל במשך פֿון דרייסיק טעג נישט קומען צו דיר. נאָך דעם צייט־אָפּשניט וועל איך קומען צו דיר אין דער ראָלע, וועגן וועלכער מיר חלומען ביידע שוין פֿון אַ לאַנגער צייט.

איך קוש הערצלעך לאָלעקן. און גרוס די פֿרוי שוואַרץ.

אויף אייביק דיין

אַדאָלף".

— — — — —

אַזוי אַדאָלף ווי ליזע, האָבן מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט, אַז עס זאָלן אריבערגיין די צייט פֿון שלושים. מיט גליק אין די אויגן האָבן זיי זיך אָנגעקוקט, ווען אַדאָלף האָט דאָס ערשטע מאָל, זיך באַוויזן אין ליזעס וווינונג.

אַדאָלף האָט געבעטן, אַז זיי זאָלן שטעלן אַ חופּה, ווי אַמ־שנעלסטן. ליזע איז געווען מיט דער מיינונג, אַז דער אָנדענק פֿון מאַרילע איז נאָך צו פֿריש. — זי האָט אָבער געמוזט נאָכגעבן אַדאָלפֿן, וועלכער האָט נישט געוואָלט ווייטער וואַרטן.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען זיי געווען אַ אַ גליקלעך פּאָר פֿאָלק. אַדאָלפס הויז האָט אויפֿגעלעבט אויפֿסניי. ליזעס גליקלעכער שמייכל, לאָלעקס פֿריילעכע שפּילן, אַדאָלפס צופֿרידנהייט, וועל־כע יעדער האָט לייכט דערקענט אויף זיין פּנים — דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז אין דעם הויז הערשט דאָס אמתע גליק, וועלכע עס גיט אַן אויפֿריכטיק משפּחה צוזאַמענלעבן.

## דער ברוטאַלער פֿאָטער

נאָך דער אומגליקלעכער פּראָבע פֿון לעאָנס אַנטלויפֿן איז דאָס לעבן אין זילבערס משוגעים־אַנשטאַלט ווייטער געגאַנגען אָן

ענדערונגען, ווי ביז איצט. נאָר צוויי מענטשן האָבן זיך נישט געקאָנט באַרואיקן. דאָס זענען געווען דער ד״ר זילבער און דער סאַניטאַר בערקאָוויץ. ביידע זענען געווען שלעכט, דורשטיק נאָך נקמה, געהאַס וועגן זיך אַ זייער איבערגעטריבענע גוטע מיינונג.

זילבער האָט נישט געקאָנט איינשטימען מיט דעם פאַקט, אַז פון אַן אַנשטאַלט האָט עמעצער געוואַגט צו אַנטלויפן. אויב אַזוי האָט דאָך באמת געקאָנט זיין אַ פאַל, ווען עמעצן וועט דאָס געלונגען! צי איז דאָס דערלאָזבאַר?!

דאָס זעלבע האָט זיך אויך געקלערט בערקאָוויץ: „פון מיין אַנשטאַלט׳ זאָל אַ פאַציענט ווערן אַנטלויפן — פשוט פון אונטער דער נאָז?״

עס האָט אים נישט באַרואיקט דער פאַקט, אַז ער האָט דעם פאַציענט געכאַפּט. זיין אויטאָריטעט איז סיי ווי סיי געוואָרן אונטערגעגראָבן: אין די אויגן פון פּערסאָנאַל, און זיין גוטער נאָמען אַלס אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר סיי ווי באַשמוצט געוואָרן.

דעריבער טאַקע האָט בערקאָוויץ באַשלאָסן ביי זיך אין האַרצן, אַז פאַר יעדן פּרייז מוז ער זיך דערוויסן ווער עס איז געווען קייזערשטיינס צוהעלפער. ער האָט אָנגעהויבן צו פירן אַן אויספאָרשונג, וועלכע האָט אָבער נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַטן.

בערקאָוויץ האָט זיך נישט געקענט שענקען, אַז דעם איינציקן שפּור, די שנור, האָט ער לייכטזיניק געלאָזט אויפן פּלאַץ. עס איז דאָך געווען זיכער, אַז די זעלבע האַנט, וועלכע האָט געעפנט לעאָנס טיר און דאָס טירל אין דער מויער, האָט אויך אָפּגעבינדן די שנור און זי פאַרבאַהאַלטן.

דעם גאַנצן צאָרן האָט ער אויסגעלאָזט צו בעלען און איצט האָט דאָס אומגליקלעכע מיידל געהאַט דאָפּלטע צרות: נישט ווייניק וואָס דער פּרווו האָט זיך אַזוי געענדיקט, האָט איר נאָך דער פאָטער דערעסן די יאָרן. די איינציק גליקלעכע מאָמענטן זענען פאַר בעלען געווען די, וועלכע זי האָט פאַרבראַכט מיט הענריקן.

פאַר אים האָט זי אויסגעוויינט איר ביטער האַרץ, אים האָט

זי דערציילט אַלעס וואָס איר האָט ווײ געטאָן און ביי הענריקן איז אַלץ רייפער געוואָרן דער געדאַנק: נעמען דאָס מיידל צו זיך און געבן איר גליק נעבן אים...

בעלע האָט פון טאָג צו טאָג מיט אַ גרעסערער מורא געקוקט אויף איר פאָטער, וועלכער האָט זיך לעצטנס אויפגעפירט ווי אַ אומנאָרמאַלער מענטש. ער האָט אַרומשפּאַצירט איבער די שטוב און גערעדט צו זיך. ער האָט געהויבן אַ האַנט אין דער הויך, ווי ער וואָלט געוואָלט עמעצן אָנלערנען.

איין מאָל איז אין אַנשטאַלט פאָרגעקומען אַ גאָר קליינע זאַך, וועלכע האָט אָבער גענצלעך אויפגעטרייסלט בערקאָוויץ׳ס גלייכ־געוויכט. איינער פון די סאַניטאַרן האָט נעמלעך נישט אויסגע־פירט ווי אַמבעסטן זיין אַרבעט, בערקאָוויץ האָט אים געזאָגט אַ פּאָר ווערטער.

און דאַן טאַקע איז פאָרגעקומען עפּעס נייעס. אָנשטאָט זיך צו פאַרטיידיקן און זיך מודה זיין — ווי עס האָט זיך ביז איצט געפירט אין אַנשטאַלט — האָט דער יונגער סאַניטאַר זיך אָנ־גערופן צו בערקאָוויץ׳ן

— איר קענט נאָר מאַכן פאָרווורפן אַנדערע און אַליין קענט איר זיך נישט קיין עצה געבן מיט אייערע אויפגאַבן. קוקט בעסער, אַז אַ פּאַציענט זאָל נישט אַנטלויפן פון אַנשטאַלט.

בערקאָוויץ איז געוואָרן בלאַס. אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ משנהדיקער פונק. דער סאַניטאַר האָט זיך אָפּגערוקט מיט מורא. בערקאָוויץ האָט אָבער נישט רעאַגירט אויף דער באַליי־דיקונג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דעם סאַניטאַרס פאַרהאַלטן איז נישט מער ווי אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס מען רעדט צווישן זיך אין אַנשטאַלט.

„אַזוי ווי איך האָב פאָרגעזען — האָט זיך בערקאָוויץ גע־טראַכט — מען רעכנט זיך שוין נישט דאָ מיט מיין פּערזאָן".

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער אַוועק אין זיין צימערל און דאָ האָט ער זיך ביטער צעוויינט. ווען ער האָט זיך אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער אויפגעהויבן פון אָרט, האָט זיין פּנים אַרויסגעוויזן אַן ענטגילטיקן באַשלוס. פּאַמעלעך, אַ טריט נאָך אַ טריט האָט ער זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג־טויער און דאַן, וואָס

אַמאָל שנעלער — צו זיך אַ היים.

בעלע איז נאָך נישט געווען אין דער היים. בערקאָוויץ האָט דערפון געוווסט און האָט באַשלאָסן דאָס אויסצונוצן כדי אויס־צופירן זיין דעציזיע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין צימער און נישט זעענדיק דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט, האָט ער פאַרלאָזט דאָס צימער און ארויף אויף דעם בוידעם.

ער האָט באַטאַפּט דעם באַלקן און האָט מיט צופרידנהייט פעסטגעשטעלט, אַז ער איז גענוג פעסט און וועט אויסהאַלטן זיין קערפּער. בערקאָוויץ האָט באַשלאָסן זיך אויפצוהענגען פאַר הרפה... ער האָט אַרומגעקראָכן אויפן בוידעם און געזוכט אַ שנור צום אויפהענגען וועש.

אין אַ ווינקל האָט ער דערזען אַ באַהאַלטענעם שנור, פון וועלכן מען האָט אַרויסגעזען אַ קליין שטיקל. ער האָט אים אָנ־געהויבן אַרויסציען און באַלד האָט ער אים געהאַט אין דער האַנט אין גאַנצן. ער איז צוגעגאַנגען מיט דער שנור צום באַלקן און פאַרוואָרפן אים מיט איין עק. דעם צווייטן עק האָט ער גע־האַלטן אין האַנט.

מיט פאַרוווּנדערונג האָט ער דערפילט אונטער די פינגער עפּעס באַקאַנטעס. ער האָט געגעבן אַ קוק: נעבן עק פונעם שנור האָט ער דערזען דריי גראָבע קנאָטן איינער אונטער דעם אַנדערן! דאָס איז דאָך די זעלבע שנור, וועלכע האָט געהאָנגען ביים פענצ־טער אין אַנשטאַלט און אויף וועלכער קייזערשטיין האָט זיך אַ־ראָפּגעלאָזט.

בערקאָוויץ האָט אָנגעהויבן אַרומצולויפן אַרום דעם בוידעם, זוכנדיק אַן ענטפער אויף דעם שרעקלעכן סוד. פּלוצלונג האָט זיך אים דאָס בלוט געוואָרפן אין פנים אַריין. ער האָט אַלעס פאַר־שטאַנען.

ער איז אַראָפּ אין די וווינונג און אַריינגעפאַלן אין צימער, ווי אַ דונער. בעלע איז געשטאַנען נעבן קעכל און האָט פאַרבאַרייט אָונט־עסן. ווען זי האָט דערזען דעם פאָטער מיט דער שנור אין האַנט איז איר דאָס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן.

בערקאָוויץ האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט אויף זיינע ליפּן. די הענט האָבן זיך אים געוואָרפן פון אויפרעגונג.

בעלע האָט זיך געוואָרפֿן דעם פּאָטער צו די פֿיס.

— זײַ מיר מוחל, פּאָטער! איך האָב נישט געקאָנט אַנדערש טאָן! אַלע האָבן דאָך שוין פֿאַרגעסן וועגן דעם — פֿאַרגעס דו אויך.

בערקאָוויץ האָט זיך אין צווישן באַרואיקט.

— די נידערטרעכטיקע מויד! — האָט ער אויסגעשריגן — אויף מײַנע אַלטע יאָרן האָסטו געבראַכט אויף מײַן גרויען קאָפּ אַזאַ חרפּה.

— ליבער פּאָטער — האָט געוויינט בעלע — איך האָב זיך נישט געקאָנט צוקוקן רואיק, ווי עס לײַדט אַן אומשולדיקער מענטש. דו ווייסט נישט וועגן דעם, אָבער קייזערשטיין איז נאָרמאַל און געזונט. ער געפֿינט זיך אינעם אַנשטאַלט נאָר צוליב דעם, ווײַל זײַן פֿרוי האָט אים פֿאַרגעשטעלט אַלס משוגענעם...

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט זיך בערקאָוויץ צעלאַכט. — דו האָסט עס אַלזאָ געמאַכט אויס מיטלייד. אויף מיר אָבער האָסטו נישט געהאַט קיין מיטלייד! דו האָסט גערן ריזיקירט, אַז איך זאָל פֿאַרלירן מײַן שטיקל ברויט! אַרויס פֿון מײַן הויז!

עס האָט נישט געהאָלפֿן בעלעס געוויין, נישט איר געבעט. דער פּאָטער האָט זיך געהאַלטן בײַ זײַנעם. מיט אַ קאַלטן בליק האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי זײַן איינציקע טאָכטער נעמט צוזאַמען איר אָרעם האָב און גוטס און בינדט עס אין אַ פּעקעלע.

בעלע האָט ספּעציעל זיך נישט געאײַלט. זי האָט געהאָפֿט, אַז אפֿשר וועט זיך דער פּאָטער באַרואיקן. אפֿשר וועט זיך אין אים דערוועקן די פּאָטערלעכע ליבע. צי וועט ער באמת אַרויס־וואַרפֿן זײַן טאָכטער פֿון שטוב צוליב דעם, ווײַל זי האָט אַ וואַ־רעם, מענטשלעך האַרץ.

בערקאָוויטש האָט אין דער אמתן געפֿילט געוויסנס־ביסן. אָבער זײַן אַמביציע איז געווען שטאַרקער, בעלע האָט גענומען דאָס פּע־קעלע אין האַנט און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. מיט טרערן האָט זי אָנגעקוקט דאָס צימערל, אין וועלכן זי האָט איבערגעלעבט אירע קינדער־יאָרן.

זי האָט אויפֿגעהויבן די אויגן אויפֿן פּאָטער און זעענדיק, אַז ער רירט זיך נישט פֿון אָרט, האָט זי שווער אָפּגעזיפֿצט און שוויי־

גנד פאַרלאָזט איר היים. אויף דער גאַס האָט זי זיך דערמאָנט, אַז אייגנטלעך האָט זי נישט וווהין צו גיין. זי האָט נישט געהאַט קיין פריינדנס און האָט אַפילו נישט געוווסט ווו עס וווינען אירע מיט־אַרבעטערינס.

אין דעם מאָמענט האָט זי דערזען פאַר אירע אויגן — אַזוי ווי לעבעדיק — הענריקן. זי איז דאָך נישט איינזאַם אויף דער וועלט. זי האָט דאָך הענריקן. זי מוז צו אים אָנקלינגען און דער־ציילן אים, וואָס עס איז פאָרגעקומען. ער וועט שוין געפונען אַן אויסוועג.

זי איז אַריין אין אַ קליין קאַפע־הויז און אָנגעקלונגען צו די זאַלצבערגס. עס האָט זיך דערהערט אַ פרויען שטימע. בעלע האָט געבעטן הענריקן צום טעלעפאָן און אין איין מאָמענט האָט זי שוין מיט אים גערעדט.

— עס רעדט בעלאַ. הענריק, איך מוז זיך שוין זען מיט דיר. האָסט אַ פּאָר פרייע מינוט פאַר מיר?

— אָן שום ספק. ווי ביזט דו דען איצט? מיר האָבן גראָד איצט וועגן דיר גערעדט.

— איר האָט וועגן מיר גערעדט? מיר האָבן דאָך נישט קיין בשותפות דיקע באַקאַנטע — מיט וועמען האָסט דו וועגן מיר גע־רעדט?

— איצט וועל איך דיר נאָר זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ ביי אונדז אַ גאַסט וועלכער וויל דיך ווי אַמשנעלסטן באַקענען. זאָג ווו דו ביזסט, וועל איך באַלד נאָך דיר אַהין־קומען.

מיט אַ פערטל שעה שפּעטער האָט זיך פאַר דעם קאַפע־הויז פאַרהאַלטן אַן אויטאָ, פון וועלכן עס איז אַרויפגעשפרונגען הענריק. ער האָט זיך דערנענטערט צו בעלען און אַריינגעקוקט איר טיף אין די אויגן. פון בעלעס אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פליסן טרערן. דאָס זענען געווען טרערן פון שמערץ און גליק...

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און הענריק האָט רואיק געוואַרט ביז בעלע וועט זיך באַרואיקן. ער איז געווען דערשיטערט ווען ער האָט געהערט בעלעס דערציילונג. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל זיין מעגלעך אַ פאָטער זאָל אַרויסוואַרפן זיין טאָכטער, ווייל זי האָט אַרויסגעוויזן מיטלייד

אַן אומגליקלעכן מענטש.

— נעם זיך נישט איבער, קינד מיינס — האָט ער זיך אָנגע־רופן — איך פאַרשטיי דיין שמערץ, איך וויל אָבער אויך טון אַלץ כדי דיר פאַרגיטיקן די עוולה.

בעלע האָט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן דערציילט איצט העניריקן אויך דעם אמת: דער מענטש, וואָס האָט לעאָנען געשטערט אין אַנטלויפן איז געווען איר פאָטער.

— גאָט מיינער! האָט אויסגערופן העניריק — וואָס פאַר אַ שרעקלעכער צופאַל. די טאָכטער וויל רעטן אַן אומגליקלעכן און גראָד איר פאָטער מאַכט צו נישט דעם גאַנצן פּלאַן...

— עס האָט מיר אָנגעטון פיל שמערץ. איך האָב זיך אָבער געשעמט צו דערציילן דיר דעם אמת. מיין פאָטערס הייגטיקע טאַט האָט מיר געגעבן דאָס רעכט צו דערציילן אַלעס...

העניריק האָט גענומען בעלעס האַנט אין זיינע, געקוקט איר גלייך אין די אויגן און זיך אָנגערופן:

— אייגנטלעך האָסטו היינט פאַרלוירן דיין פאָטער און גע־בליבן אויף דער וועלט אַליין. איך פאַרזיכער דיר אָבער, אַז דו ביזט נישט אַליין — איך בין מיט דיר און וועל בלייבן ביי דיר אויף אייביק.

הייסע טרערן האָבן געפלאָסן פון בעלעס אויגן. זי האָט נישט געקאָנט זיי איינהאַלטן — זי האָט געוויינט פון גליק.

— איך וועל נישט דערלויבן, אַז דו זאָלסט בלייבן אפילו איין טאָג איינזאַם — האָט ווייטער גערעדט העניריק. — איך וועל דיר אָפּגעבן די וואַרעמקייט פון די אַלע יאָרן, ווען דו האָסט זי נישט געפילט. איך נעם דיך שוין אַ היים, צו אונדז.

— וואָס רעדסטו — האָט זיך איבערגעשראָקן בעלאַ — דער־צידיר זיך נישט צו שנעל.. דו האָסט דאָך אַ מוטער, וועלכע דו האָסט זייער ליב. דו טאָרסט גאָרנישט טאָן אָן איר איינשטימונג. איך בין איבערצייגט אין דער אויפריכטיקייט פון דיינע ווערטער. אויך איך האָב דיך שטאַרק ליב — דו קענסט דאָך מיך אָבער נישט אַריינגעמען שוין איצט אין דיין הויז.

— עס וועט גאָרנישט זיין פּלוצלינג, ווי עס דאַכט זיך דיר. מיין מוטער ווייסט שוין אַלעס וועגן דיר און איך האָב דיך סיי ווי

סיי געזאָלט פאַרשטעלן איר די טעג.

דאָס איז געווען פאַר בעלען אַ פריילעכע נייעס.

— איך האָב אָבער מורא צו געפונען זיך פלוצלינג אויג אויף אויג מיט דיין מוטער.

— דו וועסט איר באַשטימט געפעלן — אויב דו געפעלסט נאָר מיר.

בעלעס קוק איז געפאַלן אויף דעם נעבעכדיקן פעקעלע מיט אירע זאַכן. ווו וועט זי שלאָפן היינט? הענריק האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס זי קלערט איצט.

— מיר פאָרן איצט צו אונדז. נאָכן אָונט־ברויט וועלן מיר כאַפן אַ שמועס מיט מיין מוטער און מיט נאָך עמיצן, וואָס איז גראָד ביי אונדז און איך גלויב, אַז דו וועסט בלייבן ביי אונדז נעכטיקן.

— דו רעדסט נאַרישקייטן. ווי איז דאָס דערלאָזבאַר?

— איך ווייס וואָס איך רעד. מיר האָבן שוין איין גאַסט אויף נאַכט און דו וועסט זיין דער צווייטער. אויך דער אַנדערער גאַסט איז אַ פרוי. איר וועט באַקומען אַ בשותפותדיק צימער און איך בין זיכער, אַז איר וועט רעדן אַ האַלבע נאַכט.

— נו, אויב דו ביזט אַזוי זיכער, זאָל שוין זיין ווי דו ווילסט.

זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ, וועלכעס האָט זיך געלאָזט דורך די וואַרשעווער גאַסן ווי וועלנדיק צואיילן די גליקלעכע שעהן פון די צוויי יונגע מענטשן.

# טאבינע



## ראַמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 104

בעלא האָט שוין געוואָלט פרעגן הענריקן, ווער עס איז דער צווייטער גאַסט זייערער, אָבער זיי זענען שוין געווען פאַר דעם טויער פון די זאַלצבערג דירה, אויף ביעלאַנסקע גאַס.

הענריק האָט גענומען בעלעס פּעקעלע און אַרויף מיט איר אויף די שטיקן. צוקומענדיק צו דער טיר האָט ער געעפנט מיט דעם שליסל די טיר. אין וואַרטע־צימער האָבן זיי אויסגעטאָן די מענטל און אַנגעקלאַפּט אין דער טיר פון סאַלאָן.

— דאָס ביזטו הענריק? קום אַריין! — האָט זיך דערהערט די וואַרעמע שטימע פון דער פרוי זאַלצבערג.

הענריק איז אַריין מיט בעלען. אויף דער קאַנאַפּע זענען געזעסן צוויי פרויען: די אַלטע פרוי מאַריע זאַלצבערג און נעבן איר אַ יונג פריילין פון פרעכטיקער שיינהייט. בעלע האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר הענריקס מוטער — זי האָט אָבער נישט געקענט אָפּרייסן אירע אויגן פון דער רייצנדער שיינער פריילין.

„ווער קען זיין די שיינהייט. איך האָב נאָך אין מיין לעבן נישט געזען אַזעלכע פרעכטיקע שיינע האָר, בלויע אויגן מיט אַ טונקעלער ראָם. עס דאַכט זיך מיר אַזוי ווי איך וואָלט שוין אַמאָל געזען דאָס פּנים, אָבער עס איז דאָך זיכער, אַז איך קען זי נישט" — האָט בעלע געקלערט.

— מוטער, דאָס איז די פריילין בערקאָוויץ, וועגן וועלכער איך האָב דיר דערציילט.

— איך בין זייער צופרידן אייך צו באַקענען. איך זע, אַז הענריק האָט נישט איבערגעטריבן, ווען ער האָט מיר וועגן אייך דערציילט מיט התפעלות.

בעלע האָט זיך פאַרשעמט און איז רויט געוואָרן. זי האָט דערוואַרטעט, אַז הענריק זאָל איר אַרויסהעלפן פון דער סיטואַציע, ער אָבער האָט צוגעגעבן:

— דו ווייסט זען, מאַמע, אַז איך האָב אויך נישט איבערגעטריבן באַשרייבנדיק בעלעס מעלות. און איצט בעלע, דערלויב מיר פאָרשטעלן דיר אונדזער ליבן גאַסט: די פריילין סאַבינע רייזמאַן!

„דאָס איז זי אַלזאָ?" — האָט געטראַכט בעלע. — „איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב

זי שוין אַמאָל געזען — איך קען זי דאָך פון לעאָנס באַשרייבונ־גען :״

— איך קען נישט אויסדריקן מיין פרייד פון דעם, אַז איך האָב זיך מיט אייך באַקענט — האָט זיך בעלע אָנגערופן. — איך ווייס וויפל לייד איר האָט איבערגעלעבט אין דער לעצטער צייט, איך פאַרזיכער אייך אָבער, אַז איר זענט די גליקלעכסטע פרוי אויף דער וועלט.

— פון וואַנען קענט איר מיך און פאַרוואָס האַלט איר מיך פאַר אַ גליקלעכע ? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— איך קען אייך פון לעאָן קייזערשטיינס דערציילונגען און אַלס גליקלעכע האַלט איך אייך צוליב דעם. ווייל ווי דען קען מען אָנרופן אַ פרוי, וועגן וועלכער עס חלומט אָן אויפהער, טעג און נעכט, אַזאַ פּרעכטיקער מענטש ווי לעאָן ?

סאַבינע איז אויפגעשפרונגען פון איר אָרט, הערנדיק וועגן לעאָנען. די ווייטערדיקע ווערטער האָבן אויף איר הערלעך פנים אַרויסגערופן אַן אויסדרוק פון שעמעוודיקייט, וועלכער האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר שיינקייט.

— דערציילט מיר אין וואָס פאַראַ אומשטענדן האָט איר באַ־קענט לעאָנען און ווען האָט איר אים געזען דאָס לעצטע מאָל ? — האָט געפרעגט סאַבינע מיט אומגעדולד.

צי האָט דען העינריך אייך נישט געזאָגט ווי לעאָן געפינט זיך ? — האָט געפרעגט בעלע אומזיכער.

— איך ווייס שוין, אַז ער געפינט זיך אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט.

— יאָ, ער געפינט זיך טאַקע אין אַזאַ אַנשטאַלט, אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז ער איז פולשטענדיק געזונט. איך בין אַ קראַנקן־שוועסטער און אַרבעט אין ד״ר זילבערס אַנשטאַלט, ווי לעאָן גע־פינט זיך.

— וואָס פאַר אַ גליקלעכער צופאַל — האָט אויסגערופן סאַבינע מיט פרייד. — איך האָב לעאָנען געזען פון דער נאָענט ?

— ביז דער לעצטער צייט האָב איך אים געזען יעדן טאָג און יעדעס מאָל גערעדט מיט אים אַ פּאָר שעה, לעצטנס אָבער...

— וואָס איז געשען לעצטנס — האָט געפרעגט סאַבינע מיט פּחד.

— לעאָנען איז גאָרנישט געשען, זיין לאַגע האָט זיך נישט געענדערט. מיר אָבער האָט מען צוגענומען דאָס רעכט צו זען אים.

— הענריק, — פאַרוואָס האָסטו מיר גאָרנישט דערציילט פון דעם אַלעם? — האָט זיך סאַבינע געוואָנדן צו זאַלצבערגן.

— איך האָב דאָך אייך אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן לעאָנס אומגעלונגענעם פּרוּוו צו אַנטלויפן. איך האָב אייך אויך געזאָגט, אַז אין דעם האָט אַ גרויסן אָנטייל אַ קראַנקן־שוועסטער. גראָד דעמאָלט האָט בעלע אָנגעקלונגען צו מיר און איך האָב נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן מיין דערציילונג.

סאַבינע האָט געוואָלט ווי אַמשנעלסטן הערן אַלע איינצלהייטן, אָבער די פרוי זאַלצבערג האָט געבעטן אַלע צום טיש. אויך זי האָט זיך ערשט איצט דערוווּסט וועגן אַלעם, ווייל הענריק האָט איר נישט געוואָלט אָנטאָן עגמת־נפש און נישט דערציילט וועגן דעם אַלעם.

מאריע זאַלצבערג האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז אויב מען וועט איצט אָנהויבן דערציילן וועגן לעאָנען, וועט מען זיך נישט אַזוי שנעל נישט זעצן צום טיש. בעת דעם אָונט־ברויט האָבן ביידע קראַנקן־שוועסטער געקוקט איינע אויף דער אַנדערער מיט גרויס סימפּאַטיע. עס האָט זיך שוין פאַרקנופּט צווישן זיי אַ פריינטשאַפט־געפיל.

דער אָונט־ברויט האָט זיך געזאָלט שוין ענדיקן, ווען הענריק האָט זיך אָנגערופן:

— פריילין סאַבינע! אייגנטלעך ווייסן מיר נאָך נישט ביז איצט וואָס מיט אייך איז פאָרגעקומען פון דעם טאָג אָן, וואָס איר האָט פאַרלאָזט די תפיסה. עס איז אַריבער אַ לאַנגע צייט ביז איר האָט זיך היינט געוויזן ביי אונדז.

סאַבינע האָט טיף אָפּגעזיפצט. אַ ווײַלע זיך פאַרקלערט און געענטפערט:

— מיינע ערשטע שריט אויף דער פריי זענען געווען צו מיין מוטערס קבר. דאָרט האָב איך דערפילט, אַז עס קומט אין מיר פאָר עפּעס אַ טיפע ענדערונג. איך האָב געפילט, אַז עס פאַלט פון מיר אַראָפּ די נעכטיקע הויט. פון אַן אומבאַהאָלפן, מילד מיידל, וועלכעס האָט זיך אונטערגעוואָרפן אונטער אַלע נסיונות פון דעם גורל —

בין איך פלוצלונג געוואָרן שטאַרק, פּעאיק אונטערצונעמען יעדן קאַמף מיט דעם לעבן. איך בין גרייט געווען אויסקעמפן מיינע רעכט, מיין גליק.

בעלע האָט זיך איינגעהערט אין סאַבינעס ווערטער, נישט אָפּרייסנדיק פון איר קיין אויג.

— גייענדיק צום מוטערס קבר האָב איך נישט געהאַט קיין שום פּלאַן אויף די צוקונפט. ערשט דאָרט האָב איך באַשלאָסן, אַז איך מוז דערגרייכן דאָס, צו וואָס איך שטרעב די גאַנצע צייט, איך מוז צוריקגעווינען פאַר מיר עלאַנען. איך האָב נאָך דעמאָלט געמיינט, אַז לעאָן לעבט גליקלעך מיט זיין פרוי...

— וואָס האָט איר אַלזאָ אָנגעהויבן צו טאָן? — האָט גע־פרעגט הענריק.

— איך האָב ערשטנס געמוזט האָבן אַ היים און איך האָב דאַ־מאָלט באַשלאָסן אָננעמען די איינלאַדונג פון דער פרוי וואַרמאַן, וועלכע האָט פאַר מיר אַזוי פיל געטאָן און צוליב מיר אַזוי פיל געליטן. איך האָב ניט געקאָנט פועלן ביי זיך צו וווינען אונטער איין דאַך מיט איר מאַן און זיין געליבטע — אָבער דאָס וואָס איז אין דער צייט פאָרגעקומען האָט מיר אַרויסגעהאָלפן אין אַ גרויסער מאָס.

— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? — האָט געפרעגט בעלע.

— ווען איך בין צוריקגעפאָרן אין שטאָט פונעם בית־עולם האָבן די צייטונגס־פאַרקויפער געשריגן:

„אַ ספּעציעלע אויסגאַבע! דער טראַגישער טויט פון אַ וואַר־שעווער פאַבריקאַנט!" עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז געווען וואַרמאַן, איזאַבעלעס מאַן.

— עס האָט פשוט אויסגעזען, ווי גאָטס האַנט וואָלט זיך אָנגענומען מיין עוולה. שטעלט אייך נאָר פאָר: גראָד דאַמאָלסט, ווען איך ווער באַפרייט און ערקלערט אַלס אומשולדיק — טרעפט אַזאַ אומגליק די זעלבע מענטשן, וועלכע האָבן מיט זייער אויסזאָגן געגן מיר געוואָלט מיך אומברענגען.

— דאָס איז טאַקע געווען גאָטס שטראָף — האָט זיך אָנגערופן מאַריע.

— אין אַזאַ מאָמענט איז מיין פליכט געווען צו געפינען זיך נעבן דער אומגליקלעכער איזאַבעלע און נאָר צוליב דעם בין איך

ניט געקומען צו אייך. איזאַבעלע האָט מיך צוגענומען מיט גרויס פרייד — זי האָט זייער געדאַרפט דאַמאָלט אַ פריינטליכע נשמה נעבן זיך. איך האָב פאַר איר געטאָן אַלעס מעגליכע און עס האָט מיר אין דעם צוגעהאָלפן אַ נאָענטער פריינט פון דער פרוי וואַרמאַן. איך גלויב, אַז אין קורצן וועט די פריינטשאַפט איבערגיין אין עפּעס נאָענטערס...

— דאַן ערשט — האָט געצויגן סאַבינע איר דערציילונג — בין איך צוגעטראָטן צו מיינע זאַכן. איך האָב וועגן לעאָנען גאָר ניט געוווּסט און איין העלן פרימאָרגן בין איך אַוועקגעפאָרן אין קייזער־שטיינס פּאַלאַץ. איך האָב מיר ניט פאָרגעשטעלט קיין לייכטן נצחון — איך האָב געקאָנט רעגינען און געוווּסט, אַז אויך זי איז גרייט צו קעמפן צו געווינען פאַר זיך לעאָנס ליבע. איך האָב דאַן געדענקט, אַז זי איז מיין גרויסער שונא: אפילו דאַמאָלסט, ווען זי האָט שוין געהאַט לעאָנען פאַר זיך, נאָך דער חתונה, האָט זי אים איינגערעדט אַז איך בין טויט און פּראָבירט צוזאַמען מיט איר פאָטער אומברענ־גען מיך.

— הערנדיק אינעם פּאַלאַץ, אַז רעגינע איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד, האָב איך אין ערשטן מאָמענט פאַרשטאַנען, אַז זי איז אַוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט איר לעאָנען. איך האָב זיך אַלזאָ זייער דערפרייט, ווען מען האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז געפאָרן אָן אים. ענדליך, האָב איך געטראַכט, וועל איך האָבן די מעגליכקייט צו רעדן מיט לעאָנען אָן שטערונגען.

— אַזוי ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, בין איך דאָס מאָל געקומען אַהין ניט אַזוי ווי ביז איצט. ניט ווי אַ בעטלערן, וועלכע וויל נאָר אָנקוקן איר געליבטן און אַוועקגיין. איך האָב געוואָלט ווערן די אמתע „אייגנטימערן” פון מיין גליק... איך בין געווען גרייט אַרויסצורייסן אפילו מיט כוח מיין לעאָנען פון רעגינעס הענט. דאָס גליק האָט מיר געהערט, און ניט איר! זי האָט עס מיר צוגענומען אָן רעכט, מיט נידערטרעכטיקע מיטלען.

— איך האָב געמיינט, אַז עס שטייט פאַר מיר די אויפגאַבע צו עפענען לעאָנען די אויגן אויף די אַלע נידעריקע טאַטן פון זיין פרוי. צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג האָט מיר קיינער פון די משרתים ניט געוואָלט זאָגן וווּ איך קען זיך זען מיט דעם הער קייזערשטיין,

ווען ער וועט זיין אין דער היים. זיי האָבן אויף מיר געקוקט מיט פחד — ניט קיין וואונדער, זיי האָבן דאָך מיך אַלע געהאַלטן אַלס אַ געשטאָרבענעם...

— ענדליך האָב איך אויפגעזוכט דעם אַלטן מאוריצי. ווען ער האָט מיך אָנגעקוקט איז ער כמעט געפאַלן אין חלשות. ער האָט געקוקט אויף מיר און געהאַלטן אין איין קרייצן זיך. עס האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן, אַז אויף לעאָנס אויפטראָג איז ער געגאַנגען זיך איבערצייגן צו איך בין באמת טויט און ער האָט דעמאָלסט אַליין געזען מיין גייסט אין ווייסן...

— עס איז מיר געלונגען צו באַווייזן מאוריצין אַז איך בין לעבעדיק און דאַן ערשט האָט ער מיר געזאָגט, אַז לעאָן איז אין אַ משוגעים הויז. דער איינציקער הער פונעם הויז איז סאַמואל קייזערשטיין, ער פירט זיך אָבער אויף אַזוי, אַז עס איז דעם אַלטן משרת געווען אַ שאַנדע צו דערציילן דערפון.

— יאָ, איך דערקען סאַמועלן — האָט זיך אָנגערופן מאַריע. — אַזוי איז ער געווען אין זיינע יונגע יאָרן. רעגינע איז אין גאַנצן געראָטן אין אים, ניש אין דער מוטער, אַ העכסט אָרנטליכע פרוי און מוטער.

— איך האָב פאַרשטאַנען פון מאוריציס ווערטער, אַז לעאָן איז משוגע געוואָרן אין רעזולטאַט פון דעם אומגליקלעכן צוזאַמענלעבן מיט רעגינען. דער קאַמערדינער האָט מיר דערציילט וועגן איינצעליקע פאַלן פון קריגערייען — עס איז אויך געווען אַ צייט, ווען עס איז געווען די רייד וועגן אַ גט. איך האָב געקאָנט לעאָנען אין זיין עמפינדליכקייט, איך האָב מורא געהאַט, אַז, ער האָט עס פסיכיש ניט אויסגעהאַלטן.

— איך בין געווען צושמעטערט. דאַן האָב איך ערשט דערפילט, אַז עס פעלט מיר די גאַר נאָענטע אַטמאָספערע, וועלכע איך האָב געפונען אין אייער הויז. איך בין ניט געקומען באַלד. איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם מאָמענט, ווען איך וועל דערהערן די שרעקליכע בשורה, אַלס ענטגילטיק, פון לעאָנס פריינט, העגריק. הייגט, נאָך אַ פּאָר טעג פון קאַמף מיט מיר אַליין בין איך געקומען צו אייך און דאָ האָב איך איבערגעלעבט דעם גליקלעכסטן טאָג אין מיין לעבן — מיין לעאָן איז געזונט!

אַלע דריי פרויען האָבן יעצט אָנגעהויבן צו ווישן די אויגן. הענריק האָט זיך אָבער אָנגערופן פריילעך:

— וואָס איז דאָס מיט אייך? איך פאַרזיכער אייך, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועט לעאָן זיצן דאָ צוזאַמען מיט אונדז!

— עס מוז אַזוי זיין! — האָט אויסגערופן סאַבינע. — איך שווער אַז עס וועט מיך גאָרנישט אָפּשרעקן, איך וועל נישט אַדורכ־לאָזן קיין שום מעגלעכקייט צוריקצוגעווינען לעאָנען פאַר מיר און פאַר דער וועלט.

— איך מיט הענריקן וועלן אייך צוהעלפן! — האָט זיך אָנ־געגרופן בעלע. זי איז רויט געוואָרן, ווייל איצט ערשט האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי האָט שוין גערעדט אויך אין הענריקס נאָמען.

מאַריע האָט אָבער הערצלעך געשמייכלט צו איר, אַרויסווייזנדיק דערמיט, אַז זי פאַרשטייט אַלעס. זי האָט דאָך די גאַנצע צייט אָבסערווירט די צוויי יונגע מענטשן און שוין לויט דעם, ווי זיי האָבן אויף זיך געקוקט, איז געווען לייכט צו פאַרשטיין, אַז זיי זענען אין זיך שטערבלעך פאַרליבט.

ביידע קראַנקן־שוועסטער, וועלכע דער גורל האָט ביז איצט אַזוי שווער געטראָפן, האָבן דעם היינטיקן אָוונט געפונען אַ וואַ־רעמע משפּחה־אַטמאָספערע. נישט קיין וווּנדער אַלזאָ, אַז נאָך דעם, ווי סאַבינע האָט געענדיקט איר דערציילונג, האָבן זיי זיך צוגע־רוקט צו זיך און געשמועסט אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געקענט פון לאַנגע יאָרן.

הענריק האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און האָט זיך צוגע־ריקט צו זיין מוטער.

— לויט דיין שמייכל זע איך, אַז דו פאַרשטייסט שוין אַלעס —האָט ער אָנגעהויבן.

— אַזוי איז עס אין אין אמתן. איך ווינטש דיר גליק, קינד, מיינס. דאָס מיידל געפעלט מיר, איך וועל זי גערן אויפנעמען אַלס טאָכטער.

הענריק האָט צוגעדריקט זיינע ליפּן צו דער מוטערס האַנט.

— און איצט האָב איך צו דיר אַ ביטע, מוטער, איך קאָן דיר איצט נישט זאָגן פאַרוואָס, אָבער איך וויל, אַז דו זאָלסט פאַר־בעטן בעלען זי זאָל איבערנעכטיקן ביי אונדז. איך וועל דיר אַלעס

געבן צו פאַרשטיין ווען ביידע מיידלעך וועלן גיין שלאָפֿן.

— טייערע קינדער! — האָט זיך אָנגערופֿן מאַריע. — מיר האָבן זיך אַזוי פֿאַרשמועסט אַז מיר האָבן אַפֿילו נישט געזען, אַז עס איז שוין אַזוי שפּעט. איך וועל קיינעם פֿון אייך נישט דער־לויבן אַ היים צו גיין אַזוי שפּעט. איך וויל אויך נישט בלייבן איצט אַליין, אויב אַזוי קען אייך העבריק נישט אָפּפֿירן. איר וועט בלייבן דאָ נעכטיקן. איר באַקומט אַ שטוב פֿאַר זיך און דאָרט וועט איר קענען רעדן וויפֿל אייער האַרץ גלוסט.

סאַבינע און בעלע האָבן מיט פֿרייד אָנגענומען די איינ־לאַדונג באַלד האָבן זיי געשמועסט ביז שפּעט אין דער נאַכט. סאַ־בינע האָט זיך דערוווּסט פֿיל נייעס — אויך אין וואָס פֿאַר אַ באַדינגונגען לעאָן איז קראַנק געוואָרן. זי האָט דאָס ערשטע מאָל געהערט דעם נאָמען דזשייקאָב מייקלסאָן און זי האָט מיט עמ־פּערונג אויפֿגענומען די ידיעה, אַז רעגינע האָט פֿאַראַטן לעאָנען.

„פֿאַראַטן לעאָנען! צי איז דען דאָ אויף דער וועלט אַ מאַנס־פּערזאָן וועלכער וואָלט געקאָנט דערגרייכן דעם כּבֿוד צו קאָנ־קורירן מיט לעאָנען? — האָט זי געטראַכט. פֿאַרוואָס האָט זי נישט געזוכט גליק אין די אָרעמס פֿון אַן אַנדערן — פֿאַרוואָס האָט זי נישט אײַנגעשטימט, אַז איך זאָל געפֿינען מײַן גליק נעבן אים?"

שפּעט בײַנאַכט זענען סאַבינע און בעלע אײַנגעשלאָפֿן און ווען זיי האָבן זיך אין דער פֿרי געזעגנט, ווען בעלע איז אַוועק צו דער אַרבעט, האָבן זיי אָפּגעשמועסט, אַז נאָך דער אַרבעט וועט בעלע קומען צו די זאַלצבערגס כּדי אַרומצורעדן די ווייטערדיקע טריט צו באַפֿרײַען לעאָנען.

ווען די קראַנקן־שוועסטער זענען אַריין נעכטן אָוונט אין זייער צימער, האָט זיך אויך מאַריע געלייגט אין בעט. זי איז אָבער נישט געשלאָפֿן. נעבן איר האָט זיך אַוועקגעזעצט העבריק און האָט איר דערציילט בעלעס ליידן־וועג און איר היינטיקן שמערץ. פֿון דער אַלטיטשקערס אויגן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט טרערן.

זי האָט מיט ליבע צוגעדריקט צו זיך העבריקן און אים געגעבן אַ הייסן קוש.

# דער דראמאטישער צוזאַמענטרעף

ווען בעלע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט האָט זיך נישט אָנגעזען אין אַנשטאַלט, אַז עפּעס זאָל זיך האָבן געענדערט. מיט אַ שווער האַרץ האָט זי דערוואַרט דעם ערשטן צוזאַמענטרעף מיט איר פּאָטער. וואָס זאָל זי טאָן? באַגריסן אים, ווי יעדן טאָג, צו נישט?

זי האָט געוואָלט ווי אַם שנעלסטן דערציילן אַלעס דעם ד״ר גראַף. איצט איז ער אָבער געווען פאַרנומען מיט זיינע פּאַציענטן. האָט זי דאָס געהאַט היינט צו דערציילן וועגן איר פּאָטער, און וועגן סאַבינען, און אויך וועגן איר פּערזענלעך גליק...

אין מיטאָג־צייט, ווען זי האָט זיך שוין געגרייט אַריינצוגיין צום ד״ר גראַף, האָט מען זי פּלוצלונג אַרויסגערופן צום ד״ר זילבער. עס איז איר שוואַך געוואָרן, די פיס האָבן זי אויפגעהערט צו טראָגן. עס איז אַלזאָ געשען — דער פּאָטער האָט אַלעס דערציילט! עס איז אים ווייניק געווען אַרויסטרייבן זי פון הויז, ער האָט זי אויך געוואָלט פאַרטרייבן פון דער אַרבעט!

זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין ברירה — צום דירעקטאָר מוז מען גיין. דער דירעקטאָר איז געזעסן נעבן זיין שרייבטיש אָנגעכמורעט.

— זעץ זיך! — האָט ער געזאָגט מיט אַ קאַלטן טאָן און אַ לאַנגע צייט נישט אָנגעקוקט בעלען. ער האָט דערמיט זי געוואָלט מער איבערשרעקן. ערשט נאָך אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך אָנגערופן:

— עס טוט מיר זייער לייד, בעלע, אָבער איך מוז דיר אָפּזאָגן פון פּאָסטן. שוין פון איצט אָן. אַזוי זעט אויס דיין דאַנקבאַרקייט? — האָט ער אויפגעהויבן דעם טאָן. — איך האָב דיר געהאָלפן, אַז דו זאָלסט זיין אַ געבילדעט מיידל, איך וואָלט דיר נישט אָפּגעזאָגט, ווען דו וואָלסט געוואָלט שטודירן —און איצט האָב איך זיך דערוואַרט אַזאַ פאַרראַט פון דיין זייט.

— איך בין אײַך באמת זייער דאַנקבאַר פאַר אַלעם, וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן, אָבער פון דעם וואָס איר האָט געצאָלט פאַר מײַן לערנען איז נישט געדרונגען, אַז איך מוז זיך פאַרקויפן אייך מיט לייב און לעבן. מײַן געוויסן וועל איך באַשטימט נישט פאַרקויפן — און ווען איך וואָלט געוווסט, אַז דאָס איז דער תּנאַי, אַז איר זאָלט מיר העלפן אין מײַן בילדונג — וואָלט איך שוין דאַן אָפּגעוואָרפן אייער הילף.

— דײַן פאָטער, זע איך, איז גערעכט, האָט אויסגערופן זילבער. — אַ שלאַנג האָט ער אויסגעהאָדעוועט. דו וואַגסט דיך מיר צו געבן אַ לעקציע וועגן געוויסן? נישט דײַן פאָטער, נישט איך — קיינער פון אונדז איז, ווײַזט אויס נישט קיין אויטאָריטעט פאַר דיר.

— נישט איר און נישט מײַן פאָטער, קיינער פון אײַך, זעט נישט מער אין אײַער לעבן ווי דעם אַנשטאַלט. איר זעט נישט דעם לײַדנדן מענטש, נאָר די דיסציפּלין, דעם סדר — דאָס שטייט בײַ אײַך העכער ווי דער מענטש.

— איך האָב דיך נישט אַרײַנגערופן כדי אויסצוהערן פון דיר מוסר! דאַנק גאָט, אַז איך באַגרענעץ זיך צום פּרײַלאָזן דיך פון דײַן פּאָסטן, עס קומט דיר תּפיסה פאַר דײַן הילף, וועלכע דו האָסט אַרויסגעוויזן קייזערשטיינען. איך שעץ אָבער צו הויך דײַן פאָטער און זײַן לאַנגיאָריקע אַרבעט בײַ מיר. איך פאַרלאַנג אָבער, אַז דו זאָלסט אויסגעבן דײַנע שותּפים!

— דאָס וועט איר בײַ מיר נישט פועלן. איך בין אָבער צופרידן מיט דעם, וואָס איר האָט פון מיר איצט פאַרלאַנגט. איצט בין איך שוין זיכער אַז איך האָב גוט געטאָן העלפנדיק קייזערשטיינען. איר און מײַן פאָטער זענט ביידע גאָר קליינע מענטשעלעך. איך האָב געגלויבט, אַז מײַן פאָטער האָט זיך אפשר גאָר פאַרגעסן — איצט וועט מיר זײַן פיל לײַכטער צו פאַרלאָזן מײַן היים און מײַן אַרבעטס־פּלאַץ.

— גענוג! — האָט אויסגערופן זילבער. — נאָר אַ דאַנק דעם וואָס איך האָב דיך אַזוי גערן גייסט דו אַוועק פון דאַנען פרײַ. נעם אָפּ דאָס וואָס עס קומט דיר און פאַרלאָז דעם אַנשטאַלט — איך וויל דיר נישט מער אָנקוקן.

בעלע האָט די גאַנצע צייט געקעמפט מיט זיך, איצט אָבער האָט זי זיך שוין נישט געקענט מער באַהערש און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. וויינענדיק איז זי אַרויס פֿון זילבערס קאַבינעט און געלאָפֿן צום ד"ר גראַף.

דער דאָקטאָר האָט זי אָנגעקוקט מיט פֿאַרוווּנדערונג, נישט פֿאַרשטייענדיק וואָס עס איז פֿאָרגעקומען. ער האָט בעלען אָנ־געקגעזעצט אויף אַ פֿאָטעל און ערשט ווען זי האָט זיך באַ־רואיקט האָט ער זי געפֿרעגט וואָס עס האָט פֿאַסירט.

— דער אַלטער האָט מיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿונעם אַנשטאַלט — האָט בעלע דערציילט וויינענדיק און דאַן האָט זיך ד"ר גראַף דערוווּסט וואָס עס איז פֿאָרגעקומען פֿון דעם נעכטיקן טאָג אָן.

— נעם דיך נישט איבער! — האָט ער זיך אָנגערופֿן נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן. איך בין זיכער, אַז דו וועסט געפֿינען נאָך אַ בעסערן פּאָסטן, איך וועל דיר אַליין העלפֿן.

— נישט וועגן דעם גייט עס — האָט בעלע געזאָגט. פֿון נעכטן אָן דאַרף איך אין גאַנצן נישט קיין אַרבעט. איך בין מאַטעריעל פֿאַרזיכערט אַזוי, ווי איך האָב עס מיר נישט פֿאַר־געשטעלט אין חלום.

בעלע האָט דערציילט דעם דאָקטאָר, אַז העניק האָט זיך איר דערקלערט אין ליבע און אַז אויך זיין מוטער שטימט איין אַז בעלע זאָל ווערן זיין פֿרוי.

— איך האָב געגעכטיקט ביי די זאַלצבערגס, ווייל איך האָב דאָך פֿון נעכטן אָן נישט קיין היים.

— ווי איך זע, האָט דיך געטראָפֿן אַ גליק און האָסט אויך געפֿונען אַ היים. וואָס ווינסט דו אַלזאָ ?

— ליבער דאָקטאָר! אויך איר האָט דאָך קינדער און איר פֿאַרשטייט, וואָס עס באַדייט פֿאַר זיי דאָס וואָרט „פֿאָטער". ביז נעכטן האָב איך דאָך געגלויבט, אַז אויך איך האָב אַ פֿאָטער. עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז טיף אין האַרצן ליבט ער מיך, ווי יע־דער פֿאָטער האָט ליב זיין קינד. היינט ערשט האָב איך פֿאַר־שטאַנען, אַז איך האָב לאַנגע יאָרן געלעבט מיט אַ פֿרעמדי מענטש, וועלכער האָט נישט פֿאַרדינט, דאָס געפֿיל, מיט וועלכן איך האָב אים באַשאָנקען.

ד״ר גראַף האָט נישט געפונען קיין ווערטער צו באַרואיקן בעלען. ער האָט דאָך איינגעזען, אַז זי האָט געהאַט רעכט. דאָס האַרץ האָט אים געבלוטיקט. ער האָט נישט געקענט זיך צו־קוקן צו בעלעס פּיין. די דערלייכטונג איז געקומען ווען בעלע האָט אים אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן דעם צוזאַמענטרעף מיט סאַבינען, וועגן איר שיינקייט אָן איר דערהויבענעם כאַראַקטער.

— וואָס פאַר אַ פּרעכטיקער מענטש זי איז — האָט בעלע דערציילט. — ווען איר וואָלט זי געקאָנט זען. פאַרוואָס אייגנט־לעך זאָלט איר זי נישט זען? — האָט בעלע פּלוצלונג אויס־גערופן. — קומט היינט אין אָוונט צו די זאַלצבערגס, וועט איר מיט איינמאָל באַקענען אַלע... אַנטזאָגט מיר נישט, דאָקטאָר, איך בעט אייך — פאַרטרעט מיר פון היינט אָן מיין פאָטער. איך וויל אייך פאַרשטעלן מיין חתן און זיין מוטער.

— איך בין מסכים. איך וועל קומען און איך נעם אויך אָן דיין פאָרשלאַג: פון היינט ביסטו אַזוי ווי מיינס אַ טאָכטער.

מיט פרייד האָט בעלע פאַרלאָזט ד״ר גראַפס קאַבינעט. עס איז איר שוין איצט נישט געווען אַזוי שווער אויפן האַרצן ווי־דעמאָלט, ווען זי איז צו אים אַריינגעגאַנגען.

זי האָט זיך הערצלעך געזעגנט מיט דעם גאַנצן פּערסאָנאַל. קיינער האָט נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס מען האָט בעלען אַזוי שטרענג באַהאַנדלט.

— אויב דער אַלטער בערקאָוויץ האָט נישט געקענט פועלן ביי זילבערן, אַז ער זאָל נישט אָפּזאָגן זיין טאָכטער — איז עק וועלט — האָבן אַלע געטראַכט, ווייל קיינער האָט נישט גע־ווּסט, אַז דוקא בערקאָוויץ איז שולדיק אין דעם.

בערקאָוויץ אַליין האָט זיך ערגעץ באַהאַלטן און פון דער ווייטן האָט ער אָבסערווירט, ווי די דאָקטוירים און דער גאַנצער פּערסאָנאַל פירט אָפּ בעלען דעמאָנסטראַטיוו ביז צום טויער — כדי אַזוי אַרום אָרויסצווייזן זייער פּראָטעסט קעגן דעם די־רעקטאָרס שטרענגער אויפפירונג.

— איך וועל אייך ווייזן — האָט בערקאָוויץ צו זיך גערעדט. — איר וועט אייך איבערצייגן, אַז ווי לאַנג בערקאָוויץ איז דאָ אין אַנשטאַלט מוז דאָ הערשן אָרדענונג. פון מיר וועט איר נישט

כּאַבן קיין געלעכטער.
בעלע האָט פאַרלאָזט דעם אַנשטאַלט און אַוועק צו די זאַלצבערגס, אַזוי ווי זי וואָלט געגאַנגען אין איר אייגענע היים. אויף די שטיגן האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ערשט אויף 5 אזייגער האָט זי זיך אָפּגעשטימט מיט הענריקן אין גאַס. זי האָט געוואָלט צוריק אַראָפּלויפן, עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט: די טיר האָט זיך געעפנט און פון איר האָט אַרויסגעקוקט סאַבינעס הנודיק פנימל.
— וואָס טוט איר דאָ, בעלע, אַזוי פרי? — האָט זי געפרעגט מיט דערשטוינונג.
— עס איז פאָרגעקומען אַ טרויעריקע זאַך — האָט בעלע געענטפערט. — עס האָט עמעצער צוגעטראָגן דעם דירעקטאָר, אַז איך האָב געהאָלפן לעאָנען אַנטלויפן און מען האָט מיך אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט.
— עס האָט דאָך קיינער דערפון נישט געוווּסט, ווער האָט עס אַלזאָ געקענט טאָן? — האָט סאַבינע געפרעגט.
דערווייל האָט די פרוי זאַלצבערג דערהערט זייערע שטימען און אַריינגערופן זיי אין סאַלאָן. דאָ האָט בעלע דערציילט דעם גאַנצן אמת. נישט פאַרבאַהאַלטנדיק גאָרנישט. ווען זי האָט געענדיקט איז סאַבינע צו איר צוגעגאַנגען, האָט זי וואַרעם אַרומגענומען און געזאָגט:
— טייערע בעלע מיר זענען שוין נישט קיין פרעמדע פאַר זיך. לאָז דיר זאָגן, אַז דו טאָרסט זיך נישט אונטערגעבן דעם טרויער. איך האָב מער איבערגעלעבט פון דיר און דאָך קוק איך אין די צוקונפט פול מיט האָפענונג. איצט, ווען עס דערוואַרט דיך אַזעלכע גליקלעכע ענדערונגען אין דיין לעבן, מוזטו שוין באַשטימט, גאָר אַנדערש צוגיין צו דעם, וואָס עס האָט דיר געטראָפן.
— פון וואַנען ווייסטו, אַז עס דערוואַרטן מיך אַזעלכע ענדערונגען? — האָט בעלע געפרעגט מיט פאַרוווּנדערונג.
— עס האָט מיר היינט דערציילט דערפון די פרוי זאַלצבערג!
בעלע האָט אָנגעקוקט די פרוי זאַלצבערג, אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן פון גליק, זי איז צוגעלאָפן צו מאַריען און באַהאַלטן איר פנים אין שויס פון העבריקס מוטער. אין דער־

זעלבער רגע איז אויך אַהיים געקומען הענריק.

אין קורצע ווערטער האָט מען אים דערציילט פון וואַגנען בעלע גענומען זיך אַזוי פרי אין דער היים.

— אויסגעצייכנט! — האָט ער אויסגערופן. — איך האָב גראָדע היינט געקלערט באַאיינפלוסן בעלען, אַז זי זאָל אָוועקוואַרפן די אַרבעט. איך האָב עס געוואָלט טאָן נישט נאָר צוליב דעם ווייל דו ווערסט שוין אין דער צוקונפט נישט דאַרפן אַרבעטן כדי צו פאַרדינען אויף דיין עקזיסטענץ. איך וויל פשוט האָבן אַ פרוי פאַר זיך — און אַרבעט ווערסטו האָבן גענוג, מיר וועלן דאָך וווינען צוזאַמען מיט דער מוטער — דיינע קענטעניש אַלס קראַנקען־שוועסטער וועלן דיר צוגוץ קומען

בעלע האָט זיך זייער דערפרייט, הערנדיק, אַז זי האָט שוין אַ ציל אין לעבן. מען האָט זי געזעצט צום טיש און באַלד איז דאָס געשפּרעך אַריבער אויף די פּערזאָן פון לעאָנען.

— איך לייג פאָר — האָט זיך אין אַ געוויסן מאָמענט אָנגערופן בעלע — אַז מיר זאָלן דערווייל נישט אָננעמען קיין שום דעציזיעס. איך האָב מיר דערלויבט צו פאַרבעטן אויף היינט דעם ד״ר גראַף — איר קענט דאָך אַלע זיין פריינטשאַפט פאַר לעאָנען און די הילף, וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן, אַם בעסטן וואָלט אַלזאָ געווען אַז מיר זאָלן אויסהערן זיין ראָט.

— איך שטים איין דערמיט — האָט הענריק געזאָגט. — עס איז טאַקע געווען קלוג פון דיין זייט צו פאַרבעטן דעם ד״ר גראַף צו אונדז.

אין אָוונט איז טאַקע דער ד״ר גראַף געקומען און ער איז אויפגענומען געוואָרן דורך אַלע, ווי אַן אַלטער פריינט. ערשט האָט מען געשמועסט וועגן פאַרשידענע זאַכן, דאַן איז דאָס געשפּרעך אַרויף אויף די לעצטע געשעענישן אין אַנשטאַלט און אויף לעאָנען גופא.

— מיר אַלע דאָ זענען פאַראינטערעסירט אין דעם — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר — אַז דער מענטש זאָל ווי אַם שנעלסטן זיך געפינען אויף דער פריי. אַם מייסטן אָבער וואַרט דערויף, פאַר־שטייט זיך, די פריילין סאַבינע.

— אויב עס וועט זיין נויטיק, בין איך גרייט אַוועקצוגעבן מיין לעבן פאַר אים. — האָט זיך סאַבינע אָנגערופן.

— איך האָב זיך עס אַזוי פאָרגעשטעלט. לויט דעם וואָס לעאָן זאָט מיר וועגן אייך דערציילט. ער ליבט אייך נישט ווייניקער, ווי איר אים. ווער ווייסט צי ער וואָלט אויסגעהאַלטן די אַלע איבער־לעבונגען, ווען נישט זיין ליבע צו אייך.

— איך מוז מודה זיין, אַז ערשט איצט נישט לאַנג האָט מיך דער פאַל אָנגעהויבן צו אינטערעסירן פון אַ נענטערן שטאַנדפונקט. פאַר דעם האָט ער מיר אינטערעסירט פון מעדיצינישן שטאַנד־פונקט. איך האָב איינגעזען, אַז דער מענטש איז געזונט און אַלס דאָקטאָר האָב איך נישט געקאָנט איינשטימען דערמיט, אַז מען זאָל אַגעזונטן מענטש האַלטן אין א משוגעים־אַנשטאַלט. יאָ, פרײלין סאַבינע, איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט צוריק־באַקומען אייער געליבטן געזונט אין פיזישן און גייסטיקן זין פון וואָרט.

— ווי אַזוי אָבער קען איך אים צוריקבאַקומען? — האָט גע־פרעגט סאַבינע.

— דאָס איז די פראַגע. איך בין נישט קיין אָנהענגער פון דעם, אַז מען זאָל אַ געזונטן מענטש האַלטן אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט. דאַן, ווען איך וואָלט געווען זיכער, אַז דאָס מאָל וועט עס יאָ געלונגען. איך זע אייערע פנימער פול מיט פאַרווונדערונג — איך וועל אייך אַלזאָ באַלד געבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס הייסט נישט, אַז איך וועל לעאָנען איבערלאָזן דאָרט, ווו ער געפינט זיך איצט.



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאָבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 105

איך מוז אייך זאָגן דעם אמת — האָט זיך אָנגערופֿן סאָ־בינע — אַז אויך איך בין קעגן אַ נייעם פּרווו אַז לעאָן זאָל אַנטלויפֿן, כאָטש איך דאַרף אייך נישט איבערצייגן ווי זייער איך וואָלט געוואָלט זען אים ווי אַם שנעלסטן נעבן מיר. איך וויל אָבער נישט צוויילן דעם אָמענט, אויב דאָס וואָלט געקאָנט ברענגען שאָדן לעאָנען.

— איך וויל אייך געבן צו פֿאַרשטיין, וואָס איך מיין דערמיט — האָט סאָבינע גערעדט ווייטער. — אויף אַ מענטש, וועלכער איז אַנטלאָפֿן פֿון אַ משוגעים־הויז ליגט זיין גאַנץ לעבן דער חשד, אַז אפשר איז דאָך געווען דערין עפּעס ריכטיקס, אויב ער האָט זיך געפֿונען אין אַזאַ אַנשטאַלט. איך וויל צוריקבאַקומען לעאָנען אַ ביסעלע שפּעטער, אָבער אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז ער זאָל קאָנען גליקלעך און רואיק אַדורכגיין דעם לעבן.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט אויסגערופֿן ד״ר גראַף. — איך באַוואונדער אייער אייזערנע לאָגיק. די זעלבע אַרגומענטן האָבן מיך באַוויגן, אַז איך זאָל זיך אַרויסזאָגן קעגן לעאָנס אַנטלויפֿן. עס איז מיר נאָר אַ שאָד יעדן טאָג, וואָס דער פֿיינער מענטש מוז זיך געפֿינען אין די גרויע מויערן פֿונעם אַנשטאַלט.

— מיינע טייערע! — האָט זיך איצט אָנגערופֿן די פֿרוי זאַלצבערג. — סוף כל סוף לעבן מיר דאָך נישט אין אַ וויסטע. מיר לעבן אין אַ קולטורעל לאַנד, ווו עס שטייען צו אונדזער דיס־פּאָזיציע אַלע לעגאַלע וועגן כדי אַרויסצובאַקומען לעאָנען אויף די פֿריי — אַלס פֿולקאָם געזונטן מענטש. עס שטייט נאָר פֿאַר אונדז די פֿראַגע, ווי אַזוי צו פֿאַרלייכטערן זיין ביטערן גורל ביז זיינע טרייע פֿריינט וועלן טאָן פֿאַר אים אַלעס וואָס איז נאָר מעגלעך.

— דאָ האָט אונדז, דאַכט זיך, גאָט געהאָלפֿן — האָט ווייטער געזאָגט מאַריע מיט אַ שמייכל. — צי איז עס דען נישט גאָטס האַנט, אַז גראַד איצט האָט מען אָפּגעזאָגט בעלען דעם פּאָסטן. איר אָרט איז דאָך איצט פֿריי — דאַרף מען דען אַ בעסערע קראַנקן-

שוועסטער אויף דעם אָרט ווי סאַבינע רייזמאַן ?

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן און פּלוצלונג האָבן אַלע אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ מאָל. ד״ר גראַף איז צוגעלאָפן צו מאַריען און געקושט איר די האַנט. דער איינפאַל איז באמת געווען אַן אויסגעצייכנטער.

— איך בין אייך דאַנקבאַר פון גאַנצן האַרצן פאַר אייער איינפאַל — האָט זיך סאַבינע געוואַנדן צו דער פרוי זאַלצבערג. — ווער ווייסט, צי מיין לעבן וואָלט נישט אַוועק אויף גאַר אַנדערע וועגן, ווען איך וואָלט נישט געהאַט פאַר אייך אַזוי פיל סודות און אָפטער געבעטן אייער ראַט...

עס איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז צומאָרגנס וועט זיך סאַבינע ווענדן אין זילבערס אַנשטאַלט. און אַזוי איז עס טאַקע פאָרגעקומען. ביים טויער האָט מען איר געהייסן צווואַרטן און מען האָט טעלעפאַניש אָנגעפרעגט צי מען דאַרף אַ קראַנקן-שוועסטער.

אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז סאַבינע געזעסן אין דער קאַנצעלאַריע, ווי מען האָט זיך באַקענט מיט אירע דאָקומענטן און דיפּלאָמען. דאַן האָט מען זי אַריינגעפירט אין דעם ד״ר זילבערס קאַבינעט.

ד״ר זילבער האָט אַלע נייע אָנגעשטעלטע אָנגענומען אַליין, קיין מאָל אָבער איז ער נישט אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט ווען עמעצער פון זיי איז אַריין אין קאַבינעט. די פּרעכטיקע שיינהייט פון סאַבינען איר קעניגלעכן אויסזען האָבן געמאַכט אויף אים אַ ריזיקן רושם און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט.

— איר האָט הערלעכע פּאַפּירן — האָט ער געזאָגט באַקוקנדיק אירע דיפּלאָמען. — איך זע אָבער, אַז איר האָט נישט קיין שום צייגענישן אַז איר זאָלט האָבן עפּעס אַן אַנונג וועגן די אַרבעט אין אַ משוגעים-אַנשטאַלט.

— איך האָב אַמאָל געאַרבעט אין אַזאַ אַנשטאַלט, איך האָב אָבער נישט פון דאָרט קיין צייגענישן.

— אויב אַזוי וועל איך אייך שטעלן אַ פּאָר פראַגן און איך וועל באַלד וויסן צי עס איז אמת.

זילבער האָט נישט געוווסט, אַז די פאַבריקע נאַכט האָט בעלע געגעבן סאַבינען פאַרשידענע אָנווייזונגען, וועלכע זענען איצט סאַ־

בינען זייער צונויף געקומען ביי זילבערס עקזאַמען. אַ דאַנק די אַנ־ווייזונגען, האָט זילבער נאָך אַ פערטל שעה געקאָנט אַנגאַזשירן סאַ־בינען צו דער אַרבעט אַלס אַ קוואַליפיצירטע פלעגערין.

— נעמט אייערע דאָקומענטן און ווענדעט אייך צום ד״ר גראַף, וועלכער וועט זיין אייער אוממיטלבאַרער שעף.

סאַבינע האָט זיך דערפרייט, — ווייל אַלעס איז געגאַנגען פונקט אַזוי ווי עס איז נעכטן געווען פאָרגעזען. ווען זי איז אַריין אין ד״ר גראַפס קאַבינעט, האָט ער זיך פאַרהאַלטן, ווי ער וואָלט זי דאָס ערשטע מאָל געזען פאַר זיך, און האָט זיך כלומרשט זייער דערפרייט, אַז דער ד״ר זילבער האָט צוגענומען אַזאַ גוטע קראַפט.

— אויב אַזוי — האָט גראַף געזאָגט — קענט איר שוין היינט צוטרעטן צו דער אַרבעט ביי קייזערשטיינען, קיינער וועט אונדז אין גאָר נישט זיין. גייט צו אים אַריין ווי אַמשנעלסטן, איך שטעל מיר פאָר ווי גליקלעך ער וועט זיך פילן ווען ער וועט אייך דערזען. דאָס האַרץ האָט אין איר געקלאַפּט ווי אַ האַמער, ווען זי האָט אַריינ־געשטעקט דעם שליסל אין דעם שלאָס און שטילערהייט געעפנט די טיר.

לעאָן איז געלעגן אויף זיין בעט מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער האָט געהערט עמעצן עפענען די טיר, ער האָט אָבער אויך געוווסט, אַז עס איז נישט דאָ קיין נייעס צו דערוואַרטן. אַזוי ווי יעדן טאָג איז אוודאי אַריינגעקומען אַ סאַניטאַר מיט דעם מיטאָג. ער האָט זיך אַלזאָ נישט באַוויזן און אפילו נישט געעפנט די אויגן.

סאַבינע האָט זיך דערנענטערט צום בעט און האָט זיך איינגע־קוקט אין לעאָנען. פון אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן פליסן טרערן ווען זי האָט דערזען די גרויסע ענדערונג אויף לעאָנס פנים און גראָע האָר אויף זיינע שלעפן, וועלכע קיינער האָט נישט דערזען. זי האָט נישט געקאָנט באַהערשן דעם ווייטיק, פון איר ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געוויין.

לעאָן האָט געהערט דאָס יאָמערן. ער האָט פּאַמעלעך געעפנט די אויגן און אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג די פרויען־געשטאַלט נעבן זיין בעט. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? צי איז עס ווידער נישט מער ווי אַ שפּיל פון דער פאַנטאַזיע.

— לעאַן! מיין טייערער לעאַן! — האָט זיך דערהערט אַ
טיל שעפטשען.

איצט איז שוין נישט געווען קיין שום ספק. לעאַן האָט זיך
נסטיק אויפגעשטעלט, דאָס בלוט איז אים געקומען אין פּנים. ער
אָט געגומען סאַבינען אין זיינע אָרעמס און באַדעקט איר פּנימל
ט הייסע קושן. פון אירע אויגן, פון די באַקן, פון אירע ליפּן האָט
ר אַראָפּגעקושט די הייסע טרערן.

נאָך אַ לענגערע צייט ערשט האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט אויף
נאַנס בעטל און לעאַן האָט דער ערשטער איבערגעריסן די שטיל־
יט.

סאַבינע, טייערע מיינע. עס קאָן דאָך נישט זיין קיין פּראָס־
נר צופאַל, אַז דו געפינסט זיך דאָ. גיב מיר צו פאַרשטיין ווי אַזוי
ז עס געשען?

— פון היינט אָן אַרבעט איך דאָ אויף דעם אָרט פון דער אָפּגע־
גטער בעלען. קיינער אָבער — אַ חוץ דעם ד״ר גראָף — ווייסט
שט, אַז מיר קענען זיך.

— דו וועסט אַלזאָ איצט זיין אַזוי נאָענט נעבן מיר? מיר וועלן
ך קענען זען יעדן טאָג? צי זאָל מיין גלויבן אין מיין גליק, אַז
ך וועל קענען איצט קוקן אין דיין פּנימל און צודריקן צו מיין
רוסט? דו ביסט דאָך נאָך פיל שענער, ווי דו ביסט געווען אַמאָל,
איך האָב דיך געהאַט אין מיין זכרון.

— יאָ, טייערער מיינער! איך בלייב איצט נעבן דיר און וועל
ך נישט פאַרלאָזן ביז וואַנען דו וועסט פריי ווערן פון דאַנען. עס
עט שוין נישט דויערן לאַנג און דו וועסט צוריקקערן צו אַ נאָר־
אַל לעבן.

## דער סוף פון אַן אַפּעריסט

ווען מישאַ געלמאַן איז געוואָרן אַרעסטירט איז דער קאָמיסאַר
יט צוויי פּאָליציאַנטן אַוועק אין האָטעל ווו עס האָט געווינט
גינע. זי איז געווען זייער אומרואיק, ווען עס איז אַריבער אַ פּאָר
עה און איר דזשייקאָב האָט זיך נישט געוויזן.

זי האָט פּרובירט אַליין זיך איבערצייגן, אַז עס דראָט אים

טער פון אננא נאָווערעצקאַ געווען אמתע? אפשר איז ער גאָר-נישט קיין אַמעריקאַנער מיליאָנער נאָר אַן אַפּעריסט?

מיט פרייד האָט זי דערהערט, אַז עמעצער קלאַפּט אָן אין דער טיר, אָבער ווי גרויס איז געווען איר שרעק, ווען אין צימער זענען אַריין דריי פּאָליציי-לייט.

— ציי זענט איר די פרוי מיכלסאָן? — האָט זיך צו איר געווענדעט דער קאָמיסאַר.

— ניין, איך בין נישט די פרוי מיכלסאָן! — האָט זי געענטפערט.

— דער פּאַרטיער האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם צימער. אויב איר לייקנט אָבער — ביטע, ווייזט מיר אייערע פּאַפּירן.

— מיט וואָס פאַר אַ רעכט ווילט איר פון מיר מיינע דאָקו-מענטן? איך זע נישט קיין שום סיבה אַז איך זאָל דאַרפן לעגי-טימירן זיך פאַר אייך...

דאָס אַליין ווייזט שוין, אַז איר זענט נישט אין אָרדענונג, נישט קוקנדיק אויף מיין ערע פאַר אַ פרוי מוז איך אייך אַרעסטירן.

— מיך אַרעסטירן? — האָט רעגינע אויסגערופן. — פאַר-וואָס? איך האָב דען געטאָן עפּעס שטראָפּבאַרס?

— דאָס וועט זיך ערשט אַרויסווייזן בעת דער אויספאָרשונג. דערווייל איז נאָר אויפגעוויזן געוואָרן, אַז אייער מאַן איז אַ מער-דער און אַן אַפּעריסט...

— מיין מאַן? — האָט אויסגערופן רעגינע און פאַרבראָכן די הענט.

— יאָ, אַלס דינער פון דעם הער יעקב מיכלסאָן האָט ער אים צוגערויבט זיין געלט און דאָקומענטן און אַראָפּגעשטופּט אין אַן אָפּגרונט. אייער מאַן הייסט נישט יעקב מיכעלסאָן, נאָר מישאַ געלמאַן — איר ווייסט דאָך אוודאי פון דעם און איר זענט אויך אַ שותּפטע צו זיינע פאַרברעכנס.

„ניין! עס קאָן נישט זיין אמת! — האָט רעגינע דערקלערט רעגינע קייזערשטיינס געליבטער איז אַ פּראָסטער דינער? אויב דאָס איז אמת — מוז איך דאָך אויפווייזן מיין אומשולד! איך מוז

און דאַן וועט איר פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס איך האָב אייך נישט
אַלט ווייזן מיינע פּאַפּירן. איך בין נישט די פֿרוי פֿון דעם מענטש.
איז נאָר געווען מיין געליבטער.

— דאָ האָט איר אַלזאָ מיין פּאַס, קוקט אים איבער און לאָזט
צורו.

— איך מוז אייך סיי ווי אַרעסטירן. פֿון דעם אַז איר זענט די
פֿון אַ הער קייזערשטיין איז נאָך נישט געדרונגען, אַז איר
נישט געאַרבעט צוזאַמען מיט געלמאַנען.

— איך מיט אים צוזאַמען? איך האָב עס נישט געדאַרפֿט —
האָב נאָך אים געגעבן געלט.

— איר האָט זיך נישט מיט וואָס צו באַרימען, גנעדיקע פֿרוי,
האָט דאָך אוודאי אים געגעבן נישט אייער געלט, נאָר אייער
ס... אין דער אמתן קען איך גאָרנישט פֿאַרשטיין, ווי אַזאַ
ע פֿרוי האָט איינגעשטימט צו ווערן די געליבטע פֿון אַזאַ
ה... מען זעט דאָך באַלד, אַז ער איז נישט מער ווי אַ פּראָסטער
.

— איך האָב נישט געוווסט — האָט געזאָגט רעגינע, אַראָפּ-
נדיק די אויגן פֿון שאַנדע, — איך האָב אים געליבט. מיין
ערער מאַן וועט עס נישט איבערלעבן, ווען ער וועט זיך דערוויסן,
איך האָב אים פֿאַראַטן.

אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָבן דריי פּאָליציאַנטן אַרויסגע-
ט רעגינען פֿון האָטעל, אַריינגעזעצט זיך אין פּאָליציי-אויטאָ און
עפֿירט זי אין תּפֿיסה. נישט זי אַבער און נישט מישא זענען
ג געזעסן אין סאַן רעמאָ. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען זיי
נקגעפֿירט אין דער הויפּט-שטאָט צו דער דיספּאָזיציע פֿון דער
ערער מאַכט.

דער אמתער יעקב מיכלסאָן האָט אין דער זעלבער צייט אי-
געלעבט גליקלעכע טעג נעבן זיין געליבטער אַננאַ. וואַלעווסקאַ
אַפּגעפֿאָרן קיין פּוילן, ווייל זי האָט שוין איצט נישט געהאַט
ס צו טאָן נעבן אַננאַ — זי האָט אויך געוואָלט צוגרייטן אַ
עס-נעסט פֿאַר יעקב און אַננאַ, ווען זיי וועלן צוריקקומען

אַ פּוילישער בירגער. געשמידט אין קייטן אין אַרעסטאַנטן מלבו־שים איז ער געוואָרן אָפּגעשיקט מיט דער שיף קיין אַמעריקע און דאָרט פאַרמשפּעט געוואָרן צו צען יאָר תּפיסה פאַר ווען דערהרגענען אַ מענטש.

אַ דאַנק דער אויספאָרשונג איז די גאַנצע זאַך געוואָרן באַקאַנט אין פּוילן, פון צייט צו צייט האָבן זיך באַוויזן נאָכריכטן אין די צייטונגען.

רעגינע איז אַלזאָ געוואָרן קאָמפּראָמעטירט, כאָטש זי האָט אַזוי מורא געהאַט דערפאַר. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אין וואַרשע ווייסט מען שוין פון אַלעם.

זי האָט זיך געפרייט, אַז לעאָן ווייסט אוודאי גאָר נישט, און זי האָט זיך ערשט איצט געפרייט, אַז זי האָט גוט געטאָן איבער־לאָזנדיק אים אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט.

רעגינע האָט אַלזאָ באַשטימט דערווייל נישט צוריקצופאָרן קיין וואַרשע, נאָר בלייבן אין אויסלאַנד.

דעם פּלאַן האָט אָבער צעשטערט דער אויספאָרשונגס־ריכ־טער. מען האָט איר נעמלעך צו וויסן געגעבן, אַז די אויספאָרשונג קען איר האָט נישט געגעבן קיין גרונט זי צו באַשולדיקן — די רעגירונגס־מאַכט וויל זי נישט טאָלערירן ביי זיך אין לאַנד און צוליב דעם ווערט רעגינע אָפּגעפירט ביז צו דער פּוילישער גרע־נעץ און דאָרט איבערגעגעבן דער פּוילישער מאַכט.

## דער קאַמף פאַר באַפרייאונג

לאַנגע שעהן האָבן לעאָן און סאַבינע פאַרבראַכט מיט זיך. אין לאַנג דויערנדיקע געשפּרעכן האָבן זיי זיך דערציילט אַלע איבער־לעבונגען פון דעם מאָמענט אָן, ווען מען האָט זיי אָפּגעריסן איינס פונעם אַנדערן. פאַרשידענע פּאַסירונגען, וועלכע זענען פאַר זיי ביז איצט געווען אומפאַרשטענדלעך — זענען שוין היינט געוואָרן גאַנץ נאָרמאַל.

אַז איך האָב דיך פאַרלוירן אויף אַזאַ לאַנגער צייט. עס האָט זיך אַריינגעגנבעט אַ חשד אין מיין האַרץ, אָבער איך האָב פּשוט נישט פאַרגעשטעלט זיך, אַז עס קאָן זיצן אין מענטשן אַזוי פיל נידער־טרעכטיקייט ווי אין רעגינען.

אין דער זעלבער צייט האָבן זייערע פריינט אונטערגענומען שריט צו לעאָנס באַפרייאונג.

דער ערשטער טריט איז געווען אַ געשפּרעך פון ד״ר גראַף מיט זילבערן און וועלכן גראַף האָט אין אַ אָנגרייפנדער פאָרם איבערגעגעבן דעם דירעקטאָר, אַז אַזוי ווי קייזערשטיין איז פול־קאָם געזונט דאַרף מען אים געבן מעגלעכקייטן פריי צו באַוועגן זיך אויפן שטח פון אַנשטאַלט.

זילבער האָט טאַקע נישט איינגעשטימט שטענדיק אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער קראַנקער געפינט זיך נאָך צו וויניק צייט אין אַנשטאַלט און צוליב דעם איז נאָך נישט אַריינגעטראָטן אַזאַ ענדערונג אין זיין מצב, מען זאָל אים קענען געבן דאָס רעכט פריי זיך צו באַוועגן.

— איר זענט אייך טועה, פּראָפעסאָר — האָט געזאָגט גראַף. — איך האַלט, אַז עס האָט נישט געקאָנט אַריינטרעטן קיין שום ענדערונג, ווייל קייזערשטיין איז קיינמאָל נישט געווען קראַנק. ער איז היינט אַזוי געזונט ווי דעמאָלט ווען מען האָט אים דאַ אַהערגע־בראַנגט.

— דאָס איז נישט אייער זאַך. איך האָב ביי מיר אַ צייגעניש פונעם ד״ר האַמבורגער און דאָס איז פאַר מיר גענוגנד.

אין אָוונט האָט גראַף דערציילט ביי די זאַלצבערגס דעם פאַרלויף פון זיין היינטיקן געשפּרעך און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איצט קומט דער צווייטער שריט: דאָס געשפּרעך צווישן סאַ־בינען און זילבערן. צו מאָרגנס האָט זיך טאַקע סאַבינע גע־מאָלדן צום דירעקטאָר.

— איך פריי מיך זייער אייך צו זען ביי מיר — האָט ער אָנגע־הויבן. — אפשר געפעלט אייך עפּעס נישט אין מיין אַנשטאַלט ?

מיינונג וועגן איינעם פון אייערע קראַנקע: וועגן קייזערשטיינען.
— איך פאַרשטיי אייך נישט. האָט אייך עמעצער געבעטן, אַז
זאָלט רעדן מיט מיר דערפון? אײדער איר וועט מיר זאָגן,
גן וואָס עס גייט, וויל איך אייך זאָגן, אַז איך האָב נישט ליב,
מען מישט זיך אין מיינע זאַכן.
— איך בין אָבער מיט דער מיינונג, אַז עס איז יאָ מיין
, ווען איך זע, אַז מען האַלט אין אַ משוגעים־הויז אַ קאָמפּלעט
מאַלן, געזונטן מענטש.
— אַהאַ, איך דערקען דעם ד"ר גראָפּס האַנט. איר האָט זיך
על צוזאַמענגערעדט. גייט צוריק צו אייער אַרבעט און מישט
ך נישט אין נישט אייערע זאַכן.
— איך וויל אייך בעטן, פּראָפעסאָר, אַז איר זאָלט צו מיר
ן אין אַן אַנדערן טאָן, איך בין געקומען פון מיין אייגענע אי־
יאַטיוו, און נישט אויסהערנדיק מיך אפילו ביז צום סוף זענט
 שוין בייז געוואָרן.
— עס איז נישט קיין ווונדער, מען לאָזט מיך נישט צורו מיט
זערשטיינען, אַזוי ווי איך וואָלט אַ חוץ דעם נישט געהאַט
ן שום אַנדערע זאַכן אויף דעם קאָפּ.
— איר קענט לייכט פּטור ווערן קייזערשטיינען. נעמט אים
ף אַ קורצע צייט אונטער אייער פּערזענלעכע אויפזיכט, וועט
 אַליין זען, אַז ער איז געזונט — און דעמאָלט וועט איר אים
יי לאָזן.
— איר ווילט מיר דיקטירן, וואָס איך זאָל טאָן? און איך זאָל
 דערצו זיין רואיק? איך דערלויב אייך נישט מער צו קומען
מיר אין דער אַנגעלעגנהייט.
— דאָס איז נישט מיין ערשטער אַרבעטס־פּלאַץ. אומעטום
ב איך געאַרבעט געוויסנהאַפט און דאָ וועל איך טאָן דאָס
לבע. איך וועל ווייטער פאָדערן גערעכטיקייט פאַר מיינע פּאַ־
נטן און ספּעציעל פאַר קייזערשטיינען.
— אַרויס פון דאַנען! — האָט אויסגערופן זילבער מיט אַ

שוועסטער וויל לערנען אַ פּראָפעסיע, האָט ער זאָל טאָן מיט אַ קראַנקן!

— איך נעם נישט אין אַכט אייער אָפּזאָגן מיך פון דער אַרבעט און איך זאָג אייך פאַראויס, אַז אין קורצן וועט איר באַדויערן אייער הייַנטיקן אויפטריט.

— איר שאַנטאַזשירט מיך? וואָס פאַר אַ כוח זיצט אין דעם קייזערשטיינען — ווער עס קומט נאָר אין קאָנטאַקט מיט אים גע־פינט זיך באַלד אונטער זיין השפעה — האָט געפרעגט זילבער.

— אויב אַזוי פרעג איך אייך וואָס פאַר אַ כוח זיצט אין דער פרוי קייזערשטיין, וועלכע האָט געקענט איינרעדן דעם באַרימטן פּראָפעסאָר זילבער אַז איר מאַן איז אַ משוגענער, כאָטש ער איז קאָמפּלעט געזונט און נאָרמאַל...

— נישט אמת, קייזערשטיין איז נישט נאָרמאַל. איך האָב דערויף אַ באַווייז: דאָס צייגעניש פונעם ד״ר האַמבורגער.

— ד״ר האַמבורגער האָט אויסגעשטעלט זיין צייגעניש אויפן סמך פון דעם וואָס עס האָט אים איבערגעגעבן קייזערשטיינס פרוי — נאָך אַ פּאָר חדשים, ווי ער געפינט זיך אין אייער אַנ־שטאַלט האָט איר שוין געדאַרפט אַליין קומען צו דער מסקנה, אַז איר האָט צו טאָן מיט געזונטן מענטש און איצט פאַלט שוין די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף אייך פערזענלעך.

— איך וויל אים אָבער נישט פריילאָזן, ווייל דאָס וואָלט אונטערגעגראָבן מיין אויטאָריטעט.

— עס איז דאָך אָבער אוממענטשלעך. צוליב אייערע אינטע־רעסן זענט איר גרייט צו אָפּפערן יענעמס גליק און פרייהייט? אויב אַזוי וועל איך זיך שוין מער נישט ווענדן צו אייך מיט כי־טעס, איך נעם אונטער דעם קאַמף און איך פאַרזיכער אייך, אַז איך וועל אים געווינען!

מיט טרערן פון אויפרעגונג האָט סאַבינע פאַרלאָזט זילבערס קאַבינעט.

זי איז גלייך אַוועקגעפאָרן צו די זאַלצבערגס.

ווען סאַבינע איז אַריינגעקומען אין צימער, — האָט זי דער־

ין אומגליקן! — האָט זיך סאָבינע אָנגערופן מיט אַ פאָרוואורף.
— ווי קענסטו אונדז חושד זיין אין דעם, טייערינקע ? האָט
נזאָגט בעלע. — מיר קלערן דען וועגן עפּעס אַנדערש, ווי וועגן
ין באַפרייאונג ?
— פאַרוואָס פרעגט אַלזאָ קיינער נישט פון אייך, ווי אַזוי
ס איז אַריבער מיין געשפּרעך מיט זילבערן ?
— מיר דאַרפן גאָרנישט פרעגן. ערשטנס האָט זיך קיינער
ין אונדז נישט פאַרגעשטעלט, אַז ער וועט איינשטימען אויף צו־
קצוגעבן לעאָנען די פרייהייט. צווייטנס, גייט אונדז שוין היינט
ישט אָן זיין מיינונג, ער וועט מוזן לעאָנען אַרויסלאָזן צי ער
יל עס, צי נישט... דו האָסט נישט געלעזט די היינטיקע צייטונג ?
הענריק האָט דערלאַנגט סאָבינען אַ צייטונג און ווען זי האָט
יבערגעלייענט דאָס קעפּל פון דער נאָכריכט האָט איר דאָס האַרץ
ייפגעהערט צו קלאַפּן אויף אַ רגע.

„אַ סענסאַציע אין סאַן־רעמאָ. דער אינטער־
נאַציאָנאַלער אַפּעריסט און שווינדלער פון פּוילן, מישאַ
זלמאַן און זיין געליבטע רעגינע קייזערשטיין זענען גע־
אַרן אַרעסטירט אונטער דער באַשולדיקונג פון אַ מאָרד
און אַ ריי פאַרברעכערישע אַפּערעס".

דאָס זענען געווען נאָכריכטן פון דער אויספאָרשונג, ווי
יך צוזאַמענגעקליבענע דורך דעם צייטונגס־רעפּאָרטער. — סאָ־
ינע האָט אַלעס איבערגעלייענט צוויי מאָל און דאַן האָט זי זיך
ישט אָנגערופן:
— איצט פאַרשטיי איך אייער פאַרהאַלטן זיך. דאָס איז באמת
העכסט חשובע נאָכריכט. נישט בלויז זי פאַרשנעלערט לעאָנס
אַפּרייאונג — זי האָט אַ חוץ דעם אַ גרויסע באַדייטונג פאַר זיין

שום חשד. איך וואָלט גערן געוואָלט אָבסערווירן דעם ד״ר זילבער בעת דעם לייענען פון דער ידיעה.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט אָנגעקלונגען דער טעלעפאָן. הענריק איז צוגעגאַנגען און באַלד האָט זיך געלאָזט הערן אַ געשפּרעך:

— אַהאַ, זייער אָנגענעם. יאָ, איך געדענק אייך. זעלבסטפאַר שטענדלעך האָב איך געלייענט. איר ווילט רעדן מיט מיר? ביטע, קומט אַרויף צו מיר אין אָוונט. די אַדרעס — ווי אין טעלעפאָן — גוט, מיר דערוואַרטן אייך!

— דאָס ערשטע פייגעלע האָט זיך שוין אָפּגערופן נאָך דער צייטונגס־ידיעה — האָט געזאָגט הענריק אַוועקלייגנדיק דעם טעלעפאָן הערער. — עס האָט געקלונגען דער דאָקטאָר האַמ־בורגער, קייזערשטיינס שטוב־דאָקטאָר. נאָכן איבערלייענען די נאַכריכט וועגן דעם, אַז רעגינע איז אַרעסטירט געוואָרן וויל ער מיט מיר רעדן און קען נישט וואַרטן אַפילו ביז מאָרגן אין דער פרי...

אין אָוונט איז אָנגעקומען דער ד״ר גראַף און באַלד נאָך אים דער ד״ר האַמבורגער. דער שלימזלדיקער דאָקטאָר האָט נאָך היינט געהאַט וויכטיק מיט דער צייטונגס־ידיעה. מען קען זיך לייכט פאָר־שטעלן זיין אַנטוישונג ווען ער האָט פּלוצלונג דערזען פאַר זיך די לעבעדיקע סאַבינע, ביי וועלכער ער האָט זיינער צייט קאָנס־טאַטירט דעם טויט...

אַלע האָבן זיך געזעצט אַרום דעם טיש און הענריק האָט אין קורצע ווערטער איבערגעגעבן דעם מצב אין איצטיקן מאָ־מענט.

דאַן האָט סאַבינע דערציילט וועגן דעם הייַנטיקן געשפּרעך און אונטערגעשטראָכן, אַז זילבער האָט זיך פעסט ביי זיין אָפּ־זאָג ווייל ער פאַררופט זיך אויף דעם צייגעניש פון דאָקטאָר האַמ־בורגער.

— נישט ריכטיק — האָט זיך אָנגערופן דאָקטאָר גראַף, וועלנ־דיק אַרויסהעלפן זיין קאָלעגע — אַלס אַלטער דאָקטאָר דאַרף

פאַרמאַציעס פון דעם קראַנקס קרובים און צוליב דעם בלייבט דער דאָקטאָר אין אַזאַ פאַל אונטער דער השפעה פון דעם, וואָס מען האָט אים איבערגעגעבן.

— אַזוי איז עס טאַקע געווען — האָט אונטערגעכאַפּט דער דאָקטאָר האַמבורגער. — די פרוי קייזערשטיין האָט מיט אַזאַ שמערצלעכן טאָן, מיט אַזאַ טיפער ערנסטקייט דערציילט וועגן איר מאַנס שגעון — אַז עס איז געווען זייער שווער נישט צו גלויבן. ווען לעאָן האָט מיר דאַן דערציילט, אַז זיין פרוי פאַרראַט אים און ער איז אַרומגערינגלט דורך שונאים — האָב איך געזען אין דעם אַ באַווייז, אַז רעגינעס אינפאָרמאַציע איז געווען אַ ריכטיקע.

— האָט איר אים באַלד געמוזט אַריינגעבן אין אַ משוגעים־הויז? — האָט זיך אָנגערופן סאַבינע מיט אַ פאָרוואורף.

— דאָס האָב איך געטאָן נאָר פאַר לעאָן קייזערשטיינס טובה. איך האָב איינגעזען, אַז אויב איך וועל אים איבערלאָזן אין די זיין איצטיקע באַדינגונגען וועט זיין מצב זיך פאַרערגערן. איך האָב באַשלאָסן אים אַריינצוגעבן צו זילבערן מיט דער האָפענונג, אַז דאָרט וועט ער אין אַ קורצער צייט אויסגעהיילט ווערן.

— דאָס איז טאַקע זילבערס שולד — האָט זיך אָנגערופן דאָקטאָר גראַף. — ער איז געווען אונטערגעקויפט דורך דער פרוי רעגינע קייזערשטיין און אויך צוליב דעם האָט ער נישט געהאַנדלט יושרדיק מיט איר מאַן. היינט פאַררופט ער זיך אויף דער דיאַגנאָזע פון פאַר אַ פאָר חדשים צוריק, ער וויל אָבער נישט הערן די דיאַגנאָזע פון דעם היינטיקן טאָג.

— דאָס וואָס עס איז געשען, איז אַ פאַרפאַלענע זאַך, — האָט זיך אָנגערופן דאָקטאָר האַמבורגער. — איך בין מודה, אַז איך האָב קייזערשטיינען געטאָן אַ גרויסע עולה. היינט וויל איך זי צורעכט מאַכן. איך בין גרייט צו פאַרעפנטלעכן, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות אין מיין דיאַגנאָזע, אָבוואָל דאָס וועט שאַטן ברענגען מיין פּראַקטיק.

טאָר גראַף. דאָס האָט זיין פּרוי אים געגעבן צו וויסן, אַז עס האָט שוין אַ פּאָר מאָל געקלונגען צו אים אַ היים דער דאָקטאָר זילבער.

— ער האָט געבעטן איך זאָל אים זאָגן, ווו דו געפינסט זיך — האָט געזאָגט די פּרוי גראַף. — ער מוז נאָך היינט רעדן מיט דיר, ווען דו זאָלסט נישט קומען אַ היים, זאָלסטו צו אים אָנקלינגען.

— איצט איילן מיר זיך נישט. זאָל דער אַלטער בלייבן אַליין מיט זיינע מחשבות ביז מאָרגן. איך וועל אים נישט דערלייכטערן די סיטואַציע, אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט דערלייכטערן די אונדזעריקע — מיר קענען נישט צולאָזן אַז עס זאָל אַנטשטיין אַזאַ לאַגע, אַז זילבער זאָל קענען זאָגן, אַז די איניציאַטיוו פּרייצולאָזן לעאָן קייזערשטיין איז געקומען פון זיין זייט.

— איך וואָלט אפשר נישט געקוקט דערויף — האָט זיך אָנגערופן סאַבינע. ווייל איך זען לעאָנען ווי אָם שנעלסטן אויף דער פריי. די זאַך איז אָבער די, אַז מיר מוזן צופירן דערצו, אַז זילבער זאָל זיין מילדער ווי ביז איצט, כדי ער זאָל איינשטימען אויף אונדזער פּראָפּאָזיציע. זאָל ער אַלזאָ בלייבן די נאַכט אין אומזיכערקייט.

נאָך דעם אַוועקגיין פון די דאָקטוירים האָט געהערשט ביי די זאַלצבערגס אַ געהויבענע שטימונג. אַלע האָבן זיך אָפּגע־געבן אַ רעכענונג, אַז אפשר איז עס דער לעצטער אָוונט אָן לעאָנען.

## אויף דער פריי

דער ד״ר זילבער האָט נישט געפונען קיין רו פון מאָמענט, ווען ער האָט איבערגעליינט די ידיעה אין דער צייטונג. ער האָט פּלוצלונג דערזען, אַז עס דראָט אים באמת אַ געפאַר. מען קאָן אים

איר כאַן.

דער שטראָף־קאָדעקס זעט פאָר אַגרויסע שטראָף, ווער שמו־עסט וועגן עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן אַז זילבער האָט באַקומען דערפאַר אַ שיינעם סכום געלט. זילבער האָט שוין באַדויערט, אַז לעאָנען האָט זיך נישט איינגעגעבן צו אַנטלויפן.

— איך האָב נויטיק געדאַרפט, אַז דער אידיאָט בערקאָביץ זאָל אים כאַפּן. קיינער וואָלט זיך קיינמאָל נישט דערוווסט, אַז קייזערשטיין איז אַמאָל געווען ביי מיר אין אַנשטאַלט, ווייל ער אַליין וואָלט דאָך עס אויך געהאַלטן בסוד.

זילבער איז נישט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג האָט ער אַנגעקלונגען אין געהיים שיקן צו זיך דעם ד"ר גראַף אַזוי ווי ער וועט נאָר קומען צו גיין. דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע האָט ער געהייסן איבערגעבן, אַז זי זאָל נישט טאָן קיין שום אַנדערע אַרבעט, נאָר גיין שפּאַצירן מיט קייזערשטיינען איבערן פּאַרק...

אַלעס איז אָבער פאָרגעקומען אַנדערש, ווי זילבער האָט זיך פאַרגעשטעלט. ביז ניין א זייגער האָט זיך ביי אים קיינער נישט געוויזן, און דאַן זענען פלוצלונג אַריין צו אים דריי פערזאָנען: האַמבורגער, ד"ר גראַף און סאַבינע. זילבער האָט פאַרשטאַנען אַז עס וואַרט אים אַן אומאָנגענעמער געשפּרעך.

די אַטאַקע האָט אַנגעהויבן דער ד"ר האַמבורגער.

ווי איך פֿאַרשטיי, ווייסט איר שוין אַלעס, פּראָפֿעסאָר זיל־בער. איך מוז אייך זאָגן, אַז פֿון נעכטן אָן בין איך אויף אייך שרעקלעך בייז. ווען איך האָב איבערגעגעבן קייזערשטיינען אין אייערע הענט האָב איך געגלויבט, אַז איך גיב אים איבער דעם באַרימטן ד״ר זילבער, כדי ער זאָל זיך מיט דעם קראַנקן פֿאַר־

נעמען מיט יושר...

— איך בין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם, וואָס איך זאָג — האָט ווייטער פֿאָרגעזעצט האַמבורגער. — איך האָב זיך דערוווּסט, אַז נישט קוקנדיק אויף דער דיאַגנאָזע פֿונעם ד״ר גראַף האָט איר אפֿילו נישט איינגעשטימט נאָכצוקאָנטראָלירן די ערשטע דיאַגנאָזע. איר האָט אפֿילו מיר נישט צו וויסן געגעבן וועגן דעם ד״ר גראַפֿס ספֿק.

— נאָך מער! איר האָט אייך פֿאַרופֿן אויף מיין צייגעניש, כאָטש איר האָט גוט געוווּסט, אַז מיין דיאַגנאָזע איז געווען נאָר אַ צייטווייליקע. איר האָט זיך באַנוצט מיט מיין נאָמען פֿאַר אייערע פּריוואַטע צילן. דאָס איז נישט עטיש, דאָקטאָר זילבער.

— איך האָב צו אייך נישט געקלונגען, — האָט זיך איצט אָנגערופֿן ד״ר גראַף — ווייל די זאַך איז נישט צו דערליידיקן טעלעפֿאָניש. נאָך נעכטן האָט איר געהאַט די מעגלעכקייט אַרויס פֿון דעם אומאָנגענעמען מצב מיט כבוד — דאָס האָט אייך פֿאָרגעלייגט די שוועסטער סאַבינע. איר האָט אָבער נישט איינגעשטימט, כאָטש איר האָט געוווּסט, אַז אייך דראָט אפֿילו געפֿענגעניש.

— וואָס ווילט איר פֿון מיר! — האָט אַרויסגעשטאַמלט זיל־בער. — נעמט אייך צו אייער קייזערשטיין, איך האָב אים שוין איבער די אויערן.

— מיר דאַנקען אייך פֿאַר אייער גרויסמוטיקייט — האָט זיך אָנגערופֿן סאַבינע. — פֿון נעכטן אָן האָט זיך אָבער די לאַגע געענדערט. נעכטן וואָלטן מיר אייער פֿאָרשלאַג אָנגענומען מיט פֿרייד, היינט דאַרפֿן מיר שוין נישט אייער הסכּמה — היינט זענט איר מער פֿאַראינטערעסירט ווי מיר, אַז קייזערשטיינס באַפֿרייאונג זאָל פֿאָרקומען ווי אַמשנעלסטן.

— אפשר ווילט איר, אַז איך זאָל אים בעטן, ער זאָל מיר מוחל זיין? — האָט זילבער איראָניזירט.

— איר זענט גאָר נישט אַזוי ווייט, ווי עס דאַכט זיך אייך, פון אונדזער פאַרלאַנג. מיר וועלן אים טאַקע פון דאַנען אַרויסנעמען, אָבער צוזאַמען מיט דעם זאָלט איר אויך פאַרריכטן די אָפּגעטוענע עוולה.

זילבער האָט אָנגעהויבן שרייען און לויפן איבערן קאַבינעט אַהין און צוריק.

— באַרואיקט אייך, פּראָפעסאָר — האָט געזאָגט גראַף. — זאָל זיך אייך נישט דאַכטן, אַז דער פאַרלאַנג פון ד״ר האַמבורגער און דער שוועסטער סאַבינע איז נישט קיין ריכטיקער. ביז נעכטן האָט נאָר אַ קליין הייפל מענטשן געוווּסט, ווי קייזערשטיין געפינט זיך. די מענטשן האָבן אים געוואָלט צוריקבאַקומען ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז זייער פריינט איז אַ געזונטער מענטש. נעכטן איז אָבער אַרייַנגעטראָטן אַן ענדערונג. איצט ווייסט גאַנץ וואַרשע, גאַנץ פּוילן, אַז קייזערשטיין איז געווען אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט. — ביז איצט האָט נאָך די פּרעסע נישט אויפגעגעבן דעם נאָמען פון אַנשטאַלט — האָט ווייטער גערעדט גראַף. — וואָס וועט איר אָבער טאָן, ווען פּלוצלונג וועט זיך צו אייך ווענדן דער פּראָקוראָר און וועט אייך פרעגן אויף וואָס פאַר אַ סמך איר האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן, אונטער קראַטן, אַ נאָרמאַלן מענטש? איר וואָלט אפשר געווען דער מיינונג, אַז אין פאַל פון אַ אויספאָרשונג זאָלן מיר: איך און סאַבינע — זאָגן, אַז קייזערשטיין איז אַ משוגענער? דאָס וועט איר ביי אונדז נישט דערגרייכן, מיר האָבן אייך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם ריכטיקן מצב. די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלט אויף אייך, דאָקטאָר זילבער!

— וואָס זאָל איך אַלזאָ טאָן? — האָט געפרעגט זילבער שטילערהייט. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין ווישן דעם שווייס פונעם פּנים. — ד״ר גראַף, איר אַרבעט דאָך שוין אַזוי לאַנג ביי מיר, העלפט מיר אַרויס.

— איך האָב שוין דערפון געקלערט — האָט געענטפערט גראַף, וועלכער האָט נאָר געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען זילבער וועט זיך בעטן מען זאָל אים אַרויסהעלפן. — איך לייג פאָר, אַז

איר זאָלט פּאַרעפנטלעכן אין דער פּרעסע אייערס און אויפקלערונג. איך האָב עס אַזוי רעדאַגירט, אַז עס זאָל נישט שאַדן אייער גוטן נאָמען, הערט אויס.

„געערטער הער רעדאַקטאָר. איך בעט צו פּאַרעפנטלעכן אין אייער צייטונג די פאָלגנדע דערקלערונג. אין אייער צייטונג איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אַ ידיעה וועגן אַרעסטירן רעגינע קייזערשטיין — איך פיל אַלזאָ אַלס מיין חוב איבערצוגעבן דער עפנטלעכקייט, אַז דער מאַן פון דער אויבן־דערמאָנטער, דער פאַבריקאַנט, לעאָן קייזערשטיין געפינט זיך זינט אַ פּאָר חדשים אין מיין אַנשטאַלט אונטער מיין פּערזענלעכער אויפזיכט.

אַ גאַנצע רייע אומשטענדן וועלכע זענען פאָרגעקומען אין דער צייט, ווען רעגינע קייזערשטיין האָט איבערגעגעבן איר מאַן אין אַנשטאַלט, האָבן ביי מיר אַרויסגערופן אַ חשד. איך האָב שוין דאַן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו דער אינפאָרמאַציע פון דער פרוי קייזערשטיין וועגן דעם געזונט־צושטאַנד פון איר מאַן.

איך האָב אים אונטערגעגעבן אַ ספּעציעלער אונטערזוכונג — מיטן אָנטייל פון ספּעציאַליסטן־פּסיכיאַטרן — וועלכע אַרבעטן אין מיין אַנשטאַלט און מיר זענען געקומען צו דער מסקנה, אַז לעאָן קייזערשטיין איז אַ געזונטער און נאָרמאַלער מענטש. די אינפאָרמאַציע פון זיין פרוי זענען אַלזאָ געווען אויסגעזויגן פון פינגער.

איך האָב תיכף אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט די נאָענטסטע פריינט פון לעאָן קייזערשטיין און איך האָב זיי איבערגעגעבן דעם אמתן צושטאַנד. אויף אַ בשותפותדיקער זיצונג איז געוואָרן באַשלאָסן אַז צום גונסטן פון הער קייזערשטיין איז ווינטשנסווערט, אַז ער זאָל בלייבן נאָך אַ צייט אין מיין אַנשטאַלט.

עס איז נעמלעך געגאַנגען דערין, אַז די פרוי קייזערשטיין זאָל זיין איבערצייגט, אַז איר מאַן האָט נישט די פרייהייט פון באַוועגונג און נישט די מעגלעכקייט צו פאַרבונדן

זיך מיט דער אויסערלעכער וועלט. אין דער אמתן אָבער האָט ער פון אָנפאַנג אָן די פולע פרייהייט, פּירט אַ לעבן פון אַ נאָרמאַלן מענטש און נעמט אויף ביי זיך געסט.

איצט, ווען די קייזערשטיין איז געוואָרן אַרעסטירט, ווען אַלע אירע נידעריקע טאַטן זענען אַנטדעקט געוואָרן און הער קייזערשטיין האָט אַזוי אַרום דערגרייכט זיין ציל — האָט ער זיך צוריק אומגעקערט אין זיין הויז, צוריקגענומען זיך צו זיינע פּערזענלעכע אָנגעלעגנהייטן און געשעפטן. ער איז היינט אַזוי געזונט, ווי ער איז געווען דעמאָלט, ווען מען האָט אים צו מיר געבראַכט.

פּראָפעסאָר ד״ר זילבער

דירעקטאָר פון הייל־אַנשטאַלט פאַר גייסטיק קראַנקע".

ווען גראַף האָט געענדיקט דאָס לייענען האָט זיך זילבער אויפגעשטעלט פון זיין פּאָטעל, צוגעלאָפן צו אים און הערצלעך געדאַנקט.

— פון היינט אָן זענט איר מיין אָפּיציעלער פאַרטרעטער און איך העכער אייך אייער געהאַלט — האָט ער אויסגעשריגן. — נו, דאָקטאָר האַמבורגער, צופרידן? איך גלויב אַז אמתע משוגענע וועט איר יאָ שיקן צו מיר אין דער צוקונפט.

— און איר פריילין סאַבינע — האָט ער זיך צו איר געוואָנדן — אויב איר האָט שוין יאָ אָפּגעהאַלטן אַזאַ נצחון, נעמט אייך אייער קייזערשטיין, פירט אים אַליין אַ היים, קומט אָבער באַלד צוריק צו דער אַרבעט — איר האָט שוין גענוג פאַרנאַכלעסיקט היינט אייערע פליכטן.

ד״ר זילבער, עס דערוואַרט אייך נאָך אַ בייעס — האָט זיך אָנגערופן גראַף. — איר פאַרלירט מיט איינמאָל דעם בעסטן פּאַציענט און די בעסטע קראַנקן־שוועסטער.

— אַזוי איז עס פּראָפעסאָר — האָט געזאָגט סאַבינע. — איך בין אַריינגעטראָטן צו אייך אַרבעטן נאָר כּדי זיך צו געפינען נעבן דעם טייערסטן מענטש אויף דער וועלט. איצט, ווען ער גייט צוריק

אַ היים, מוז איך זיין דאָרט נעבן אים.

אויב אַזוי האָב איך נישט קיין שום עצה — האָט געזאָגט זילבער. — איך גלויב, אַז אויך דאָס מאָל וועט דער ד"ר גראַף געפונען אַן אויסוועג, איך פאַרלאָז זיך אויף אים.

ד"ר גראַף האָט באַלד אָנגעקלונגען צו די זאַלצבערגס, ווי מען האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אַ נאַכריכט. הענריק איז געווען אין דער פאַבריק און בעלע האָט באַלד געזאָלט קלינגען צו אים, אַז ער זאָל שוין אַוועקפאָרן נאָך לעאָנען.

— אַ חוץ דעם — האָט געזאָגט בעלע דורך דעם טעלעפאָן — וועל איך באַלד אָנקלינגען אין קייזערשטיינס פּאַלאַץ. מען זאָל פון דאָרט אַרויסשיקן לעאָנס אויטאָמאָביל מיט דעם אַלטן לאָקאַי מאַו־ריצי, איך וויל אייך נאָר זאָגן אין נאָמען פון דער פרוי זאַלצבערג, אַז זי באַדערט לעאָן זאָל אַהערקומען צו אונדז —איידער ער וועט אַ היים פאָרן. עס מוז זיך עמעצער פאַרנעמען מיטן צוגרייטן לעאָנס היים צו זיין צוריקקער.

גרויס איז געווען מאַוריציס פרייד, ווען מען האָט אים צו וויסן געגעבן, אַז שוין זאָל ער פאָרן אָפּנעמען זיין הער. שנעל איז ער אַראָפּ אין גאַראַזש און אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז לעאָנס אויי־טאָמאָביל געלאָפן איבער די גאַסן פון וואַרשע.

מאַוריצי האָט איצט געקלערט צו זאָל ער דערציילן זיין הער אַלעס, וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען. וויפל פּאָליציאַנטן האָבן זיך דאָ געדרייט בעת דער אויספאָרשונג קעגן רעגינען! סאַמועל קייזערשטיין איז שווער קראַנק געוואָרן דערוויסנדיק זיך, אַז זיין טאָכטער זיצט אין תפיסה.

ווען מאַוריצי איז פאַרפאָרן פאַר דעם טויער פון זילבערס אַנשטאַלט, איז שוין דאָרט געשטאַנען הענריקס אויטאָמאָביל. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז אַרויס פונעם טויער לעאָן, געפירט אונ־טער דער האַנט דורך סאַבינען. צו לעאָנען איז צוגעלאָפן הענריק און די צוויי פריינט האָבן זיך אַרומגענומען, צעקושט זיך און לאַנג זיך געהאַלטן אין די אָרעמס.

מאַוריצי האָט געוואַרט מיט טרערן אין די אויגן ביז לעאָן איז פריי געוואָרן פון הענריקס אָרעמס. דער אַלטער משרת איז צוגעפאַלן צו לעאָנס פיס, לעאָן האָט אים אָבער אויפגעהויבן און

עדריקט צו זיין ברוסט.
— לעאָן! דו פאָרסט צו אונדז! — האָט געזאָגט הענריק. — טאָר נישט אַ היים קומען אָן דיר...
— אויך איך בין דער מיינונג, ווי די הערשאַפט זאַלצבערג אָט זיך אָנגערופן סאַבינע — דו וועסט בלייבן ביי זיי אַ קורצע ט, און דערווייל וועל איך זיך פאַרנעמען מיט צופירן דיין הויז אַן אָרדענונג.
ביידע אויטאָמאָבילן האָבן געריירט פון אָרט. ביים אָפּשטייגן מאַריצי געזאָגט שטיל סאַבינען אַז סאַמועל קייזערשטיין איז ער קראַנק און ליגט אין איינעם פון די צימערן אין פאַלאַץ.
לעאָן איז געוואָרן אויפגענומען דורך דער פרוי זאַלצבערג און ך בעלע מיט גרויס פרייד. דער טיש איז געווען פרעכטיק דע־ ירט מיט בלומען. אויף דעם שניי־ווייסן טישטוך האָבן געגלאַנצט כער און קריסטאַל.
מען האָט זיך געזעצט צום טיש און דאָס געשפרעך איז שוין אַ כאָר מינוט געוואָרן פריי און באַלעבט. ביי ענדע מיטאָג ט קיינער נישט געגלויבט, אַז ביים טיש זיצט אַ מענטש, וואָס איבערגעלעבט אַזעלכע שרעקלעכע צייטן, יעדעס מאָל ווען ן האָט אָנגעקוקט סאַבינען האָט פון זיין פנים געשטראַלט ק.
פייף אַ זייגער פאַרנאַכט איז אָנגעקומען מאוריצי און האָט עבן אַ סיגנאַל, אַז ער איז דאַ. מיר איז שוין פריער אָפּגערעדט אָרן, אַז ער וועט קומען נאָך סאַבינען. זי האָט זיך טאַקע באַלד עטון און איז אַראָפּגעגאַנגען.
יעצט ערשט האָט איר מאוריצי דערציילט, ווי אַזוי סאַמואל קראַנק געוואָרן: בעת דער אויספאָרשונג האָט די פאָליציי אים אָגט, אַז זיין טאָכטער איז אַרעסטירט אַלס מיטהעלפערין פון ערדער און אַ אַפּעריסט — און דאַמאָלס האָט סאַמואל באַקומען האַרץ־אַטאַק.
פון דאַמאָלס אָן ליגט ער אין בעט, געפינט זיך אונטער דער זיכט פון דאָקטוירים, עס ווערט אים אָבער נישט בעסער. ער היץ און אָפט דראָט ער זיין טאָכטער און דעם אַמעריקאַנער, ער וועט זיי דערהרגענען.

אַריינקומענדיק אין פּאַלאַץ האָט סאַבינע זיך אַרומגעקוקט אין אַלע צימערן און געמאַכט פּלענער פון פאַרשידענע ענדערונגען. זי האָט געוווּסט אַז יעצט איז עס אויך איר הויז, אָבער געקלערט האָט זי נישט וועגן זיך, נאָר וועגן לעאָנען. זי האָט געוואָלט, אַז דאָס הויז זאָל אים געבן די וואַרעמקייט, וועלכע מען האָט אים צוגערויבט.

ענדלעך איז זי אַריין אין צימער, וואָס עס איז געלעגן סאַמואל. זעענדיק סאַבינען פאַר זיינע אויגן האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַן איראָנישער שמייכל. סאַבינע האָט אָבער נישט געלייגט קיין אַכט דערויף — זי האָט זיך דערנענטערט צום בעט און אינסטינקטיוו האָט זי זיך איבערגעבויגן איבער דעם קראַנקן און צורעכט געמאַכט זיין קישן.

אין דעם מאָמענט האָט זיך פון סאַבינעס דעקאָלט אַרויסגערוקט אַ מעדאַליאָן, וועלכן זי האָט אַלע אירע יאָרן געטראָגן אויפן האַלדז, אויף אַ גאָלדן קייטעלע. אויף איין זייט פונעם מעדאַליאָן איז איינגעראַמט געווען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ יונגן, שייִנעם מאַנספאַרשוין.

דאָס בילד האָט איצט אַראָפּגעהאָנגען גראַד פאַר סאַמועלס אויגן, און ווען ער האָט עס דערזען, איז ער געוואָרן טויט־בלאַס, איז געפאַלן אָן כוחות אויפן קישן און געקוקט אויף סאַבינען מיט אַ פאַרווונדערטן בליק.

סאַבינע איז געווען פאַרנומען מיט לייכטער מאַכן דאָס ליגן פונעם קראַנקן און האָט נישט דערזען די שרעקלעכע ענדערונג אויף זיין פּנים. דערזעענדיק דערנאָך טרערן אויף זיין פּנים האָט זי עס אָנגענומען אַלס אַן אויסדרוק פון געוויסנביסן פאַר דער פאַרגאַנגענהייט.

זי האָט אים געווונטשן ער זאָל געזונט ווערן און פאַרלאָזט דעם פּאַלאַץ. איר ווונטש איז אָבער נישט מקוים געוואָרן. די גאַנצע נאַכט האָט סאַמועל גערעדט פון היץ. אַפּט האָט זיך געהערט דאָס וואָרט: „מיין טאָכטער" — און פאַרטאָגס האָט ער אויסגעהויכט די נשמה.

לעאָן האָט זיך גאָרנישט געקאָנט דערוואַרטן סאַבינעס צוריקקומען. ער האָט זיך פאַרהאַלטן, ווי אַ יונגער, פאַרליבטער בחור:

ער האָט סאַבינען געמאַכט פאָרווורפן, אַז זי איז צו לאַנג געזעסן אין פּאַלאַץ — זי האָט אים אַלזאָ געמוזט דערציילן, אַז זי איז אויך געווען ביי זיין קראַנקן פעטער, וועלכער ליגט פּאַרלאָזט דורך אַלע.

— דער אמת איז, אַז די גאַנצע וועלט האָט וועגן אים פאַר־געסן — האָט זיך אָנגערופן מאַריע. — ער האָט אָבער אויך נישט פאַרדינט, אַז דו זאָלסט זיך מיט אים פאַרנעמען. אָן זיין הילף וואָלט רעגינע נישט געקאָנט אויספירן אירע נידערטרעכטיקע פּלענער קעגן דיר און לעאָנען. זאָל אים גאָט ווייזן זיין חסד, ביי מענטשן האָט ער אויף חסד נישט פאַרדינט.

לעאָן און סאַבינע האָבן זיך דאַן אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און אויף זיין פאַרלאַנג האָט זי אים דערציילט, ווי עס זעט אויס היינט זיין הויז.

— צי וועסטו קענען לעבן רואיק אין דעם הויז? — האָט ער זי געפרעגט — צי וועט נישט שווערן אויף אונדזער צוזאַמענלעבן די פאַרגאַנגענהייט? אפשר זאָל איך פאַרקויפן דאָס הויז און מיר וועלן ווינען ערגעץ אנדערש־ווו?

דאָס ערשטע מאָל האָבן זיי גערעדט צווישן זיך קאָנקרעט וועגן זייער צוזאַמענלעבן אין דער צוקונפט. זי האָט זיך יעצט פאָרגע־שטעלט, אַז זי וועט אַריין אין דעם פּאַלאַץ נישט אַלס בעטלערין, נאָר אַלס גליקלעכע פרוי פון לעאָן קייזערשטיין.

— יעדעס ווינקל דערמאָנט מיך טאַקע די פאַרגאַנגענהייט — האָט זי געענטפערט — אָבער די פאַרגאַנגענהייט איז דאָך געבונדן מיט דיר, מיט מיין ליבע צו דיר, מיט מיין קאַמף פאַר דיר...

שפּעטער אין אָוונט זענען אָנגעקומען דער ד״ר גראַץ מיט זיין פרוי און דער ד״ר האַמבורגער. דער אָוונט איז אַריבער אין אַן אינטימע היימישע אַטמאָספערע. לעאָן איז ווידער געווען דער זעל־בער ווי אַמאָל — פריילעך און אויפגעלעבט.

— — — — — —

צומאָרגנס פרי האָט מאוריצי טעלעפאָנירט צו וויסן געגעבן, אַז סאַמועל קייזערשטיין איז ביינאַכט געשטאָרבן. דעם זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען די לויה. און צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג, האָט זיך

ינע אַממיינסטן איבערגענומען. זי אַליין האָט נישט פאַרשטאַנען
יבה דערפון — אָבער עטלעכע טעג איז זי אַרומגעגאַנגען שטיל־
יגנדיק, נישט וועלנדיק אַפילו רעדן מיט קיינעם.

די אמתע סיבה איז באַוווסט געוואָרן לעאָנען צופעליק, מיט
יט שפּעטער. אָבער אויך פון דעמאָלסט אָן איז עס געבליבן אַן
יקער סוד פאַר דער וועלט.

— — — — — —

אַזוי ווי אַלעס אין לעבן, אַזוי איז אויך אַריבער סאַבינעס
ער. זי האָט זיך מיט ענערגיע גענומען צום פאַרבערייטן דעם
אַץ אויפצונעמען לעאָנען. ער אַליין האָט זיך ווידער גענומען
ינע געשעפטן. לעאָן האָט דערווייל געוווינט ביי די זאַלצבערגס,
ינע — ביי איזאַבעלע וואַרמאַן.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג, ווען סאַבינע האָט פאַרבעטן
נען אין זיין פּאַלאַץ. דאָס הויז איז געווען גענצלעך געענדערט.
האָט אויסגעזען פריילעך, מונטער, נישט ווי אַמאָל. לעאָן איז
ען אַנטציקט פון די פאַרשידענע סאַבינעס איינפאַלן, וועלכע
ן דערפירט דערצו, אַז די גאַנצע טונקעלע פאַרגאַנגענהייט איז
שוונדן פונעם הויז.

לעאָן איז אַוועקגעפאָרן צו די זאַלצבערגס. געדאַנקט זיי פאַר
ר גאַסטפריינדלעכקייט און זיך באַלד באַזעצט אין זיין הויז.
אַ צייט צוריק האָט ער אויך אונטערגענומען שריט, כדי אַ־
באַקומען אַ גט פון רעגינען אויפן סמך פון איר פאַרראַט, וועלכע
אויפגעדעקט געוואָרן בעת דער אויספאָרשונג.

דער ראַבינאַט האָט באַקומען צו דעם צוועק דאָס רעכט פונעם
קוראָר אַדורכשטודירן די אַקטן, אין וועלכע, אַ חוץ פאַרשידענע
ווייזן פון האָטעלן, ווו רעגינע האָט געוווינט צוזאַמען מיט
אַ — האָט זיך אויך געפונען איר אייגענער אויסזאָג, אַז זי איז
ען מישאַס געליבטע.

אין דער זעלבער צייט האָט מען רעגינען פרייגעלאָזט און זי איז
אָרן אָפּגעשיקט קיין פּוילן. זי האָט פאַרשטייט זיך, נישט גע־
ט פון דעם אַלעם, וואָס עס איז אין דערצייט פאַרגעקומען אין

וואַרשע: זי האָט נישט געוווסט, אַז לעאָן איז שוין פריי, אַז סאַבינע האָט זיך באַוויזן אויפסניי, און אויך נישט דאָס, אַז איר פּאָטער איז געשטאָרבן.

אָנקומענדיק אויפן וואַרשעווער וואַקזאַל, עלעגאַנט אָנגעטון ווי אַ מאָל, איז זי אַריין אין אַ טעלעפאָן־בודקע און זיך פאַרבונדן מיטן פּאַלאַץ. ביים טעלעפאָן איז געווען מאוריצי.

— דאָ רעדט די פרוי קייזערשטיין! שיקט מיר שוין אַהער צום וואַקזאַל אַן אויטאָמאָביל.

— באַלד וועל איך אייך געבן אַנטוואָרט — האָט מאוריצי געענטפערט און צוהאַלטנדיק דאָס טרייבל מיט דער האַנט האָט ער איבערגעגעבן לעאָנען ווער עס קלינגט און וועגן וואָס עס גייט.

לעאָן האָט באַשלאָסן באַלד אויפצוטרעטן שאַרף. מאוריצי האָט איבערגעגעבן רעגינען, אַז ער קען נישט אַרויסשיקן די מאַשין און רעגינע האָט געמוזט אַהיים פאָרן אין אַ טעקסי. אויפן וועג האָט זי מיט כעס באַשלאָסן תיכף אַרויסצוואַרפן דעם אַלטן מאוריצי פון דער אַרבעט.

אַריינקומענדיק אין פּאַלאַץ איז זי געבליבן אַנטשטוינט „ווער האָט געוואַגט צו מאַכן ענדערונגען אין פּאַלאַץ אָן מיין דערלויבעניש? דאָס האָט אַוודאי געטון מיין טייערער פּאָטער — איך וועל אים שוין זאָגן אַ פּאָר ווערטער, ער זאָל וויסן להבא, אַז ער איז נישט דאָ קיין בעל־הבית!"

זי האָט אַוועקגעשטעלט איר קליינע וואַליזע, איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פון לעאָנס קאַבינעט און נישט אָנקלאַפּנדיק — מיט אַ מינע פון אַ הערשערין — האָט זי ברייט געעפנט די טיר. פון איר ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי...

לעאָן איז געזעסן רואיק אויפן פאָטעל און האָט נישט אַראָפּגעלאָזט פון איר קיין אויג.

— דאָס ביזטו, לעאָן? האָט זי קוים אַרויסגעשעפּטשעט. די פיס האָבן זיך געבראָכן אונטער איר, זי האָט געקוקט אויף לעאָנען, ווי היפּנאָטיזירט. — ווי פילסטו זיך? — האָט זי נאָך אַ ווײַלע געפרעגט.

לעאָן האָט זיך אָבער מיט איר געשפּילט ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. ער האָט נישט געענטפערט קיין וואָרט נאָר געקוקט אויף איר. רעגינע האָט נישט געוווסט, וואָס צו טון. זי האָט געפילט, אַז זי האָט

פאַר זיך אַ גאָר אַנדערן לעאָן. פון וואַנען נעמט זיך אין זיינע אויגן דער שטאָלענער קוק? פון וואַנען נעמט זיך די אַנטשלאָסנהייט אין זיין פּנים? וואָס טוט מען? וואָס זאָגט מען? פון וואָס זאָל איך אָנהייבן?

פּלוצלונג האָט זי זיך דערמאָנט:

— ווי איז מיין פאָטער? פאַרוואָס איז ער נישט געקומען מיך אָפּנעמען? האָט זי זיך געפרעגט.

— ער וועט דיך שוין קיינמאָל נישט ערוואַרטן. ער איז מיט אַ צייט צוריק געשטאָרבן.

— טייערער פאָטער מיינער! — האָט זיך רעגינע צעוויינט. — ווי אַזוי איז דאָס פאָרגעקומען. ער איז געווען קראַנק?

— איך קען דיר נישט געבן דערויף קיין אַנטוואָרט, ווייל אַ דאַנק דיר בין איך די גאַנצע צייט נישט געווען אין דער היים. איך ווייס נאָר אַז ער איז שווער קראַנק געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מען האָט דיך אַרעסטירט צוזאַמען מיט דיין אַמעריקאַנער...

— אויך דו ווייסט אַלזאָ, אַז איך בין געווען אַרעסטירט? איך האָף, אַז דו פאַרשטייסט אַליין, אַז איך בין גאָר געפאַלן אַ קרבן פון אַ מיספאַרשטענדעניש. דער בעסטער באַווייז איז דער, אַז מען האָט מיך פרייגעזאָגט, נישט געפונענדיק גאָרנישט קעגן מיר. יעצט בין איך זייער מיד פון דער רייזע און דערשלאָגן נאָך דער נאַכריכט וועגן מיין פאָטערס טויט — האָט זי צוגעגעבן. — איך וועל זיך אָפּרוען אַ ביסל און אין אָוונט וועל איך דיר אַלס דערציילן.

— דו דאַרפסט מיר גאָרנישט דערציילן, נישט יעצט און נישט אין אָוונט. עס אינטערעסירט מיך גאָרנישט פון דיין אויספאָרשונג און דיינע טאַטן.

— לעאָן! מוטשע מיך נישט. לאָז מיך אָפּרוען! — האָט זי זיך אַנגערופן מאַכנדיק זיך נישט פאַרשטיין זיינע ווערטער.

— דו קענסט טון וואָס דו ווילסט, אָבער נישט אין מיין הויז. דו וועסט דאָ זיך נישט אָפּרוען, פּונקט אַזוי ווי דו וועסט דאָ נישט קענען טון קיין שום אַנדערע זאַך!

— דו מיינסט עס אַוודאי אין אַ וויץ! דאָס איז דאָך מיין הויז, איך בין דאָך דיין פרוי!

— אַמאָל געווען — היינט שוין נישט. דיין אָרט האָט פאַר־נומען אַ אַנדערע. די, וועלכע האָט געהאַט און האָט ווייטער דאָס אמתע רעכט צו אַ אָרט אין מיין הויז און אין מיין האַרץ. דאָס איז סאַבינע! קוק דיך אַרום — איז דען נאָך געבליבן דאָ אַ שפּאָר נאָך דיר? יעדער זכר נאָך דיר איז געוואָרן דורך מיין סאַבינע מיט מיין איינשטימונג אָפּגעווישט אויף אייביק. דו נעמסט דיר נאָך דאָס רעכט אָנצורופן „דיין הויז" דאָס אָרט פון וועלכן דו האָסט מיט דיינע פאַרברעכערס, מיט דיין אויסגעלאַסנקייט, געמאַכט פאַר מיר אַלס גיהנום? די האָסט די העזה אָנצורופן זיך מיין פרוי? געווען, דערפאַר ביזטו אָבער געווען „אַ פרוי" פון אַ אַנדערן?

— ליגנדיק אין די אָרעמס פון אַ אַנדערן — האָסטו אויך געדענקט אַז דו ביזט מיין פרוי? — האָט לעאָן ווייטער גערעדט. — פאַרמאַכנדיק מיך אין אַ משוגעים־הויז. האָסטו אויך געקלערט פון מיר אַלס דיין מאַן? ניין! דאַמאָלס בין איך געווען עפּעס איינער וועלכן מען דאַרף אָפּרייניקן פון וועג, כדי צו דערגרייכן דיינע ניי־דעריקע צילן! פּונקט אַזוי, ווי עס האָט דיך גאָרנישט אָפּגעהאַלטן פון דיין ווילן אָפּרייניקן פון וועג מיין סאַבינע!

— איך האָב גענוג באַוויזן, אויפן סמך פון וועלכע איך קען לייכט דערגרייכן, מען זאָל דיר ווידער אַרעסטירן — דאַסמאָל אויף אַ ביסל לענגער, איך וויל עס אָבער נישט! איך הויב אָן אַ ניי לעבן מיט סאַבינען און איך וויל נישט, אַז עס זאָל זיך אָנהייבן אונטערן צייכן פון עמיצנס אומגליק. זיי וויסן — אויב איך לאָז דיך צורו, טו איך עס נישט צוליב דיר, נאָר צוליב אונדזער גליק, מיינס און סאַבינעס, וועלכע וועט אין קורצן זיין מיין גע־זעצלעכע פרוי.

— אויסגעשלאָסן! — האָט אויסגערופן רעגינע, וועלכע האָט שוין נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן. — דאָס וועט קיינמאָל נישט פאָרקומען! איך וועל דיר נישט צוריקגעבן די פרייהייט, כדי סאַ־בינע זאָל פאַרנעמען מיין אָרט!

— איך דאַרף נישט דיין איינשטימונג — האָט קאַלט אָפּגע־ענטפערט לעאָן. — דיין נידערטרעכטיקייט און פאַרראַט האָבן מיר צוריקגעגעבן מיין פרייהייט. סאַבינע, ווייטער, וועט נישט פאַרנעמען דיין אָרט, נאָר איר אייגן אָרט, וועלכער איז איר געקומען און

נישט דיר!

— און יעצט — האָט זיך לעאָן אויפגעהויבן פון פאָטעל — ווען דו ווייסט שוין אַלעס — טראָג זיך אָפּ פון מיין הויז! נעם דיר מיט דיינע זאַכן שוין יעצט — ווייל מער וועל איך דיר נישט דערלויבן איבערצוטרעטן מיין שוועל. דו וועסט אויך פון מיר נישט באַקומען אַפילו איין גראָשן, וועלכן דו האָסט דאָך אַזוי גערן... איך בין גאַנץ רואיק — אַז דו וועסט דיר אַ עצה געבן אין לעבן...

— מאוריצי! — האָט לעאָן אויסגערופן — וואַרף אַרויס פון דאַנען די פרוי!

דאָס איז געווען די שענסטע מתנה, וואָס לעאָן האָט נאָר גע־קאָנט שענקען זיין אַלטן דינער. עס איז אויך געווען פאַר רעגינען די גרעסטע שאַנדע, ווען מאוריצי האָט זי אַרויסגעפירט פונעם פאַ־לאַץ גייענדיק צווישן צוויי שורות פון דער דינערשאַפט.

רעגינע האָט נאָך געפרוווט קעמפן פאַר אירע רעכט — עס האָט איר אָבער גאָרנישט געהאָלפן. צום לעצט האָט זי שוין באַ־שרענקט אירע טענות צו אַ געלט־אַנטשעדיקונג, אָבער לעאָן איז געווען האַרט ווי אַ שטיין. נאָך אַ קורצער צייט האָט ער אַרויס־באַקומען אַ גט און באַלד דערנאָך איז פאָרגעקומען די חתונה מיט סאַבינען.

גרויס איז געווען די אַלגעמיינע פרייד, נאָך דערצו איז אין דער זעלבער צייט אויך פאָרגעקומען די חתונה פון הענריק מיט בעלען. אין דעם פאַלאַץ פון סאַבינע און לעאָן קייזערשטיין איז פאָרגעקומען די דאָפּלטע שמחה.

שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיך אָפּגעזעגנט די פילע געסט און לעאָן מיט סאַבינען זענען אַריין אין זייער פּרעכטיק איינגע־אָרדנט שלאָף־צימער. לעאָן איז צוגעפאַלן צו סאַבינעס זאַמטיקע ליפּן און געטרונקען פון זיי ביז שכרות דעם זאַפט פון ליבע. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער אָנגעהויבן אויסצוטון פון איר דאָס חופּה־קלייד.

פּלוצלונג האָט ער דערזען אויף סאַבינעס האַלדז דעם מע־דאַליאָן און אָנקוקנדיק די פאָטאָגראַפיע האָט ער געפרעגט אומ־רואיק:

— פון וואַנען האָסטו די פאָטאָגראַפיע?

— איך האָב זי באַקומען פון מיין מאַמען. דאָס איז דאָך מיין פאָטער, וועלכן איך האָב נישט געקאָנט, ווייל ער איז געשטאָרבן, ווען איך בין געווען אַ קינד.

לעאָן האָט ברייט געעפנט די אויגן. ניין, עס איז פשוט נישט מעגלעך: די פאָטאָגראַפיע איז געווען דאָס בילד פון סאַמועל קייזערשטיין, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור! סאַמואל איז אַלזאָ געווען סאַבינעס פאָטער, און רעגינע — איר שוועסטער? וואָס פאַר אַ איראָניע פון גורל — צוויי טעכטער פון דעם זעלבן פאָטער — פירן אַ קאַמף, כדי צו ערֿאַבערן פאַר זיך דאָס האַרץ פון איין און דעם זעלבן מאַנספערזאָן...

„ניין! מען טאָר נישט אויפדעקן דעם אמת! — האָט געטראַכט לעאָן. — די איידעלע נשמה וואָלט נישט פאַרטראָגן דאָס גרויסע אומגליק!"

ער האָט אַרומגענומען זיין פרוי און באַדעקט איר פנים מיט הייסע קושן...

דאָס לעבן פון די קייזערשטיינס איז געפלאָסן גליקלעך. אָפט האָבן זיי זיך געטראָפן מיט די יונגע זאַלצבערגס און צוזאַמען פאַרברענגט זייער פרייע צייט. איינמאָל אין אָוונט זענען אַלע פיר אַוועק אין קינאָ „אַטלאַנטיק" אויף כמיעלנע.

פלוצלונג האָט זיך לעאָנס פנים באַדעקט מיט אַ אויסדרוק פון טרויער. סאַבינע און די זאַלצבערגס האָבן זיך אַרומגעקוקט, זוכנדיק די סיבה פון די ענדערונג אין לעאָנס פאַרהאַלטן זיך.

זייער בליק איז געפאַלן אויף אַ פרוי, וועלכע איז געשטאַנען אַ פאָר שריט ווייטער. אָנגעטון מיט שרייענדע עלעגאַנץ, צו פיל געשמינקט, איז געשטאַנען די פרוי אין ליכט פון די קינאָ־רעקלאַמען און געגעבן צייכן די מענער, וועלכע זענען אַדורכגעגאַנגען נעבן איר.

די פרוי איז געווען רעגינע קייזערשטיין...

